


# סאָוועטיש

12 1989

# היימלאַנד



מיר זײַנען געקומען זיך לערנען אין דער ייִדישער שול!
(ריגע, 1 סענטיאַבער 1989)

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש־קינסטלערישער
כוידעש־זשורנאַל

ארגאַן פון שרייבער־פאַרבאַנד פון פססר

דערשיינט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

דעקאַבער



1989

# אינהאלט

## ארן ווערגעליס

# אָפֿן גערעדט

דער מאָסקווער פֿאַרלאַג „כודאָזשעסטווענאַיאַ ליטעראַטוראַ“ האָט אַרויסגעלאָזט אַ זאַמלונג אין דער רוסישער שפּראַך „אָפֿן גערעדט. נאָטיצן פֿון שרײַבער וועגן צווישן־נאַציאָנאַלע באַציִונגען“, אין וועלכער עס טרעטן אַרויס טשינגיז אײַטמאַטאָוו, וואַסיל ביקאָוו, אַרן ווערגעליס, ניקאָלאַיִע וויִערו, סילוואַ קאַפּוטיקיאַן, דמיטרי ליכאַטשאָוו, באָריס אָליינִיק, וואַלענטין ראַספּוטין, אָלזשאַס סולײמענאָוו אַא. מיר דרוקן דאָ איבער דעם אינטערוויו, וועלכן ס׳האָט געגעבן פֿאַר דער זאַמלונג אַרן ווערגעליס, הויפּט־רעדאַקטאָר פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“.

— כאַשעווער אַרן אַלטעראָוויטש! דאָס האָט איר דער ערשטער בײַ אונדז אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, ווי אין דער גאַנצער וועלט, עקזיסטירט אַ „ייִדישע גאַס“. ס׳ווילט זיך וויסן, וואָס פֿאַר אַ לעבן פֿירט זיך איצט אויף דער „סאָוועטישער ייִדישער גאַס“...

— וואָס אַזוינס איז בכלל די ייִדישע גאַס? איך האָב געשריבן וועגן איר אין מײַן בוך „16 לענדער, אײַנגעשלאָסן מאָנאַקאָ“. פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ גאַס איז אין דער ווירקלעכקײַט אין ערגעץ ניטאָ. איך באַצייכן אַזוי די ייִדן, אַלע צוזאַמען. די ייִדן אין מאָסקווע, אויף דער אוקראַיִנע, אין די פּאַבריקן און זאַוואָדן, אין שרײַבער־פֿאַרבאַנד... דאָס איז אַן אַבסטראַקציע, ניט שטענדיק און ניט אַלעמען אַ פֿאַרשטענדלעכע, — ווער זײַנען זיי, מיט וואָסערע דײַגעס באַשווערט, ווו געפֿינען זיך זייערע וווינונגען, בײַ וועלכע טירן פּעסטיקן זיי צו מעזוזעס? אָט וואָס עס איז אַזוינס די „ייִדישע גאַס“. נאָך דער רעוואָליוציע האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווײַז פֿאַרשווינדן די שטעטלעך, וווּ ייִדן האָבן געוווינט, און אָט די שטעטלעך זײַנען פֿאַר זיי דאָס זעלבע, וואָס דערפֿער פֿאַר די רוסן. די שטעטלעך זײַנען פֿאַרשוווּנדן געוואָרן צוזאַמען מיט די אײַנוווינער. ס׳האָבן זיי פֿאַרניכטעט די פֿאַשיסטן, און די לעבעדיקע האָבן זיך צעשפּרייט און צעזייט איבער דער גאַנצער רוסישער ערד. אין אַ יאָר פֿופֿצן נאָך דער מילכאָמע איז אַמאָל געקומען צו מיר סערגיי נאַראָוטשאַטאָוו און געזאָגט: „דו ווייסט, איך האָב אָקאָרשט זיך אומגעקערט פֿון קאַמטשאַטקע, דאַרף איך דיר זאָגן, אַז אָט די קאַמטשאַטקע איז מאַמעש אַ ייִדישער קאַנט. וווּהין מע זאָל זיך דאָרט ניט ווענדן, זײַנען אומעטום ייִדן, — צווישן די אָנפֿירער און אין די פֿישער־אַרטעלן. אַ מין ווײַטמיזרעכדיקע פּאַלעסטינע...“

אויף דער ייִדישער גאַס לעבן אונדזערע גוטהאַרציקע, קלוגע ייִדן. אין מאָסקווע ציילן מיר אָן 220 טויזנט. לויטן אויסזען וועט איר די ייִדן ניט קאָנען אויסטיילן. זיי זײַנען ענלעך אויף אַלע איבעריקע מענטשן. אָבער צי איז פֿאַראַן צווישן זיי אַ וועלכע־ניט־איז נאַציאָנאַלע עטנישע אַלגעמיינקײַט, אָדער אַלץ איז שוין, גאָט באַהיט, פֿאַרפֿאַלן? איך מיין, אַז אַזאַ אַלגעמיינקײַט איז פֿאַראַן. די ייִדן פֿאַרמאָגן אַ שטאַרקן היסטאָרישן זיקאָרן, וועלכער העלפֿט זיי אויסצולעבן אין באַליביקע באַדינגונגען, אונטער באַליביקע פּײַניקונגען. און ניט נאָר בלײַבן לעבן אַלס פֿאָלק קאָנען זיי, — אויך אויסהיטן די היסטאָרישע ווערטן. די ייִדן האָבן ניט קיין מוזייען, קיין שאַצקאַמערן פֿאַר אוצרעס פֿון קולטור און פֿאַר אַלטערטימלעכע כפֿייצים. און דאָך וואָלט איך געזאָגט, אַז, קאָן זײַן, קיינער היט ניט אַזוי ווי די ייִדן זייער אָוואַר, אַלץ, וואָס די פֿאָרגייער האָבן איבערגעלאָזט. דאָס זײַנען געהיימניסן פֿונעם ייִדישן הויף. ס׳איז אוממעגלעך צו פֿאַרשטיין, ווי אַזוי דאָס ווערט געטאָן. אַן אייביקע פֿראַגע איז עס. נו, ווי אַזוי, לעמאָשל, פֿאַרהיטן די ייִדן זייער שריפֿט, בײַס קיין שולן זײַנען ניטאָ? אַדאַנק וועלכע ניסים באַווײַזן זיך יונגע שרײַבער? יאָ־יאָ, מיר האָבן איצט ניט ווייניק אָנפֿאַנגער, וואָס זײַנען גרייט אָפּצוגעבן אַלע קויכעס אויף אָפּהיטן און אַנטוויקלען ווײַטער דאָס ייִדישע וואָרט. פֿונ־

וואנען נעמט זיך עס? מיט פופציק יאָר צוריק איז דאָך אַלץ אָפּגעשטעלט געוואָרן. איך האָב זיך נאָך געלערנט אין א יידישער שול, נאָר דאָס איז געווען אַן איינציקע שול, די לעצטע שורע אין דער יידישער פאָלקס־בילדונג. ס׳האָט זיך געדוכט, אז דער אורטייל איז ארויסגעטראָגן געוואָרן, עטלעכע דוירעס לערנען שוין ניט די מוטער־שפראַך. נאָר די יידן, ווען זיי באגעגענען זיך, רעדן אויף יידיש. ס׳זײַנען איבערגעפולט די צושויער־זאלן, אין וועלכע עס טרעטן ארויס יידישע זינגער, טעאטראַלע קאָלעקטיוון. און ווידער כידעשט מען זיך: פונוואנען? ווי קומט עס, אז א גאנץ פאָלק, לעבנדיק אין שווערע באדינגונגען, האָט זיך אויסגעלערנט אָפּצוהיטן אַלדאָס נאציאָנאלע, די נאציאָנאלע אטריבוטן, דאָס לאָשן? איך האָב ניט קיין ענטפער אויף דער פראגע. בעסער וועל איך זיך פארופן אויפן פראקטישן לעבן. אָט זיץ איך איצט לעבן אײַך, — ארן ווערגעליס, א ייד ווי אַלע יידן, א דיכטער פון מײַן פאָלק, שרײַב אויף יידיש און האָב קיינמאָל ניט געביטן די שפּראַך און די נאציאָנאלע סוויווע, ווייס גרינטלעך דעם שולכן־אָרעך — וואָס מע מעג יאָ טאָן און וואָס מע טאָר ניט טאָן לויט די יידישע דינים, און אין דער זעלבער צײַט בין איך א הײַנטצײַטיקער מענטש, א קאָמוניסט.

— אין וועלכער מאָס איז יידיש פארשפּרייט אין סאָוועטנפארבאנד? צי ניצן נאָך די שפּראַך פיל יידן?

— אין זשענעווע האָט מען מיך אויף א פּרעסע־קאָנפערענץ געפרעגט וועגן דער צאָל יידן בא אונדז אין לאנד. איך האָב געענטפערט: נעמט די אָפיציעלע סטאטיסטיק, פארגרעסערט אין צוויי־דרײַ מאָל די צאָל, וואָס איז דאָרט אָנגעוויזן, און איר וועט זיך דערוויסן, וויפל יידן עס זײַנען פאראן אין לאנד. פארוואָס אזא פּראָצעדור? ווײַל, לעמאַשל, די פרויען אונדזערע גיבן מיר ברייטהארציק אָפּ די אנדערע פעלקער — דעם רוסישן, אוקראַינישן, קאזאכישן, אוזבעקישן. א יידישקע, וואָס האָט זיך גערופן, לאָמיר זאָגן, ראבינאָוויטש, איז איצט געוואָרן איוואנאָווא. פרויען פארמאָגן ניט קיין אויסגעשפּראָכענע נאציאָנאלע שטריכן. די טרעגער פונעם נאציאָנאלן טיפּ זײַנען מאנצבלען, און ניט פרויען אין הויזן. אזוי ווערן יידישקעס פארוואנדלט אין רוסישע, אָדער אוקראַינישע, אָדער מאָלדאווישע פרויען. פארגעסט ניט, אז פרויען ציילן אָן 52 פּראָצענט פון דער יידישער באפעלקערונג! גיט צו זיי נאָך צו יענע, ווער עס וויל זיך ניט אָנרופן ייד, ווי אויך די קינדער פון געמישטע הייראטן. איך וויל ניט קיינעם אין גאָרנישט באשולדיקן. ס׳איז דאָך אַן עמעס, אז עס איז אָפּטמאָל ניט געמיטלעך צו בלײַבן א ייד אין אונדזער אומזיניקער צײַט...

וועגן דעם קאָן מען דערציילן א סאך טשיקאווע געשיכטעס. איך געדענק, וויאזוי ס׳האָט זיך באצויגן צום יידישן קאָמפּלעקס, אשטייגער, סוועטלאָוו, א ייד אויף אַלע הונדערט פּראָצענט, נאָר א רוסישער פּאָעט אויך אויף הונדערט פּראָצענט. ווען מע האָט אים בעשאס דער פאָלקסציילונג געפרעגט: „מיכאיל ארקאדיעוויטש, ווער זײַט איר לויט דער נאציאָנאליטעט?”, האָט ער געענטפערט: „באומרויקט זיך ניט, איך זע פאָשעט אויס ניט וואזשנע...” איך מיין, אז די יידישע נאציאָנאלע פראגע וועט נאָך א לאנגע צײַט ניט אראָפּגיין פונעם טאָג־סיידער. ביזוואנען עס וועלן זײַן יידן, וועט אין דער וועלט זײַן די פראגע. בא אילפן און פּעטראָוון אין דער „גאָלדענער קאלב” איז פארן סאָוועטנפארבאנד געפונען געוואָרן אזא פאָרמול: יידן זײַנען פאראן, אָבער קיין פראגע ניטאָ. דאָס איז א פּראָפּאגאנדיסטישע פאָרמול פון די דרײַסיקער יאָרן. אליין די אוטאָרן האָבן געגלייבט אין איר. איך האָב גוט געוווּסט יעווגעני פּעטראָוון, און כ׳געדענק, אז ער פלעג צו איר זיך באציען מיט א שמייכל. אויב די יידן וועלן אפילע לעבן גוט און ווויל, וועט די יידישע פראגע בא יידן גופע אלציינס פארבלײַבן. איינער וויל לערנען יידיש, און א צווייטער ווערט מעווולבל, ווען מע אייצעט אים זיך אומקערן אין די דאלעדאמעס פון זײַן פאָלק: לאָזט מיך צורו, כ׳ווייס שוין, וואָס דאָס איז — שוין אָפּגעזעסן אכט יאָר, נאָך וועלכע כ׳גיי ארום דאָס גאנצע לעבן אונטערן פינפטן פונקט...

— און דאָך בײַט זיך איצט דאָס לעבן אף דער „יידישער גאַס”. לאָמיר א פּרוּוו טאָן אונטערפירן א סאכאקל אונטער דעם, וואָס עס איז שוין געזאָגט געוואָרן. אופשטעלן די אמערסטן אייגנטימלעכע פאר איר שטריכן.

— קוידעמקאָל איז עס — א ביז גאָר אינטענסיווער פּראָצעס פון אסימיליאציע. דער נאציאָנאלבאוווּסטזיניקער סעקטאָר איז ניט גרעבער פון א בויגן פּאפּיר, זייער קליין אין צאָל, אזוי אז מיר שלאָגן זיך איצט פאר יעדן לייענער. צווייטנס: אַן אויסערגעוויינלעכע עקספּרעסיווקײַט פונעם נאַציאָנאלן געפיל. און איינס דעם אנדערן ווידערשפּרעכט ניט, זיי לעבן זיך צונויף און זײַנען גוירעם אַן אלציינעם אָפּרוף אינעם פאָלק. די גאנצע גרופּע אָדעסער ציעניסטן, וועלכע זײַנען שפּעטער געוואָרן פירער פון יִיסראָעל — בען־גוריאָן, גאָלדע מעיר און אנדערע, — זײַנען געווען אסימילירט, געוווּסט רוסיש, דײַטש. פונדאנען, זאָג איך, נעמט זיך, פון איין זײַט, א קאָנסעקווענטע אסימיליאציע, פון דער צווייטער זײַט — די היפּערטראָפיע פון דעם נאציאָנאלן געפיל, וועלכער כאפּט זיך אָן, ווי טרוקענע שטרוי, פון איין דערמאָנען דאָס יידישע לעבן, די יידישע קולטור און שפּראַך. א הײַנטצײַטיקער ייד מיינט נאָך אַלץ, אז יידישע קולטור — איז דאָס שטעטל, דער „זשארגאָן”. דעריבער דאַרף

אוליאַנאָוו. און שפּילן שפּילט ער אַזוי, ווי גלײַך ער וואָלט געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין אַ ייִדיש שטעטל. איר וועט ניט דערווידערן, אויב איך וועל זאָגן, אַז דאָס איז אַ סורפּריז פאַר דער געשיכטע, אויב נעמען אין אַכט די צײַט, ווען דאָס איז געשען, — נאָך אַלע גרוילִיקע קאָסמאָפּאָליטישע קאַמפּאַניעס. איך שעם זיך בעפּיירעש מיט דעם, וואָס האַגאַם דער אוזשיאַטאַזש אַרום קאָסמאָפּאָליטיזם איז געווען געווענדט קעגן די ייִדן, האָבן זיך דאָך צווישן די ליטעראַטן געפונען ייִדן, וועלכע האָבן אונטערגעהאַלטן אָט די קאַמפּאַניע, קעדייִ בלײַבן לעבן. אין יענע טעג האָט מען מיך אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי און פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד, און פאַרטיידיקט האָבן מיך מיכאַיִל לוקאָנין און מיכאַיִל לוואָוו — אַ רוס און אַ טאָטער — און אויך סטעפּאַן שטשיפּאַטשאָוו. זיי האָבן געוואַגט אַרויסצוזאָגן אַ צווייפל: וויִאַזוי איז עס מעגלעך, אַראָן איז בא אונדז ווי אַ זון פונעם פאָלק — אויסגעוואַקסן, ווי מע זאָגט, אונטערן טיש פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד, זיך אומגעקערט פון דער מילכאָמע, — פאַרוואָס אים אויסשליסן? און אייניקע שרײַבער ייִדן, וועלכע זײַנען געווען שטאַרק פאַרזאָרגט וועגן דעם אייגענעם גוירל, האָבן געהאַנדלט גאָר אַנדערש: צום טײַוול! ניט מײַן דײַגע. זאָל נאָך איינער אומקומען, אַבי איך זאָל בלײַבן גאַנץ... יאָ, אין אָט דעם קאָנטעקסט ווילט זיך טראַכטן וועגן דעם רוסישן מענטשן, וועגן זײַן כאַראַקטער. און לאָמיר טאַקע איצט אויסניצן די געלעגנהײַט און זאָגן אַ גוט וואָרט וועגן די ייִדן, אָט דעם גרויסאַרטיקן באַשיידענעם פאָלק, אין וועמענס געדאַנקענגאַנג, אויב ריידן אין ברייטן פּלאַן, פילט זיך די לאָגיק פון אַ פאַרפאָלגטן און געליטענעם: איך בעט אײַך, לאָזט מיך צורו, האָט מיך ניט ליב און האָט מיך ניט פײַנט, לאָזט מיך אַליין בויען מײַן לעבן לויט יוישער און גערעכטיקײַט... די טויער פון דער רוסישער קונסט און ליטעראַטור האָבן אַ היפּשן כיילעק אין דעם גײַסטיקן לעבן פון די ייִדן. ווי נאָר די צענזור איז אַ ביסל אָפּגעטראָטן, האָבן אָן אָן אָפּהאַלט זיך אַ שאָט געטאָן ביכער און פילמען. די מענטשן פאַרשטייען עס. מיט אַ סאַך האָב איך געשמועסט, ווען אוליאַנאָוו האָט געשפּילט „טעוויע דעם מילכיקן", ווען ס'איז אַרויס פון דער פאַרגעסנהײַט באַבעל, ווען אויף דער גאָרקי־גאַס אין מאָסקווע איז געגאַן דער ספּעקטאַקל „די שאָלעם־אַלייכעם־גאַס, 40". איר פאַרשטייט, דאָס אַלץ איז אייגנטימלעך דעם רוסישן פאָלק אין אַ גרעסערער מאָס, איידער אַן אַנדערן. נעמט דעם אַמעריקאַנער, ער וועט ניט זאָגן „נעגער" בייזן קריגן זיך, נאָר „שוואַרצהויטיקער", האָבנדיק מוירע, אַז פאַר „נעגער" קאָן מען אײַנגעבן אין געריכט, ווײַל ס'איז אַ זידלוואָרט. אַן אַנדער זאַך איז דער ביטערער מאַצעוו פונעם „שוואַרצהויטיקן". דאָס איז אַ בייזע טראַדיציע, אַ לאַנגדויערנדיקע. אין דער זעלבער צײַט זײַנען די אַמעריקאַנער ניט פאַרפּעסטעט מיט אַנטיסעמיטיזם. די דענעמאַרקער, גרוזינער, בולגאַרן ווייסן פּאָשעט ניט, וואָס דאָס איז אַזוינס. טוט אַ שמועס מיט אַ גרוזינער וועגן דעם אַנטיסעמיטיזם, וועט ער אײַך פרעגן, וואָס עס באַטײַט דאָס אויסלענדישע וואָרט. מיך פרייט און באַפליגלט דער בום אַרום דער ייִדישער טעמע, און עס דוכט זיך מיר, אַז ער וועט נאָך דויערן ווײַטער. דערווײַל איז נאָך ווייניק געטאָן געוואָרן אויף צו שאַפן דאָס געשטאַלט פונעם הײַנטצײַטיקן ייִדן, האַגאַם אַזאַ געשטאַלט רופט אַרויס אַן אַלגעמיינעם אינטערעס. ווען איך קוק אין אונדזער ייִדישן קאַמער־טעאַטער אַ ספּעקטאַקל, בין איך דערדריקט פון דעם, וויִאַזוי עס זעען דאָרט אויס די ייִדן — יאַרמעלקעס און לאַפּסערדאַקן, דער ייִד איז ווי אײַנגעוויקלט אין אַ טאַלעס, מע האָט אים אָפּגעזוכט אין זיבעצנטן אָדער אַכצנטן יאָרהונדערט און אַריבערגעטראָגן אויף אונדזער בינע. ס'איז שוין לאַנג צײַט, עס זאָל באַווײַזן ווערן דער איצטיקער ייִד, האַגאַם, ווי איך האָב שוין געזאָגט, ס'איז שווער אים אויסצוטיילן פון די אַנדערע מענטשן. בלויז שפּעטער, אַרײַנקוקנדיק אין זײַן נעשאָמע, קאָן מען פעסטשטעלן די אָנגעהעריקײַט צו דער נאַציע, צום פאָלק. איר ווייסט, אַז די ייִדן רופט מען — דאָס פאָלק פונעם בוך, דאָס פאָלק פון דער ביבל. די ייִדן האָבן געשאַפן די ביבל. זי איז סיסטעמאַטיזירט געוואָרן אין מעשעך פון צוועלף יאָרהונדערטער ביז קריסטוסעס געבורט. די קריסטלעכע ערע האָט זיך אָנגעהויבן שפּעטער. די ביבל איז אַ ליטעראַרישע זאַמלונג, אָדער אַ ריי זאַמלונגען, וואָס זײַנען פאַרייניקט צוזאַמען. די ייִדן האָבן ניט געהאַט קיין פאָרשערישע אינסטיטוטן, קיין אייגענע אַקאַדעמיעס און מעלוכישע אוקאַזן. נאָר אין מעשעך פון יאָרטויזנטער האָבן זיי ניט פאַרלוירן קיין איין בוכשטאַב פון דער ביבל און זי איבערגעגעבן צו די אַנדערע פעלקער. ווען בא די ייִדן צערײַסט מען אַ סייפער, דאַרף מען די שיימעס ברענגען צו קווורע. מע טאָר ניט פּאָשעט זיי אַרויסוואַרפן. קאָן זײַן, אַז דאָס איז איינע פון די ניט־אָפּישירטע סיבעס פון דעם, וואָס די ייִדישע נאַציאָנאַלע ליטעראַטור און קונסט ווערן ניט פאַרטראָגן פון דער צײַט.

— די ייִדישע באַפעלקערונג לעבט געווײנלעך אין די גרויסע שטעט. צי וועט די ענערגישע טעטיקײַט פון נאַציאָנאַלע צענטערס, פון ייִדישע טעאַטערס ניט ברענגען צו דעם, אַז דאָס ייִדישע טעאַטראַלע לעבן וועט אָפּגעגרענעצט ווערן פונעם סאָוועטישן טעאַטראַלן לעבן בִּיכלאַל?

— ניין, ניין! אַזאַ געפאַר איז ניטאָ. די אַנטוויקלונג פון דער קולטור בא אַ באַליביק פאָלק פירט קיינמאָל ניט צו אָפּגעשלאָסנקײַט. פאַרקערט, נאַציאָנאַלע קולטור פאַרייניקט די פעלקער. עמעס,

**מען אים איבעראַרײַענטירן, אַנקומענדיק צו אַנשוילעכע בײַשפּילן פונעם הײַנטיקן לעבן. גוט, וואָס עס זײַנען דערשינען עטלעכע גוטע ביכער אַף רוסיש, אַזעלכע ווי די פינף בענדער פונעם יאָרבוך „גאָד זא גאָדאָם" (יאָר נאָך יאָר). אָבער דאָס איז ווייניק. די מענטשן נייטיקן זיך אין עכטער ייִדישער קולטור, אין דער ייִדישער קינסטלערישער ליטעראַרישער שאַפונג.**

— לעצטנס האָבן זיך באַוויזן פיל ייִדישע פּיעסעס אַף די סצענעס פון די רוסישע טעאַטערס אין מאָסקווע און אין אַנדערע שטעט פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. צי איז עס ניט קיין באַווײַז, אַז אין אונדזער טעאַטראַלן לעבן נעמט די אויבערהאַנט דער אינטערנאַציאָנאַליזם? א באַדײַטנדיקע געשעעניש איז געוואָרן דער ספּעקטאַקל לויט איסאַק באַבעלס „שולכן־אָרעך" אַף דער סצענע פונעם מאַיאַקאָווסקי־טעאַטער. פונדאַנען דרינגט אַרויס א פראַגע, וועלכע איר האָט שוין באַרירט. ווי באַוווּסט, זײַנען אין די ווערק פון אַזעלכע שרײַבער, ווי באַבעל, וועלכע האָבן געשריבן אָדער שרײַבן אַף רוסיש, פאַראַן א גרויסע צאָל ייִדישע מאָמענטן — אינעם שטייגער, אין די כאַראַקטערן פון די פערסאָנאַזשן. וויאַזוי וואָלט איר פעסטגעשטעלט די נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקײַט פון אַזא ליטעראַטור? לויט דער שפּראַך?

**— יאָ! לויט דער שפּראַך, און טאַקע נאָר לויט דער שפּראַך. די דיסקוסיעס אַרום אָט דער פראַגע זײַנען נאַיִוו. הײַנט האָט ריבאַקאָוו אָנגעשריבן זײַן ראָמאַן וועגן די ייִדן און מאָרגן די דערציילונג (פּאָוועסט) „קאָרטיק". איז ער, הייסט עס, אין ערשטן פאַל א ייִדישער שרײַבער און אין צווייטן — א רוסישער? מאַרשאַק האָט אָנגעהויבן פון א קליין ביכעלע מיטן נאָמען «Сиониды» (ציִען־מאָטיוון). ער איז געווען נאָך א יונג באָכערל, שרײַבנדיק די דאָזיקע לידער. איינמאָל האָב איך אים געבראַכט צו טראָגן דאָס ביכעלע: „סאַמויִל יאַקאָוולעוויטש, אָט זײַנען אײַערע ערשטע לידער..." ער איז געווען אַזש דערשיטערט: „טײַבעלע מײַנס, גאָלובטשיק, געשיקט זיך האָב איך דעם טיראַזש ביזן סאָף ניט פאַרניכטעט?" אין די רײַפע יאָרן האָט ער קיינמאָל ניט דערלאָזט אין זײַן שאַפונג דעם ייִדישן מאָטיוו. צום 100־יאָריקן געבורטסטאָג פון שאָלעם־אַלייכעמען האָבן מיר אַרויסגעלאָזט אין גאָסליטיזדאַט א בוך פונעם גרויסן קלאַסיקער אין ייִדישן אָריגינאַל. איך בין געווען דער צונויפשטעלער, און מאַרשאַק — דער פרײַוויליקער קאָנסולטאַנט. ווען עס איז אַרויס דער סיגנאַל־עקזעמפּליאַר, האָט סאַמויִל יאַקאָוולעוויטש מיר געמאַכט אַן אונטערשריפט, ווי מע זאָגט, פון רעכטס אַף לינקס. אוטיאָסאָוון האָב איך איינמאָל פאַרבעטן אין דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" און געבעטן, ער זאָל אָנשרײַבן א נאָטיץ וועגן סידי טאַל. ס'האָט געלעבט אין טשערנאָוויץ אַזא גרויסע ייִדישע אַקטריסע, זי איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק. אוטיאָסאָוו האָט געענטפערט: „כ'וועל אָנשרײַבן, אויב איר וועט דערלויבן, איך זאָל עס טאָן אַף ייִדיש". פאַרשטייט זיך, כ'האָב „דערלויבט", שרײַבט וויאַזוי איר ווילט. דאַן האָט אוטיאָסאָוו צוגעגעבן: „איר דאַרפט פון פריִער וויסן, אַז מײַן אָדעסער ייִדיש איז זייער א שלעכטער..." האַקלאַל, די שפּראַך, אַף וועלכער דער שרײַבער שרײַבט, איז דער גרונט־סימען פון זײַן נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקײַט. באַבעלס טעמאַטיק איז מערסטנטייל א ייִדישע. און דאָס שטערט אים ניט צו זײַן איינער פון די בעסטע סטיליסטן אין דער רוסישער ליטעראַטור. ס'וואָלט געווען מאָדנע און לעכערלעך, ווען די ייִדן וואָלטן אים פאַררעכנט פאַר זייערן א שרײַבער. אויסער אַלץ, נייטיקן זיי זיך פּאָשעט ניט אין דעם. אין דער ייִדישער ליטעראַטור פון די צוואַנציקער — אָנהייב דרײַסיקער יאָרן איז געווען אַן אייגענע „מעכטיקע קוטשקע" — פּאָעטן און פּראָזאַיִקער פון א וועלט־מאַסשטאַב. פאַרשטייט זיך, ס'איז געווען אָנגענעם, ווען, לאָמיר זאָגן, באַגריצקי האָט איבערגעזעצט אַף רוסיש פונעם אָריגינאַל, באַבעל האָט „געהאַט אַרום זיך" — ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן — א קרײַזל פון יונגע ליטעראַטן, וואָס האָבן געשריבן אַף ייִדיש. איך קאָן שרײַבן וועגן וואָס דאָס האַרץ וויל, אָבער אַף ייִדיש. און דאָס הייסט, אַז איך בין א ייִדישער שרײַבער. סאַמויִל מאַרשאַק אָדער איליא ערענבורג זײַנען עכטע רוסישע שריפטשטעלער, און טאַקע גרויסע, און וויפל מיר זאָלן דאָ ניט כקירען, וועט פון דעם זיך גאָרנישט ניט ענדערן.**

— איר האָט ניט געענטפערט אַף דעם ערשטן טייל פון דער פראַגע: צי איז ניט די גרויסע צאָל פּיעסעס מיט ייִדישער טעמאַטיק אַף די סצענעס פון די רוסישע טעאַטערס א באַווײַז, אַז אין אונדזער טעאַטראַלן לעבן נעמט די אויבערהאַנט דער אינטערנאַציאָנאַליזם? מיסטאָמע האָט איר געזען דעם ספּעקטאַקל פון באַבעלס „שולכן־אָרעך"?

**— כ'האָב אַפילע אַף א געוויסן אויפן געמאַכט אַן אייגענעם בײַטראָג אין אָט דער שטעלונג. ווען אין טעאַטער האָט מען גענייט אָנצוגן פאַר די אַרטיסטן, האָב איך איבערגעגעבן דעם רעזשיסער אַנדריי גאָנטשאַראָוון די אַלבאָמען, וועלכע ס'האָט מיר געשענקט מאַרק שאַגאַל. איך טראַכט שטענדיק וועגן דעם רוסישן מענטשן, וועגן זײַן גוטער נעשאָמע. יאָ, אין מעשעך פון א געוויסער צײַט איז צו מערקן א בום פון דער ייִדישער טעמע אין רוסישן טעאַטער, און ניט נאָר אין דעם רוסישן — אויך אין אוקראַיִנישן. און אין אָנהייב פון אָט דעם געפּילן־שטראָם שטייט ניט קיין אַנדערער, ווי**

ס'איז געווען א טעאַריע בא ברעזשניעוון, זי שטאמט נאָך פון סטאלינס צײַטן. לויט איר דארף מען פאַרסירן די ליקווידאַציע פון די נאציאָנאלע קולטורן, ווײַל מיר גייען צום קאָמוניזם. קומען דאָ אוף פארשיידענע שײַלעס. צי קאָן מען ביכלאל פריִער פאר דער צײַט אראָפּברענגען דעם קאָמוניזם? און צי האָבן מיר שוין דערגרייכט דעם סאָציאַליזם? דאָס האָט נאָך קיינער ניט דערוויזן. ס'איז ניט מעגלעך אײַנפירן דעם סאָציאַליזם לויט א דעקרעט. מיר דארפן לייזן די פּראָבלעמען פון אונדזער צײַט און ניט אויסקלײַבן א לייזונג פאר די קומענדיקע דורות. דאָס האָט א שײַכעס צו דער נאציאָנאלער פראגע. אויב בא די יידן ווערט אופגעשטעלט דער נאציאָנאלער טעאטער, ס'נאָרמאליזירט זיך דער פארלאג־וועזן, הייסט עס, אז זיי אָרדענען אײַן מיט סייכל זייער נאציאָנאל לעבן אין פראט פון ליטעראטור און קונסט, און א לויב צו זיי. פארשטייט זיך, פאראן פּראָבלעמען. אין מוזיקאלן קאמער־טעאטער, וועגן וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט, איז דער רעפּערטואר אן אָרעמער, די מאטעריעלע באזע א שוואכע. דאָס, וואָס ער האָט אונדז באוויזן, קאָן ניט באפרידיקן. דאָס געשטאלט פון דעם יידן איז ניט גענוג דורכגעטראכט און אנטשפּרעכט ניט דער ווירקלעכקײַט. איך בין אן אָנהענגער פון אופשטעלן מיכאָעלסעס טעאטער. דער גאָסעט איז דערמאָרדעט געווען פונקט אזוי, ווי עס איז געוואָרן דערמאָרדעט אליין מיכאָעלס. ביידן האָט מען מיט געוואלט ליקווידירט. די אומגערעכטיקײַט בענעגייע דעם טעאטער דארף מען פאריכטן. פארבײַגיין דעם דאָזיקן איניען איז ניט מעגלעך. איך וואָלט אפילע געזאָגט אזוי: מיר קערן זיך איצט אום אנטשיידן צו ליכט און צום עמעס, און ס'וואָלט געווען יוישערדיק אופשטעלן דעם טעאטער אין זײַן אייגענער געבײַדע, ווו מע האָט אים פארמאכט. נאטירלעך, דאָס איז ניט פון די פּראָסטע זאכן. ווען איך האָב ארויסגעזאָגט דעם געדאנק, האָב איך ניט געהאט אין זינען אָפּצונעמען די געבײַדע אָף דער מאלאיא בראָנאיא־גאס בא דעם טעאטער, וועלכער ארבעט דאָרט איצט. נאָר אין פאל, אויב ס'וואָלט געווען א מעגלעכקײַט אים געבן אן אנדער פּאסיקע געבײַדע, וואָלט איך אופגעשטעלט אלץ אזויווי געווען. און וואָס איז שײַך די יידישע טעאטערס, וואָס זײַנען שוין פאראן, קאָן מען ארויסזאָגן א ווונטש, זיי זאָלן אופהערן זוכן זייער העלד אין די פריִערדיקע יאָרהונדערטער. ס'איז ניט פארשטענדלעך, פארוואָס דער טעאטער „שאָלעם" האָט ביכלאל באשטימט שפּילן ניט אָף יידיש, נאָר אָף רוסיש. אויב מיר נעמען אָן, אז דער יעסאָד איז די שפּראך, הייסט עס, אז „שאָלעם" האָט אופגעהערט צו זײַן א יידישער טעאטער. פארבליבן זײַנען אין אים די יידישע כאָכמעס און אנעקדאָטן. געוויינלעך נעמען אוף די יידן אזא קליגן זיך גאנץ נעגאטיוו. און ניט נאָר זיי. די ארמענער האָבן ניט ליב די אזויגערופענע ארמענישע ראדיאָ. אגעוו, ווען א יידישער אנעקדאָט קומט פון שאָלעם־אליייכעמען, איז עס גרויסארטיק...

— דעם 12 פעווראל האָט אין מאָסקווע זיך געעפנט א יידישער נאציאָנאלער קולטור־צענטער אָף ש. מיכאָעלסעס נאָמען. אן און פאר זיך רופט די דאָזיקע געשעעניש ארויס צופרידנקײַט. דאָס איינציקע, וואָס עס זעט אויס מאָדנע, איז די גרויסע צאָל פון אויסלענדישע, ווי איצט איז מאָדנע זיך אויסדריקן, ספּאָנסאָרס פון אָט דעם צענטער. ווי טראכט איר, צי האָט מען זיך ניט געקאָנט באגיין אָן זיי? מיכאָעלס איז דאָך געווען דער אָנפירער פונעם יידישן טעאטער אין מאָסקווע, זײַן אָנדענק היטן מיר אָפּ הייליק. צי איז טאקע אזוי נייטיק, אז די סאָוועטישע יידישע קולטור־צענטערס זאָלן זײַן צוגעבונדן צום מײַרעוו?

— איר זײַט גערעכט. ס'האָט זיך באקומען אזוי: לאָמיר עפּענען אלע פענצטער און אלע טירן, און פליט אײַך, פייגעלעך, אין שטוב זײַנען ניטאָ קיין באלעבאטים. און געקומען צו פליִען זײַנען די אָנפירער פונעם וועלט־ציִעניזם, וועלכע דארפן האָבן אָף קאָפּאָרעס אונדזער סאָוועטישע יידישע קולטור. קיין קאָמוניסטן האָט מען ניט אײַנגעלאדן. ווער האָט עס אזוי געהאנדלט, ווייסט קיינער ניט. איך ווייס אויך ניט, אין יענע טעג בין איך געווען קראנק, און דאנקען גאָט. איך וואָלט ניט אויסגעהאלטן, מע טאָר דאָך ניט זײַן אזוי לײַכטזיניק באם טאָן אן אידייִש וויכטיקע ארבעט. מיר זײַנען דען אין דער פּאָליטיק — קאָמערסאנטן? אגעוו, די אזויגערופענע ספּאָנסאָרן האָבן זיך געיאָוועט, האלטנדיק די הענט אין די קעשענעס, קיין געלט קיינעם ניט געגעבן... איצט איז צײַט זיך א נעם טאָן פאר דער ארבעט. עס שטייט אונדז פאָר אוועקלאָזן אין גאנג, מיט א נוצלעכער אָנלאָדונג, אָט דעם קולטור־צענטער: עס זאָלן דאָרט ארויסטרעטן שרײַבער, זינגער, ארטיסטן, ס'זאָלן פאָרקומען דיסקוסיעס, טעמאטישע אָוונטן, באגעגענישן מיט געסט פון אויסלאנד. די רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד" וועט שענקען דעם צענטער א ביבליאָטעק מיט יידישע ביכער. ניט לאנג צוריק האָבן מיר שוין איבערגעגעבן א מאטאָנע — עטלעכע הונדערט בענדער אָף יידיש — דער מאָסקווער שטאָטישער ביבליאָטעק אָף נעקראסאָווס נאָמען, וועלכע געפינט זיך אפן פּושקין־פּלאץ, און דאָרט איז געעפנט געוואָרן א יידישער זאל. אוודע איז עס ניט שלעכט! אָבער קיין שאלאכמאָנעסן פון וויזיטיאָרן דארפן מיר ניט. איינִיקע סאָוועטישע יידן פרעגן זיך אָן: געשיקט זיך זײַנען מיר דערגאנגען צו דעם, אז ווער עס וויל, קאָן זיך פּאָרען אין אונדזער שטוב? איך גופע האָב דאָס גאנצע לעבן געטרוימט וועגן דעם, אז ס'וועט קומען א צײַט פון גלאסנאָסט. אָבער גלאסנאָסט דארף גיין האנט

בא האנט מיט א מוסטערהאפטער אָרדענונג און מיט אָרגאניזירטקייט, בייס יעדערער ווייסט, וווהין מיר גייען און וואָס מיר טוען. גלאַט אזוי גלאַסנאָסט, צוליב פּלאַפּלעריי, דאַרף מען ניט האָבן.

— פונדעסטוועגן, וואָס איז עס אזוינס — ייִדישע נאַציאָנאַלע קולטור־צענטערס און וואָס וועלן זיי געבן ניט בלויז די סאָוועטישע ייִדן, נאָר אויך די מענטשן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן?

— קוידעמקאָל דאַרפן מיר זיך אופּרעדן וועגן דעם סטאַטוס פון די ייִדישע געזעלשאַפטן, אָדער קולטור־צענטערס. איר פרעגט, וואָס דאָס איז אזוינס? אין אַלגעמיין גענומען — קלובן. בא אונדז אין לאַנד איז א קלוב פאַרבונדן מיט א געוויסן לאָקאַל. אין פּשא, לעמאָשל, איז אַנדערש. איינמאָל האָט דער פּרעזידענט פון די ייִדישע קלובן זיך באַרימט, אַז אין אַמעריקע זייַנען פאַראַן אַרום 500 אזעלכע קערפּערשאַפטן. ווען איך האָב געבעטן, ער זאָל מיך אוועקפירן אין איינעם פון זיי, כ׳זאָל קאָנען דאָרט אַרויסטרעטן, האָט ער געענטפערט: בא אייַך איז פאַראַן א פּראָפעסיאָנעלער קלוב מיט אַן אופשריפט איבערן אַרייַנגאַנג — „קאָוטשוק״, און בא אונדז קאָנסטו זען א גרופּע פון 20—30 מענטשן, זיי קלייַבן זיך צונויף בא עמעצן אין דער דירע, אויב דאָרט איז דאָ א גרויסער צימער. ווי איר זעט, איז גרויס דער אונטערשייד. דער טאָך אָבער איז ניט אין דעם. ס׳איז נייטיק, עס זאָל זיך מערן די צאָל ליבהאָבער פונעם ייִדישן וואָרט, און זיי זאָלן שאַפן א סוויווע, אין וועלכער די ייִדישע קולטור זאָל זיך אַנטוויקלען אויף א נאַטירלעכן אופן.

— אָבער אזעלכע קלובן זייַנען ניט קיין פאַרמאַכטע. עס קאָנען זייַן מיטגלידער, אויסער ייִדן, אויך רוסן, אוקראַיִנער און אַנדערע.

— פאַרשטייט זיך. ס׳איז ניט מעגלעך אָפּצוטיילן מיט א כינעזישער וואַנט איין נאַציאָנאַלע סוויווע פון אַן אַנדערער. נעמט, לעמאָשל, די ליטעראַטור. צי קאָן איך דען אַלס שרייַבשטעלער זיך באַגיין אָן מייַנע רוסישע קאָלעגן? אין איינעם אַן אַרטיקל וועגן מייַן שאַפונג האָט דער אַוטאָר אונטערגערעכנט, אַז די לידער פון א זאַמלונג, וועלכע איך האָב אַרויסגעלאָזט מיט א סאַך צייַט צוריק, האָבן איבערגעזעצט מער פון צוואַנציק רוסישע פּאָעטן, אָנגעהויבן פון לעאָניד מאַרטינאָוון און ביז יונע מאָריץ. דאָס באַטייַט, אָן ספק, אַז דער גורל פון דער ייִדישער דיכטונג איז ניט פרעמד דעם רוסישן פּאָעט.

— וואָס קאָנט איר זאָגן וועגן דער באַדייַטונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור פאַר דער וועלט־קולטור?

— אין פּאַריז בין איך אַמאָל געווען אויף אַן אופנאַמע, וועלכע ס׳האָט אייַנגעאָרדנט די רעדאַקציע פונעם זשורנאַל „עראָפּ״. דער דיכטער שאַרל דאָבזשינסקי, א ייִד און זייער אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייַט, איז געווען מייַן איבערזעצער. ס׳האָבן זיך צונויפגעזאַמלט באַוווּסטע פראַנצויזישע ליטעראַטן. פּיער אַבראַהאַם, דער פאַרלעגער און רעדאַקטאָר פון „עראָפּ״, איז געווען פאָרזיצער פון דער אופנאַמע, ס׳האָבן גערעדט זשאַק מאַדאָל, אַנדרע וויורמסער, פּיער גאַמאַרא, פּיער ווילאַר. ס׳איז געווען אינטערעסאַנט און ווירדיק. איך האָב דאָרט געזאָגט, אַז כ׳אַרבעט פיל יאָרן אין דער ליטעראַטור און קאָן ניט פאַרשטיין אָט וואָס. ווי קומט עס, אַז, לעמאָשל, די שרייַבער פון פראַנקרייַך באַמערקן ניט ביז איצט די ייִדישע ליטעראַטור? ס׳איז דאָך קיין סאָד ניט, אַז די ייִדן לאָזן ניט צורו אַלעמען אין דער גאָרער וועלט. זיי טומלען, גוואַלדעווען, רייַסן אָפּ די קנעפּ איינער באַם אַנדערן. ניט זען זיי איז אומעגלעך. און איר, פראַנצויזן, האָט זיך ערשט איצט געכאַפּט, אַז מע דאַרף זוכן די ייִדן „אין דער אַרומרינגלונג פון פעלקער״... צי איז שוין ניט צייַט זיך אופּריידן וועגן דעם אָרט פון דער ייִדישער ליטעראַטור אינעם וועלט־שטראָם?

— ...וועגן דעם אָרט, וואָס עס פאַרנעמען די ייִדישע ליטעראַטור און קולטור?

— יאָ, פאַרשטייט זיך. און מע דאַרף האָבן אין זינען, אַז ייִדישע ליטעראַטור און קולטור זייַנען פאַראַן ניט נאָר אין אונדזער לאַנד. זיי זייַנען טעטיק אין פיל לענדער — ווו מער אינטענסיוו, ווו ווייניקער. מע דאַרף די גאַנצע ייִדישע קולטור, באַזונדערס די ליטעראַטור, אַרייַנפירן אינעם קאָנטעקסט פון דער וועלט־קולטור. פריִער איז ניט געווען קיין ייִדישע מדינע, איצט איז זי דאָ, און זי פאַרמאָגט אַן אינטערעסאַנטע ליטעראַטור אויף איווריט. אין סאָוועטנפאַרבאַנד איז די ייִדישע קולטור און ליטעראַטור פאַרהיט געוואָרן אַדאַנק די באַמיִונגען פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד״, פון א ניט גרויסן קרייַז איבערגעגעבענע קעמפער. איך דערמאָן זיך איצט, אַז אַלעקסאַנדער פאַדייעוו, וועלכער האָט מיט בעעמעס פּאָטערלעכער זאָרג זיך פאַרנומען מיט מייַן פּערזענלעכן גורל, האָט איינמאָל מיר געצייצעט בייַטן אין מייַן שאַפונג. ייִדיש אויף רוסיש, געבראַכט אַלס בייַשפּיל עמאַנויִל קאַזאַקעוויטשן. כ׳האָב אים געענטפערט: „ווען איר וועט איבערגיין אויף פראַנצויזיש, וועל איך איבערגיין אויף רוסיש״. א קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און אוועקגעגאַן. פון מייַן זייַט איז דאָס ניט געווען

קיין אקט פון פארטיזאנשטשינע אָדער אנארכיזם. גיכער איז עס געווען א רוף פון די אָוועס. אין יענער צײַט בין איך פּאַשעט געשטאָרבן פון הונגער. כ׳האָב שוין דאן געהאט א טאָכטער, א מישפּאָכע. ווי כ׳האָב שוין אויבן געזאָגט, האָט מען מיך אויסגעשלאָסן פונעם שרײַבער־פאריין, ס׳האָבן זיך אָפּגעקערט פון מיר די פרײַנט. אָבער בײַטן די שפּראך, אריבערגיין אין אן אנדער קולטור וואָלט געווען ערגער פון באגיין זעלבסטמאָרד. אויב ריידן וועגן דעם נאָכמילכאָמע־פּעריאָד, איז ער געווען פאר אזעלכע, ווי איך, נאָך ביטערער, איידער די מילכאָמע. הײַנט שאצן מיר רעאַל אָפּ די אומגעבונג. די ייִדישע קולטור און ליטעראטור האָבן זיך פארהיט, נאָר זייער וואָג און דער פּראָפעסיאָנאַליזם פון די ווערק זײַנען פארמינערט געוואָרן אין פארגלײַך מיט די צוואנציקער—דרײַסיקער יאָרן. ווען איך בין צוגעטראָטן שאפן דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד”, האָט זיך געדוכט, אז ס׳איז שוין ביכלאַל קיין ייִדישער שרײַבער ניט געבליבן. כ׳בין ארומגעגאַן איבער די רעדאקציעס פון זאָוואָדישע צײַטונגען און איבער די קאָנטאָרן פון וווינונג־עקספּלואטאציע. מײַנע כאווייריםְ־שרײַבער האָבן געארבעט אלס קאָרעקטאָרן און אלס נאכט־וועכטער. מיר האָבן אָפּגעזוכט אויך די געוועזענע ארעסטאנטן פון די לאַגערן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אהיים. אָבער די קלאַסיקער אונדזערע — בערגעלסאָן, מארקיש, דער ניסטער, קוויטקאָ, האָפשטיין, פעפער, כאריק — האָבן שוין ניט געלעבט, ס׳האָט זיי פארניכטעט סטאלין. הײַנט ליבן „סאָוועטיש היימלאַנד” אלע, אפילע די קעגנער. ער איז פארעכנט פארן בעסטן ליטעראריש־קינסטלערישן זשורנאַל אָף דער ייִדישער גאס. איך טראכט אָבער וועגן דעם, אז אין דער פּראָזע זײַנען אונדזערע פאָרגייער געווען פיל שטארקער פון אונדז, און אין דער פּאָעזיע — אוודע. נאָר מיר האָבן איבערגענומען די דעזשורסטווע, און דאָס איז ניט פון די פּאָשעטע זאכן. מיר פארמאָגן יונגע באגאבטע שרײַבער. מיר דארפן אופשטעלן די קויכעס פון דער ייִדישער ליטעראטור, זיך זאָרגן וועגן די יאָרשים, אויסניצן די מעגלעכקײַטן, וועלכע ס׳האָט געבראכט מיט זיך גלאַסנאָסט, אָף צו גיין ווײַטער פלאנמעסיק, ריטמיש, אָן אײַלעניש, אָן מעליצע און מאָביליזאציעס. דאָס פּאָרזעצן די טראדיציעס פון דער פילדוירעסדיקער ייִדישער ליטעראטור איז אן ערנסטער איניען.

— אין דער לעצטער צײַט שרײַבן איניקע צײַטונגען וועגן דעם, אז אין סאָוועטנפארבאנד איז פאראַן אנטיסעמיטיזם. יעדערער שאצט עס אָפּ אף זײַן אייגענעם אויפן. אונדז אינטערעסירט אײַער מיינונג.

— ס׳איז פּאָשעט שוידערלעך, וואָס אונדז קומט אויס וועגן דעם צו ריידן. פאר מיר איז דאָס אנטשטיין פון דער געזעלשאפט „פּאמיאט” און נאָך פון עפּעס ענלעכס געווען אן אומגעריכטע אנטפּלעקונג, ניט געקוקט אָף דעם, וואָס עס איז שוין פון לאַנג געווען אין גאנג די ליטעראטור, אָף וועלכער עס באזירט זיך „פּאמיאט”, די אנטיסעמיטישע בראָשורקעס פון איוואנאָוו, יעווסייעוו, בעגונעץ אא. איך האָב דעמלט אָנגעשריבן דרײַ ארטיקלען וועגן דעם בייזווייליקן, שעדלעכן כאראקטער פון די דאָזיקע פּובליקאציעס. די אידעאָלאָגישע באָד־יונגען האָבן זיך גענומען פארפאסן טראקטאטן וועגן די ייִדן, ארײַנוואָרפנדיק אין איין זאק ייִדן און ציִעניסטן, שענדנדיק די ביבל. איינשטיינען האָבן זיי „דעמאסקירט” אלס נאציאָנאליסט און ציִעניסט. ס׳האָט זיך געפּלאָנטערט עפּעס אן אומגעהערטער פּלאָנטער. די „פּראוודא” האָט הויך אָפּגעשאצט יעווסייעווס א בראָשורקע, וועלכע ס׳האָט ארויסגעלאָזט דער „גאָספּאָליטיזדאט”. דאן בין איך אוועק מיט מײַן שארפן קריטישן ארטיקל אין צענטראַלקאָמיטעט פון דער פּארטיי און געזאָגט, אז איך וויל אָנדרוקן מײַן אָפּשאצונג אין „סאָוועטיש היימלאַנד”, און אויב ס׳וועט ניט זײַן מעגלעך עס צו טאָן, וועל איך אוועקגיין אין שפּעריִשן אורלויב. די כאוויירים, צו וועלכע כ׳בין געקומען אין צק, זײַנען געווען גוטע מענטשן, זיי האָבן אלץ פארשטאנען, און איך האָב דאָס „קראמאָלנע” ארטיקל פארעפנטלעכט. אין א צײַט ארום — נאָך צוויי. כ׳האָב זיך אָבער אויך דעמלט ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אז בישכיינעס מיטן סמאָלני, אין לעניגראד, וועט אינגיכן פאָרקומען א פּראָפאשיסטישער מיטינג, אָף וועלכן די ייִדישע פראגע וועט באהאנדלט ווערן אין סטיל פון די נירנבערגער באלאגאנען. איך ווייס ניט, ס׳קאָן זײַן, אז אינגיכן וועט עס פארשווינדן, ווי א בייזער כאָלעם. נאָר איך בין א קאָמוניסט פונעם דאָר מענטשן, וועלכע מע רופט פּראָנטאָוויקעס, און איך קאָן ניט אין אזעלכע פאלן זײַן ווייכהארציק און סענטימענטאַל. איך האלט, אז אזא ווילדגראָז דארף מען אויסרײַסן מיטן וואָרצל. ערשט דאן וועלן מיר האָבן די מעגלעכקײַט צו ווערן א מעלוכע, וואָס איז געבויט אָף רעכטלעכע יעסוידעס. מיר דארפן עס טאָן ניט נאָר קעדיי פארטיידיקן די שוואכע, — אויך צוליב דעם, עס זאָלן באשטראָפט ווערן יענע, וואָס האָבן זיך צעגארטלט. אפילע אין סטאלינס צײַטן זײַנען ניט געווען אזעלכע אנטיסעמיטישע דעמאָנסטראציעס. סטאלין האָט דורכגעפירט די פּאָליטיק פון גענאָציד, אונטערדריקט די נאציאָנאלע קולטור, נאָר ער האָט געטאָן עס כיטרע, ניט דערלאָזט אזוינס. איך פארורטייל שארף די דאָזיקע מענטשן. כ׳וויל זיי ניט טיילן אָף אונטערהעצער און אָף זייערע שוואכהארציקע נאָכפּאָלגער. ניין. דאָס איז א געוויסע סוויווע, אין איר אויסגאנגס־פּונקט אן אנטיסאָוועטישע. ס׳האָט זיי דערצויגן די צײַט. דער פאשיזם,

די פֿאַרניכטונג פֿון זעקס מיליאָן ייִדן, די געפֿאַר פֿון אַ נײַער מילכאָמע האָבן אָפּגעשפּילט זייער ראָל. אַזעלכע מענטשן זײַנען גרייט אײַנצופֿירן נײַע דזשעגובקעס, אופֿשטעלן נײַע אַשוועניטשימס. מײַן פּאָזיציע איז ניט קיין צווייִדײַטיקע. מע דאַרף מיט דעם פֿאַרענדיקן. אוועקשטעלן די פּראָוואָקאַטאָרן אויסערן געזעץ. און וואָס גיכער, אַלץ בעסער.

— דערציילט אונדז וועגן די פּלענער פֿון אײַער ליטעראַרישער און געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקײַט. וויאַזוי וועלן אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אָפּגעשפּיגלט ווערן די פּראָבלעמען פֿון דער איצטיקער ייִדישער סאָוועטישער קולטור, פֿון איר בײַטראָג אין אונדזערע געמיינזאַמע אַנטוויקלונגען?

— די באַוועגונג, וועלכע ס׳האָט אַרויסגערופֿן די פּערעסטראָיקע, קומט דערווײַל פֿאָר אין דער ייִדישער סוויווע „פֿון אונטן אויף אַרויף" — פֿון די מאַסן צו דער אָנפֿירונג. עס באַווײַזן זיך פֿאַרשיידענע אידייען, נײַע סטרוקטורן, ס׳פֿאָרמירן זיך זעלבסטעטיקע קאָלעקטיוון — טעאַטראַלע, לייענערישע, ליטעראַריש־שעפֿערישע. אַ צופֿלוס פֿון פֿרישע קויכעס מאַכט דינאַמישער און אַקטיווער די ייִדישע ליטעראַטור־ און קולטור־סוויווע. אומדערוואַרט קומען אויף ייִדישע קלובן, ליבהאָבערישע קרײַזלעך, שפּראַך־קורסן, קולטור־געזעלשאַפֿטן אין אַזעלכע, לעמאָשל, „ניט־ייִדישע" שטעט, ווי אופֿאַ, פּערם, טשעליאַבינסק אאַ. איך באַגריס עס. מע דאַרף אָבער דאָס אַלץ אַרופֿברענגען אויף אַ דערעך, פֿאַרפֿעסטיקן, סיסטעמאַטיזירן, מאַכן ווי ס׳געהער צו זײַן טעטיק. דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" שפּילט דאָ און וועט שפּילן זײַן ראָל. איך קאָן אויך ניט באַהאַלטן מײַן פֿרייד, זעענדיק ווי די ייִדישע נאַציאָנאַלע סוויווע ווײַזט אַרויס אין דער איצטיקער קאָמפּליצירטער אומגעבונג געזונט אַכרײַעס און אײַנגעהאַלטנקײַט. באַ די ייִדן האָבן ניט קיין אָנהאַלט היציקע קעפּ, עקסטרעמיסטן. דאָס איז גוט. און אין דער זעלבער צײַט פֿאַרשטיי איך, פֿאַרוואָס אין אַ שווערער צײַט זײַנען אַרויסגעפֿאָרן פֿונעם לאַנד פֿון סאָציאַליזם 300 טויזנט ייִדן. די סיטואַציע איז ניט קיין פּאָשעטע, מע דאַרף זיך אין איר פֿאַנאַנדערקלײַבן. ווי קומט עס, אַז אַזוינס זאָל געשען! די ייִדן זײַנען געווען אַקטיווע אָנטיילנעמער פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, העלדן פֿונעם בירגערקריג, ענטוזיאַסטן אויף די רישטעוואַניעס פֿון די פּינפֿיאָרן. אין די שלאַכטן פֿון דער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע האָבן אָפּגעגעבן זייערע לעבנס 200 טויזנט ייִדן. צו די זעקס מיליאָן פֿאַרפּײַניקטע גיט צו 200 טויזנט סאָלדאַטן און אָפֿיצערן. אַלע ייִדישע שרײַבער, אויסער זקיינים, זײַנען אוועק אויפֿן פֿראָנט און יעדער דריטער האָט זיך ניט אומגעקערט. איך פּערזענלעך בין געבליבן לעבן צופֿעליק, צוויי מאָל געווען שווער פֿאַרוווּנדעט, אין אָנהייב פֿון דער מילכאָמע בין איך געווען אַ פּאַראַשוטיסט. און ווען ס׳איז געקומען דער זיג, האָט מען מיך אָנגערופֿן קאָסמאָפּאָליט און פֿאַרמאַכט פֿאַר מיר אַלע טירן. אָט דאַן טאַקע האָבן סאָוועטישע ייִדן, וועלכע כ׳האָב גוט געקענט, אָנגעהויבן צו פֿאַרלאָזן דאָס סאָוועטישע היימלאַנד. זיי האָבן דאָך אָבער אָפּגעגעבן דעם לאַנד זייער גאַנץ לעבן. מע דאַרף אין דעם זיך פֿאַנאַנדערקלײַבן, האַגאַם איך מיין, אַז דאָס שלעכטע איז שוין אַוועק אין דער פֿאַרגאַנגענהײַט. די ייִדן האָבן אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פֿון די לעצטע יאָרן. ס׳זײַנען ניטאָ קיין רווישיקע דעמאָנסטראַציעס, קיין עקסטרעמיסטישע איבערפֿאַלן. איר ווילט וויסן וועגן מײַנע פּערזענלעכע פּלענער? זיי כאַפּן אַרום מײַן שאַפֿונג און די געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקײַט. ס׳איז אַזוי געשען, אַז אָנגעהויבן האָב איך ווי אַ לירישער פּאָעט און שפּעטער האָט דאָס לעבן זיך אַ דריי געטאָן אַנדערש. איך האָב אָנגעהויבן שרײַבן פּראָזע, אַרומפֿאָרן איבער דער וועלט, דערציילן דעם לייענער וועגן מײַנע רײַזעס. דוכט זיך, ס׳איז ניטאָ קיין איין ליטעראַרישער זשאַנער, אין וועלכן כ׳זאָל ניט אַרבעטן. איך סטאַרע זיך, אַז מײַן בײַטראָג אין דער ייִדישער ליטעראַטור זאָל איר צוגעבן וואָג.

כאַיִם ביידער

# פאַרגעדענקט דעם אַדרעס:

## ריגע, דזירנאַווו, 29

איך בין געקומען צו פאָרן קיין ריגע קורץ פאַרן אָנהייב פונעם נײַעם לערניאָר אין די שולן. אף דער גאַס דזירנאַווו איז געגאַנגען דער רעמאָנט פון דער געבײַדע פאַר דער ערשטער אין אונדזער לאַנד נאָך דעם לאַנגן און טרויעריקן איבעררײַס יידישער שול. ס'האָט זיך געדוכט, אַז עס וועט קיינמאָל ניט נעמען קיין סאָף צו דעם אָנוואַלגער פון ברעטער און ברעטלעך, דרענגלעך און שטענגלעך, דראָטן און דרעטלעך, עמער מיט צעמענט און פעסלעך מיט קאַלך, פושקעס מיט פאַרב און מיט אַ סאַך אַנדערע זאַכן, וואָס מע דאַרף יאָ האָבן און ניט האָבן, ווען עס גייט אַ קאַפּיטאַלער רעמאָנט פון אַ גרויסער געבײַדע אף פינף שטאָקן, וועלכע איז אויסגעבויט געוואָרן ניט מיט אַ סאַך יאָרצענדליקער יאָרן צוריק, ווען מע האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערנט צו כאַלטורעווען און אַלץ געטאָן מיט יוישער און אַכרײַעס, עס זאָל שטיין אף אייביק...

און ס'קלינגט נאָך בא מיר אין די אויערן דער אויסגעשריי פון עפעס נאָך גאָר אַ יונגן מאַנצבל, וועלכער האָט אינמיטן פון איינער מײַנער אַ לעקציע פאַר די קינפטיקע לערער וועגן יידישער שפּראַך און ליטעראַטור זיך פלוצעם אַרײַנגעריסן אין קלאַסן־צימער, ווו עס זײַנען געזעסן אַ פאָר צענדליק צוהערער:

— הער אַ מײַסע! און וואָס טוען דאָ די מאַנצבלען, ווען ס'איז נאָך אַ יאַם מיט אַרבעט און עס פעלן אויס הענט?

דער יונגערמאַן איז אופגעבראַכט, עס שיט זיך פון אים פלאַם און פײַער, און איך בין נײַגעריק צו וויסן, ווער ער איז — אַ טוער פון דער רעמאָנט־קאָנטאָר, צי אַן אינספּעקטאָר פונעם בילדונגס־אָפּטייל.

— ניין, — ענטפערט מען מיר, — פּאָשעט איינער פון די עלטערן, וועמענס קינדער זײַנען פאַרשריבן אין דער שול...

און מע שמייכלט צו דערביי, ווײַל דאָס איז בעפּיירעש אין דער יידישער טעווע — זיך היצן, אופהייבן אַ טאַראַראַם, אײַנלייגן וועלטן, מישן זיך אין אַלע איניאָנים, אַפילע ווען מע בעט אײַך ניט, און דער שמייכל באַטײַט, אַז ער איז טאַקע גערעכט — ער וויל, אַז ווען דעם ערשטן סענטיאַבער וועט זײַן זון קומען אַהער, אין שול, זאָל אַלץ שוין זײַן גרייט, עס זאָל אומעטום שימערירן — אף די טרעפּ, אין די קאָרידאָרן, אין די קלאַסן־צימערן.

די הונדערטער טאַטעס און מאַמעס, זיידעס און באָבעס, וועלכע האָבן אַהער געבראַכט זייערע קינדער און אייניקלעך, האָב איך דאָ געזען אומעטום מיט זעגן און מיט האַמערס, מיט בערשט און מיט קעלניעס. מע האָט געפאַרבט און געקלאַפּט, געפורעמט און געשלײַפט, געשאָבן און געוואַשן, באַאַרבעט און פאַריכט, געשמירט און געבוירעט, געמאָסטן און געדרעלעוועט. זיי האָבן זיך זייער געײַלט, ווײַל דער ענדגילטיקער באַשלוס וועגן עפענען די שול איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן ערשט אין אָנהייב אווגוסט, און ברענגען צו פירן די נייטיקע מאַטעריאַלן האָט מען געקאָנט שוין אין מיטן כוידעש, און אָנמערקן, וואָס מע דאַרף טאָן, האָט מען בעמײַלע געמוזט אין גאַנג פון דער אַרבעט, און ביז דעם אָנהייב פונעם לערניאָר זײַנען געבליבן אינגאַנצן אַ פאָר וואָכן.

ווער עס האָט אַמאָל געהאַט צו טאָן מיט רעמאָנטירן אַ שול־געבײַדע, ווייסט, ווי שווער עס קומט אָן צו קריגן מאַטעריאַלן פאַר אַ קאַפּיטאַלן און אַפילע פאַר ניט קיין קאַפּיטאַלן, אַ געוויינלעכן, רעמאָנט, שוין אָפּגערעדט פון בויער, רעמאָנטלער, ספּעציאַליסטן. די ריגער יידישע שול האָט אָבער מיט אָט די אַלע זאַכן קיין דײַגעס ניט געהאַט. איך האָב זיך אַפילע געוווּנדערט אף דער אָלימפּישער רויִקײַט פונעם דירעקטאָר כאָנע ברעגמאַן, וועלכער האָט אף מײַנע ספּייקעס, צי מע וועט באַווײַזן צום ערשטן סענטיאַבער אַלץ אָפּטאָן, געענטפערט:

— נו, פאַרשטייט זיך!

איך וואָלט נאָך געקאָנט דערקלערן אָט די רויִקייט דערמיט, וואָס אַלעמאָל, ווען ס'איז בא אים פאראן א סיבע צו ערגערן זיך, דערמאָנט אים זײַן ליבע פרוי יעטא:

— כאָנע, פארגעס זיך ניט!

און איך ווייס, וואָס עס באטײַט אָט די וואָרענונג, ווײַל כאָנע ברעגמאן האָט שוין געהאט אזש צוויי אינפארקטן, כאָטש ער איז נאָך לויט הײַנטיקע כעזשבוינעס גאָר ניט קיין אלטער מענטש און זעט אפילע אויס ייִנגער, ווי עס וואָלט געדארפט אויסזען א מענטש נאָך די זעכציקער.

און וויִאזוי וואָלט געקאָנט זײַן אנדערש, ווען זינט עס איז באשלאָסן געוואָרן, אז ריגע וועט זײַן די ערשטע שטאָט אין סאָוועטנפארבאנד, ווו עס וועט זיך עפענען א באזונדערע, א פולע ייִדישע מיטלשול מיט אלע קלאסן — פונעם ערשטן ביזן צענטן, — האָט זיך אָנגעהויבן וויגן ארום דער דאָזיקער יעדיִע ניט בלויז אין לעטלאנד, ניט בלויז אין בײַבאלטיק, איבער דעם גאנצן לאנד. בא ברעגמאנען, וועלכער האָט אין די לעצטע צוויי וואָכן ניט געהאט קיין פרײַע מינוט, איז צוגעקומען נאָך איין ארבעט — אופצונעמען געסט. מע קומט צו פאָרן אזש פון אמעריקע, פון ייִסראָעל, פון ענגלאנד. ראבאָנים, עמיסארן, שטאדלאָנים, גלאט נײַגעריקע:

— איז עס טאקע א ייִדישע שול?

— אין וואָס נייטיקט איר זיך?

דאָס זײַנען, פארשטייט זיך, פראגן ניט גלאט פון נאיִוקײַט. איינער א ראָוו פון ייִסראָעל, א געוועזענער ריגער טוישעוו, האָט גלײַך גענומען דעם אָקס פאר די הערנער:

— מירן נאָך זען, וואָס פאר א ייִדישע שול וועט דאָס זײַן און צי וועט דאָ ביכלאל שמעקן מיט ייִדישקײַט...

פאר ברעגמאנען, דעם סאָוועטישן לערער, וועלכער האָט אָפּגעגעבן דער פעדאגאָגישער ארבעט ניט איין צענדליק יאָר (ער האָט פארוואלטעט מיט א לעטישער אָוונט־שול און אונטעריכטעט געשיכטע), איז „דאָס ייִדישקײַט" פון א וועלטלעכער שול טאקע געווען א הארבע פראָבלעם. א מעלוכע־שול איז ניט קיין יעשיווע און ניט קיין טאלמעטוירע — דאָס איז קלאָר, ווי דער טאָג. און די לאגע איז נאָך מער קאָמפליצירט, וואָס די ייִדישע שול האָט זיך געעפנט ניט, לאָמיר זאָגן, אין בירא־בידזשאן, ניט אין אָדעס, ניט אין מאָסקווע אָדער אין קיִעוו, אפילע ניט אין קעשענעוו, צי אין ווילנע, — נאָר דאפקע אין ריגע, און מע דארף זײַן א בלינדער און א טויבער, קעדיי ניט זען און ניט הערן, וואָס עס קומט פאָר אין עטלעכע שפאן פון דער גאס דזירנאווו, 29, ווו עס געפינט זיך די געבײַדע פון דער שול. אלע זונטיק קלינגען אין ריגע די קלויסטערס — פראוואָסלאוונע, קאטוילישע, ליוטעראנישע, און טויזנטער מענטשן, אפילע יענע, ווער עס איז פריִער געווען גאנץ גלײַכגילטיק צו די דאָזיקע גלעקער, ציִען זיך צו זיי, און נאָך דער גאָטעסדינסט, ווען די דערוואקסענע פארלאָזן די קלויסטערס, פארבלײַבן דאָרט קינדער פונעם שול־עלטער, און די גאלאָכים אָדער אנדערע געבילדעטע קולט־דינער לערנען מיט זיי ניט בלויז, וויִאזוי צו טפילע טאָן, נאָר אויך די יעסוידעס פונעם טעסטאמענט, ליטורגיע, ריטואלן, צערעמאָניִאלן.

און וואָס דארף טאָן א ייִדישע שול, וועלכע לעבט ניט אין געטאָ, ניט אין אן אָפּגעגרענעצטן פון דער וועלט אָרט?

יאָ, זינט עס איז אָנגענומען געוואָרן דער געזעץ וועגן דעם, אז „די שול איז אָפּגעטיילט פונעם קלויסטער", זײַנען פארגאנגען מער פון זיבעציק יאָר, און פאר דער דאָזיקער צײַט האָט מען בא אונדז אזוי זיך איבערגעסטארעט, אז מע האָט „ארויסגעשווענקט דאָס קינד צוזאמען מיטן וואסער". מיר, דער עלטערער דאָר, געדענקען נאָך, ווי איבער די גאסן פון די שטעטלעך פלעגן בײַס די ייִדישע יאָמטויווים בושעווען דעמאָנסטראציעס מיט פאקל־צוגן און מיט געזאנג: „דאַלאָי, דאַלאָי מאָנאכאָוו, ראווינאָוו אי פאָפּאָוו" („נידער, נידער מיט די מאָנאכן, מיט די ראבאָנים און מיט די גאלאָכים!").

בעמיילע האָט זיך דעמלט געלייזט די פראגע אויך וועגן דער ייִדישער געשיכטע. אזוי ווי זי איז געקניפּט און געבונדן מיט דער ייִדישער רעליגיע, און די רעליגיע איז אָפּגעטיילט פון דער שול — איז אויך אויס מיט דער ייִדישער געשיכטע, מע האָט זי באזײַטיקט פון דער שול, פון די אינסטיטוטן, ווו די אונטעריכט־שפּראך איז געווען ייִדיש. און עטלעכע דוירעס ייִדישע קינדער האָבן שוין ניט געוווּסט, פונוואנען עס שטאמט דאָס פאָלק, צו וועלכן זיי געהערן...

איז וואָס זאָל טאָן אין אָט דער אומגעבונג דער אלטער קאָמוניסט, דער דירעקטאָר פון דער נײַגעשאפענער ייִדישער שול כאָנע ברעגמאן? וויִאזוי זאָל ער האנדלען, אז קיינער פון זײַנע פיר הונדערט שילער, פאר וועלכע, פון זינט ער האָט גענומען אָף זיך די מיסיע פון אופשטעלן א ייִדישע שול נאָך א האלבן יאָרהונדערט דיסקרימינאציע פון דער ייִדישער פאָלקסבילדונג, זאָל אים ניט קאָנען באשולדיקן אין אוועקמאכן מיט דער האנט די טראדיציעס פונעם פאָלק? און, איינגנטלעך גערעדט, צוליב וואָס און פארוואָס טאקע זיי אוועקמאכן מיט דער האנט?

די פראָבלעם פון טראדיציעס באומרויִקט ניט בלויז דעם דירעקטאָר פון דער ריגער ייִדישער שול — ס'איז א פראָבלעם פון דעם גאנצן פעדאגאָגישן קאָלעקטיוו. וויקטאָריע מאגיד, א לעטישע פרוי לויט דער נאציאָנאליטעט — די אָרגאניזאטאָרן פון דער אויסערקלאסן־ארבעט און די לערערן פון לעטיש — האלט אין איין טראכטן, וויִאזוי צו בויען די ארבעט אין א ייִדישער שול מיט ייִדישע קינדער — זי דארף דאָך מיט עפּעס זיך אונטערשיידן פון דער ארבעט אין אנדערש־שפּראכיקע שולן, אָבער מיט וואָס?





ואלטערן פונעם לערן־
איזאבעלא סעגאל מיט
די שילער.

אפן מיטינג, געווידמעט
עפענונג פון דער שול.

צי נעמען אזא לימעד, ווי הויז־פירונג, וואָס אויף רוסיש הייסט עס „דאָמאָוואָדסטוואָ" און איז אײַנגעשלאָסן אין דער לערן־פּראָגראַם פאר די מיידלעך. לערנען צושנײַדן א קליידל, קענען האלטן א באָדל־פּאָדעם און זיך באגיין מיט א ניימאשינקע — יאָ, געוויינלעך, דאָס טוט מען איצט אין אלע שולן. אָבער א קינפטיקע באלעבאָסטע דארף קענען אויך אָפּקאָכן א יידישע יויך, א ראָסלפלייש, צוגרייטן געפילטע פיש, אָפּבאַקן א שטרודל אָדער אן אייערקיכל. און ווען איזאבעלא סעגאַל, די פארוואלטערן פונעם לערן־אָפּטייל, האָט אויף דער פארזאמלונג פון די עלטערן געמאָלדן, אז די שול וועט אײַנפירן פאר די מיידלעך אזא קעגנשטאנד, איז די יעדיעע אופגענומען געוואָרן מיט א שטורעם אפּלאָדיסמענטן, ווײַל דאָס איז אויך א פּראָבלעם — אופשטעלן די טראדיציעס פון דער יידישער קיך, און ס'איז געמאָלדן געוואָרן, אז עס האָט זיך שוין אָפּגעזוכט א באהאוונטער ספּעציאַליסט: איינע פון די עלטסטע אין ריגע דאָקטוירים־דיעטאָלאָגן, א פרוי שוין אין די אכציקער, — זי האָט אָנגעשריבן א בוך „יידישע מײַכאָלים", וואָס גרייט זיך צום דרוק אין א ריגער פארלאַג, און די דאָזיקע דאָקטערן וועט זײַן דער קאָנסולטאנט בא די לערערנס פון דער יידישער שול.

אגעוו, קאָנסולטאנטן, באהאוונטע אין פראגן פון יידישער שפּראַך און ליטעראטור, האָבן זיך אָפּגעזוכט אין ריגע ניט ווייניק. איינער פון זיי איז אווראָם בארמאזל, שוין גאָר א באיאָרטער מענטש, וועלכער איז פאר דער מילכאָמע געוועזן א לערער פון יידיש. איך האָב אים באזוכט אין זײַן שטוב, געזען בא אים די רײַכע ביבליאָטעק פון יודאיק, וועלכע ער האָט אָנגעזאמלט אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן. צו אים קאָן א באליביקער לערער אָדער שילער קומען נאָך אן אייצע, און ער איז גערן זיך טיילן מיט דער דערפארונג אין פראט פון יידישער פּעדאגאָגיק. און מע גייט שוין טאקע צו אים, און ווען ער פילט זיך גוט, קומט ער אויך ארײַן אין שול, כאָטש אופהייבן זיך אויף די געשלענגלטע טרעפּ איז אים ניט לײַכט. ער מאכט אן אָנשטעל, קלוימערשט ער בייזערט זיך:

— אין א יידישער שול דארפן אלע קעגנשטאנדן זײַן אין יידיש...

נאָר דער אלטער לערער פארשטייט אליין, אפילע בעסער פון וועמען־ניט־איז, אז ארויסשטעלן אזא פאָדערונג איז דערווײַל א פאנטאזיע, און אָנהייבן וועט מען דארפן פון א געוויינלעכן, אײַנפאכן „ליקבעז" און אין געביט פון יידישער שפּראַך וועט ניט זײַן קיין שום כילעק צווישן א זיבניאָריק יינגעלע פונעם ערשטן קלאס און א זיבעצניאָריק באָכערל פון דעם צענטן קלאס. און פירן וועלן די דאָזיקע לימודים...

יאָ, ווער זשע וועט פירן דעם יידיש־לימעד אין דער ריגער יידישער מיטלשול?

די ערשטע, פארשטייט זיך, איז ליובע פּוטליק...

איך האָב באמערקט, אז ווי נאָר עמעצער רופט אָן אָט דעם נאָמען, ווערט ווארעמער די שטים און דאָס פּאָנעם צעשײַנט זיך מיט א שמייכל. פּוטליק איז שוין אן עלטערע פרוי, פאר דער מילכאָמע האָט זי פארוואלטעט מיט א יידישן קינדער־גאָרטן. אין מעשעך פון עטלעכע צענדליק יאָר איז זי געוועזן א מיטארבעטערן אין לעטישע פּעדאגאָגישע זשורנאלן, און ווען מיט א יאָר צוריק איז אופגעקומען די פראגע וועגן עפענען יידיש־קורסן פאר קינדער און דערוואקסענע, איז זי געוואָרן אין דער לעטלענדישער יידישער קולטור־געזעלשאפט א לערערן פון יידישער שפּראַך. גראָד אין די טעג, ווען איך בין געוועזן אין ריגע, האָבן אלע היגע צײַטונגען אָפּגעדרוקט אן אוקאַז פון דער לעטלענדישער רעגירונג וועגן צוייגענען ליובאָוו לוואָוונע פּוטליק דעם ערן־טיטל „פארדינסטפולע לערערן פון דער לעטלענדישער רעפּובליק", און הונדערטער מענטשן האָבן זי באגריסט מיט אָט דער פרייִדיקער געשעעניש אין איר לעבן.

איז אָט, ליובע פּוטליק וועט פירן אין די אָנפאנג־קלאסן פון דער שול דעם יידיש־לימעד לויט איר אייגענער אָריגינעלער מעטאָדיק. און קעדיי די קינדער זאָלן גלײַך האָבן פון וואָס צו לערנען, האָט זי צונויפגעשטעלט א לערנבוך, וועלכער דרוקט זיך און וועט גאָר אינגיכן דערשײַנען אין איינעם פון די ריגער פארלאַגן.

אָבער די שול פארמאָגט דאָך ניט בלויז אָנפאנג־קלאסן, פאראן א פולער קאָמפּלעקט עלטערע קלאסן, און מע דארף האָבן פאר זיי לערער. איינער פון זיי איז לייב רייזען (אגעוו, א ווײַטער קאָרעוו פון דער מישפּאָכע רייזען, וועלכע האָט געגעבן דער וועלט אזעלכע מערקווירדיקע שעפער, ווי אווראָם רייזען, זאלמען רייזען, סאָרע רייזען, בעראָש מיט זייער פאָטער קאלמען רייזען, אויך א שרײַבער), האָט פאר דער מילכאָמע זיך געלערנט אין א יידישער שול, געוועזן א שלאכטמאן פון דער לעטלענדישער דיוויזיע, נאָך דער מילכאָמע פארענדיקט אן אינסטיטוט און געוואָרן אן אינזשעניער־עקאָנאָמיסט. איצט, ווען מע דארף האָבן לערער פון יידיש, איז ער געקומען אין שול, ביפראט א שטיקל דערפארונג אין אָט דער זאך האָט ער שוין באוויזן צו באקומען פאראיאָרן אויף די קורסן פון דערלערנען יידיש בא דער קולטור־געזעלשאפט.

יידיש וועלן אונטעריכטן אויך אנדערע לערער, צווישן זיי — בליומע שמועלסאָן, דער „צווייטער פארוואלטער" פונעם לערן־אָפּטייל לויט שפּראַך און נאציאָנאלער קולטור — אזא שטעלע האָט מען דאָ אײַנגעפירט, גוטלען גרישקאָ, די עלטערע לערערן, א דערפארענער פּעדאגאָג פון דער אָנפאנג־שול, באהערשט יידיש, לעטיש, רוסיש, אויך זי וועט פירן דעם לימעד יידיש; מיט איר צוזאמען — טאַטיאנע קרוטער, און אדעל בורמאן (אגעוו, שאָלעם־אלייכעמס א ווײַטע קרויווע), און גינע דינער, און כאָנע וואטער, און לייזער זאק...

ס'איז געוועזן א וויקועך — אויף וואָס פאר א שפּראַך דארף די שול ארבעטן: אויף יידיש צי איווריט? פאר כאָנע ברעגמאנען איז קיין שום צווייפל ניט געוועזן — אוואדע יידיש! ס'איז דאָך געגאַנ־



מיט א באַגריסונגס־וואָרט טרעט ארויס א שילערן פונעם צענטן קלאַס.



דער געוועזענער שילער פון דער ריגער יִדישער גימנאַזיע איסײַ אווגוסטאָן גיט איבער דעם דירעקטאָר פון דער שול כאָנע ברעגמאַן א סימבאָלישן שליסל פון דער שול־געבײַדע.

גען א רייד וועגן אופשטעלן די ייִדישע שול, און ניט א העברעיִשע. און ברעגמאַן איז ניט געווען דער איינציקער, ווער עס איז געקומען צו אזא לאָגישן אויספיר. אזוי האָבן געטראַכט אויך דער פאָלקס־דעפּוטאַט פון פּסקר מאַוריק וואָלפּסאָן (אגעוו, ער, איינער פון די ערשטע, האָט געבראַכט אין דער שול זײַן אייניקל) און די כאַשעווע קולטור־טוערן פון דער לעטלענדישער רעפּובליק עסטער ראַפּיניא, און א סאַך אנדערע אַקטיוויסטן פון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט. בלויז א הײַפעלע יונגעלײַט, וועלכע קענען ניט ייִדיש, ניט העברעיִש און, דעם עמעס גערעדט, רעכענען בלויז אויס אַף צו דעראָבערן א שטיקל פּאָליטישן קאַפּיטאַל אין די אויסלאַנדס, האָבן זיך אײַנגעשפּאַרט: בלויז איווריט!

דאָ איז ניט איבעריק צו דערמאָנען, וויפל יאָרצענדליקער און עפשער גאַנצע יאָרהונדערטער גייט שוין אָן אָט די שענדלעכע העזדלערײַ — ייִדיש צי העברעיִש, ביפראַט נאָך, אז אויב פריִער האָבן כאָטש וועגן דעם געטקירעט באַהאוונטע איןביידע שפּראַכן אינטעלעקטואַלן, זײַנען די באַל־כקירים פון אונדזער צײַט פּאַשעטע אַמעראַצים, וועמען עס זײַנען לאַכלוטן ניט טײַער ביידע לעשוינעס פונעם ייִדישן פאָלק. איינער פון די דאָזיקע שרײַערס — באָריס גאַפט האָט אין די טעג, ווען כ׳בין געווען אין ריגע, זיך צעדאַרשנט אין דער רעפּובליקאַנישער יוגנטלעכער צײַטונג „סאָוועטסקאַיאַ מאָלאָדיאָזש“ מיט א כוצפּעדיקן אינטערוויו, אין וועלכן ער האָט דערקלערט, אז ער מיט א קליינער אין דער צאָל גרופּע זײַנע אָנהענגער שפּאַלטן זיך אָפּ פון דער לעטלענדישער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט, ווײַל יענע, זעט איר, פאַרנעמט זיך מיט פּראָפּאַגאַנדירן ייִדיש, דאָס הייסט די געזעלשאַפט „בינדט אָן די ייִדן א ייִדישיסטישע ערזאַץ־קולטור“ און וויל ניט גיין מיט די וועגן, וועלכע ער, גאַפט, צייכנט אָן.

ריגע קלײַבט זיך יאַקאָס פאַנאַנדער אליין, וואָס, ווען איווריט צי ייִדיש, און וואָס עלטער דער קלאַס, אַלץ מער וועט געגעבן ווערן א מעגלעכקײַט פאַר א פרײַוויליקן אויסוואַל, אָבער מע דאַרף דאָך נעמען אין אַכט די פיזישע און גײַסטיקע אָנלאָדונג פון די שילער, וועמען עס וועט אויסקומען צו דער־לערנען אזש פינף שפּראַכן — ייִדיש, איווריט, רוסיש, לעטיש און איינע פון די אויסלענדישע, און, אזוי־אַרום, מוז אַלץ אָפּגעוויגן און אויסגערעכנט ווערן...

אונטעריכטן וועט איווריט אויך א דערפאַרענער פּעדאַגאָג — מאַן בעלענקי. פאַר דער מילכאָמע האָט ער פאַרענדיקט א ייִדישע שול, לאַנגע יאָרן געווען א לערער פון געשיכטע און איינציײַטיק איינער פון די בעסטע עקסקורסיע־פירער אין דער ריגער עקסקורסיע־ביוראָ.

און ביכלאַל קאָן די שול זיך ניט קלאָגן אַף א מאַנגל אין לערער. ווי נאָר אין דער שטאָט האָט מען זיך דערוווּסט, אז עס עפנט זיך א ייִדישע שול, האָבן זיך געמאָלדן צענדליקער פּעדאַגאָגן פון דער גאַנצער רעפּובליק. ברעגמאַנען איז אויסגעקומען שיר ניט דערקלערן א קאָנקורס. און טאַקע א מין קאָנקורס האָט מען געדאַרפט דורכפירן, לעמאָשל, צווישן די זיבן פּרעטענדענטן אַף דער שטעלע פון א לערער פון מוזיק. אויסגעקליבן האָט מען דעם קאָנצערטמייסטער נינע דינער, וועלכע האָט פאַרענדיקט די לעטישע קאָנסערוואַטאָריע און איז גוט באַהאוונט אין דער ייִדישער מוזיק (זי האָט אָנגעפירט מיטן קאַמער־אַנסאַמבל בא דער לעטלענדישער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט). כאַנע וואַ־טער, וועלכע וועט פירן אין שול דעם לימעד פון מאָלערײַ, האָט פאַרענדיקט די קונסט־אַקאַדעמיע.

אַלע טאָג בייס די פאַרנעמונגען אַפן סעמינאַר פון די לערער, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען אָט אין איינעם, אָט אין א צווייטן קלאַס־צימער (די רעמאָנטלער האָבן אונדז געיאָגט פון איין אָרט אַפן אנדערן), איז געזעסן צווישן די צוהערער נאָך גאָר א יונגע סימפּאַטישע פרוי און מיט גרויס אינ־טערעס געהערט אַלץ, וועגן וואָס עס איז געגאַנגען א רייד. „געוויס א לערערן פון ייִדיש אָדער פון די אָנפאַנג־קלאַסן“, — האָב איך א קלער געטאָן. אָבער איך האָב געהאַט א טאָעס. עלינע פאַלקענ־שטיין איז א קאַנדידאַט פון פיזיק־מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן, אַרבעט שוין א ריי יאָרן אין דער סיס־טעם פונעם לעטלענדישן בילדונגס־מיניסטעריום, און איצט איז זי געקומען אין דער ייִדישער שול, וווּ זי וועט אונטעריכטן מאַטעמאַטיק, דערווײַל אַף רוסיש, און מיט דער צײַט, ווען די שילער וועלן שוין זײַן גרייט, וועט זי איבערגיין, ווי אַלע אנדערע פּעדאַגאָגן, אַף ייִדיש.

און נאָך איין קאַנדידאַט פון וויסנשאַפטן האָט אויסגעדריקט א פאַרלאַנג צו אַרבעטן אין דער ייִדישער שול — אַלעקסאַנדער לאָסעוו. אַלעקסאַנדער גערמאַנאָוויטש איז געקומען קיין ריגע אין 1947, גלײַך נאָכן פאַרענדיקן די ייִדישע טעאַטראַלע סטודיע באַם מאָסקווער גאָסעט. ער האָט נאָך באַוויזן אָנטיילצונעמען אין א ריי ספּעקטאַקלען פונעם טעאַטער אונטער דער אָנפירונג פון שלוימע מיכאָעלסן. ריגע איז אין זײַן לעבן געווען פאַרבונדן מיט די האָפענונגען צו בויען דעם ייִדישן טעאַ־טער אין דער לעטלענדישער הויפּט־שטאָט. אינגיכן אָבער האָט זיך אַלץ אזוי א דריי געטאָן, אז וועגן ייִדישער טעאַטראַלער קונסט האָט מען שוין אויפגעהערט צו טרוימען. און דער ייִדישער אַרטיסט האָט זיך איבערגעשלאָסן אַף רוסישער ליטעראַטור. צענדליקער אַרבעטן האָט דער קאַנדידאַט פון פּעדאַגאָגישע וויסנשאַפטן אַלעקסאַנדער לאָסעוו אָנגעשריבן וועגן די רוסיש־לעטישע ליטעראַרישע פאַרבינדונגען. איצט איז ער דער וויסנשאַפטלעכער סעקרעטאַר פונעם וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט באַם בילדונגס־מיניסטעריום פון דער לעטלענדישער רעפּובליק.

אין דער ריגער ייִדישער מיטלשול וועט לאָסעוו אונטעריכטן רוסישע ליטעראַטור. ער קען אויסגעצייכנט ייִדיש, און אַף וויפל ס׳האָבן זיך בא אים ניט אויסגעוועפּט די לעקציעס אין דער טעאַטראַלער סטודיע, טוט אַלעמאָל פון אים א שטראָם אָט א שורע, אָט א גאַנצער פראַגמענט פון א ווערק פון עמעצן פון די ייִדישע שרײַבער. ווען עס קומט צו רייד וועגן אָשער שוואַרצמאַנען,

ווען מען 100־יאָריקן יובילײ מע וועט אין דער ריגער ייִדישער שול אָפּמערקן אין אָקטיאָבער הײַנטיקס יאָר, דערמאָנט זיך לאָסעוו:

ס׳זײַנען וואָלקנס אָנגעשוואומען
און געשטעלט זיך אָפּצורוען
איבער אונדזער שטאָט.
איז ביז נאכט געגאַן א רעגן...

פאר די עטלעכע טעג, זינט מיר האָבן זיך באקאנט מיט לאָסעוון, האָב איך זיך איבערצײַגט, אז ער איז זייער א זאכלעכער מענטש: וואָס ער זאָגט, איז אָפּגעוויגן, און וואָס ער טוט, איז קאָנקרעט־לאָגיש. איצט, ווען מיר האָבן מיט אים געשפּאנט איבער די שמאָלע און ענגע היסטאָרישע געסלעך און גאסן פון דער אַלטערטימלעכער ריגע, האָט אָנגעהויבן צו זיפּן א רעגן, און דאָס איז געווען ווי א דירעקטע פארבינדונג צווישן יענע שורעס, וועלכע ער האָט ערשט נאָרוואָס מיט אזא ארטיסטישער מאַיעסטעטישקײַט דעקלאמירט.

דער רעגן האָט אופגעהערט אזוי אומגעריכט, ווי ער האָט זיך אָנגעהויבן, און מיר האָבן געקאָנט רויִק פאָרזעצן אונדזער שפּאציר איבער דער אַלטער ריגע. נאָר אַף מיר האָט שוין ווידער געוואַרט די צוציִענדיקע געבײַדע אַף דזירנאַווו, 29, וווּ עס האָט זיך געדארפט אָנהייבן די ערשטע אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער שול עלטערן־פארזאמלונג. זי האָט געדארפט דורכגיין אין צוויי „סעאַנסן", אַף וויפל דער אקטאָווער זאל פון דער שול איז אויסגערעכנט בלויז אַף 150 ערטער, און באלאָנים בײַצוזײַן אַף אָט דער היסטאָרישער געשעעניש זײַנען געווען אין עטלעכע מאָל מער, ווײַל ס׳האָבן זיך געקליבן צו קומען ניט בלויז די טאטעס מיט די מאמעס, נאָר אויך די זיידעס און די באָבעס — עפּעס א קלייניקײַט, די ערשטע עלטערן־פארזאמלונג אין דער ייִדישער שול!

אין מײַן לעבן האָב איך שוין געזען ניט ווייניק פארזאמלונגען פון עלטערן אין קאָלערדײ לאָקאלן און אין פארשיידענע אומשטאנדן. אָבער דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען דעם 25־טן אווגוסט זעקס אזייגער אין אָוונט אינעם אקטאָוון זאל פון דער נײַער שול אַף דזירנאַווו, 29, איז מיט גאָרנישט ניט געווען צו פארגלײַכן. די 150 ערטער, וווּ מע האָט געקאָנט זיך אווועקזעצן, זײַנען אין איין אויגנבליק פארפולט געוואָרן, נאָר טאטעס און מאמעס, זיידעס און באָבעס האָבן נאָך געהאלטן אין איין גיין, און אָט זײַנען שוין פארנומען אַלע דורכגענג לענגויס די ווענט — ווער זיצן, וואָס זיצן, אז מע איז גליקלעך, וואָס מע קאָן כאָטש זיך דורכשטופּן.

האקלאל, די פארזאמלונג האָט זיך אָנגעהויבן, און קיינער האָט ניט געטומלט, קיינער האָט אַף גאָרנישט ניט זיך געזשאַלעוועט — בלויז שײַנענדיקע פּנעמער, מיט נײַגעריקע אויגן. מע הערט, מע שלינגט מאמעש יעדעס וואָרט, וואָס עס זאָגן דער דירעקטאָר. די לערער, און האגאם דאָס זײַנען גאנץ געוויינלעכע ווערטער וועגן גאנץ געוויינלעכע זאכן, וואָס מע זאָגט שטענדיק פאר די עלטערן ערעוו דעם אָנהייב פון א נײַ לערניאָר, מאכן זיי אַף אַלעמען אזא אײַנדרוק, ווי מע וואָלט זיי פּײַערלעך ארויסגעבראכט אַף גרויסע יאָמטויווים.

אָבער ניט געקוקט אפן יאָמטעוו, זײַנען פאראן גרויסע דײַגעס:

— הײַנטצוטאָג האָבן אָנגעגעבן דאָקומענטן 404 שילער פונעם ערשטן ביזן צענטן קלאס, און די שול פארמאָגט בלויז אכט קלאס־צימערן, וואָס אפילע אין צוויי אומבײַטן קאָן מען אײַנאָרדענען בלויז 286 שילער. וואָס זשע וועלן מיר טאָן מיט יענע, „איבעריקע" 118 קינדער, וועלכע ווילן זיך לערנען אין דער ייִדישער שול?

— די שול געפינט זיך אַף דער טעריטאָריע פונעם פּראָלעטארישן ראיאָן, און שילער וועלן זיך דאָ לערנען פון גאנץ ריגע — וויִאזוי וועלן זיי זיך דערקלײַבן אַף דזירנאַווו, 29, און דערנאָך צוריק אהיים?

— און וואָס וועט זײַן מיט געבן עסן די קינדער?

און נאָך, און נאָך... און די דאָזיקע אַלע דײַגעס דארף מען לייזן טאקע באלד, טייקעף!..

די פארזאמלונג האָט זיך נאָך ניט פארענדיקט, נאָר פון אַלע שטאָקן דערטראָגט זיך א קלאָפּערײַ, א זעגערײַ, א זשומערײַ פון קאָלערלײ אינסטרומענטן — דער רעמאָנט רײַסט זיך ניט איבער אפילע אַף קיין איין אויגנבליק. ביז צום אָנהייב פון דעם לערניאָר איז געבליבן ווייניקער פון א וואָך — און וויפל ארבעט איז נאָך פארבליבן!

שפּעט אפדערנאכט פארענדיקט זיך, ענדלעך, די פארזאמלונג. אין אַלע קלאסן, אין די קאָרידאָרן, אין הויף טראָגט מען ברעטער און רערן, עס פליִען פונקען פון דער עלעקטראָשווייסונג...

צי וועט מען באווײַזן?

דעם ערשטן סענטיאבער קלינג איך קיין ריגע. דער טעלעפאָן ענטפערט ניט — ווײַזט אויס, אז אַלע זײַנען פארנומען. אפן אנדערן טאָג בין איך פאָרט אומגעדולדיק, איך קלינג נאָכאמאָל און דערהער כאָנע ברעגמאנס שטים:

— נעכטן האָט בא אונדז זיך אָנגעהויבן דאָס לערניאָר... יאָ, אין אַלע קלאסן. אזוי, ווי מיר האָבן אויסגערעכנט.

אין א גוטער, מאזלדיקער שאָ!

פּאָטאָ — י. ברוכיס

יוסף שוסטער

# אונטער א פֿרעמדן נאָמען

## אינעם איבערבראָך־יאָר פֿון 1943

שוין אַזויפֿיל צײַט, ווי מיר לעבן איזאָלירט, ווײַט פֿון אונדזער היימלאַנד, ווו אונדזערע ברידער און פֿרײַנט זעצן פֿאָר די בלוטפֿאַרגיסנדיקע מילכאָמע, קעדיי אָפּרייניקן די סאָוועטישע ערד פֿון די פֿאַשיסטישע פֿאַרכאַפּער. עס רײַסט דאָס האַרץ, עס עגבערט נאָך אַלץ דאָס געוויסן, וואָס מיר זײַנען אַזוי אומגעלומפּערט איבער דער טראַגישער אונטער־וויאַזמער אַרומרינגלונג אַרויס פֿון דער שפּיל, געבליבן אָן געווער, ווען מיר דאַרפֿן גאָר זײַן דאָרט, מיט זיי.

פּאַוועל שירינקין, דער געוועזענער אָסאָביסט, וואָס איז באַקי אין די סאַמע פֿאַרשיידנסטע מע־לוכע־געזעצן, געפֿינט זיך נאָך אַלץ אין רעשוס פֿון דער זעלבסטפֿלאָגעניש אין דער געגעבענער סיטואַציע. ער האַלט נאָך אַלץ אין איין שיטן זאַלץ אויף די וווּנדן, אַז עס קאָן קומען אַ צײַט, ווען מע וועט אונדז מישפּעטן ווי פֿאַררעטער. אָבער גלײַכצײַטיק פֿאַרשטייט ער, אַז פּרוּוון אַנטלויפֿן פֿון־דאַנען איז אויך אָן אומזין, מיר זײַנען צו ווײַט פֿון אונדזערע גרענעצן. מע האָט דערציילט, אַז צוויי געפֿאַנגענע, וועלכע האָבן געאַרבעט אין אַ וואַלד־קאָמאַנדע, האָבן זיך דערקליבן ביז דער שווייצאַ־רישער גרענעץ, האָט מען זיי אַלציינס פֿאַרהאַלטן און געמישפּעט.

— און איך בין ניט מאַסקים מיט שירינקינס טרויעריקע מאַכשאָוועס, — האַלט זיך בא זײַנעם אָוואַדאָוו, — קיינער וועט אונדז ניט מישפּעטן אַלס פֿאַררעטער. צי דאַרף איך זײַן פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר אַ גאַנצער דיוויזיע, וואָס האָט ניט געקאָנט דורכרײַסן די אַרומרינגלונג? לאָמיר דעריקער דאָ זיך פּירן לײַטיש, ווי סאָוועטישע מענטשן, ניט צוהערן זיך צו די נאַציסטישע ליגנס, אַז די היטלער־ריסטן האַלטן נאָך אין איין זיגן. מע האָט זיי צעקלאַפּט הינטער מאָסקווע, איצט זײַנען זיי געבליבן שטעקן לעבן סטאַלינגראַד, ווו זיי וועלן זיך דערוואַרטן דעם זעלבן סאָף.

ניט הערנדיק קיין ראַדיאָ און ניט לייענענדיק די דײַטשישע צײַטונגען, פֿון וועלכע מע וואָלט געקאָנט כאָטש עפּעס־וואָס זיך אָנשטויסן וועגן דער עמעסער לאַגע אויף די פֿראָנטן, זײַנען מיר ווי אָפּגעריסן פֿון דער וועלט. די צוויי וואָכנבלעטער פֿאַר אונדז, קריגס־געפֿאַנגענע, די רוסישע „נאָוואַיע ווערעמיאַ" און די אוקראַיִנישע „נאָווע דאָבאַ" דרוקן ווייניק פֿראָנט־אינפֿאָרמאַציעס. זיי זײַנען דאָסראָוו פֿאַרפֿולט מיט אַנטיסאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע, מיט לויב־געזאַנגען דעם דײַטשישן רײַך און מיט גוטע צוזאָגן פֿאַר די, וואָס וועלן זיך פֿאַרשרײַבן אין וולאַסאָווס „באַפֿרײַונגס־אַרמיי".

איינמאָל, ווען כ'האָב געלייענט די צײַטונג „נאָווא דאָבאַ", האָט פֿון איר לעצטער זײַט זיך אַ וואָרף געטאָן מיר אין די אויגן אַ באַקאַנטע פֿאַמיליע. עס ווילט זיך מיר ניט גלייבן, צי איז עס טאַקע דער, צי ניט דער. עס שטייט אָבער דײַטלעך אָפּגעדרוקט: יורי שעוועליאָוו — „ווידפּאָווידאַלני רע־דאַקטאָר" (פֿאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר) — דער געוועזענער לעקטאָר פֿון אוקראַיִנישער שפּראַך אין כאַרקאָווער זשורנאַליסטישן אינסטיטוט און אין צײַטונגס־טעכניקום אויף ניקאָלײַ אָסטראָווסקיס נאָמען.

ער שטייט מיר פֿאַר די אויגן. איך זע אים אויף אַ לעקציע אין אונדזער אאודיטאָריע — אַ הויכער דראָנג מיט אַ שמאָלן קאָפּ, פּענסנע־גלעזער איבער דער נאָז און מיט אַ נאַרישעוואַטן שמייכל

---

ס אָ ף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד", נומ. 11, 1989.

אָפּן גוטמוטיקן געזיכט. איך בין דערשטוינט: צי קאָן אַזוינס פּאַסירן, אַזוי נידעריק פּאַלן, ווערן אַ רעדאַקטאָר פון אַ פאַשיסטישער צײַטונג! דאָס איז דאָך פּאַראַט.

צווישן די אַוטאָרן פון די ביידע פאַשיסטישע בלעטלעך פּלעגן זיך איבערכאַזערן קימאַט איינע און די זעלבע פּענשמירער, פאַרעטער פון אונדזער היימלאַנד, וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן, ווער עס וועט מערער גיסן אין זיי אַנטיסאָוועטישן שמוץ. יעדער נומער פון די צײַטונגען האָט געשווימלט און געגריבלט מיט אַנטיסעמיטישע נאָטיצלעך, אַנעקדאָטן און פאַרשיידענע אויסטראַכטעניִשן.

די צײַטונג „נאָוואָיע ווערמיא" האָט אויסער דעם, לויטן מוסטער פון די דײַטשישע אויסגאַבעס, געפירט אַ סקרופּולעזן געיעג נאָך נעמען פון הויך־באַאַמטע ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, גרופּירט אויף זייערע זײַטלעך גאַנצע צעטלען, קעדיי מיט דעם דערווײַזן, אַז די ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד פאַרפּלייצן אַלע אַנשטאַלטן, אַלע שעפערישע אָרגאַניזאַציעס, הויכע מלוכה־אַמטן און אונטערדריקן, אַזויאַרום, דאָס רוסישע פאָלק. אַפילו בײַ די פאַמיליעס, וואָס האָבן געקלונגען ווי רוסישע, האָבן זיי אין קלאַמערן געגעבן אַן איבערזעצונג אויף ייִדיש, אָפטמאָל פאַרקריפּלטע און צוגעטראַכטע. אַזוי, צום בײַשפּיל, איז מאַקסים מאַקסימאָוויטש ליטווינאָוו אין די קלאַמערן געוואָרן בײַ זיי — פינקעלשטיין.

צום באַדויערן, זײַנען מיט יאָרן שפּעטער נאָך דער פּאַטערלענדישער מלחמה ווידער אויפגעשווומען ענלעכע שוואַרצע צעטלען מיט בילבולים אויף ייִדן. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז אַ ריי אַווטאָריטעטע צײַטונגען און זשורנאַלן האָבן אונטערן דעוויז — „קאַמף קעגן קאָסמאָפּאָליטיזם" אָן איבערקלײַב געדרוקט שאָוויניסטישע און אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען און מיט דעם פאַקטיש געשטיצט דעם געיעג נאָך „קאָסמאָפּאָליטן" און דעריקער נאָך בירגער פון ייִדישן אָפּשטאַם.

אין סאָף 1943 איז מיר אויסגעקומען צו לייענען וולאַסאָווס פּראָגראַם־רעדע וועגן דער נײַער אָרדענונג אין רוסלאַנד אין פאַל, ווען עס וועט זיגן דער פאַשיזם. פונקט אין דער צײַט, ווען די סאָוועטישע אַרמיי האָט פירגענומען איר דערפאָלגרײַכן קאָנטער־אָנגריף אויף אַלע פראָנטן, האָבן די היטלעריסטן געוואָרפן אין שלאַכט וולאַסאָווס נעבעכדיקע פאַרמירונגען אָפּן וואָלכאָווער פראָנט באַצירק, וווּ מע האָט זיי דורכויס צענערעקט און טיילווײַז גענומען אין געפאַנגענשאַפט. וולאַסאָוו אַליין האָט אַלץ נאָך זיך אַרומגעטראָגן מיט זײַן פּראָגראַם פון אַ נײַ רוסלאַנד — אַ פּראָגראַם, וואָס איז ווי צוויי טראָפּנס וואַסער געווען ענלעך אויף דער היטלערישער. דער „קומענדיקער" הערשער האָט אין איר אויך ניט פאַרגעסן אַרײַנשטעלן אַ פונקט בנוגע די ייִדן — זיי וועט ער ביכלאַל באַזײַטיקן פונעם סאָציאַלן און עקאָנאָמישן לעבן, באַגרענעצן אין אַלע בירגערלעכע רעכט (וואָס איז ער ערגער פון היטלערן?). ס'איז באַוווּסט, מיט וואָס עס האָט זיך פאַרענדיקט וולאַסאָווס קאַריערע: ווען די סאָוועטישע אַרמייען האָבן ענדגילטיק צעקלאַפּט די היטלערישע האָרדעס, האָט ער באַקומען זײַן פאַרדינטע שטראָף.

אַפילו פון די קנאַפּע טענדענציִעזע אינפאָרמאַציעס, וואָס די צוויי וואָכנבלעטער פלעגן אונדז אונטערטראָגן, האָבן מיר, לייענענדיק צווישן די שורעס, פאַרשטאַנען, אַז אין די לעצטע חדשים קומען פאָר בײַ די ברעגן פון דער וואָלגע הייסע שלאַכטן און די פאַשיסטן לײַדן פילבאַרע פאַרלוסטן. צוגאָבלעכע אינפאָרמאַציע וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן פלעגט אונדז פון מאָל צו מאָל זיך אײַנגעבן צו באַקומען אויך פון די דײַטשן, מיט וועלכע מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט. קימאַט אין אַלע צײַטונגען פלעגן די לעצטע זײַטן, אַלס קלאַל, זײַן אָנגעשפּיקעוועט מיט שוואַרצע נעקראָלאָג־ציילעמלעך און קורצע מיטיילונגען אונטער זיי: „אומגעקומען הינטער סטאַלינגראַד". אויב נאָכשפּירן רעגולער נאָך אָט די טרויער־זײַטן, קאָן מען באַקומען אַ ברייטע פאָרשטעלונג וועגן דער צאָל פאַרלוסטן פון דער פאַשיסטישער ווערמאַכט.

באַזונדערע נײַס פלעגן מיר אַן אַנדערש מאָל באַקומען דורך די פראַנצויזישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע האָבן זיך באַנוצט מיט מערערע מעגלעכקײַטן, איידער מיר. מיט איינעם פון זיי, לעאָ גאָזשי האָט מען אים גערופן, פלעג איך זיך דורכשמועסן. דאָס איז געווען אַ צאַרטער און קלוגער מאַנצבל פון אַ יאָר דרײַסיק, מיט אַ געדיכטער, שוואַרצער, אַקוראַט צוגעקעמטער טשופּרינע, עטוואָס אַ סוטולעוואַטער, זעט אויס, אין רעזולטאַט פון זײַן ציווילער פּראָפעסיע. לעאָ גאָזשי האָט פון זײַן פריִער יוגנט אָן געאַרבעט אַלס זעצער אין דער צײַטונג „הומאַניטע".

מיט אַ יאָר שפּעטער איז ער מיט זײַנע לאַנדסלײַט שוין אַרומגעגאַן אָן אַ וואָך. דאָס איז געווען נאָך דעם, ווי היטלער האָט צוליב זײַנע סטראַטעגישע צילן געפּרוּווט אַ שפּיל טאָן מיט פראַנקרײַך, באַפרײַענדיק פון אונטער דער וואָך הונדערט טויזנט קריגס־געפאַנגענע פראַנצויזן, קעדיי די צאָל אַרויסבאַפרײַטע קאָנוואָירן אויסריכטן פאַרן פראָנט. נאָר יעדער געוועזענער געפאַנגענער האָט געמוזט אויף אַ ניט־אָנגעמערקטער צײַט בלײַבן אַרבעטן אינעם דײַטשישן רײַך. עס איז אים בלויז דערלויבט געווען אַרויסרופן אַהער עמעצן פון זײַנע אייגענע.

איינמאָל, ווען מיר האָבן געאַרבעט אין פאַבריק־הויף, איז צו מיר צוגעגאַנגען לעאָ מיט זייַן פרוי, וואָס איז ערשט ניט לאַנג געקומען פון ליאָן. ער האָט, זעט אויס, אויסגעניצט די צופעליקע באַגעגעניש, קעדיי פאָרשטעלן פאַר איר זייַן רוסישן קאַמראַד. גאָזשי האָט מיט פרייד מיר מיטגעטיילט, אַז ער וועט, מעגלעך, אינגיכן זיך שוין אומקערן קיין פראַנקרייַך צו זייַן באַליבטער אַרבעט, ווידער אַלס זעצער אין דער „הומאַניטע". די פרוי זייַנע, אַן איידעלע און כיינעוודיקע, האָט מיט אַ שמייכל עפּעס אַ זאָג געטאָן אויף פראַנצויזיש, וואָס איך האָב ניט פאַרשטאַנען. באַם געזעגענען זיך האָט לעאָ מיר פעסט געדריקט די האַנט און זייַן פרוי האָט, אַכוץ אירע וואַרעמע בליקן, מיר געשאָנקען דרייַ שיינע עפּל, וואָס זי האָט אַרויסגענומען פון זייער האַנטוועגעלע. אין אָט דעם געביט פון דאָרעם־דייַטשלאַנד קאָן מען זען אַזעלכע וועגעלעך קימאַט אין יעדער ווירטשאַפט.

די טרויעריקע ידיעות, וועלכע פלעגן אַלץ אָפטער זיך באַווייַזן אין דער דייַטשישער פרעסע, די אָן אַ שיר שווער פאַרוווּנדעטע, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין אָנקומען פונעם מיזרעך־פראָנט, האָבן אין אַ געוויסער מאָס שוין פאַרומערט די ביז אַהער געהויבענע שטימונג פון דער באַפעלקערונג. גראָד אין יענער צייַט האָבן די אָרטיקע אייַנוווינער מיט מער אָפשיי זיך אָנגעהויבן באַציִען צו די רוסישע געפאַנגענע, מיר האָבן אויפגעהערט צו הערן פון זיי די באַנאַלע אויסרופן „רוס קאַפּוט", „סטאַלין קאַפּוט". אָנשטאָט דעם האָט מען פון אייניקע שוין געקאָנט הערן פונקט פאַרקערטע אויסדרוקן: „דויטשע זאָלדאַטן, צוריוק", „היטלער קאַפּוט", באַזונדערס נאָך דעם, ווי די היטלערישע גענעראַלן האָבן אויפגעהערט אויסבאַהאַלטן פון דער באַפעלקערונג די ווירקלעכע פאַרלוסטן און בעסויכעם דעם סאַמע גרעסטן פון זיי — די מיליטערישע קאַטאַסטראָפע פון דער נאַציסטישער ווערמאַכט אין דער שלאַכט פאַר סטאַלינגראַד.

אין יענע טעג האָבן אויף די גאַסן זיך באַוויזן טרויער־פאָנען, מענטשן זייַנען אַרומגעגאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. מע האָט באַשייַמפּערלעך געזען, ווי עס ווערט צעשוווּמען די לעגענדע וועגן היטלערס אומבאַזיגבאַרקייַט. און בא אונדז, בא דעם הייַפעלע געוועזענע פראָנטאָוויקעס, וועלכע האָבן זיך געפונען ווייַט פון אונדזערע היימען, האָט דער זיג פון אונדזער סאָוועטישער אַרמיי אין דער היסטאָרישער שלאַכט פאַר סטאַלינגראַד אַרויסגערופן פרייד, שטאָלץ און באַגייַסטערונג. מיר האָבן דערזען אין דעם אַן אָנהייב פון אַ גרינטלעכן איבערבראָך אין דער מילכאָמע.

נאָכן שווערן ווינטער פון 1943 זייַנען מיר שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. מע האָט אָנגעהויבן אָפטער קרענקען, ווער פון פאַרקילעכצן, ווער פון אָרגאַנישע שלאַפקייַטן. ערגער פון אונדז אַלע האָבן אויסגעזען מייַנע פרייַנט באָריס אָוואַדאָוו און דריקער ניקאָליי מאַלצעוו, וועלכער פלעג שוין קוים אויסשטיין דעם אַרבעטסטאָג באַם טאָקער־ווערקשטעל. אָוואַדאָוון מיט זייַן אויסגעצערט פאַרגעלט פּאָנעם, וועלכער איז שוין געפאַלן פון די פיס אין שמיד־צעך בא די פייַער־אויוונס, האָט מען געמוזט איבערפירן אויף אַ לייַכטערער אַרבעט — אָפן באַצירק פון שלייַפן די העלצער צו די ווילעס און גראַבליעס. יעדער פון אונדז פילט שוין אין אַלע אייוורים די שווערע מי אין הייסן צעך. עס גייען צוביסלעכווייַז אויס די קויכעס, און אַלץ אָן קיין שום אויסזיכטן. מיר לעבן בלויז מיט דער האָפענונג און מיטן גלויבן אינעם זיג פון אונדזערע איבערן פאַשיזם, אַז אָט־אָט וועט קומען אַ סאָף צו דער מילכאָמע.

די צייַט גייט. אין אָנהייב זומער, אַן ערעך אין סאָף יון, ווען אַלץ אַרום האָט שוין אָפּגעבליט און בונט זיך צעוואַקסן, האָט דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק אָנגעהויבן געבן זייַנע ציווילע אַרבעטער צווייוואָכיקע אורלויבן, זיי זאָלן קומען צו־זיך און באַווייַזן עפּעס אָפטאָן אין זייערע בייַשטוביקע ווירטשאַפטן. אין די פּראָווינץ־ייִשוּווים פון באַדען־וויורטעמבערג טראָגט דאָס שטייגער־לעבן פון די מענטשן אַ האַלב־דאָרפישן און אַ האַלב־שטאָטישן כאַראַקטער. יעדער כאָליעט זייַן בייַשטוביק פּאַסיקל ערד, זייַנע הינדעלעך און קראָליקלעך.

פאַר אונדז איז זייער אורלויב־צייַט ערגער, ווייַל קעדיי פאַרפילן אַלע אַרבעטס־ערטער, הייבט אָן דער אָבערמייַסטער אונדז איבערוואַרפן פון איין אָרט אָפן צווייטן, יעדערן פון אונדז איז שווער זיך צופּאַסן צום כאַראַקטער פון אַ נייַעם נאַסטאַווניק און דריקער צום נייַעם אַרבעטס־פּלאַץ.

## מייַן נייַער נאַסטאַווניק

מיך האָט דער אָבערמייַסטער אַראָפּגענומען פון דעם אווטאָגען־אַפּאַראַט און איבערגעפירט אין די סאַמע הייסע זומער־טעג אין שמיד־צעך אָפן באַצירק, ווו מע פאַרהאַרטעוועט די דרייַ־ און פילשפּיזיקע ווילעס־הייגאָפּלען. מע האָט מיך צוגעפּעסטיקט צו אַ נייַעם נאַסטאַווניק. אָנשטאָט דעם אַלטן, דעם קליינינקן, הינקעדיקן און פאָנפעוואַטן פּאַול, האָב איך באַקומען אַ הויכן, פרישטשעוואַטן דראָנג, אַ שווייַגער מיט אַ זויערער צורע. און צום אַלעם גוטן איז ער נאָך אַ הייסער אָנהענגער פון די־

עסעס־לײַט — בא די דײַטשן הייסט ער א מיטפילנדיקער די פארטײַ־גענאָסן. אויב איך וויל וועגן עפּעס צו אים, צום הער קארל, זיך ווענדן, דארף איך ווי צו א זשיראַף פארײַסן דעם קאָפּ אַף ארויף, און ער, פארקערט, איבער מײַן נידעריקן וווקס טיף אראָפּבייגן זײַן קאָפּ.

דער הער קארל האָט מיר ארײַנגעשטופּט אין די הענט א לאנגע אײַזערנע קאָטשערע און מיך צוגעשטעלט צום גלי־אויוון. ער שטייט באם פּרעס אַף לינקס, נעענטער צו די צוויי גרויסע פּירקאנטיקע באסיינען, אָנגעפילטע איינער מיט וואסער און דער צווייטער מיט נאפט, ווײַל איין סאָרט שטאָל ווערט געהארטעוועט אין וואסער, א צווייטער — אין נאפט. איך, דערקלערט ער מיר, בין פאראנטוואָרטלעך פארן אויוון. פעסט אָנקוועטשן מיטן פוס אפן פּעדאל, קעדיי ס׳זאָל זיך גיך עפענען דאָס מאסיווע טשוהונענע טירל, און מיט דער קאָטשערע ארויסציִען פונעם אויוון די ביז ווײַס אָנגעגליטע הייגאַפּלען, וועלכע מײַן נאסטאווניק כאפּט אונטער מיט זײַן לאנגער צוואנג און פליוכעט ארײַן גלײַך פון אונטערן פּרעס אין באסיין. און אזוי זײַנען אָן אופהער אָנגעשטרענגט די הענט, די פיס, דער גאנצער גוף באם פלאם־פײַערדיקן אויוון, קעדיי באווײַזן צו קאָארדינירן מײַנע באוועגונגען מיט די באוועגונגען פון מײַן נײַעם נאסטאווניק, וועלכער קאָן ארבעטן ביזן זיבעטן שווייס, ווי אן אָנגעדרייטע מאשין, ער איז דאָך א מיטפילנדיקער די פארטײַ־גענאָסן.

באם אווטאָגען־אפּאראט איז פאר מיר די אָנשטרענגונג געווען גאָר אן אנדערע, ווײַל כ׳האָב געארבעט זעלבשטענדיק, מיט געוויסע איבערײַסן, צוליב אָפּרעגולירן דעם דרוק אינעם זויערשטאָף־באלאָן און דעם צוטריט פון דעם גאז פונעם אצעטילען־אפּאראט. טײלמאָל פלעג צו מיר צוגיין דער אלטער פּאול, ארײַנשטופּן זײַן שפּיציקע נאָז אין די דעטאלן, וואָס איך קאָך, אויספּאָנפען עטלעכע ווערטער, אמאָל גוטע, אמאָל בייזע און רויִק אוועקטאָפּען פון מיר מיט זײַנע שווערע האָלץ־שוען. אין זײַנע יאָרן וואָלט ער געמעגט טראָגן בעשאס דער ארבעט געוויינלעכע, נאָרמאלע שיך, נאָר ער האָט זיי געזשאלעוועט. עס נעמט זיך, ווײַזט אויס, פון דער דײַטשישער שפּאָרזאמקײַט.

איצט, בא מײַן נײַער ארבעט, בין איך אינגאנצן א צוגעבונדענער צום הער קארל. איך כאַפּ איבער דעם אָטעם בעשאס דעם צענמינוטיקן איבערײַס, בייס וועלכן די דײַטשישע ארבעטער באווײַזן אופעסן זייער בוטערבראָד. מיר, פארשטייט זיך, האָבן קיין בוטערבראָדן ניט געהאט, האָבן מיר זיך באנוגנט כאָטש מיט די מינוטן פון רו. דער הער קארל האָט גיך געגעסן און גיך געארבעט, אזוי אז די צען מינוט זײַנען געווען פאר אים אפילו צופיל. זײַן „אלזאָ, אוף!" האָט באטײַט: שטעל זיך ווידער צום אויוון.

בישכיינעס מיט מיר האָט בא א מער קילערן אויוון געארבעט גריגאָרי קאָנדראשין — אונדזער „סעדאָי", ווי מיר פלעגן אים רופן, באם אָפּלאָזן מיט נידעריקע טעמפּעראטורן די פארהארטעוועטע הייגאָפּלען, זיי זאָלן זיך נאָכדעם ניט ברעכן. קאָנדראשין פלעג אין מעשעך פון טאָג אָפט צוגיין צו מײַן ארבעטס־אָרט, בעשאס ער פלעג אריבערטראָגן די פארהארטעוועטע הייגאָפּלען צו זײַן אויוון. דאָס איבערופן זיך מיט עטלעכע גוטע ווערטער פארשאפט אונדז פארגעניגן. קארל אָבער האָט אַף דעם געקוקט בייז, ער פארשטייט דאָך ניט, וואָס מיר ריידן צווישן זיך. זײַן זאך איז געווען קנעכטישע איבערגעגעבנקײַט דעם באלעבאָס ביז פאנאטיזם — ארבײַטען, ארבײַטען! זיך ניט רירן פון אָרט אפילו, ווען די סירענעס האָבן געמאָלדן א לופט־אליארם. די לעצטע צײַט האָבן די אמעריקאַנער און די ענגלענדער געפּרוּווט דורכפירן לײַכטע ראנדעוווען אין די הימלען פון דער געגנט.

קאָנדראשין איז געווען א פּראקטישער און אײַנפאלערישער מענטש. אָפט פלעג ער פון דעם באלעבאָס׳ קעלער צולאקכענען עטלעכע קארטאָפל, זיי אָפּבאקן בא זיך אין אויוון און אויך מיך מעכאבעד זײַן. ביכלאל האָט ער זיך צו מיר באצויגן זייער פרײַנטלעך, מיך גערופן „סינאָק" (זונעלע). עפשער דערפאר, וואָס ער איז געווען א סאך עלטער פון מיר און דערצו נאָך מיך געהאלטן פאר זײַנעם א זעמליאק. איך האָב זיך דאָך אויסגעגעבן אלס א געבוירענער אין סאמארע, און ער איז א בוזולוקער. זײַנען מיר שוין, הייסט עס, עמעסע זעמליאקעס. אלנפאלס, בא יעטווידע אומשטאנדן איז גוט, אז מע האָט לעבן זיך א פרײַנט.

מיט א צאָרע ווערט מען אויך געוווינט. כ׳האָב צוביסלעך זיך צוגעפּאסט צום הארבן, פאנאטישן כאראקטער פון דעם הער קארל, וועלכער האָט געהערט צו די דײַטשן, פארטשאדעטע מיט די אידייען פונעם היטלערישן נאציאָנאל־סאָציאליזם. כ׳האָב פארשטאנען, אז אזא סאָרט מענטש איז פעיִק אויסצופילן יעטווידן, אפילו דעם סאמע אומגעלומפּערטן באפעל ביז אומברענגען אומשולדיקע מענטשן — הענגען, שיסן, פארברענען אין די גאז־קאמערן. פארשטייט זיך, אז קיין איבעריקע געשפּרעכן האָב איך מיט קארלען ניט געפירט.

און דאָך, ניט געקוקט אַף זײַן הארבן און טעמפּן כאראקטער, האָט דער הער קארל אפילו ליב געהאט צומאָל אויסברומען בעשאס דער ארבעט פארשיידענע מעלאָדיעס און לידלעך, דעריקער מארשעווע לידער פון די שטורמאָוויקעס און פון דער היטלער־יוגנט. פון אלע זײַנע געזאנגען האָבן זיך מיר פארגעדענקט בלויז צוויי. איינע — וועגן דער בענקשאפט נאָכן היימלאנד:

Nach der Heimat mocht ich wieder
Nach mein teuren Vaterort,
Wo man singt die frohen Lieder,
Wo man spricht ein trostes Wort.
Teure Heimat, sei gergrüßt,
In der Ferne sei gegrüßt.
Sei gegrüßt in weiter Ferne
Teure Heimat, liebe Heimat, sei gegrüßt.

גוטע ווערטער, אין וועלכע יעדער קאן אין זיי ארייַנהויכן זייַן אייגענעם אינהאלט, די ליבע צו זייַן היימלאנד, איך — צו מייַן סאוועטיש היימלאנד.

די צווייטע ליד איז געווען פון א באקאנטער אפערעטע:

Blut-rote Rosen sollen dich Umkosen,
Sollen dir sagen, ich habe dich lieb, nur alein dich,
Wann dann die Rosen dich herzlich Umkosen
Denke du meiner an wenig an mich.

מענטשן זשאלעווען זיך געוויינלעך, לעמיי די כאדאשים און יארן יאגן אזוי גיך און אומבאמערקבאר. דאס איז בא א נארמאל לעבן. אבער די שווערע יארן און ביטערע טעג ציען זיך לאנג, ווי בא מיר, וואס איז גערן שוין דערזען דעם סאף פון דעם ארבעטסטאג, ווען דער נאציאנאל־סאציאליסט קארל ציט שוין אף זיך ארוף זייַן ברוינעם שטראקסענעם פידזשאק מיטן קאשקעט פון דעם זעלבן שטאף און פארט אפ אף זייַן וועלאסיפעד קיין אורבאך. אלע, יונג און אלט, פארן דא אף וועלאסיפעדן. באזונדערס די, וועלכע קומען אהער צו דער ארבעט פון די ארומיקע ישוווים.

מיט יעדן טאג ווערט מיר אלץ שווערער און פריקרער די ארבעט באם אנגעגליטן אויוון, פונוואנען עס שלאגט אן אומדערטרעגלעכע היץ. דו כאפסט א טרונק קאלטע וואסער, נאר וואס מער דו טרינקסט, אלץ מער רינט פון דיר דער שווייס, באזונדערס אין די טעג, ווען דאס הארטעווען גייט דורכן נאפט־באסיין. דאן געפינען מיר זיך ביידע ווי אין א נעפל פון הייסן שטיקנדיקן גאז און דאמף. דער הער קארל כאפט א קוק אף מיר פון דער זייַט מיט דער פראגע:

— שווער?

איך טו בלויז א שאקל מיטן קאפ. דאן טוט ער אויס זייַן לעדערנעם מיט נאפט באשפריצטן פארטעך, וויַזט, אז ער גייט צו זייַן באדערפעניש, איך פארהאלט זיך א ווייַלע און גיי אויך ארויס אף דער גאס. א שיינע זומערדיקע גאס, פארגאסן מיט זונען־שייַן. א קיל ווינטעלע האט זיך ארייַנגעכאפט הינטער מייַן שווייסיק העמדל, האב איך נאך מער דערפילט די פרישקייַט פון דער דרויסנדיקער לופט. כ׳וואלט אזוי הונגעריקערהייט געזעסן כאטש צען מינוט אונטער דעם איינציקן פארשמאכטן ביימעלע לעבן דעם קאסטן מיט מעטאלברוך. נאר ער גייט שוין, מייַן נאסטאווניק, מיט אן אופגעהויבענער האנט אינדערלופטן. דאס רופט ער מיך אזוי צו פארזעצן די ארבעט.

קארל איז הויך און געזונט, נאך גארניט אזוי אלט, נאר איבער זייַן כראניש־לייַז מאגן נעמט מען אים ניט אפן פראנט. אלע אנדערע ארבעטער אין זייַן עלטער האט די ווערמאכט פינדאנען שוין פון לאנג ארויסגעצויגן. עפשער דערפאר פייַנט ער זיך אזוי אויס פארן באלעבאס מיט זייַן קנעכטיש־איבערגעגעבענער ארבעט. ווען דער הער קראוטער גייט צו אים צו און שענקט אים א גוט ווארט, שמייכלט קארל פון פארגעניגן. מיך, דעם געפאנגענעם, באמערקט ער אפילע ניט. בלויז קארל באפעלט מיר מיט א ווונק, איך זאל גיכער ארויסציען פונעם אויוון די צעגליטע הייגאפלען. אליין אויך אן אפגעגאסענער מיט שווייס, מיינט ער, אז ער איז נאך קראוטערן אויך א שטיקל באלעבאס, אלנפאלס, איבער מיר.

## שקאטולקעס

פון קאמע יארן גיבן אפ מענטשן זייער פרייַע צייַט אף אויסמייַסטרעווען פארשיידענע צאצקעס און באפוצונגען, באזונדערס פארנעמען זיך מיט דעם מענטשן, איזאלירטע פונעם ארום — קריגס־געפאנגענע, פארמישפעטע אין טפיסע־לאגערן, אויסנוצנדיק א באליביקסטן מאטעריאל אדער רוישטאף. דאס, פארשטייט זיך, האט דעריקער א שייַכעס צו די, וועמען די נאטור האט באשאנקען מיט טאלאנט פון מייַסטער־קעפ, צו די, וועמען עס באזיצט דער ווילן אפילע אין די סאמע ניט־געוויינלעכע באדינגונגען שטענדיק עפעס צו שאפן, צוטראכטן. ווער עס זעט אין דעם א מיטל צו פארדינען פאר זיך אן איבעריקן ביסן ברויט, און וועמען עס צווינגט גלאט אזוי א שפיל טאן מיט פינקען פון לעבן. אויב קיינער וועט אים ניט שטערן, וועט ער פון עטלעכע ברעטלעך און געציילטע שטרויעלעך אויסארבעטן און אויסקלעפן א ווונדערלעך שיין קופערטל, וואס קאן אמאל דערפרייען דאס הארץ.

געניטע פאָלקס־מײַסטערס האָבן אויך זיך געפונען צווישן אונדזערע געפאַנגענע, אַזעלכע, ווי פּיאָדער וואָלקאָוו פון ארזאמאס. ער וועט אײַך קונציק אויסשניצן און צופּעסטיקן צו אן אויסגעשליפן ברעטעלע דרײַ הינדעלעך, וואָס באַוועגן זיך ווי באַם אויספּיקן די קערנער. פון וואָלקאָווס א פארביק שקאטולקעלע, אינקרוסטירט מיט געאָמעטרישע פיגורן פון שטרויעלעך, זײַנען מיר אלע אנציקט געוואָרן. איז איינמאָל צו אונדז אין באראק שפּעטלעך אין אָוונט ארײַנגעקומען א וואכמאן — אן אכזער און אומענטש, האָט בא אים צוגענומען דאָס פארטיקע קופערטל, עס א קער געטאָן פון אלע זײַטן און עס גלײַך ארײַנגעשלײַדערט אין אויוון ארײַן. וואָלקאָוו און מיר צוזאמען מיט אים זײַנען געבליבן ווי געפּלעפּט.

— זאָרגט ניט, כעוורע, — האָט ער, צוימענדיק אין זיך דעם קאס, רויִק א זאָג געטאָן, — כ׳וועל אויסארבעטן נאָך שענערע זאכן, פארלאָזט זיך אף מײַנע הענט.

צום גליק, האָט מען דעם טעמפּן וואכמאן אינגיכן אָפּגערופן אין שטאלאג און צוגעשיקט אף זײַן אָרט אן עלטערן פון אים לויט די יאָרן, נאָר א מער מענטשלעכן.

נאָכדעם איז אוועק א גאנג פון מײַסטערווערן אין די אָוונטן און אין די זונטיקן פארשיידענע צאצקעס און באַפּוצונגען, מיט וועלכע עס האָבן זיך פארנומען אויך אנדערע ליבהאָבער־מײַסטערקעפּ, אזעלכע, ווי אלעקסיי קאָראָטין פון וואָלאָגדער געגנט — א נידערוווקסיק פויערל, פול מיט קנייטשן אף זײַן פרי געעלטערט פּאָנעם, א לײַדנשאפטלעכער רויכערער, זײַן שטענדיקער טרוים איז טאקע געווען קריגן ערגעץ א פּאָר סיגארעטן אָדער א ביסל טאבעק. אף א באליביקער פראגע אָדער באמערקונג איז בא אים אלעמאָל געווען גרייט זײַן צוגעפּאסט פאר אים פראגע־וואָרט „פּאָשטאָ“. קאָראָטין פלעג קונציק אויסשניצן פון האָלץ א דאָרפיש קינדער־שפּילכל, וואָס באשטייט פון צוויי בערן, וועלכע לאָזן אראָפּ איינער נאָכן אנדערן זייערע האמערס אף דער קוואלדע. דער עלטסטער צווישן אונדז, דער געוועזענער אָפּאָלטשענעץ פון האָמלער געגנט פיליפּ סאמוסיאָוו, א שטאלטנער און יאָדערדיקער דאָרפס־מענטש, האָט שטענדיק אין זײַנע פינגער עפּעס געקונציקט פון דרעטעלעך און שנירעלעך. צווישן א הילצערן רעמעלע מיט אָנגעצויגענע פון אויבן שטײַפע שטריקעלעך איז געהאנגען אף אויסגעצויגענע הענט א געפארבט מענטשעלע: גיסטו א קוועטש אף די צוויי העלצעלעך פון אונטן, אנטפּלעקט זיך פאר אײַערע אויגן אן אקראָבאט אפן טורניק אין פלינקע באוועגונגען פון סאלטאָ־מאָרטאליע.

מאטעריאלן — ברעטלעך פון בוק, שלײַף־פּאפּיר, פארב און קליי איז אין דער פאבריק געווען גענוג, א ביסל שטרוי האָט מען אויך געקראָגן דורך עמעצן פון די דײַטשן, ארבעטער פון דער אונטערנעמונג פלעגן פאר זיך און פאר זייערע באקאנטע אײַנשאפן אונדזערע צאצקעס און שקאטולקעס און אונדז ברענגען דערפאר ברויט, סיגארעטן, אנדערע מינים עסנווארג.

אינמיטן דער וואָך פלעגן מיר זיך סטארען אויסבאהאלטן פון די וואכלײַט אונדזערע אויסארבעטונגען, עס זאָל ווייניקער בא זיי רײַסן די אויגן. אָבער אין די זונטיקן, ווען זיי פלעגן אונדז האלטן א גאנצן טאָג אונטער די שלעסער און זיך באווײַזן בלויז צוויי מאָל פארן טאָג בעשאס ארײַנברענגען אונדז דאָס עסן, האָט די מערהײַט פון אונדז געמײַסטערוועט ביז שפּעט אין אָוונט, ניט בלויז צוליב דעם שטיקל ברויט, נאָר אויך קעדיי אָפּשטופּן די האמעטנע, זומערדיקע צײַט, ניט גלאָצן מיט די אויגן פּוסט און פּאס אין זוניקן טאָג ארײַן, הינטער די פארגראטעוועטע פענצטער, זען, ווי מענטשן שפּאצירן איבערגעטאָנענע, ווי עס פּאסט פאר אן אָפּרו־טאָג. אונדז פארכאַפּט דעריקער דער פּראָצעס פון טאָן, זײַן מיט עפּעס פארנומען, שטילן דערמיט די שווערע מאכשאָוועס, זיך ארײַנלאָזן אין א צושטאנד פון זעלבסטפארגעסונג.

מיר איז באזונדערס געפעלן געוואָרן זיך צוקוקן, וויאַזוי אונדזערע כעוורע מײַסטערווען מיט פארכאַפּונג זייערע אנטיקן. כ׳האָב זיך נעענטער צוגערוקט צו וואָלקאָוון, קעדיי פון אים עפּעס אָפּלערנען, עפּעס נאשן. א מענטש מיט גאָלדענע הענט, איז ער נאָך פון פאר דער מילכאָמע געווען א קונסט־טישלער לויט זײַן פאך. איז קיין כידעש ניט, וואָס יעדעס העלצעלע, יעדעס ברעטעלע לעבט אזוי אויף אין זײַנע מײַסטערישע, געניטע הענט. די קאָלערליי צאצקעס און שקאטולקעלעך צוזאמען גענומען האָבן אף אונדזער טיש אויסגעזען ווי אן אימפּראָוויזירטע אויסשטעלונג פון פאָלקס־קונסט.

איינמאָל, ווען כ׳האָב ווי א געהעריקער אויסגעפּילט פאר פּיאָדערן א שטיקל ארבעט, האָט ער שוין אין גוטן מוט מיר פאָרגעלייגט:

— נא דיר, ברודערקע, אלע מאטעריאלן און מײַסטערוועט אליין אויס א טשיקאַווע שקאטולקעלע, מיט אלע אויסגעהאלטענע גאבאריטן, ס׳זאָל זיך לײַכט עפענען און פארמאכן.

איך בין גלײַך צוגעטראָטן אויספילן זעלבשטענדיק וואָלקאָווס פארגעבונג. געשניצט און געשליפן, געפארבט און געטריקנט, לאנג נאָך דעם זיך פארהאלטן אף די באַפּוצונגען מיט די שטרויענע אַפּליקאציעס. די באשעפטיקונג האָט מיך אזוי פארכאַפּט, אז כ׳האָב שוין, דאכט זיך, פארגעסן אין אלע מײַנע דײַגעס און זאָרגן.

— עס האָט זיך באַ דיר, ברודערקע, באַקומען און ניט שלעכט, — האָט וואָלקאָוו אַנערקענט, דרייענדיק דאָס פאַרטיקע שקאַטולקעלע פון אַלע זײַטן, — ווײסט עפּעס פאַרדינען.

איך, פאַרקערט, האָב באַשלאָסן מײַן ערשטן סוווענִיר קיינעם ניט פאַרקויפן, נאָר גלאַט אוועקשענקען אַ גוטן מענטשן. אַזאַ מענטש האָט אין מײַנע אויגן אויסגעזען די באַרעמהאַרציקע קאַטויליקערן פראַו מאַריאַ שמידט, וועלכע האָט מיט צוויי יאָר צוריק, אַ הונגעריקן, מיך מעכאַבעד געווען מיט אַ געשמאַק ריפּטל ברויט. כ'האָב סימעטריש אויפן דעקל פון דעם סוווענִיר מיט שטרויענע פּירעקלעך אויסגעקלעפּט איר נאָמען און פאַמיליע, אַקוראַט פאַרוויקלט אין פּאַקפּאַפּיר און אויפן אַנדערן טאָג אינדערפרי, ווען זי איז געשטאַנען מיטן בעזעם אין הויף פון דער פאַבריק, האָב איך דער באַרעמהאַרציקער דײַטשקע שעמעוודיק אונטערגעטראָגן די מאַטאַנע. פראַו מאַריאַ האָט אויפגעציטערט פון אומדערוואַרטקייט, צודריקנדיק צו דער ברוסט דעם אומגעריכטן פאַר איר סוווענִיר.

— דאָס איז מײַן פּרעזענט פאַר אײַך, פראַו שמידט.

— דאַנקע שיין, דאָס וועט גוט זײַן פאַר מײַן מאָניקאַ, — האָט זי דערקלערט.

איך האָב זעלטן־ווען געזען איר שיינע מאָניקאַ, וועלכע פלעג קאַיאָר אוועקגיין צו די קראַוטערס אַלס דינסטמיידל און שפּעט באַנאַכט זיך אומקערן צו די עלטערן אַהיים. אָפּטער האָט מען געקאָנט זען ניט זי, נאָר איר זויבער מיידלש גרעט זיך טריקענען אין דרויסן אויף דער זון.

אין די זונטיקן פלעגן מיר אַלע זיצן אַרום דעם צײַטווײַליקן האַנטווערקער־טיש, זיך צוקוקן, וויאַזוי אונדזערע מײַסטער־קעפּ מאַניפּולירן געניט און פלײַסיק איבער זייערע צאַצקעלעך, און אַנדערש מאָל מיט עפּעס זיי צוהעלפן, און קעדיי עס זאָל גיכער דורכגיין די צײַט, איינער דעם אַנדערן דערבײַ אויספלעכטן פרייליכע געשיכטעס, זיך אַרײַנלאָזן אין ווײַטע דערמאָנונגען, אַפילע ביז ווער און וויאַזוי עס האָט כאַסענע געהאַט, אויסגעפירט זײַן ערשטע ליבע.

איין זשאָרע גאַלאַקטיאָנאָוו פון דער שטאָט שאַכטי, הינטער ראָסטאָוו, פלעג דאָסראָוו זיצן אין אַ זײַט אַן אײַנגעהאַלטענער אויף אַ וואָרט, אַ פאַרטראַכטער אַראָפּלאָזן אויף די הענט דעם קאָפּ מיט זײַן בלאָנדער אַקוראַט־פאַרקעמטער פריזור, אָנצילנדיק זײַנע פלעגמאַטישע אויגן אויף אַלץ, וואָס עס רינגלט אים אַרום. וויפל מיר האָבן ניט געלעבט צוזאַמען, האָב איך ניט געקאָנט באַנעמען, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר אָט דער שווײַגנדיקער, אויסערלעך אינטעליגענטישער באָכער, פונוואַנען און וויאַזוי איז ער אַרײַנגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. וועגן גאַלאַקטיאָנאָוון ווייסט קיינער גאָרניט. מעגלעך, אַז גופע די פאַרשלאָסנקײַט זײַנע איז עפּשער געווען זײַן שויץ. קוים פלעג זיך אים אײַנגעבן קריגן פון דער זײַט עפּעס עסנוואַרג, האָט ער מיט קיינעם זיך ניט געטיילט. זשאָרע האָט געאַרבעט אין פאַרב־צעך צווישן דער מערהײַט דײַטשישע פרויען, פלעגן זיי, אויס ראַכמאָנעס, דעם דעליקאַטן רוס פון מאָל צו מאָל עפּעס אונטערוואַרפן.

מיט די וואָכלײַט פלעג ער דאַפקע זיך האַלטן גנעדיק־מילד, גערן זיך דורכשמועסן מיט דעם רוסיש־ריידנדיקן וואָכמאַן האַנצן, ווען יענער פלעג אַרײַנקומען אַ נישטער טאָן מיט די אויגן, וואָס עס טוט זיך אין באַראַק, כאָטש אויף אונדזער באַשעפטיקונג מיט די צאַצקעס האָט ער גראַדע קיין איבעריק אַכט ניט געלייגט. נאָר מיר אָבער האָבן פאַר אים זיך געהיט מער ווי פון אַלע וואָכלײַט. ס'איז אונדז ניט געפעלן זײַן קענען רוסיש און זײַן כיטרע שמייכעלע צווישן די קורצע וואָנצעלעך. כעוורע האָבן באַמערקט, אַז ער האָט ליב זיך אונטערהערן הינטער דער טיר, ווײַל נאָכן פאַרשליסן זי פלעגן זײַנע טריט אַראָפּ די טרעפּ זיך אָפּט הערן מיט אַ פאַרשפּעטיקונג.

## וולאַסאָווס ווערבאָווטשיקעס

אין יענע יאָרן האָט די פאַשיסטישע פּרעסע ניט ווייניק געטומלט אַרום דעם פאַרעטער וולאַסאָוון און זײַנע אַנטיסאָוועטישע פאָרמירונגען (POA — אַזויגערופענע רוסישע באַפרײַונגס־אַרמיי), וועלכע זײַנען אַרויסגעטראָטן אויף דער זײַט פון דעם פאַשיסטישן דײַטשלאַנד. באַזונדערס האָבן וועגן דעם געפּילדערט די שוין אויבנדערמאָנטע היטלעריסטישע צײַטונגען „נאָוואָיע ווערעמיא“ און די „נאָווואַ דאָבאַ“... די „נאָוואָיע ווערעמיא“, געדענק איך, האָט אַפילע באַשריבן דעם עפּיזאָד, וויאַזוי וולאַסאָוו האָט הינטער רזשעוו זיך איבערגעגעבן צו די פאַשיסטן אין געפאַנגענשאַפט, ווענדנדיק זיך צו זיי: „שיסט ניט, איך בין דער גענעראַל וולאַסאָוו“.

היטלערן האָט אויסגעפעלט האַרמאַטן־פלייש, האָט אים ניט געעקלט צו באַקומען אַזאַ וואָלוועלע מאַריאָנעטקע, ווי וולאַסאָוו, וועלכער איז געקראָכן פון דער הויט, אַבי צו פאַרגרעסערן דעם קאָנטינגענט פון זײַן אַרמיי, אונטערכאַפּנדיק אַלע אָפּפאַלן פון דער געזעלשאַפט — פאַרשיידענע קרימינעלע, מענטשן פון דער אונטערוועלט. צולעצט האָט ער אָנגעהויבן צעשיקן זײַנע עמיסאַרן — ווערבאָווטשיקעס אין די לאַגערן און צו די אַרבעט־קאָמאַנדעס פון די געפאַנגענע.

ס'האָט שוין געהאַלטן באַם סאָף פון 1943. די סאָוועטישע אַרמיי האָט אין יענעם יאָר אין שווערן געראַנגל מיט די היטלערישע כאַיאַלעס אָפּגעהאַלטן איר היסטאָרישן זיג הינטער סטאַלינגראַד. די שלאַכט אָפן קורסקער בויגן, אין וועלכער עס זײַנען אין אויגוסט כוידעש באַפרײַט געוואָרן אָריאָל, בעלגאָראָד און כאַרקאָוו, איז געווען אַן אַנטשיידענע פאַרן גרונטיקן איבערבראָך אינעם גאַנצן גאַנג פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

ס'איז שוין אָקטיאַבער — דער שענסטער האַרבסטיקער כוידעש אין דאָרעם־דײַטשלאַנד. דער דרויסן איז נאָך מילד און וואַרעם, דאָס וועלדל אַנטקעגן דער פאַבריק טוּנקט זיך נאָך אין דער געדיכטקײַט פון באַגילדעטע בלעטער, אָפּגעקילטע זונען־שטראַלן דרינגען אַרײַן צווישן די גראַטעס פונעם באַראַק — אונדזער לעצט ביסל פאַרגעניגן. די אויגן כאַפּן דאָ איצט אויף צוויי אַטמאָספערן — די געוויינלעכע אַטמאָספער פון דער נאַטור און די אַטמאָספער פון דעם געדריקטן צושטאַנד פון די אַרטיקע מענטשן. די מערהײַט דײַטשן זײַנען געוואָרן אומעטיקער און געצוימטער, איידער פאַראַיאָרן. ס'האָט זיי שוין, זעט אויס, אויך דערעסן די מילכאָמע, וועמענס זאַלפּן עס דערגרייכן סימבאָליש אויך צו זיי אין זייער טיפן הינטערלאַנד. אין בעלגאָראָד, אינעם ראַיאָן פון קורסקער בויגן, איז געגעבן געוואָרן דער ערשטער סאַליוט לעקאָוועד די באַפרײַער פון דער שטאָט. די היטלערישע מיליטערישע מאַשין קײַקלט זיך שוין מיט אונטערגעשאָסענע רעדער צוריק אויף מײַרעוו. די אָפּגעהאַלטענע זיגן פון די סאָוועטישע אַרמייען דערפרייען און באַגײַסטערן, ברענגען אונדז גרויסע האָפענונגען אויך אויף אונדזער באַפרײַונג.

און דאָ, אינמיטנדערינען, טיילן אונדז מיט די וואַכלײַט, אַז עס וועלן קומען צו אונדז פאָרשטייער פון וולאַסאָווס אַרמיי. מיר וואַרטן דען אויף זיי? נאָר מיר שטויסן זיך אָן, צוליב וואָס זיי וועלן קומען. די ביטערע געפאַנגענשאַפט האָט אונדז אויסגעלערנט צו זײַן וואַכזאַם און פילבאַר.

די פּאָר טעג ביז זייער קומען האָבן מיר געהאַלטן אין איין שמועסן צווישן זיך, וויאַזוי זיך אופירן בענעגייע די ניט־געבעטענע געסט. מיר האָבן זיך צונויפגערעדט, אויב מע וועט אונדז פאָרלייגן אַרײַנטרעטן אין זייערע באַטאַליאָנען, איז אַלעמענס ענטפער: פונוואַנען זיי זײַנען געקומען, אַהין זאָלן זיי גיין. באַ גריגאָרי קאָנדראַשינען האָט דער ענטפער געקלונגען מער לאַקאָנישער און קאַטעגאָרישער: «от ворот поворот».

און אין איינעם פון די טעג, סקאָצל קומט, האָבן אין דער באַגלייטונג פון אונדזערע וואַכלײַט זיך באַוויזן צוויי שמענדריקעס אין טונקל־גרינע שינעלן, מיט אַ היפּש טשעמאָדאַנדל, צוויי לעבעדיקע וולאַסאָווצעס, מיט עליפּסאַרטיקע אופלאַגן פונעם אַנדרייעווער פלאַג אויף זייערע אַרבל. איינער, אַ הויכער, פון אַ יאָר דרײַסיק, און דער צווייטער אַ נידעריקער, פון אַ יאָר פינף און צוואַנציק. אין זייערע פּאַגאָנעס האָבן מיר זיך ניט פאַנאַנדערגעקליבן. די וואַכלײַט האָבן זיי צו אונדז אַרופגעבראַכט אָוונט־צײַט, פונקט דעמלט, ווען אין אונדזערע אַליומיני־שיסלען איז שוין געווען פאַנאַנדערגעגאָסן די באַלאַנדע. איינער פון זיי — דער הויכער האָט זיך בעשאַסמײַסע אַ כאָכמע געטאָן:

— זעט אויס, אַז אײַער עסן איז ניט זייער געשמאַק.

— מיט אײַערע מײַכאָלים, מיסטאַמע, ניט צו פאַרגלײַכן, — האָט זיך אָנגערופן אונדזער ברייגאַדיר יאַקאָוו באָלסון, ניט אופהייבנדיק דעם קאָפּ פון דער שיסל, — איר, זעט מען, האָט זיך שוין אויספאַרדינט בעסערע שפײַז.

— קומט צו אונדז, — האָט זיך אָנגערופן דער נידעריקער, — וועט איר אויך זײַן מיט מענטשן גלײַך.

— מיר וועלן אַזעלכע מענטשן ניט ווערן, — האָט אָפּגעענטפערט באָלסון.

— לאָמיר אײַך ניט שטערן עסן, — האָט באַשטימט איבערגעריסן די רעפּליקעס דער הויכער.

ביז מיר האָבן גיך זיך אָפּגעפאַרטיקט מיט אונדזער בידנער וועטשערע האָבן וולאַסאָווס עמיסאַרן אינמיטן באַראַק אוועקגעשטעלט אַ פאָרטאַטיוון שטאַטיוו, אויף אים צוגעשרויפט אַ קליינעם קינאָ־פּראָיעקטאָר און אויף דער וואַנט צוגעשפּיליעט אַ ווײַס לײַלעכל.

— איצט, — האָט דער הויכער פאָרגעזעצט, — לאָמיר זיך דורכשמועסן ווי זעמליאַקעס און אַ ביסל פאַרברענגען, מיר וועלן ספּעציעל פאַר אײַך דרייען אַ קינאָ־לענטע.

— אַבי ניט דעם קאָפּ, — האָט זיך אַרײַנגעמישט פיליפּ סאַמוסיאָוו מיט זײַן דאָרפישער שאַרפזיניקײַט.

די וולאַסאָווצעס האָבן עס דורכגעלאָזט גלײַך ניט זיי מיינט מען.

דער הויכער פאַרפינקטלעכט דאָס פריִער געזאָגטע:

— איר וועט זען אַ פריילעכן און קאָמישן פילם „פּאַט און פּאַטאַשאָן".

— ווי געפעלט אײַך? אַ שפּאָגל־נײַער פילם נאָך פון כמעלניצקיס צײַטן, — האָט זיך דערטראָגן פונדערווײַטנס וואַסילי פילימאָנאָווס רעפּליק אינעם שוין פאַרטונקלטן צימער.

קיינער האָט ניט געלאַכט פון דעם אונטערגעטראָגענעם צוקערלעקעכל, בא יעדערן האָט זיך געדרייט אין געדאַנק די פראַגע, ווער האָט עס זיי אהער געשיקט? און איך האָב בעשאַסמײַסע זיך ביכלאל אָפּגעווענדט פון קוקן דעם נאַיִוון קאָמיקס, וועלכן איך האָב נאָך פאַר דער מילכאָמע געזען אין שטעטלשן קינאָ־טעאַטער, מײַן בידנע שטעטעלע, מײַן אויסגעהאָרעוועטער טאַטע, ווען די היטלעריסטן האָבן צוזאַמען מיט אַלע טשעמעראָוויצער ייִדן געטריבן פערציק קילאָמעטער צופוס אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער טויט־לאַגער. צי האָט ער זיך געקאָנט פאָרשטעלן מײַן איצטיקן גורל, אַז מיך, זײַן מיזיניק, וועט מען רופן דינען צו די דײַטשישע פאַשיסטן. עס איז בא מיר מיטאַמאָל אופגעשווומען אין זיקאָרן מײַן לעצטער באַזוך אין שטעטל, מײַן לעצטע באַגעגעניש מיטן טאַטן, מיט אַלע מײַנע אייגענע, מיט מײַן בלאָנדער פאָלינע. דאָס איז געווען אַפן צווייטן יאָר פון מײַן דינסט אין דער אַרמיי. כ׳בין אַ סערזשאַנט אַן אַרטילעריסט אין אַ פּאָלק פון דער מאָסקווער דיוויזיע, קום איך אָף צען טעג אין אורלויב אַלס פרעמיע דערפאַר, וואָס אונדזער באַטאַרייע האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אין די אַלאַרמייִשע אַרטילערישע פאַרמעסטונגען.

דער קורצמעטראַזשיקער פילם איז פאַר מיר דורכגעגאַנגען אומבאַמערקבאַר. די אײַנגעשלאָסענע עלעקטרע האָט בא מיר איבערגעריסן דעם פאָדעם פון דערמאָנונגען, מיך אַריבערגעטראָגן פון מײַן געבורט־שטעטעלע צוריק צו די גראַטעס פון דער געפאַנגענשאַפט.

אַלע האָבן געשוויגן. ביז דער הויכער וואַסאָוועץ האָט צעשטערט די שטילקײַט.

— וואָס זשע שווײַגט איר, כעווריע, — האָט ער קלוימערשט וויליונגעריש זיך אַ דריי געטאָן, — מיר זײַנען גרייט אָנעמען בא אײַך עטלעכע מעלדונגען צו פאַרייניקן זיך מיט אונדז.

— איר זעט דאָך, אַז אײַער פאָרשלאָג איז געבליבן העגנגען אינדערלופטן, — האָט מיטן פולן מויל געענטפערט גריגאָרי קאָנדראַשין. — איך בין איבערצײַגט, אַז קיינער פון אונדז וועט ניט וואַגן, ער זאָל מיטן דײַטשישן אווטאָמאַט גיין שיסן אין זײַן אייגענעם ברודער, גיין אַפן וועג פון פאַראַט.

— ריכטיק, סעדאָי, ריכטיק, — האָבן זיך געהערט אויסרופן פון די ערטער.

געזען, אַז זיי האָבן דאָ ניט וואָס צו טאָן, האָבן די וועַרבאָווששיקעס אַפגיך פאַרפּאַקעוועט זייער „פּאַט און פּאַטאַשאָן” און באַם אַוועקגיין קימאַט ווי געוואָרנט:

— שלאָפט איבער די נאַכט, עפּשער וועט איר אינדערפרי האָבן כאַראָטע.

אַזוינס איז ניט געשען.

## די צעשיידונג מיט אָוואַדאָוון און מיט מאַלצעוון

מיר האָבן יאַקאָס איבערגעלעבט דעם שווערן ווינטער פון 1944, ווידער אין אומענטשלעכע באַדינגונגען פון אומדערטרעגלעכער מי ביזן זיבעטן שווייס, קעסיידער הונגעריקע און מאָראַליש דערנידעריקטע. איין ביסעלע גליק, וואָס אומאָפּהענגיק פון קיינעם איז געקומען דער לאַנג דערוואַרטער פרילינג און נאָך אים האָט שוין דער זומער געגומען זײַן אויבערהאַנט איבער די קאַפּריזן פון דער נאַטור. אַלץ אַרום איז פאַרגאָסן מיט זונען־שײַן, מיט מילדער וואַרעמקײַט, מיט דער זומערדיקער אָפּפרישנדיקער גרינקײַט.

לויט די גוטע בסורעס פון די פראָנטן איז צו זען, אַז דער נײַער מילכאָמעדיקער זומער איז פולקום אָף דער זײַט פון די סאָוועטישע אָנגרײַפנדיקע אַרמייען, וועלכע האַלטן אָפּ איין זיג נאָכן אַנדערן איבער די פאַשיסטן. צו יענער צײַט האָבן די סאָוועטישע דיוויזיעס פון דעם 1־טן און 2־טן אוקראַיִנישע פראָנטן אין דער שלאַכט פאַר דער רעכטברעגיקער אוקראַיִנע אין ראַיאָן פון קאָרסון־שעווטשענקאָווסקי אין פעוורואַל 1944 אַרומגערינגלט און צעגראָמירט העכער צען דיוויזיעס פון דעם גענעראַל־פעלדמאַרשאַל מאַנשטיינס אַרמייען. די נײַע מאַפּאָלע איז פאַר די היטלעריסטן געוואָרן דער צווייטער סטאַלינגראַד. און מיר דאָ, אין געפאַנגענשאַפט, זײַנען מעקאַנע די, וואָס באַטייליקן זיך מיט געווער אין האַנט אין די זיגרײַכע שלאַכטן פון באַפרײַען אונדזער היימלאַנד פון די היטלערישע האָרדעס.

די דויערנדיקע געפאַנגענשאַפט האָט אונדז אָפּגעשוואַכט פיזיש און מאָראַליש, מיר האָבן אָבער ניט פאַרלוירן די האָפענונג. ערגער איז די, וואָס האָבן אין דער געפאַנגענשאַפט פאַרלוירן דאָס געזונט און אײַנגאַנצן זיך אַרויסגעשלאָגן פון די קויכעס. אָט ווי אָוואַדאָוו און מאַלצעוו, וועלכע זײַנען געוואָרן פאַרגעלט און אַסקעטיש אויסגעצערט. עס קריכט זיי שוין ניט אין האַלדז דער סטאַנדאַרטער דערעסענער כאַרטש. ס׳איז אַ גרויסער ראַכמאָנעס אָף זיי. דער שווערער גורל האָט דאָך אונדז שוין פון לאַנג פאַרברידערט און פאַרייגנט. און איך קוק אָף זיי מיט אַ באַזונדערן ווייטיק אין האַרצן. זיי זײַנען דאָך פון אָנהייב אָן מײַנע בעסטע און איבערגעגעבנסטע פרײַנט. אָך, וואָס אַ ביטערע צײַט און שווערע איבערלעבונגען קאָנען אָפּטאָן מיט מענטשן! עס דערמאָנט זיך מיר מיטאַמאָל

די פּראַיאָריקע נײַ־יאָר־נאַכט. זיי זײַנען נאָך געווען פֿול מיט ענערגיע און אָפּטימיזם. זייערע כאָכמעס און אַנעקדאָטן. ניקאָלײַ מאַלצעוו האָט זיך אַרויסבאַוויזן אַלס וווּנדערלעכער דעקלאַמאַטאָר, ווי שטאַרק עמאָציאָנעל האָט ער אָפּ אויסווייניק געלייענט גאָרקיס „שטורעם־פֿויגל". איצט ציט ער זיך מיט ציטערנדיקע פֿינגער צו יעטווידן פֿאַרבליבן שטיקל ניט־דערייכערטן סיגאַרעט, ער פֿאַרציט זיך זשעדנע מיט דעם פֿײַכטן רויך, און די בלויע אויגן זײַנע הייבן אָן בלישטשען, ווי בײַ אַ נאַרקאָמאַן.

דער באַלעבאָס פֿון דער פֿאַבריק דאַרף האָבן בלויז געזונטע, האָט ער באַשלאָסן: זיי אָפּשיקן ביידע צוריק אין לאַגער. די וואַכלײַט טרייסטן זיי, אַז פֿון דאָרטן וועט מען זיי שיקן אָף אַרבעט צו די באַוערן אָף דער לופֿט, ווו מע וועט זיי נערן מיט דאָרפֿישער שפּײַז. ווער ווייסט, און טאָמער וועט מען זיי ווידער אָפּשיקן אין מיונזינגענער לאַגער, ווו מע קאָן ענדגילטיק אויסציִען די פֿיס. מע ווייסט שוין אַפֿילע, וועלכער וואַכמאַן עס וועט זיי צושטעלן ביז לודוויגסבורג, און ווײַטער — ווי גאָט וועט פֿירן.

ערעוו זייער אַוועקגיין פֿון פֿליִדערהאַוזן זײַנען מיר אינדרײַען ביז שפּעט אין דער נאַכט געזעסן בײַ אָוואַדאָוון אָף זײַן נאַרע און איינער פֿאַרן אַנדערן זיך מיסווידע געווען וועגן אַלע איינצלנע פּראָטים פֿון אונדזער לעבן. ווער קאָן וויסן, צי וועלן מיר זיך נאָך ערגעץ באַגעגענען. מיר האָבן ווידער באַטראַכט אונדזער אַלעמענס לאַגע. און ווי שווער זי זאָל ניט זײַן, האָבן מיר איינער דעם אַנדערן אַלץ אויסגעלייגט צו גוטן. מיר האָבן ווי אַ שוווּע צוגעזאָגט איינער דעם אַנדערן נאָך דער מילכאָמע זיך באַגעגענען בײַ באָריס אָוואַדאָוון אין סקאָפּין, בײַ פּאַוועל שירינקינען (יעדער האָט אויסגעגעבן זײַן עמעסן נאָמען און פֿאַמיליע) אין מאָסקווע און בײַ מיר אין מײַן דאַטשע־יִשעוו הינטער מאָסקווע.

אָף מאָרגן האָבן מיר באַם געזעגענען זיך ברידערלעך צעקושט, טרערן זײַנען געשטאַנען אין די אויגן. איך האָב לאַנג פֿונדערווײַטנס נאָכגעקוקט ביז מײַנע פֿרײַנט מיט זייערע מאָגערע טאָרבעלעך אָף די פּלייצעס זײַנען פֿאַרשווּנדן געוואָרן אין דער באַגלייטונג פֿון אַ באַוואָפֿנטן וואַכמאַן.

## עריקאַ

עריקאַ קריינער איז דעם אָבערמײַסטערס עלטסט טעכטערל — אַ בלאָנד דײַטשקעלע פֿון אַ יאָר זעכצן מיט אייגעלעך פֿון אַן אומבאַשטימטן קאָליר. ס'פּאַסט איר דאָס הייזעריקלעך שטימעלע, וואָס מאַכט זי אַפֿילע עלטער און אײַנגעהאַלטענער אין איר אויסשפּראַך פֿון דעם זיוד־דײַטשן דיאַלעקט. אָבער וועגן איר עטוואָס שפּעטער.

דער אָבערמײַסטער קריינער, שטענדיק אַן ערנסטער און בייזלעכער, פֿאַלט אויך זעלטן אַרײַן אין אַ גוטער שטימונג, דעמלט איז ער אימשטאַנד אַפֿילע זיך אַ ווײַל טאָן מיט עמעצן פֿון די געפֿאַנגענע. צו מיר האָט ער שוין אַ פּאָר מאָל בעשאַס דער אַרבעט שמייכלענדיק זיך געווענדט ניט אַנדערש ווי „אָ, יאָזעף פֿון יערוסאַלעם" (יוסף פֿון ירושלים). בײַ מיר האָט אַזאַ ווענדונג צו מיר אַרויסגערופֿן באַוואונדערונג. וואָס זאָל בײַ קריינערן באַטײַטן דער דאָזיקער וויץ, צי האָט ער ניט קיין כשד, אַז איך בין אין זײַנע אויגן מיט עפּעס ענלעך אָף אַ ייִדן, — אָפֿן גאַנעוו ברענט דאָך דאָס היטל... און צי מיינט ער ניט יאַנקעוו אָווינוס מיזיניק פֿון דער ביבל, וואָס איז אַזוי גענוי באַשריבן אין טאָמאַס מאַנס ראָמאַן „יוסף און זײַנע ברידער" — אַ צופֿאַל, איך בין בײַ מײַן טאַטן אויך דער מיזיניק — נאָר דער פֿערצנטער לויט דער צאָל.

כ'האָב אַ טראַכט געטאָן מיט כאַראָטע, פֿאַרוואָס האָב איך דעמלט אין מײַן ציגעטראַכטער אַנקעטע אין מיונזינגענער לאַגער פֿאַרביטן בלויז די פֿאַמיליע. איך פּרוּוו זיך אָבער באַרויִקן מיט דעם, וואָס אָן אַ שיר דײַטשן טראָגן אויך דעם נאָמען יאָזעף — אַ נאָמען, וועלכער איז פֿאַרשפּרייט בײַ פֿיל אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן — בײַ פֿראַנצויזן, שפּאַניער, פּאָליאַקן און אַפֿילע בײַ די גרוזינער.

איינמאָל קומט קריינער צו צום אויוון, ווו איך אַרבעט, ווידער מיט דעם זעלבן וויץ „יאָזעף פֿון יערוסאַלעם", און טיילט מיר מיט, אַז פֿון מאָרגן פֿירט ער מיך איבער צוריק צו מײַן פֿריִערדיקער אַווידע — צום אוטאָגען־אַפּאַראַט, גלײַכצײַטיק וואַרפֿט ער זיך איבער מיט עטלעכע ווערטער מיט מײַן נאַסטאַווניק וועגן דעם, אַז צו אים וועט ער צופּעסטיקן אַן אַנדער אַרבעטער. מאַכמעס עס איז פֿאַראַן אַ נויטווענדיקײַט אין דער אוטאָגען־שווייסונג. באַם אַוועקגיין האָט ער מיר אויך אָנגעזאָגט, אַז שאַבעס פֿון דער צווייטער העלפֿט טאָג נעמט ער מיך ווידער אָף אַרבעט אין זײַן בײַשטוביקער ווירטשאַפֿט.

די אַרבעט אָף דער פֿרישער לופֿט געפֿעלט מיר, ווײַל זי איז ניט צו פֿאַרגלײַכן מיט דער אויסמאַטערנדיקער מי אין די הייסע צעכן, כאָטש אין די לאַנגע זומער־טעג קומט אויס צו האָרעווען בײַ

די קריינערס ביז שפּעט אין אָוונט. און אַלץ פֿאַר די צוויי מאָל אָפּעסן פֿון זייער היימישער קיך און פֿאַר דעם האַלבן לאַבן ברויט מיט די פּאָר עפּל, וואָס די באַלעבאָסטע גיט מיר דערנאָך מיט זיך.

דעם אָבערמייַסטער געפֿעלט מייַן לאַנדווירטשאַפֿטלעכע געניטקייַט, די אַקוראַט אויסגעפּלאַנירטע און פֿאַרזייטע בייטן, דאָס ארומשנייַדן און אונטערבינדן די יאַגעדע־קוסטעס. איך, פֿון מייַן זייַט, דערזע אין דעם א ליכטיקע דערמאָנונג פֿון דער קינדהייַט, מייַן ליבע און צוגעבונדנקייַט צו דער ערד. פֿאַרטאָן אין דער אַרבעט, פֿאַרגעס איך, אַז איך פֿלייַס זיך גאָר ניט אויף מייַנעם, נאָר אויף א פֿרעמד שטיקל ערד אַזוי, ווי איך האָב מיט פֿיל יאָרן צוריק אין אונדזער ייִדישן ישעוו פֿון איבערוואַנדערער־קאָלאָניסטן לעבן הולייַפּאָליע צוזאַמען מיט אַלע דערוואַקסענע געאַקערט און געזייט אין סטעפּ און באַזונדערס אויף אונדזער בייַשטובּיקן גאָרטן מיט א שעטעך פֿון א פֿולן העקטאַר, ווו אַלץ איז דאָרט געוואַקסן, ווי שוואָמען נאָך א רעגן. צי קאָן מען אָבער זייער גאָרטן פֿאַרגלייַכן מיט אונדזער באַשטאַן פֿון קאַווענעס און דיניעס, מיט אונדזערע אוגערקעס און פּאָמידאָרן?

אין די זומער־קאַניקולן, פֿרייַ פֿון דער שול־לער, פֿאַרברענג איך שאַענלאַנג אויף אונדזער אייגענעם גאָרטן. אויף טשיקאַוועס לאָז איך אַרייַן דורכן העלדזל פֿון א פֿלאַש א פּיצינק, נאַרוואָס זיך פֿאַרבונדן אוגערקעלע און באַאַבאַכט ביז עס וועט אויסוואַקסן און פֿאַרפֿולן די גאַנצע פֿלאַש. אַן אַנדערש מאָל קריץ איך אויס אויף א נאָך ניט רייַפֿן קאַווען עמעצנס פֿון אונדזערע אייגענע אָדער באַקאַנטע נעמען און פֿאַמיליעס מיט דער דאַטע פֿון זייער געבורטסטאָג, קעדיי נאָכדעם אַזאַ שיינעם און גרויסן פּערסאָנעלן קאַווין אונטערטראָגן ווי א מאַטאָנע. די ערד, — פֿלעג דער טאַטע מייַנער מיך לערנען, — שענקט דעם מענטשן אַלץ, ווען מע באַציט זיך צו איר מיט ליבע. דעריבער קאָן איך, אויב אַפֿילע ניט בא זיך, אַנדערש אויף איר ניט אַרבעטן.

באַם אָבערמייַסטער הייס איך „דער גערטנער״. דעריבער פֿירט ער מיך קימאַט אַלע שאַבעס נאָך א האַלבן אַרבעטסטאָג אין צעך צו זיך אַהיים, אַן אַנדערש מאָל אויך אין דער ווירטשאַפֿט צו עמעצן פֿון זייַנען אייגענע. בא זיך אינדערהיים קאָן ער א פּאָר מאָל צוקומען א קוק טאָן, וואָס און וויִאַזוי איך טו. מער פֿון אַלע שטוביקע פֿלעג אין אָט דער צייַט אין הויף און אַרום מיר זיך אַרומדרייען מיט נייַגער צו מייַן אַרבעט עריקאַ.

די ערשטע צייַט האָב איך געמיינט, אַז מע האָט איר עפּשער געהייסן נאָכקוקן, צי שטיי איך ניט ליידיק. אָט דערנעענטערט זי זיך צום אָרט, ווו איך אַרבעט, און פֿרעגט מיך עפּעס איין מאָל און נאָך א מאָל, און אַז איך שווייַג, ענטפֿערט זי אַליין אויף אירע פֿראַגעס. זי מיינט, אַז איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס זי פֿרעגט. איין פֿראַגע אירע איז געווען, צי איך רייכער, האָב איך א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ. דאַן קערעוועט זי זיך אויס צו מיר און גיט מיר פֿלוצעם א צופּ פֿאַרן אויערלעפּל און לאָזט זיך גיין ווייַטער פֿאַרוויטלט מיט א שמייכעלע אויף די ליפּן, פּירוואַרפֿנדיק מיר:

— אָ, דו דומקאָפּף (נאַרישער באָכער), — און זי גייט אַוועק.

עריקאַס צופּ האָב איך אויפֿגענומען, ווי א שטיפֿערקע וואָלט זיך א שפּיל געטאָן מיט א געלאַסענעם שטיב־באַלכיי, וואָס האָט זיך צופֿעליק באַוויזן אין א פֿרעמדן הויף. אינגיכן באַווייַזט זי זיך אָבער ווידער לעבן די בייטן און טראָגט מיר אונטער א פּאָר סיגאַרעטן, וועלכע זי האָט מיסטאַמע אַרויסגעשלעפּט בא איר טאַטן דעם אָבערמייַסטער.

לויט איר נערוועז און כיטרעוואַטע שמייכעלע באַמערק איך, ווי זי האָט גערן אויפֿגענומען מייַן „דאַנקע שאָן״ פֿאַר איר גוטסקייַט. פֿון איר מילדן מיידלשן קוק אויף מיר, ניט לייגנדיק קיין אַכט אויף מייַן בלוי־גרינעם אָנצוג מיט די ווייַסע SU ־אויסיעס — דעם צייכן פֿון א סאָוועטישן קריגס־געפֿאַנגענעם, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז די בלאָנדע און גראַציִעזע עריקאַ קוקט אויף מיר, לעהייפּעך פֿון פֿיל אַנדערע דייַטשן, אין דער ערשטער ריי ווי אויף א מענטשן. און דאַפּקע דערפֿאַר האָב איך מוירע באַקומען צו באַגעגענען זיך מיט איר פּאָנעם־על־פּאָנעם. זי באַמיט זיך צו ריידן מיט מיר, און זיך צווינג איך שווייַגן...

עריקאַ האָט מיט איר אויסערלעכן אויסזען מיר דערמאָנט פּאַלינקען — די ערשטע ליבע פֿון דער שול־באַנק. אויך אַזאַ בלאָנדע און גראַציִעזע, נידעריקער א ביסל אין וווּקס, נאָר מיט אויסדרוקפֿולע בלויע אויגן, בלוי, ווי דער הימל. פּאַלינען האָבן די היטלעריסטן צוזאַמען מיטן גאַנצן שטעטל ייִדן פֿאַרטריבן אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער טויט־לאַגער.

עריקאַ האָט האַסטיק אָפּגעריסן א בלימעלע פֿון דער דערבייַיקער קלומבע און בעשאַסמייַסע מיך ווידער א צופּ געטאָן פֿאַרן אויערלעפּל און, אָפּגייענדיק פֿון מיר, איבערגעכאַזערט מיט איר הייזעריקלעך שטימעלע, מעגלעך, אָן שום מיין, איר טאַטנס ווערטער:

— זאָ, זאָ, יאָזעף פֿון יערוסאַלעם.

זינט יענעם טאָג האָט דער אָבערמייַסטער א לענגערע צייַט מיך מער ניט געטשעפּעט מיט זייַנע היימישע ווירטשאַפֿטלעכע אַרבעטן. כ׳בין אים מויכל דאָס פֿאַרדינטע בא אים ביסל עסן און עריקען פֿאַר די סיגאַרעטן, וואָס זי פֿלעג בא אים צולאָכעכענען פֿון מייַנטוועגן. און נאָך איין מייַלע איז די, וואָס מייַנע אויגן וועלן פֿאַרשפּאָרן זינדיקן, קוקנדיק אויף דעם אָבערמייַסטערס טעכטערל.

דער הער קרײַנער האָט, זעט אויס, שוין אַף לאַנג מיך צוריק געשטעלט אַרבעטן צום אוטאָגען־אַפּאַראַט, און ווידער אונטער דער האַזשגאָכע פון דעם אַלטן אוטאָגען־שווייסער, דעם קורצזוויקסיקן און הינקעדיקן פּאול, מיט וועמען עס איז מיר געווען לײַכטער און באַקוועמער צו אַרבעטן, איידער מיט קאַרלען — דעם נאַציסטישן פאַנאַטיקער פון אורבאַך. כאָטש דער אַלטער פּאול האָט אויך ליב געהאַט אַן איבעריק מאָל אַרײַנשטעקן אין מײַן אַרבעט זײַן שפּיציקע נאָז, אָבער אָן איבעריקע פּרעטענזיעס.

אָסיען־צײַט האָבן די אַרטיקע פאַבריק־אַרבעטער פאַרגעזעצט יעדן שאַבעס אויסניצן די געפאַנגענע אַף זייערע בײַשטוביקע ערד־נאַכלעס און דעריקער אַף די גערטנער באַם אויסגראָבן די קאַרטאָפל און בוראַקעס און אופראַמען די הויפן. מיך האָט דער אָבערמײַסטער ווידער גערופן צו זיך אַף פאַרשיידענע אַרבעטן. איינמאָל האָט ער מיר פאַרגעבן ברענגען אין אָרדענונג דאָס שטאַלכל פון די קראָליקעס און זייערע שטײַגן און נאָכדעם פאַרגרייטן סיטשקע פאַר די צוויי בעהיימעס. אַגעוו, מיט אָט דעם טייל פון זייער ווירטשאַפט האָבן זיך פאַרנומען די צוויי אַלטע לײַט פון דער מישפּאָכע, ווײַל קרײַנערן אַליין האָט געסטײַעט צײַט צו באַדינען בלויז קראָוטערן, דעם שעף פון דער פאַבריק, פאַר וועמען ער איז געווען באַזונדערס נאָכגיביק, מאַמעש מוירע געהאַט, ער זאָל אים ניט אָפּגעבן אַפן פראָנט.

אין הויף האָט מען ווידער געקאָנט זען די אומעטומיקע עריקאַ, וועלכע האָט זיך געפּאָרעט אין גאָרטן באַ די בייטן מיט די רויטע פּאָמידאָרן און גרינע אוגערקעס, מיט וועלכע זי האָט מיך מעכאַבעד געווען, אַרויסברענגענדיק פון שטוב אַ היפש ריפטל ברויט מיט זאַלץ דערצו. פאַר מיר איז עס געווען אַ נאָווינע, ווײַל די געפאַנגענע האָט מען דאָך מיט אַזעלכע גרינסן ניט געבאַלעוועט.

פון די קראָליקעס גיי איך איבער אין דער קו־שטאַל שנײַדן סיטשקע פון אַ גרויסער קאָפּנע שטרוי, געמישט מיט פרישן היי. פון דרייען אין מעשעך פון אַ פּאָר שאָ מיט דער האַנט די ראָד פון דער סיטשקע־מאַשין טרעט אַרויס אַ געדיכטער שוויס. אינמיטנדערינען באַווײַזט זיך ווידער עריקאַ, אַ פריילעכע און צוגעלאָזטע.

— ס'איז דיר שווער, יאָזעף? — פרעגט זי מיטפילנדיק און שטרעקט מיר אויס איר האַנט מיט אַן אָפן פּעקעלע פון עטלעכע סיגאַרעטן.

— איך דאַנק דיר, עריקאַ, איך וועל אין אָוונט גערן מיט זיי אויך מעכאַבעד זײַן עמעצן פון מײַנע פרײַנט, הייסע רייכערער, וועלכע שמאַכטן נאָך אַ ציגאַר.

איך זעץ פאָר דרייען די ראָד, און עריקאַ שטייט נאָך אַלץ לעבן מיר אין אַן אָריגינעל זומער־קלייד, וואָס איך האָב ביז אַהער אַף איר ניט געזען. איר קומען אַהער אין דער האַלב־פינצטערער קו־שטאַל שרעקט מיך. טאָמער באַווײַזט זיך אין אָט דער מינוט דער אָבערמײַסטער און עפּשער איר מאַמע. זיי קאָנען דאָך מיינען, אַז איך בין דער שולדיקער, וואָס פירט זי אַראָפּ פון וועג. אַזאַ יונגע, נאַיווע עריקאַ... איך באַהערש זיך אַליין, ווײַל ווי קאָן מען אָפּשטויסן פון זיך אַ מיידל באַ אַזעלכע נאַטירלעכע אומשטאַנדן. און איך גיב איר אָנצוהערן.

— פאַרשטייסט, עריקאַ, עס דאַרף דיר זײַן ניט באַקוועם אַזוי אָפט קאָנטאַקטירן מיט מיר.

און איך הער אין דער שטילקייט איר מינאָרן — „וואָרום?"

— ווײַל איך בין אַ געפאַנגענער רוס (אָ, ווען דו ווייסט נאָך, סאַראַ רוס איך בין), און דו ביסט אַ דײַטשקע.

עריקאַ שווײַגט ווי אַ פאַרשעמטע. מיטאַמאָל רײַסט זיך פון איר אַרויס אַן אָפּגעריסענע פונעם קאָנטעקסט פראַגע:

— און נאָכן קריג פאָרסטו, יאָזעף, נאָך מאָסקאַו?

— יאַ, זיכער, — ענטפער איך איר.

— זיכער, זיכער, — כאַזערט זי איבער און ווערט ווידער אַנשווייגן.

אין איין אויגנבליק רירט זי צו איר הייסע האַנט צו מײַן קאַלטן האַלדז־און־נאַקן, אַרײַנזאָגנדיק מיט פאַרדראָס אירע איבערצײַגעוודיקע ווערטער:

— זאָ־ווי־זאָ ביסטו איין דומקאָפּף! — און זי פאַרלאָזט אַפּגיך די קו־שטאַל.

איך בין געבליבן שטיין אין פאַרלעגנהײַט. און גלײַך אַ טראַכט געטאָן, צי האָב איך געהאַנדלט ריכטיק מיט מײַן ווידערשפּרעכלעכער באַציִונג צו דעם דײַטשישן מיידל. זעט אויס, אַז ריכטיק. ערשטנס, וואָלט לײַכטזיניקײַט געווען פאַר מיר אַ ריזיקע פאַר דער ווײַטערדיקער עקזיסטענץ פון אַ יידן אַ געפאַנגענעם, וואָס געפינט זיך אין דער סאַמע בערנלאָך פונעם פאַשיסטישן רײַך. און צווייטנס, טאָר איך מיט קיינעם נישט פאַרבײַטן ניט מײַן פריִע ליבע פון דער שול־באַנק און נאָך מער מײַן יונג ווײַבל, מיט וועמען די מילכאָמע האָט אונדז צעשיידט אין האָניק־כוידעש פון אונדזער צוזאַמענלעבן, וועלכע האָט ערגעץ אין די עוואַקואַציע־פּלאָגן שוין, נעבעך, אויסגעוויינט אירע אויגן, ניט ווייסנדיק, ווו איך בין, און האָט שוין עפּשער באַקומען דעם פינצטערן באַפיר פונעם וואָיענקאָמאַט, אַז איך בין „אָן יעדיִעס אַ פאַרפאַלענער", אָדער גאָר אַ פּאָכאָראָנקע אין אַזעלכע פאַלן.

כ׳גלייב, אז זי לעבט נאָך מיט דער האָפענונג, אז איך וועל זיך נאָך אומקערן אהיים, אזוי זאָגט איר מיסטאמע אונטער איר פארביטערט הארץ.

## דער לאנג דערוואַרטער צווייטער פראָנט

אַלע יאָרן, אין גאנג פון דער מילכאָמע, האָבן די דריַ אַליִירטע גרויסמאכטן געהאלטן אין איין באהאנדלען די פראגע וועגן דער עפענונג פון א צווייטן פראָנט ערגעץ אף מיַירעוו, קעדיי כאָטש טיילוויַיז אָפציִען די היטלערישע מיליטער־קרעפטן פונעם מיזרעך־פראָנט. ס׳זיַינען פאָרגעקומען דינגענישן אף קאָנפערענצן און באראטונגען, אפילע דורך דיפלאָמאטישע בריוו־אויסטוישן. ס׳האָט געטומלט וועגן דעם די וועלט־פרעסע. פון אַלע ריידעריַיען ארום דער פראָבלעם האָבן שוין געקאָנט היַילִיק ווערן די ציין.

אמעריקע און גרויסבריטאניע האָבן אף אזויפיל פארצויגן דעם איניען, אז אפילע די דיַיטשן אליין האָבן זיך אופגעהערט שרעקן פאר א צווייטן פראָנט און פאָרגעזעצט שיקן אַלץ מער מיליטער־עשעלאָנען אין דער ריכטונג פון מיַירעוו אף מיזרעך.

עס האָט אַלץ בוילעטער זיך געשאפן דער איַינדרוק, אז רוזוועלט, און דעריקער טשערטשיל, ציִען בעקיוון אָפּ די עפענונג פון א צווייטן פראָנט, פרווון מיט פארשיידענע פארשלעפענישן פירן בא דער נאָז אפילע דעם „גרויסן סטראטעג און מעלוכע־פירער" סטאלינען, אין דער ציַיט, ווען אין דער עפענונג פון א צווייטן פראָנט קעגן היטלערן איז דעמלט געווען אויסערסט פארינטערעסירט ניט בלויז דער סאָוועטנפארבאנד, נאָר אויך גאנץ אייראָפּע.

מיר, די געפאנגענע, האָבן אויך מיט גרויס האָפענונג געוואַרט אף א צווייטן פראָנט, קעדיי גיכער זיך ארויסריַיסן פון דער געפאנגענשאפט. אונדזערע אייגענע „סטראטעגן", ביוואַלע סאָלדאטן, אָפיצערן — געוועזענע שטאביסטן פלעגן אָפּט זיך אריַינטראכטן אין דער געאָגראפישער מאפּע פון מיַירעוו־אייראָפּע, קעדיי אָנמערקן א מעגלעך פאסיקן ווארִיאנט פאר ארויסזעצן א דעסאנט, צום ביַישפּיל, אפן דאָרעמדיקן יאם־ברעג פון פראנקריַיך, זאָל זיַין ערגעץ אין ראיאָן פון שערבורג. זיי האָבן אפילע געפרווט אויסרעכענען, אין וויפל טעג ארום קאָנען די ענגלענדער אריַינדרינגען קיין שטוטהארט און פון דאָרטן, מיט דער האנט צו דערלאנגען, דעם יִשעוו פליודערהאוזען, ווו מיר געפינען זיך.

ליידער זיַינען דאָס געווען נאִיווע טרוימען, וואָס זיַינען דויערהאפט ניט פארווירקלעכט געוואָרן. אונדזערע אַליִירטע, זעט אויס, האָבן אין דעם פראט געהאט זייערע פלענער און זייערע צילן. אז עס האָט זיי געלוינט, האָבן זיי פון אָנהייב 1944 אין א באשטימטער ציַיט, מערסטנס פריַיטיק אָדער שאבעס, רעגולער, מעגלעך צוליב פראָפאגאנדיסטישע צילן, פארווירקלעכט מאסירטע אָנפלִיען פון זייער אוויִאציע אף די ראיאָנען פון שטוטהארט, פראנקפורט און אף אנדערע שטעט פון די דאָרעם־מיַירעוו־געביטן פון דיַיטשלאנד. אזעלכע אָנפלִיען פלעגן אָנציילן ביז הערכער טויזנט עראָפלאנען, וואָס האָבן, דוכט זיך, געקאָנט פארוואנדלען די שטעט אין אש און פּאָרעך.

מיר האָבן דורך די גראטעס בעשאס די לופט־אַליארמס ניט איין מאָל באאָבאכטעט אזעלכע אוויִא־ראנדעוווּ אין די הימלען פון דיַיטשלאנד, וועלכע פלעגן איבערלאָזן נאָך זיך פיל פלובלעטלעך. אף איינעם אזא פלוגבלעטל האָט מען געקאָנט זען אן ארמאדע עראָפלאנען אין שפּיץ מיט רוזוועלטן אלס פלאגמאן. אזוי אז די אָרטיקע באפעלקערונג איז שוין געווען צוגעוווינט צו די אָפטע אַליארמס און האָט אפילע אופגעהערט זיך צו באהאלטן אין די באָמבע־שוצפונקטן.

ערשט אין יונ 1944, ווען די סאָוועטישע ארמיי האָט שוין באפריַיט קימאט אַלע טעריטאָריעס פון אונדזער לאנד און איז דערגאנגען צו דעם סוינעס גרענעצן, האָבן די פשא און גרויסבריטאניע, ענדלעך, געעפנט דעם לאנג דערוואַרטן צווייטן פראָנט, ארויסזעצנדיק א דעסאנט בא די יאם־ברעגן פון צאָפן־מיַירעוודיקן פראנקריַיך. לאנגזאם אויסברייטערנדיק דעם פלאצדארם, האָבן זיי, אייגנטלעך, ערשט אין סאָף פון דעם יאָר אָנגעהויבן אקטיוויזירן די טעטיקיַיט פון זייער אוויִאציע און דעם פּאָרויסמארש אף דיַיטשלאנד.

בעשאס איינעם אן אָנפלי פון דער אוויִאציע אפן ראיאָן פון שטוטגארט—ליודוויגסבורג האָבן צוויי באָמבעס זיך אופגעריסן אקוראט אין הויף פון קראוטערס גאבעל־פאבריק. אזוי אז די אָפטע לופט־אַליארמס מיט באָמבארדירונגען האָבן סאָפּקאָלסאָף פאראליזירט די ארבעט פון דער אונטערנעמונג. דעמלט איז פון ליודוויגסבורגער שטאלאג אָנגעקומען א באפעל צו עוואקוִירן די געפאנגענע, ניט זאָגנדיק אונדז וווּהין.

דאָך איז אונדז געוואָרן פריילעכער אפן הארצן, נאָכשפּירנדיק ווי די ביז אהער גרויזאמע פאשיסטישע מיליטערישע מאשין קיַיקלט זיך אף צוריק און די בארימערישע ארמיי אירע איז שוין אף דער גרענעץ פון דעמאָראליזירונג.

אין איינעם פֿון די קריטישע פֿאַר דײַטשלאַנד טעג האָט דער באַלעבאָס פֿון דער פֿאַבריק פֿאַר אונדז אויסגעטיילט א וועגעלע אויף פֿיר רעדער, די גרייס פֿון א דראָזשקעלע. מיר האָבן עס אָנגעלאָדן מיט די לעצטע פּאָזשיטקעס פֿון דעם פֿאַרבליבענעם עסנווארג, פֿאַרדעקט עס מיט א ווײַסן לײַלעך, אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעמאָלט דער רויטער קרייץ — א סגולה, די אמעריקאַנער אוויִאַציע זאָל אונדז אין וועג ניט באָמבאַרדירן. איצט האָבן מיר שוין אויך אויסגעזען ווי פּליטים־בעזשענצעס. אין דער באַגלייטונג פֿון צוויי וואַכלײַט מיט אווטאָמאַטן האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג, בײַטנדיק זיך צו צוויי מאַן באַם שלעפּן דעם געשפּאַן.

אין יענעם טאָג איז אויף דער פֿאַבריק שוין געווען שטיל און אומעטיק, ווי נאָך א סריפֿה. מע הערט שוין ניט דעם ליאַזג און דעם מעטאַל־גרילץ, פֿון די פּרעסן. בלויז אייניקע אַרבעטער זײַנען נאָך געווען פֿאַרנומען מיט איבערלייגן די מעטאַל־שטאַבעלען און באַם אָנלאָדן א וואַגאָן מיט דער לעצטער פּאַרטיקער פּראָדוקציע. אַזאַ פּאַראַדאָקסאַלע דערשײַנונג: מיט פֿיר יאָר צוריק, ווען מע האָט אונדז אַהער געבראַכט, האָבן די זעלבע דײַטשן אויף אונדז געקוקט, ווי אויף קלאָגעדיקע, רעכטלאָזע מענטשן, איצט האָבן זיי אָנגעהויבן זיך באַציִען צו אונדז מיט א געוויסן אָפּשײַ, קוקן אויף אונדז ווי אויף בירגער פֿון א גרויסער, זיגערישער מעדינע.

בא דער זײַט זײַנען געשטאַנען נאָך עטלעכע דײַטשן און דײַטשקעס, באַאָבאַכטנדיק דאָס געזעגענונגס־בילד מיט די רוסישע געפֿאַנגענע, צווישן זיי — דאָס בארעמהאַרציקע פּאָרפֿאָלק מאַריִא און יאָזעף שמידט, אונדזער באַשטענדיקע קעכן פֿראַו קריינער מיט איר טעכטערל עריקאַ, וואָס האָט עפּעס מאָדנע געקוקט אויף אונדז מיט פֿאַרגליווערטע אויגן. עס איז אויך געשטאַנען דערבײַ דער אָבערמײַסטער, א פּאַרטראַכטער, מיט א פֿאַרביסענער ליפּ און מיט אן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, גלײַך ווי ער וואָלט קוקן ניט אויף אונדז, נאָר אויף דער ערד, אונטער זײַנע פֿיס. עפּשער האָט אים אין די מינוטן געמאַטערט דאָס געוויסן פֿאַר זײַן בייזקײַט צו אונדז, פֿאַר זײַן איבעריקער נאָכגיביקײַט און אונטערלעקערישקײַט צו קראַוטערן, וועלכער פֿלעג דריקן אויף אים, יענער זאָל מערער פֿאָדערן פֿון די געפֿאַנגענע.

מיר פֿאַרלאָזן פֿליודערהאַוזען, דעם פּראָווינציִעלן יִשובֿ אויף דער דײַטשישער ערד פֿון באַדען־וויורטעמבערג מיט זײַנע גאַסן און געסעלעך פֿון א שטרענגער גאָטישער אַרכיטעקטור, ווו מיר האָבן אַזוי אומזיסט פֿאַרלאָרן פֿיר יאָר פֿון אונדזער לעבן אין די הייסע צעכן פֿון פֿרידריך קראַוטערס פֿאַבריק, וועלכע האָט מיט געזאַלצענעם שווייס אַרויסגעצויגן פֿון אונדז דעם מאַרך פֿון די ביינער. מיר גייען אָבער ווײַטער דעם לעבן אַנטקעגן, ניט פֿאַרלירנדיק די האָפֿענונג אויף גוטע ענדערונגען.

## הײַדנהײַם — דאָס אָרט פֿון אונדזער לעצטער געפֿאַר

פֿאַר די צוויי מעסלעס, וואָס מיר האָבן זיך געפֿונען אין וועג, האָט מען זיך געקאָנט אָנזען מיט באָמבאַרדירונגען, מיט באַשיסונגען פֿון טראַסירנדיקע קוילן בעשאַס די נידערפֿליגן פֿון דער אַמעריקאַנער אוויִאַציע. לענגויס דער טראַסע האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף צעשמעטערטע דײַטשישע אווטאָטראַנספּאָרטן, אויף שפּורן פֿון בלוט אויף די אַספֿאַלטן, אויף אַרומבלאָנקענדיקע פֿאַרווונדעטע היטלערישע סאָלדאַטן. ענדלעך, האָבן אויך די דײַטשן אויסגעפּרוּווט דעם טאַם פֿון דער מילכאָמע לעבן זייערע היימען גופֿע, פּוסטע גאַסן אין די יִשובֿים, פֿאַרשפּאַרטע קראָמען.

צו פֿאַרנאַכט־צו האָבן מיר זיך דערשלעפּט ביז הײַדנהײַם — א היפּשע שטאָט, מיט זאַוואָדישע קוימענס, נאָר מיט ווייניק מענטשן אויף די גאַסן. עס האָט זיך געשפּירט א פֿאַרדעכטיקע שטילקײַט פֿון א בײַ־פֿראָנטישער שטאָט. אינגיכן האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די פֿראָנט־ליניע געפֿינט זיך שוין ניט ווײַט פֿון דאַנען. ביידע אווטאָמאַטלער האָבן גיך אויסגעקלאָרט, ווּהין מיט אונדז זיך אַהינטאָן. זיי האָבן אָפּגעשטעלט אונדזער קאָמאַנדע לעבן א לאַנגן זאַוואָדישן קאָרפּוס, ניט ווײַט פֿון וואַנען מיר האָבן דערזען אן אַרומגעצאַמטן פּלאַץ מיט שטעכלדראָטן, ווידער באַראַקן מיט גראַטעס. אַזעלכע פּייזאַזשן האָט מען אין היטלערס צײַטן געקאָנט באַמערקן איבער גאַנץ דײַטשלאַנד. באַראַקן מיט גראַטעס, גאַנצע קאָרפּוסן מיט גראַטעס, אַן א שיר אַרבעטס־לאַגערן, קאָנצלאַגערן, וועלכע האָבן אין זיך אײַנגעשלונגען מיליאָנען מענטשן פֿון אייראָפּע.

צו די צוויי אווטאָמאַטלער איז צוגעקומען א דריטער באַוואָפֿנטער סאָלדאַט. בעשאַס די וואַכלײַט האָבן עפּעס צווישן זיך באַהאַנדלט, זײַנען צופֿעליק פֿאַרבײַגעגאַן צוויי מאַנצבלען, געוועזענע פֿראַנצויזישע קריגס־געפֿאַנגענע, וועלכע האָבן מיט א געשפּאַנטער אויפֿמערקזאַמקײַט געקוקט אויף אונדזער גרופּע. לויט די ווײַסע צייכנס SU אויף אונדזערע מאַלבושים האָבן זיי גלײַך דערקענט, אַז מיר זײַנען סאָוועטישע קריגס־געפֿאַנגענע. מיך האָט אינטויִטיוו א ציִ געטאָן צו אָט די יונגעלײַט. איינער פֿון זיי האָט מיר דערמאָנט מײַן באַקאַנטן פֿראַנצויז לעאָ גאָזשי — דעם געוועזענעם זעצער פֿון דער

„הומאניטע“, וועלכער האָט פאר אונדזער פארלאָזן פליודערהאַוזען מיך פארבעטן, איך זאָל נאָך דער מילכאָמע קומען צוגאַסט צו אים קיין ליאָן.

— איר זײַט דאָ, קאמראדן, — האָט זיך שטיל געווענדט דער צווייטער, — ארײַנגעפאלן אין א קריטישער סיטואציע. די פאשיסטן, באזונדערס די עסעס־קאָמאנדעס, זײַנען אצינד כײַיש צעווילדעוועט. מיט צוויי טעג צוריק האָבן זיי פון איינעם אזא באראק ארויסגעפירט א גרופע רוסישע געפאנגענע און זיי צעשאָסן אין יענעם ריוו, וואָס געפינט זיך לינקס פון דעם וועלדל...

— וואָס זשע טוט מען? — פרעג איך זיי.

— עס האנדלט זיך וועגן איינעם אָדער צוויי טעג, — דערקלערן זיי, — די אמעריקאנער מיט די ענגלענדער וועלן גיך פארנעמען די שטאָט. איינעם אָדער צוויי פון אײַך וואָלטן מיר, מעגלעך, ארויסגעשלעפט פונדאנען, אײַך, צום בײַשפיל, — האָט איינער פון זיי א קוק געטאָן אױף מיר, — באזאָרגנדיק אײַך מיט נאָרמאלע ציווילע קליידער.

— אויב ראטעווען, דארף מען ראטעווען אלע, — האָבן איך געענטפערט מיט א קלאָרער דײַטשישער אויסשפראך, — עס זאָל קיינעם נאָכדעם ניט הריזען דאָס מענטשלעכע געוויסן. — דערבײַ איז מיר פלוצלינג אופגעקומען א ריזיקירנדיקער געדאנק. דאָס מאָל גיין וואַ־באנק. איך באשליס צום ערשטן מאָל זיך אויסגעבן אלס סאָוועטישער זשורנאליסט... און פרעג בא זיי:

— צי ווייסט איר, ווער עס איז דער באלעבאָס פון אָט די זאוואָדישע קאָרפוסן און איבער די באראקעס, ווו מיר געפינען זיך?

— יאָ, מיר ארבעטן דאָך אלס פרײַגעדונגענע אױף אָט דער אונטערנעמונג, — האָבן זיי געענטפערט קורץ און קאָנקרעט.

— נעמט אוף, ביטע, אונדזער איינציקע באקאָשע: געפינט דעם באלעבאָס אָדער, ווי רופט מען אים, דעם שעף פון דער אונטערנעמונג, און גיט אים צו וויסן, אז עס וויל מיט אים הײַנט נאָך זיך טרעפן א געפאנגענער סאָוועטישער זשורנאליסט, אז מײַן נאָמען איז אזא און אזא. מעגלעך, אז דאָס קאָן זײַן אונדזער לעצטער שאנס אין אָט דער גוירלדיקער צײַט צו בלײַבן לעבן.

ביידע פראנצויזן האָבן זיך פארטראכט און האָבן ווי אין איינלעניש, קימאט אין איין אָטעם, געענטפערט:

— גוט. מיר האָבן אײַך פארשטאנען. מיר נעמען זיך גלײַך פאר דעם איניען, — האָט מיך פרײַנטלעך א נעם געטאָן פאר דער האנט דער, וואָס איז אין מײַנע אויגן געווען ענלעך אױף לעאָ גאָזשי פון ליאָן.

די פראנצויזן האָבן פונדערווײַטנס א קוק געטאָן, אין וועלכן באראק האָבן די וואכלײַט אונדז פארשפארט און אין וועלכער ריכטונג זיי זײַנען אָפּגעגאַן צו ברענגען זיך אין אָרדענונג נאָך דעם, ווי זיי האָבן אונדז איבערגעגעבן פונעם וועגעלע דאָס לעצטע ביסל טרוקענע שפײַז און צו קעפּלעך קאָלראבי פאר צוויי מאן.

עס האָט זיך שוין צוגעזעצט די נאכט, און איך וואַרט און קוק ארויס דורך די גראטעס אין טונקעלן פרילינגדיקן דרויסן צי גייט שוין עמעצער. איך האָב, דאכט זיך, אױף מײַן געליבטער קיינמאָל אזוי ציטערנדיק ניט געוואַרט, ווי אין אָט דער שאָ אױף דעם אומבאוווּסטן פאר מיר הויכגעשעצטן דײַטש. איך גלייב אָבער, אז די פראנצויזן וועלן מיך ניט אונטערפירן. און אויך פּסיכאָלאָגיש דענק איך, אז בא אזא סיטואציע דארף דער דײַטש אהער קומען.

וואסילי פילימאָנאָוו, וועלכער איז געשטאנען די גאנצע צײַט לעבן מיר, איז אין קורס פון מײַן אײַנפאל. ער זעט, ווי איך בין באומרויִקט, פרווּט ער מיך אָפּוועגדן פון מײַן אָנגעשטרענגטקייט.

ענדלעך, האָט פון יענער זײַט גראטעס זיך באוויזן א הויכער און ברייטפּלייציקער מאנצביל אין די מיטעלע יאָרן. איבער דער טונקלקייט פון דער שוין צוגעזעצטער נאכט איז שווער געווען זיך פאנאנדערקלײַבן אין זײַן געזיכט. דער דײַטש אָבער האָט דורכדרינגלעך ארײַנגעקוקט אין פארגראטעוועטן פענצטער, ווענדנדיק זיך מיט דער פראגע:

— ווער איר דאָ דער הער שוסטאָוו?

— דער הער שוסטאָוו — דאָס בין איך, א סאָוועטישער זשורנאליסט, — האָב איך אָן וואקלונגען זיך פאָרגעשטעלט דעם אומבאקאנטן דײַטש און בין גלײַך איבערגעגאנגען צום סאמע איקער.

— מיר קלײַבן זיך פאנאנדער, — דערקלער איך אים, — אין אונדזער קלאָגעדיקער לאגע. מיר ווייסן אויך, וואָס עס האָט דאָ פּאסירט מיט א גרופּע רוסישע געפאנגענע מיט צוויי טעג פריִער. נאָך די פיר יאָר, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט און אויסגעפרוווט אין דער דײַטשישער געפאנגענשאפט, ווילן מיר אויסמײַדן אזא טראגישן פינאל. אונדזער אלעמענס טרוים איז — לעבעדיקע זיך אומקערן קיין רוסלאנד, צו אונדזערע אייגענע היימען, אױף אונדז וואַרטן פרויען און קינדער. איר, גלייבן מיר, אלס הויכגעשעצטער און אײַנפלוסרײַכער בירגער אין הײַדנהײַם, האָט די מעגלעכקײַט אונדז ארויסהעלפן אין דער געפערלעכער סיטואציע, אויספילנדיק אזא דרייסטן און הומאנישן טאט,

מיר זאָלן באַפרײַט ווערן פון דער וואך און באַקומען אַ געזיכערט פרײַען אַרויסגאַנג פון דעם באַראַק אָן שטערונגען. איך און מײַנע קאַמעראַדן וועלן אײַך אויסדריקן אונדזער מענטשלעכע דאַנקבאַרקײַט און אײַך קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

— וואַרט אַ מאָל, — האָט ער זיך אָפּגערופן, — מיך רופט מען וואַלטער פינק, — לויט די ווערטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער הויכגעשעצטער באַלעבאָס אין דער שטאָט האָט גוטוויליק אויפגענומען מײַנע רייד און מײַן באַקאָשע.

— איך קאָם ווידער אין איינער שטונדע אַרום, — האָט ער אַרויסגעבראַכט זײַן פאַרזיכערטן צוזאָג, ניט פאַרהאַלטנדיק זיך בײַ די גראַטעס פון יענער זײַט פענצטער.

די שאָ האָט זיך געצויגן לאַנג, זייער לאַנג. עס שווימען בײַ מיר אויף פאַרשיידענע געדאַנקען. איך פאַרלאָז זיך אָבער אַף דער דײַטשישער פּונקטלעכקײַט.

ס'איז שוין שפּעט אין אָוונט, אַרום צען אַזייגער, און איך קוק אַלץ אַרויס דורך די גראַטעס אין דער באַנאַכטיקער גאַס. און מיטאַמאָל דערזע איך אין דער לעוואָנע־שײַן, אַ שאָטן פון אַ מענטשן. דאָס איז ער. ווער דען אַנדערש קאָן זיך דאָ באַווײַזן אַזוי שפּעט אין דער נאַכט?

— איר האָט מיך דערקענט? — פרעגט מיך דער שוין מיר באַקאַנטער הער פינק.

— זיכער, איך קוק אַף אײַך אַרויס די גאַנצע צײַט.

— איז אָט, איך טאָר דאָ לעבן אײַך לאַנג זיך ניט פאַרהאַלטן, כאָטש אײַער וואַך איז שוין אין מײַן רעשוס. זיי עסן בײַ מיר וועטשערע.

און ער טיילט מיט די סיטואַציע:

— די אַמעריקאַנער געפינען זיך איצט, אָן ערעך, פופצן קילאָמעטער פון הײַדנהײַם. עס קאָן זיך דאָ, מעגלעך, קאָנצענטרירן אַ סאַך דײַטשיש מיליטער. אַף דעם פּאַפּיר, וואָס איך גיב אײַך, איז אַלץ אָנגעצייכנט. פינף אַזייגער פאַרטאָג וועט דער באַראַק זײַן אָפן. איר דאַרפט פונדאַנען שטיל, אָן טומל זיך אַרויסציִען דורכן בערגל אַרויף אין דערבײַיִקן וועלדל, וואָס פירט צו אַ היפּשער וואַלד־לאַנקע. לינקס פון דעם וועלדל ציט זיך אַ גרויסער ריוו, וועלכן איר מוזט אומבאַדינגט אויסמײַדן, ווײַל פון יענער זײַט ריוו אין אַ דאָרפישן יישעוו געפינט זיך אַ זאָנדערקאָמאַנדע פון אַן עסעס־דיוויזיע.

דער באַנאַכטיקער גוטוויליקער גאַסט האָט אין אײַלעניש אָנגערופן די גאַס און דעם נומער פון זײַן הויז. ער האָט, געזעגענענדיק זיך, אַרײַנגעשטופּט דורך די גראַטעס צוויי פּעקעלעך סיגאַרן און סיגאַרעטן:

— פאַר אײַך און פאַר אײַערע קאַמעראַדן.

צו צוועלף אַזייגער באַטאָג האָבן מיר לויט דעם הער פינקס אָנגעצייכנטן פּלאַן שוין דערגרייכט דעם וואַלד־ראַנד, וואָס פירט צו אַ גרויסער וואַלד־לאַנקע. עס האָבן צו אונדז זיך בוילעט דערטראָגן זאַלפּן פון האַרמאַטן און מינענוואַרפערס. מיר האָבן אָבער באַשלאָסן ניט אַרויסגיין פונעם וואַלד, ביז עס וועט זיך ניט אײַנשטילן דאָס שיסערײַ. מיר האָבן בלויז פון מאָל צו מאָל אַכטונג געגעבן, וואָס עס טוט זיך אַף דער לאַנקע. די זאַלפּן זײַנען געוואָרן געדיכטער. עמעצער פון אונדזערע האָט בײַ מיר פון צווישן דעם שלייף און דעם אויער אַראָפּגענומען אַ שפּליטער, וועלכער האָט, צום גליק, קומענדיק פריִער אין באַריר מיט אַ צווײַגל פון אַ בוים, פאַרלוירן זײַן שלאָג־קראַפט. יאָ, עס האָט מיר אויך דאָס מאָל, דאַנקען גאָט, אָפּגעגליקט. ס'איז מיר אין דעם מאָמענט אויפגעקומען אַפן זיכּאָרן דער פראָנט־עפּיזאָד אין יענעם פאַרטאָג, ווען אונדזער טייל האָט אַ צווייט מאָל פאַרנומען די פּאָזיציע בײַם דערפל טשאַרנאַיע, וואָס אַף דער סמאָלענשטשינע, בעשאַס אַן אָנפאַל פון אַן עסקאַדריליע „מעסערשמיטן“. איך בין געבליבן ליגן האַרט צוגעטוליעט צו דער ערד אונטער אַ ברייטן קוסט, און אַ מעטער צוואַנציק פון מיר איז געלעגן איינער אַ כאַווער פון אונדזער ראָטע, שרײַט ער פון זײַן באַהעלטעניש:

— קריך אַריבער, ברודערקע, צו מיר, אונטער מײַן בערגעלע וועט אונדז זײַן הימלעכער. פויל זיך ניט און קריך אַריבער.

דאָך האָב איך אים געפאָלגט. און פּלוצעם, ווי נאָר איך האָב זיך דערנעענטערט צו אים, האָט פּינקטלעך אַף דעם זעלבן אָרט, וווּ איך בין געלעגן, זיך אויפגעריסן אַ באָמבע. די צופעליקײַט האָט מיך דערשראָקן.

— אָט זעסטו, פרײַנטעלע, — זאָגט ער צו מיר, — דו ביסט געבוירן געוואָרן אין אַ זײַדן העמדל. צו יעדן שלימאַזל דאַרף מען האָבן כאָטש אַ ביסעלע מאַזל...

מיטאַמאָל איז געוואָרן שטיל. מיר זײַנען פאָרזיכטיק אַרויס אַפן סאַמע ראַנד פון וואַלד און האָבן דערזען, ווי איבער דער לאָנקע האָבן זיך דורכגעטראָגן צוויי פּאַנצער־מאַשינען מיט אַמעריקאַנער צייכנס אַף די באָרטן, און איבער דער אַנטקעגנדיקער זײַט פון דער לאָנקע האָבן זיך באַוועגט סאָלדאַטן מיט אַווטאָמאַטן.

מיר האָבן לאַנג ניט געוואַרט. איינער פון אונדז האָט צעוויקלט אַ ווײַסן לײַוונט מיט אַן אָנגע־

מאָלטן אף אים רויטן קרייץ, וואָס מיר האָבן מיט זיך געפירט אונטערוועגס, און זיך געלאָזט אנט־קעגן די פאנצער־מאשינען, וועלכע האָבן, פארלאנגזאמענדיק די באוועגונג, זיך אָפּגעשטעלט נאָענט לעבן אונדז. לויט די ווייסע צוויי בוכשטאבן אף אונדזערע מאלבושים האָבן די אמעריקאנער גלייך דערקענט, אז מיר זיינען רוסישע סאָלדאטן. עס האָבן זיך דערטראָגן צו אונדז פריינטלעכע אויסרופן: „ראשן סאָלדזשען", „אמעריקען ענד ראשן סאָלדזשען — פריינדשיפ!" ס'זיינען אויך אהער צוגעקר־מען דריי סאָלדאטן נעגערס מיט אווטאָמאטן אף די אקסלען, וועלכע האָבן שמייכלענדיק געהאלטן אין איין מאלעגיירען זייער קיי־גומי, אנטפלעקנדיק זייערע געדיכטע שניי־ווייסע ציינער.

די, וואָס האָבן זיך געפונען אין די פאנצער־מאשינען, האָבן בעשאסמייסע אונדז מעכאבעד געווען מיט סיגארעטן און מיט פעקעלעך גאלעטן און אויך פאַרגעלייגט עפּעס א געטראנק פון זייערע פליאגעס. מיר, פון אונדזער זייט, האָבן גליקלעכע געקוקט איינער אפן אנדערן, באגריסנדיק זיך מיטן ערשטן עטאפ פון אונדזער באפרייונג פון דער היטלערישער געפאנגענשאפט.



נאָך דער באפרייונג פון דער געפאנגענשאפט. אפן פאָדערפלאן פון רעכטס אף לינקס: וואסילי פילימאָנאָוו, דערנעבן — דער אווטאָר פון דער דערציילונג, פיאָדאָר וואָלקאָוו, יאקאָוו באָלסון, פיליפ סאמוסיאָוו און אנד.

איינגיכן האָט זיך באוויזן אן אָפיצער פון די ווייסע אמעריקאנער. קיינער האָט בא אונדז קיין שום דאָקומענטן ניט געפאָדערט, אפילע די נעמען ניט פארשריבן. דער אָפיצער האָט געהייסן אונדז אָנהאָדעווען און גלייך אויסגעטיילט צוויי פון די סאָלדאטן־נעגערס, וועלכע זאָלן אונדז באגלייטן צו א יישעוו ווייטער פון דער פראָנט־ליניע, ווייל עטוואָס רעכטס פונדאנען, קימאט באם סאמע ראנד פונעם וואלד, האָט מען נאָך געקאָנט זען עטלעכע אָנגעצילטע מינענווארפערס מיט שלאכטלייט לעבן זיי.

אונדזער ווייטערדיקער וועג איז געלעגן פארביי דער פאָרשטאָט פון דעם זעלבן היידנהיים, ווו אף די גאסן און אף אלע קרייצוועגן זיינען שוין געשטאנען רעגולירער אין דער אמעריקאנער אוניפאָרם. נאָך אָט דער ניט־גרויסער שלאכט פאר באהערשן דעם ראיאָן האָט זיך שוין אָנגעמערקט אן אופלעבונג פון דער אָרטיקער ציווילער באפעלקערונג. די מאכט האָט זיך געביטן. אויס „הייל היטלער!", „נידער מיט די האקנקרייצן!" קאָן מען שוין הערן פון אנדערע פריער העכסט דיסציפלי־נירטע אָדער אנטיפאשיסטיש געשטימטע דייטשן.

א קילאָמעטער פינף פון היידנהיים האָבן אונדזערע באגלייטער, לעבן א יישעוו אף דער טראסע, וואָס פירט קיין אונטערקאָכען, מיט אונדז זיך געזעגנט, פריער אָפּזוכנדיק צוזאמען מיט אונדז א הויף אף נאכטלעגער. אין הויף האָט זיך ארומגעדרייט אן אלט פאָרפאָלק. די איינציקע באלעבאטים

פון דער ווירטשאפט, בא וועמען מיר האָבן געבעטן אונדז וויזן, ווו מע קאָן אופזידן אָקרעפ פאר טיי. אף נאכטלעגער האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט אין א וואַרעמער שטאָל, וואָס איז געווען האַלב-פול מיט פרישן היי.

מיר האָבן ארויסגעלייגט עטלעכע פושקעלעך קאָנסערוון, צוקער און ברויט, וואָס די אמעריקאַנער האָבן אונדז מיטגעגעבן אין וועג אריין, און אָפגעפראוועט ניט קיין שלעכטע פרייע וועטשערע.

ניט געקוקט אף דער מידקייט און אף דער עמאָציאָנעלער איבערגעלאָדנקייט נאָך אזא איבערבראָך אין אונדזער לעבן און פאר אָט דעם לעצטן מעסלעס, האָבן מיר לאַנג אף דעם פרישן היי ניט געקאָנט אנשלאָפן ווערן. מע האָט ביז האַלבער נאכט גערייגעט און ארומגעטראַכט, ווען און וויאזוי מיר וועלן זיך דערקלייבן צו אונדזערע, און דעריקער, וויאזוי עס וועט פאָרקומען די פראָצעדור פון אנערקענען געוועזענע געפאנגענע אלס ערלעכע סאָוועטישע מענטשן, ווייל אף אלעמען, פארשטייט זיך, האָט אָן אופהער געדריקט די זינד פון דער געפאנגענשאפט, ווי אומשולדיק מע זאָל ניט זיין, ווייל דער שטרענגער צוגאנג צו אָט דער קאטעגאָריע פראָנטאָוויקעס איז שוין אונדז פון לאַנג געווען באוווּסט.

אין דער קימאט שלאָפלאָזער נאכט איז אויסגעפאלן א פריליינגדיק רעגנדל, אזוי אז גאנצפרי האָט דער אומבאקאנטער פאר אונדז דייטשישער יישעוו אויסגעזען ווי א פארכאָלעמטער און אויסגעוואשענער פון אלע שטויבן פונעם פארגאנגענעם טאָג. אין אויסגעלייטערטן הימל האָט גרויסארטיק זיך באוויזן די זון, וועלכע האָט ווידער דערוואַרעמט און פארגאָסן מיט שיין די אָפגעפרישטע און אָפגעקילטע נאטור. און מיר, פול מיט פרייד און האָפענונג, האָבן איבער דער נאָך פייכטער, אספאַלטירטער טראסע זיך געלאָזט אין וועג אריין, צו נאָך איין אומבאקאנטן יישעוו.

## אין צייטווייליקן זאמלפונקט פאר פארוואָגלטע פערזאָנען

נאָך מיטיקצייט האָבן מיר זיך דערקליבן צו אונטערקאָכען, ווו עס האָבן אף די ראנד-גאסן זיך געוואָרפן אין די אויגן זעלטן-ווו רויניִרטע הייזער — שפורן פון א דורכגעגאנגענער פראָנט-ליניע. דאָס דאָזיקע אָרט האָט געמאכט דעם איינדרוק פון א גאנץ פיינעם שטאָטישן יישעוו מיט דורכויס אספאלטירטע גאסן, מיט א טיפישן פייזאזש פון א סאך אזעלכע יישווּים אין דאָרעם-מיירעוודיקן דייטשלאנד — צוויי- און דריישטאָקיקע הייזער פון רויטע ציגל מיט דאָסראָוו הויכע דעכער פון גאָטישן סטיל, געדעקטע מיט רויטע טשערעפיצעס. די פריליינגדיקע זון האָט שוין גוט צוגעוואַרעמט, און מענטשן זיינען ארויס אף די גאסן אין זייערע פילקאָלירקע זומערדיקע קליידער, פירנדיק צווישן זיך לעבהאפטע און האָפערדיקע געשפרעכן, — מע האָט דאָך אזויפיל צייט ניט גערעדט אזוי פראנק און פריי, ווי איצט.

אין דעם ניט-גרויסן יישעוו האָט מען אין יענער צייט אף די גאסן געקאָנט הערן די פארשיידנסטע דיאלעקטן פון סלאווישע שפראכן — רוסיש, אוקראַיניש, ווייסרוסיש, פויליש, וואָס שוין דאָס אליין האָט געזאָגט איידעס וועגן אָט דעם הויפּט-קאָנטינגענט, וועמען די היטלעריסטן האָבן אין די מילכאָמע-יאָרן ארויסגעפירט פון די אָקופּירטע שטאָכים אף צוואנגס-ארבעט קיין דייטשלאנד. איצט האָבן זיך דאָ אויסגעמישט אלע צוזאמען — די אזויגערופענע ציווילע מיט די געוועזענע קריגס-געפאנגענע, געגעסן און וואַרעמעסן אין איין קיך, וועלכע די אמעריקאנער האָבן אָרגאניזירט אין א געוועזענעם קאפע-הויז, אויך באקומען פון איין שפייז-קאמער ברויט, קאָנסערוון און אנדערע פראָדוקטן צו די פרישטיקן און אָוונטברויטן.

די אמעריקאנער מיליטערישע אדמיניסטראציע איז דאָ געווען פאָרגעשטעלט סאַכאַקל מיט איין אָפיצער און צוויי סערזשאנטן, וועלכע האָבן זיך פארנומען מיט דער אָרטיקער אָרדענונג און מיט די רעפאטריאנטן, באזאָרגנדיק זיי דעריקער מיט עסנווארג און מיט געוויינלעכער שטייגער-באדינונג. דער צייטווייליקער זאמלפונקט אָן באראקעס, אָן קאַנוואָירן האָט אלעמען באפרידיקט: פרייע פייגלען.

אין דעם יישעוו זיינען צו דער צייט נאָך געווען גענוג פוסטע הייזער מיט גאנץ פיינע הויפן, פונוואנען זייערע באלעבאטים האָבן זיך עוואקוירט, מוירע האָבנדיק פאר גרויסע שלאכטן. מע האָט זיך דאָ איינגעאָרדנט לויט דער האסקאָמע פונעם אמעריקאנער קאָמענדאנט און דעם אָרטיקן לאנדראט צו עטלעכע מענטשן, ווער-ווו און מיט וועמען עס געפעלט. איינִיקע האָבן זיך אפילע באזעצט אין באוווינטע הייזער מיט אלע באקוועמלעכקייטן.

די דייטשן האָבן נאָך די אָקאָרשט פאָרגעקומענע ענדערונגען בא זיך אין לאנד געביטן זייער באציִונג צו די אויסלענדער און באזונדערס צו די סאָוועטישע מענטשן, ארויסווייזנדיק בארעמהארציקייט צו די געפלאָגטע. די געוועזענע געפאנגענע זיינען צוביסלעך געקומען צו-זיך. מע האָט אראָפגעוואָרפן די מאלבושים מיט די היטלערישע צייכנס פאר די סאָוועטישע קריגס-געפאנגענע,

זיך געגומען ארומקוקן, אייניקע האָבן צווישן דער מאסע אסירים געפונען זייערע לאַנדסלײַט, גלאַט באַקאַנטע אָדער זיך אפּסגײַ באַפרײַנדעט.

איך בין, ווי ביז אהער, פאַרבליבן מיט וואסילי פילימאָנאָוון, דעם געוועזענעם ראַטנע פּאָליטרוק, מיר האָבן פאַרנומען אײַנצווייען א צימער און, ווי נאָרוואָס באַפרײַטע, געהאלטן אין איין זיך באַטראַכטן און ארומקוקן, אַף וואָס פאַר א וועלט מיר זײַנען.

אין איינעם א טאָג האָבן מיר דאָ, אין אונטערקאַכען, פאַרבלאָנקעט אין א הויז און אָנגעטראָפן אַף עטלעכע מיידלעך פון פאַרשיידענעם עלטער, ארויסגעפירטע אַף צוואַנגס־ארבעט פון אוקראַיִנע. צווישן די פינף כאַווערטעס איז איינע געווען פון מײַנע מעקוימעס, פון א דאָרף הינטער קאַמענעץ־פּאָדאָלסק. איינע פון זיי, נאָך גאָר א יונגינקע. ווען זי איז אַלט געווען סאַכאַקל פערצן יאָר, האָט מען זי אהער פאַרשלעפּט פון הינטער וויניצע. דערנעבן איז געזעסן אויך א יונגע, א מעובערעסע אין די טיפע כאַדאָשים, ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אָן א מאַן. אַפן טיש איז גראַדע געשטאַנען א טשײַניק מיט זודיקן אָקרעפּ, האָבן די מיידלעך אונדז היימיש פאַרגעלייגט צו טעפּעלעך טיי, פאַרפּאַרעט אַף צוויט פון גראָזן. זיצנדיק געמיטלעך ארום טיש, האָבן מיר איינער דעם אנדערן דערציילט וועגן דעם דורכגעלעבטן אין די ביטערע מילכאָמע־יאָרן.

איך און וואסילי האָבן זיך דערבײַ געשעצט גליקלעך, וואָס מיר זײַנען צום ערשטן מאָל אזוי צופעליק ארײַנגעפאלן אין אן אייגענער סוויווע, דערמונטערט פון צאַרטע פרוייִשע שמייכלען. דערנאָך פלעגן מיר זיך שוין מיט זיי אָפט באַגעגענען ווי אלטע באַקאַנטע בעשאַס די וואַרמעסן אין דער גאָרקיך און איין מאָל אין דרײַ טעג לעבן דער שפּײַזקאַמער, וווּהין א צוגעפעסטיקטער צו אונדז אמעריקאַנער אָפיצער, א טשעך לויט דער נאַציאָנאַליטעט, א צוגעלאָזטער און גוטמוטיקער מענטש, פלעג מיט זײַן אווטאָקאַר רעגולער ארײַנפירן קאָנסערווירטע פּראָדוקטן, ברויט און גרויפּן.

אלס פאַרמיטלער מיטן אָפיצער און אלס באַפולמעכטיקטער פון דער אמעריקאַנער קאָמענדאַטור איז געווען עמיל קמיטאָוויטש, א געוועזענער אָפיצער פון דער פּוילישער ארמיי. ער און איך אלס זײַנער א געהילף זײַנען געווען באַרופן, עס זאָלן רעכטצײַטיק אויסגעטיילט ווערן פאַר דער גאָרקיך די נייטיקע פּראָדוקטן, זי זאָל ארבעטן אָן איבערשלאָגן און אויך אכטונג געבן אַף דער קוואַליטעט פון די צוגעגרייטע מײַכאָלים. צוליב דעם איז יעדן טאָג אויסגעטיילט געוואָרן פאַר דער קיך א בריגאַדע דעזשורנע פון דרײַ מענטשן.

נאָך אזויפיל יאָרן זײַן אָפּגעריסן פון א נאָרמאַל לעבן האָט בא יעדערן זיך אנטפּלעקט א ווילן זיך צו אַקטיוויזירן, אופטאָן עפּעס נוצלעכס ניט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך פאַר די ארומיקע. דערצויגענע אין גײַסט פון א געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן ארט לעבן, האָבן מיר אפילע געפּרוּווט ארויסלאָזן אונדזער אייגענע וואַנטצײַטונג און זי אָנגערופן מיטן נאָמען „אַף דער פרײַ". צוזאַמען מיט וואסילי פילימאָנאָוון האָבן מיר געזאַמלט באַם אוילעם נאָטיצן, פאַרשיידענע דערמאָנונגען, לידער און הומאָרעסקעס, געווידמעט דעם זיג איבערן פאַשיזם. צוויי מיידלעך, איינע א געוועזענע דערציִערן אין א קינדער־גאָרטן, די צווייטע א כעזשבנפירערן אין א קאָלווירט, האָבן געמאָלט די קעפּלעך, איבערגעשריבן די נאָטיצן פון דער האַנט.

די פאַרביקע וואַנטצײַטונג מיט א מעלדונג אין דער פאָרם פון א בריוו־קאַסטן צום סאָף האָבן מיר אופגעהאַנגען, אַלע זאָלן זי קאָנען לייענען, באַם ארײַנגאַנג אין דער גאָרקיך.

צווישן דער פאַרשיידנשפּראַכיקער מאַסע מענטשן האָבן זיך אָפּגעזוכט האַרמאָניסטן, גיטאַריסטן, זינגער, מאַסאָוויקעס — מיט איין וואָרט ליבהאָבער, וועלכע האָבן לאַנג זיך ניט געלאָזט בעטן צו פאַרווײַלן דעם אויסגעניכטערטן אוילעם אין א באַליביקן לאָקאַל, אפילע אַף דער גאַס. ס'איז געווען א באַגײַסטערנדיקע, פול מיט האָפענונגען סאָפמילכאָמעדיקע צײַט. מע האָט אופגעכאַפּט און מיט הארץ געזונגען פּאָפּולערע מילכאָמע־לידער, וועלכע זײַנען ביז אהער דעם אוילעם געווען אומבאַוווּסט, מע האָט זיי איבערגעשריבן איינער באַם אנדערן. איך אליין האָב אַף שריט און טריט געזונגען: «На позицию девушка провожала бойца...», «Вьется в тесной печурке огонь...»

אזויארום, האָט קימאַט סטיכייִש איינמאָל זיך צונויפגענומען אן אָוונט פון קינסטלערישער זעלבסטעטיקייט, אַף וועלכן עס האָבן געקלונגען רוסישע, אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע, פּוילישע לידער, קינסטלערישע פאָרלעזונגען, פאָלקס־טענץ. קיין מעניִע אין אָנטיילנעמער זײַנען ניט געווען. אַף אָט דעם אָוונט, געדענקט זיך מיר, איז אפילע ארויסגעטראָטן דער באַלעבאָס פון אונדזער שפּײַז־בלאָק עמיל קמיטאָוויטש. פאַרליבט אין איינער א נאַדיע, אן אוקראַיִניש מיידל פון הינטער טשערניגאָוו, האָט ער מיט איר ספּעציִעל אויסגעלערנט דעם פּוילישן פאָלקס־טאַנץ „אָבערעק" און איז צוזאַמען מיט איר ארויסגעטראָטן אַף דעם אָוונט. עמיל איז געווען עלטער פון זײַן געליבטער אַף גאַנצע צען יאָר, האָט עס אים, פאַרשטייט זיך, באַזונדערס אימפּאָנירט.

שפּעטער, ווען עס איז פאַר יעדערן געשטאַנען די פראַגע וועגן אומקערן זיך אַהיים, איז צווישן אָט דער פּאָר אַנטשטאַנען אַ וויקועך: עמיל האָט געוואָלט, אַז נאַדיע זאָל פאָרן מיט אים קיין פּוילן, און זי, נאַדיע, פאַרקערט — פאָרן אין איר לײַבלעכער היים אויף דער טשערניגאָוושטשינע — צו די אייגענע, צו דער מאַמען.

וואָס שײַעך קמיטאָוויטשן, האָט ער בכלל צײַטווײַליק זיך אָפּגעהאַלטן פון פאַרלאָזן דײַטשלאַנד.

— ס'איז נאָך ניט קלאָר פאַר מיר, וואָס פאַר אַן אָרדענונג עס וועט זיך אײַנשטעלן אין מײַן פּילגעליטענעם פּוילן, — האָט ער געצווייפלט.




באַ אַרויסלאָזן אַ וואַנטצײַטונג אין זאַמלפּונקט פון איבערגעזידלטע פּערזאָנען. פון רעכטס — וואַסילי פּילימאָנאָוו, דער אוטאָר פון דער דערציילונג און אַנד.

— און קיין סאָוועטנפאַרבאַנד, — האָט עמיל געזאָגט נאַדיען, — וועל איך זיך אויך ניט אַריבערקלײַבן, ווײַל כ'האָב זיך גענוג אָנגעהערט וועגן די מאַסנווע רעפּרעסיעס פון טויזנטער אומשולדיקע מענטשן, וועגן סטאַלינס פּאָזשאָנדקעס. — קמיטאָוויטש האָט בעקיוון באַניצט דאָס פּוילישע וואָרט אַנשטאָט דעם רוסישן וואָרט פּאָריאַדקעס. — איז צוליב וואָס דאַרף איך קריכן מיטן קאָלטן קאָפּ אין דער הייץ אַרײַן... איך בין פאַר מאַרקסן, פאַר לענינען, — האָט ער פּאָרגעזעצט זײַנע מאָטיווירונגען, — נאָר אין סטאַלינס קאָלכאָזן וועל איך ניט גיין. כאָטש איך קען די ערד און האָב ליב דאָס דאָרף, ווײַל איך בין אַליין אַ זון פון ערדאַרבעטער.

נאַדיע האָט מיט טרערן אין די אויגן געטײַנעט צו קמיטאָוויטשן:

— איך האָב דאָך אויף מײַן אוקראַינע אַ היים. דאָרטן וואַרט אויף מיר די מאַמע, מײַנע אייגענע.

נאַדיעס רייד, איר ווייך און זאַפטיק אוקראַיִניש לאָשן האָבן קמיטאָוויטשן מיט זײַן האַרטן כאַראַקטער פון אַן אויסגעמושטירטן פּוילישן אָפיצער ניט איבערצײַגט. דאָ, אין דער פרעמד, האָט זי נאָך מער דערפילט איר אומבאַהאָלפנקײַט. זי איז געוואָרן שטיל און נאָכגיביק. אָט דער סיכסעך צווישן זיי איז פּאָרגעקומען שוין נאָך דעם, ווי זיי זײַנען געווען פאַרעגיסטרירט אַלס מאַן און ווײַב אין אַרטיקן לאַנדראַט לויט די דײַטשישע געזעצן.

לויט אונדזער איצטיקן נײַעם אַרט דענקען, נאָך דעם, ווי עס זײַנען אויפגעדעקט געוואָרן די שוידערלעכע סטאַלינישע רעדיפּעס, קומט אויס, אַז קמיטאָוויטש האָט ווי פּאָרויסגעזען די געשעענישן און איז געווען גערעכט אין זײַן וויקועך מיט נאַדיען. מיט דעם עפּשער האָט ער אויסגעמיטן אַזאַ גורל, ווי זײַנע לאַנדסלײַט — אָפיצערן פון דער פּוילישער אַרמיי.

פאַר אָט דער צײַט, וואָס כ'האָב זיך געפֿונען אין אונטערקאָכעז, פֿלעג איך מיט קמיטאָוויטשן זיך זען קימאַט אַלע טאָג, איבערהויפּט דעמלט, ווען עס פֿלעגן אַהער צוקומען פֿון אַנדערע ייִשובֿים נײַע מענטשן, וועלכע מע האָט געדאַרפֿט נעמען אויפֿן דיסקאָנט, צופּעסטיקן צו אונדזער שפּײַז־בלאָק, העלפֿן צוזוכן אַ צײַטווײַליקע וווינונג און גלײַך טאַקע אַרײַנשטעלן אין די צעטלען פֿון די, וואָס וועלן די ערשטע רעפּאַטרייִרט ווערן אין דער סאָוועטישער זאָנע.

מיך האָט ווייניק געאַרט קמיטאָוויטשעס האַרבער כאַראַקטער, פֿאַרקערט, ס'איז מיר געפֿעלן געווען אין אים זײַן פֿאַרכאַפּנדיקע און נײַגעריקע נאַטור, זײַן מיטפֿילנדיקע באַציִונג צו די געליטענע מענטשן, זײַן אַבליגאַטאָרישקייט און פּונקטועלקייט.

— אַלע די, וואָס לעבן דאָ צײַטווײַליק ביז דער רעפּאַטריִאַציע, — האָט ער איינמאָל דער־קלערט דעם פֿאָרשטייער פֿון דער אַמעריקאַנער קאָמענדאַטור, — זײַנען פּליטים, אויסגעהונ־גערטע און אָפּגעשוואַכטע, דאַרף מען זיי באַזונדערס אונטערהאַלטן, זיי זאָלן פֿיזיש און מאָראַליש קומען צו־זיך.

עמיל האָט דורכן לאַנדראַט אַפֿילו זיך דערשלאָגן, אַז די קראַנקע זאָלן באַזאָרגט ווערן מיט מילך.

דערוויסנדיק זיך, אַז איך בין אַ זשורנאַליסט, האָט ער איינמאָל פֿאָרגעלייגט:

— פֿאַר אײַך, געפֿינענדיק זיך שוין אויף דער פֿרײַ, דאַרף זײַן באַזונדערס וויכטיק נעענטער זיך באַקענען מיטן לעבנשטייגער פֿון די דײַטשן, צוליב דעם דאַרף מען זיך דורכפֿאָרן אין אַ פּאָר אַרבעטער־ייִשובֿים. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז עס לעבן דאָ עטלעכע געוועזענע הייסע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן, ס'וואָלט ניט געשאַט מיט אייניקע פֿון זיי זיך באַגעגענען, זיי זײַנען דאָך שוין איצט ניט בײַ דער מאַכט.

מיט איינעם אַזאַ געוועזענעם האָבן מיר זיך דורכגעשמועסט, ווי מע זאָגט, אויף גלײַכן. מיט דעם דײַטש אין גאָלדענע פּענסנע־גלעזער, וועלכן מע האָט געקאָנט זען שפּאַצירן מיט זײַן באַלאָנקע איבער די גאַסן פֿון אונטערקאָכען, האָבן מיר זיך געטראָפֿן אין זײַן רײַך־אויסגעשטאַטער זומערדיקער ווע־ראַנדע. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿונעם ווייכן פֿאָטעל, מעגלעך, צום ערשטן מאָל זיך געגריסט אָן זײַן געוויינלעכן „הײַל“, אונדז פֿאָרגעלייגט זיך זעצן. מיר האָבן זיך פֿאָרגעשטעלט אַלס זשורנאַליסטן.

דער שמועס מיט דעם אומבאַקאַנטן דײַטש האָט זיך אָנגעהויבן פֿונדערווײַטן — וועגן דער שטאָט און איר אומגעגנט, וועגן איר ניט ווײַטער פֿאַרגאַנגענהייט. דער מיטשפּרעכער האָט גערעדט געמאָסטן און געלאַסן, נאָכשפּירנדיק נאָך אונדזער רעאַקציע אויף זײַנע רייד. ער האָט אין גאַנג פֿון דעם שמועס געפּרוּווט דערווײַזן, אַז ניט אַלע דײַטשן זײַנען היטלעריסטן און אַז ניט אַלע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן האָבן זיך אויפֿגעפֿירט ווי פֿאַרכאַפּער. איצט האָט ער אַלע גרוילטאַטן פֿונעם פֿאַשיזם אַרופֿגעוואָרפֿן אויפֿן פֿיורער, אויף זײַנע באַפֿעלן, וואָס זײַנע דינער האָבן געמוזט אויספֿילן. „באַפֿעל — איסט באַפֿעל!“ — האָט ער אונטערגעשטראָכן.

מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַן אויסגעשפּראָכענער פֿאַשיסט. היטלערס מילכאָמע־מאַשין איז שוין געווען פֿולקום צעשמעטערט, ער האָט אָבער איבערגעלאָזט נאָך זיך ניט ווייניק פֿאַרביסענע און פֿאַרטײַטע יאָרשים. און אין דעם האָבן מיר שפּעטער זיך נאָך מער איבערצײַגט, ווען מיר זײַנען פֿאַר מײַן געזעגענען זיך מיט אונטערקאָכען צוזאַמען מיט קמיטאָוויטשן אַרײַנגעפֿאָרן קיין הײַדנהײַם, וווּ עס האָט זיך געפֿונען די ווילע פֿון דעם זעלבן שעף פֿון דער אונטערנעמונג, וועלכער האָט גע־האָלפֿן דער גרופּע געפֿאַנגענע אין יענע גרויליקע שאָען באַשאָלעם זיך אַרויסרײַסן פֿון דער לעצטער געפֿאַר, קעדיי אים איבערלאָזן אַ דאַנק־בריוו פֿאַר זײַן הומאַנישן אופֿטו.

שוין קלײַבנדיק זיך צוריק קיין אונטערקאָכען, האָבן מיר צופֿעליק אָנגעטראָפֿן אין הויף פֿון דער אַמעריקאַנער קאָמענדאַטור און מיר זײַנען געוואָרן זייער אויפֿגעבראַכט, זעענדיק, ווי עס זײַנען דאָ אַרומגעגאַנגען פֿראַנק און פֿרײַ, צוזאַמען מיט דער אַמעריקאַנער דינסט, אויסגעכאָליעטע דײַטשישע אָפֿיצערן אין דער פֿאַשיסטישער אוניפֿאָרם — מעגלעך יענע, וואָס האָבן צערויִנירט וואַרשע און געצונדן סאָוועטישע שטעט און דערפֿער. דאָס זײַנען שוין געווען ניט קיין פֿאַרטײַעטע, נאָר אָפֿענע יאָרשים פֿון דער היטלערישער וועראַמאַכט, מעגלעך דער קערן פֿון דער נאָכמילכאָמעדיקער נײַער מײַרעוו־דײַטשישער אַרמיי.

אויף צוריקוועגס, גייענדיק איבער די גאַסן פֿון הײַדנהײַם ביז דער אײַזנבאַן־סטאַנציע, האָבן מיר באַמערקט, אַז די שטאָט מיט איר זאַוואָדן פֿון מאַשינבויונג, מעטאַל־באַאַרבעטנדיקער און כע־מישער אינדוסטריע, מיט אירע פֿאַבריקן פֿון טעקסטיל, פּאַפּיר און אַנדערע מינים פּראָדוקציע האָט פֿון דעם צווייטן פֿראָנט קימאַט ניט געליטן, מיר האָבן געזען פֿאַר זיך אַ שטאָט מיט אָפֿענע קראָמען, מיט פֿאַרשיידענע אַנאָנסן און מעלדונגען אויף די צענטראַלע גאַסן, מיט אַ געדיכטער באַפֿעלקערונג, גלײַך ווי ס'איז דאָ קיין פֿראָנט ניט דורכגעגאַן.

אין אָט די מינוטן איז בײַ מיר אויפֿגעשווומען אין זיקאָרן אונדזער ברענענדיקע וויאַזמע אין אָקטיאַבער 1941 און נאָך אַן אַ שיר שטעטלעך און דערפֿער, פֿון וועלכע די היטלעריסטן האָבן גע־

מאַכט אַש און פּאָרעך, מאַמעש זיי אויסגעגלײַכט מיט דער ערד. אַזאַ איז אויך דער גורל פֿון מײַן היים, פֿון מײַן טאַטנס הויז אין דער ווײַטער פֿונדאַנען אוקראַיִנע.

פֿאַר דער צײַט, וואָס מיר זײַנען געווען אין וועג, איז דער אַמעריקאַנער אָפֿיצער — דער סימפּאַטישער גוטהאַרציקער טשעך ספּעציִעל אַרײַנגעפֿאָרן מיט זײַן אויטאָקאַר, קעדיי אַרויסהעלפֿן אין דער גאָרקיך און באַם אַרײַנגאַנג פֿון אונדזער שפּײַז־שפּײַכלער מעלדונגען וועגן דעם, אַז אין דרײַ טעג אַרום וועלן אַלע פֿאַרשריבענע אין די צעטלען רעפּאַטריִירט ווערן אין דער סאָוועטישער זאָנע. די יעדיִע האָט דער מערהײַט אוילעם דערפֿרייט, אַנדערע האָבן זיך פֿאַרטראַכט.

אין אָוונט האָט די האַרמאָניק ווידער געשפּילט אין הויף באַם אַרײַנגאַנג אין אילויזיִאָן. די יוגנט, באַזונדערס די מיידלעך, האָט געזונגען די לירישע און האַרציקע מילכאָמע־לידער, וועלכע האָבן באַ אַלעמען אַרויסגערופֿן אַ בענקשאַפֿט צו זייערע היימען, צו זייערע אייגענע. איך האָב דאָ געטראָפֿן אונדזערע אַלטע באַקאַנטע — פֿיר פֿון די פֿינף מיידלעך פֿון אוקראַיִנע, וועלכע האָבן מיך מיט פֿילימאָנאָוון אַזוי פֿרײַנטלעך אויפֿגענומען, ווען מיר האָבן גראַדע צו זיי אָנגעטראָפֿן דעם ערשטן טאָג נאָך דער באַפֿרײַונג. די פֿינפֿטע כאַווערטע זייערע איז שוין געוואָרן אַ מאַמע. זי האָט געבוירן אַ צווילינג — אַ מאַטאָנע דער מאַמען.

די מיידלעך זײַנען פֿאַרזאָרגט, וויִאַזוי גיכער צו דערפֿירן די געווינערן מיט די צוויי אייפֿעלעך אַהיים אין איר דאָרף הינטער וויניצע. איינע פֿון די כאַווערטעס האָט זיך אונטערגענומען זי באַגלייטן ביז אַהיים, ווי שווער עס זאָל ניט זײַן.

אַזוי גייט דאָס לעבן. וויפֿל מענטשן — אַזויפֿיל גויראָלעס. דאָס האָט באַוויזן די צײַט אַליין און די אומשטאַנדן אַרום איר. דער אוילעם ווייסט, אַז מע דאַרף זיך שוין פֿונדאַנען גרייטן אין וועג אַרײַן. אָבער דערווײַל האָט נאָך געשפּילט די האַרמאָניק, און די געזאַנגען און טענץ פֿון דער אויפֿגעלעבטער יוגנט האָבן זיך פֿאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן. ס'איז געווען אַ נאַכט פֿון אָנהייב זומער — אַ וואַרעמע און לעוואָניקע. זי האָט מיר דערמאָנט די נעכט און די אָפּדערנאַכטן אין מײַן שטעטעלע אויף אוקראַיִנע, מיט איין אונטערשייד, וואָס מע האָט דעמלט שפּאַצירט ניט אויף קיין פֿרעמדער, נאָר אויף דער אייגענער ערד, און זיך געלייגט שלאָפֿן אויפֿן געלעגער, וואָס די מאַמע האָט דיר צוגעגרייט. כ'האָב אַ בליק געטאָן אויף אַ גרופּע אוקראַיִנישע און ווײַסרוסישע מיידלעך, וואָס זײַנען געזעסן אין אַן ענגן קרײַז, זיי האָבן זאַפּטיק געלאַכט און מיידלש זיך געשושקעט. סאַראַ יונגע שיינהײַטן!

מיטאַמאָל, ווען די האַרמאָניק איז אויף אַ ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן, האָבן זיי זיך געווענדט צו איינער פֿון זייערע כאַווערטעס מיט אַ שטיפֿערישן אַרויסרוף:

— טאַנץ, פֿרידע, דײַן ליאַוואָניכע!

ס'האָט מיך אַ ריר געטאָן באַ דער נעשאָמע. פֿונוואַנען האָט זיך אַהער געגומען אַ מיידל מיט דעם נאָמען פֿרידע? דער האַרמאָניסט, אַ סערזשאַנט מיט שלאַכט־אָרדענס און מעדאַלן, האָט נאָך אַ פּאַוזע ווירטואָזיש אַ פֿיר געטאָן מיט אַלע פֿינגער איבער די פֿאַרשיידנפֿאַרביקע קנעפּלעך פֿון זײַן האַרמאָניק, מיט אַ שמייכל אַ בליק געטאָן אין דער זײַט פֿון דער גרופּע מיידלעך, פֿונוואַנען פֿרידע האָט האַסטיק זיך אַ ריס געטאָן פֿון איר אָרט, ווי אַן אָנגעשראָקן פֿייגעלע פֿון דער נעסט, און איז אַרײַן אין קרײַז מיט לײַכט צעשפּרייטע עלאַסטיש־באַוועגלעכע הענט.

פֿרידעס אימפּראָוויזירטער טאַנץ האָט אין זיך אַרײַנגענומען עלעמענטן פֿון דער ווײַסרוסישער ליאַוואָניכע, פֿונעם אוקראַיִנישן האָפּאַק און פֿון דעם יִידישן פֿריילעכס.

ווער איז די פֿרידע? — האָט מיך געמאַטערט די נײַגעריקײַט. כ'האָב זיך דערוואַרט ביז צו אָן אָרדנטלעכן מאַסן־טאַנץ, זיך דערנעענטערט צו דעם שוואַרצכיינעוודיקן מיידל און שעמעוודיק זי אײַנגעלאַדן. דער האַרמאָניסט האָט מיט אַ שטאַרקן געפֿיל געשפּילט די פּאָפּולערע פֿאַרמילכאָמעדיקע טאַנגאָ — וועגן דעם, ווי „די מידע זון האָט צאַרט מיט דעם יאַם זיך געזעגנט...”, און מײַנע פֿיס האָבן ניט געפֿאָלגט — שוין אַזויפֿיל יאָרן ניט געטאַנצט! איך בין אָבער געווען פֿאַרינטערעסירט אינעם געשפּרעך, וועלכן איך האָב זיך באַמיט אָנבינדן דעם אומבאַקאַנטן מיידל.

— מיך רופֿט מען פֿרידע, — האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן.

— דאָס ווייס איך שוין. איר זעט אויס צו זײַן אַ יִידישקע. ווי קומט איר אַהער?

פֿרידע האָט מיט אַ קוים באַמערקבאַרן זיפֿץ אַ קוק געטאָן אויף מיר, אַראָפּלאָזנדיק אירע שוואַרצע אומעטיקע אויגן.

— איך שטאַם פֿון מינסק, — האָט זי פֿאַרטרוילעך אָנגעהויבן דערציילן, — געלערנט אין צוויי שולן, אין אַ געוויינלעכער און אין אַ כאָרעאָגראַפֿישער. מײַן טאַטע האָט געוואָלט, איך זאָל שיין טאַנצן. די פֿאַשיסטן האָבן אים דערשאָסן אויפֿן גאַנעק פֿון אונדזער שטוב.

באַ די רייד האָבן באַ פֿרידען זיך אַראָפּגעגליטשט פֿונעם געזיכט עטלעכע שווערע, ווי טראָפּנס קוועקזילבער, טרערן.

די מוזיק איז שטיל געוואָרן. ווען איך האָב זיך באַמיט באַגלייטן פֿרידען צום ווינקל, ווו עס זײַנען געזעסן אירע כאַווערטעס, האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן אין דער קעגנ־איבערדיקער ריכטונג.

— דאָרט וואַרט אױף מיר מײַן מאַמע, — האָט זי אָנגעוויזן אױף אַ ווײַסער מאַסיווער קאָלאָנע, לעבן וועלכער ס'איז געשטאַנען אַ הויכע פֿאַרומערטע פֿרוי מיט אַ געלבלעך־פֿאַרטריקנט פּנים, וואָס עס האָט זי געמאַכט ענלעך אױף אַ לעבעדיקן סקעלעט. אַליין די פֿרוי האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגעבראַכט. פֿאַר איר האָט פֿאַרגעזעצט ריידן פֿרידע, די טאָכטער אירע:

— מײַן מאַמע איז פֿון דײַטשישער אָפּשטאַמונג, אַ פֿאָלקס־דויטשע. דערפֿאַר האָבן די נאַציסטן אונדז בלויז פֿאַרטריבן קיין דײַטשלאַנד אױף צוואַנגס־אַרבעט.

איך בין געבליבן שטיין אין אַ זײַט און לאַנג ניט געוואָלט פֿאַרלירן פֿרידען מיט איר מאַמען פֿון מײַנע אויגן. דער אוילעם האָט אָנגעהויבן זיך פֿאַנאַנדערגיין, און דער שוין מידער נאָכגיביקער האַרמאָניסט האָט אָפּגעשפּילט דעם לעצטן געזעגענונגס־וואַלס.

באַם אַרויסגאַנג פֿון דעם לאָקאַל האָב איך זיך ווידער דערנעענטערט צו פֿרידען און איר פֿאַרגעלייגט זיך באַגעגענען מיט איר נאָך ביז דעם אַרויספֿאָר פֿון אונטערקאָכען.

## מיטן עשעלאָן צו דער סאָוועטישער זאָנע

ביז דער רעפּאַטריִאַציע צו דער סאָוועטישער זאָנע זײַנען פֿאַרבליבן געציילטע טעג, און יעדערער איז שוין גרייט געווען מיט אַלע זײַנע ניט־כיטרע קלומעקלעך זיך לאָזן אין וועג אַרײַן. די געוועזענע קריגס־געפֿאַנגענע, וועלכע האָבן ביז אַהער נאָך געטראָגן די שוין דערעסענע טונקל־גרינע דײַטשישע מאַלבושים מיט די צייכנס פֿון ווײַסער אייל־פֿאַרב אױף דער פּלייצע און אױף די קני, האָט מען אין איין שיינעם טאָג אױף מיליטערישע פּראַכט־אַווטאָמאָבילן אַרײַנגעפֿירט אין דער שטאָט אַאַלען, ווו די אַמעריקאַנער האָבן אַנטפּלעקט אַ דײַטשישן סקלאַד מיט בערג פֿון אַלטן שוכוואַרג און געטראָגענע קליידער, יעדער זאָל דאָרט, לויט זײַן מאָס, עפּעס אונטערקלײַבן פֿאַר זיך. און מ'האָט אָנגעהויבן זיך צו ראָיען, ווי די מוראַשקעס אין אַ מוראַשניק.

ס'איז מיר בעשאַסמײַסע אױפֿגעקומען אַפֿן געדאַנק: פֿונוואַנען האָבן זיך אַהער גענומען אַזעלכע בערג מיט געטראָגענע קליידער? אױף דעם ענטפֿער בין איך אַרױפֿגעקומען שפּעטער, ווען איך האָב זיך שוין געפֿונען באַ אונדזערע אין דער סאָוועטישער זאָנע און דאָרט זיך אָנגעזאַפּט מיט שוידערלעכע אינפֿאָרמאַציעס וועגן די פּילצאָליקע מאַסן־צעשיסונגען, וואָס די היטלעריסטן האָבן דורכגעפֿירט איבער די סאָוועטישע מענטשן, באַזונדערס קעגן די ייִדן, ווען זיי פֿלעגן צווינגען זיך אויסטאָן באַ די גריבער פֿאַרן מאָרד.

אין מײַן קויעך־האַדימיען איז אױפֿגעשווומען איינע אַ ליד, געווידמעט די אַסירים פֿון די פֿאַשיסטישע טויט־לאַגערן, וועלכע איך האָב אויסגעלייענט אין אַ טשעכישער אויסגאַבע, אונטערן נאָמען „דער שיקזאַל פֿון דעם ייִדישן מוזיי אין פּראָג”.

Einen Berg hab ich gesehen,
Er war höher als der Montblanc
Und heiliger als der Berg Sinai.
Nicht im Traum — in Wirklichkeit.
Auf dieser Erde —
So einen Berg hab ich gesehen
Aus jüdischen Schuhen in Majdanek.

באַ דער ערשטער מעגלעכקײַט האָב איך אָט די מאַלבושים פֿון זיך אַראָפּגענומען.

אין יענעם טאָג, ערעוו דעם אַרויספֿאָר פֿון אונטערקאָכען, האָט יעדער באַקומען אין וועג אַרײַן אַן אַמעריקאַנער פּאַיאָק, וואָס זאָל קלעקן אױף צוויי מעסלעס. באַם דורכקאָנטראָלירן די צעטלען פֿון די רעפּאַטריִאַנטן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אייניקע האָבן דעם פּאַיאָק ניט באַקומען. דאָס זײַנען געווען יענע, וואָס האָבן ביכלאַל זיך אָפּגעהאַלטן פֿון אַרויספֿאָרן. ניט דערפֿאַר, ווײַל ס'איז זיי דאָ געווען צו גוט, נאָר איבער דער מוירע, אַז, אומקערנדיק זיך אַהיים, וועלן זיי, נאָך אַלע פּלאָגן, באַשולדיקט ווערן אַלס פֿאַרעטער בענעגייע דער סאָוועטנמאַכט. גראָד אין אָט דעם גוירלדיקן מאָמענט האָט באַ זיי אױפֿגעלעבט אין זיקאָרן די פֿאַרמילכאָמעדיקע צײַט פֿון רעפּרעסיעס...

איינע אַזאַ, האָט זיך מיר פֿאַרגעדענקט, איז געווען קירע גוריאַנאָוואַ — אַ פֿרוי פֿון אַ יאָר דרײַסיק, אַ הויכע און שלאַנקע מיט אַ בלאָנדער ווייכער פֿריזור ביז די אַקסלען, וואָס האָט נאַטירלעך האַרמאָנירט מיט אירע הימל־בלויע אויגן און לויטערן געזיכט, — מיט איין וואָרט אַ רוסישע לאָרעלײַ.

איר אַרויסטרעטונג אויף אַן אָוונט פֿון קינסטלערישער זעלבסטטעטיקייט מיט פֿאַרלעזונגען פֿון פּושקינס און לערמאָנטאָווס פּאָעזיע האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן איר פֿרוידיקייט, אינטעליגענטישקייט און טאַלאַנטירטקייט. אַ געבוירענע אין אַריאַל, האָט קירע פֿאַר דער מלחמה פֿאַרענדיקט אַ טעקסטיל־אינסטיטוט און געאַרבעט אַלס אינזשעניר אין אַ טעקסטיל־קאָמבינאַט. ווען די פֿאַשיסטן האָבן אָקופּירט אַריאַל, האָט מען זי צוזאַמען מיט אַ גרויסער גרופּע יוגנטלעכע פֿאַרשלעפּט אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין דײַטשלאַנד.

קירע איז געווען אײַנגעשלאָסן צווישן די צעטלען צו רעפּאַטריִירן זיך קיין אַריאַל, צו איר מאַמעס היים, צו אירע אייגענע. נאָר פּלוצעם, שוין קורץ פֿאַרן אַרויספֿאָרן, האָט זי אָנגעהויבן צווייפֿלען צווישן יאָ און ניין. אין איינעם פֿון די טעג האָט אָט די קירע, ווי קיינמאָל ביז אַהער, מיך אָפּגעשטעלט באַם אַרויסגאַנג פֿון דער גאַרקיך מיט אַ נײַגעריקן ווילן זיך דורכצושמועסן. אָט שמייכלט זי, און אָט ווערט זי ערנסט. זי פֿאַרגיט מיר פֿאַרשיידענע אַנדײַט־פֿראַגעס, לויט וועלכע איך האָב גלײַך פֿאַרשטאַנען, אַז די שיינע און קלוגע פֿרוי וויל זיך אויסריידן דאָס האַרץ, אָדער זי דאַרף זיך פֿאַר עמעצן מיסוואָדע זײַן. און מיטאַמאָל פֿירט זי אונטער אַ סאַכאַקל:

— אַזוי־אַרום, האָב איך בעדייע ניט אומצוקערן זיך קיין רוסלאַנד.

מיט אַזאַ מענטשן, ווי זי, האָב איך פֿאַרשטאַנען, איז ניט שײַך צו דיסקוטירן. איך האָב בלויז לאַקאָניש געענטפֿערט:

— איר וועט דאָך פֿאַרלירן אַלץ, ניט בלויז די מאַמע און אַלע אייגענע, נאָר אויך אײַער היימלאַנד.

די פֿרוי איז געווען נערוועז, עס האָט איר מיטאַמאָל אַ שלאָג געטאָן די פֿאַרב אין פּנים.

— איר פֿאַרשטייט, טײַערער, — האָט זי מיר געזאָגט פֿאַרטרוילעך, — די שטרענגקײַטן בײַ אונדז אין לאַנד, פֿאַרשטייט איר מיך, האָבן קיין גרענעץ ניט, איך האָב פֿאַר מײַן באַוווסטזיניק לעבן זיך אָנגעזען ניט ווייניק אומגערעכטיקייטן, אומגעזעצלעכע אַרעסטן, פֿאַרשיקונגען. אויב איך, אַ סאָוועטישער אינזשעניר, אַ ספּעציאַליסט, האָב געאַרבעט בײַ די דײַטשן... — דאָ האָט זי איבערגעריסן די פֿראַזע און נאָך אַ באַדאַכטער פּאַוזע פֿאַרענדיקט דאָס ניט־דערזאָגטע, — וועט מען מיך זיכער פֿאַרשיקן צו די ווײַסע בערן... און אַלציינס מיט מײַן מאַמען מיך צעשיידן — דאָס איז שרעקלעך. איך וואָלט אונדזער לאַנד געקאָנט ברענגען נאָך מער נוצן, ווי פֿאַר דער מלחמה. — האָט זי פֿאַרגעזעצט, — כ׳האָב בײַ די דײַטשן באַקומען אַ גרויסע דערפֿאַרונג אין דעם טעקסטיל־פֿאַך, באַזונדערס אין דער טעכנאָלאָגיע פֿון באַאַרבעטן לאַנגפֿעדעמדיקע און קורצפֿעדעמדיקע געוועבן צוזאַמען מיט סינטעטיק. עס ציט מיך אַוואָדע אַהיים. נאָר די מורא און די ניט־זיכערקײַט... אויב ס׳וועט אײַך אויסקומען צו זײַן אין אַריאַל, זײַט זיך מטריח צו געפֿינען דאָרט די בעזבאָזשניקאָוו־גאַס, הויז נומ. 48, און דאָרט איבערגעבן אַ גרוס מײַן מאַמען. וואָס שײַך אײַך, טאָ זײַט מצליח.

נאָך אַלעמען איז קירע געקומען אַרויסבאַגלייטן דעם עשעלאָן מיט די רעפּאַטריִירטע. כ׳האָב זי צופֿעליק דערזען פֿונדערווײַטנס, ווי זי האָט זיך אַרומגעדרייט איינע אַליין לענג־אויס דעם פּעראָן אַ פֿאַרלוירענע, גלײַך זי וואָלט אין די לעצטע מינוטן פֿאַרן אָפּגיין פֿונעם צוג עמעצן געזוכט, — מעגלעך, זיך אָנכאַפּן פֿאַר אַ פֿעדעמל, וואָס קאָן זי ווען־ניט־איז נאָך פֿאַרייניקן מיט איר היים.

דער אוילעם האָט רויִק, ווער מיט טשעמאָדאַנדלעך און ווער מיט פּראָסטע קלומעקלעך, אָן טומל פֿאַרפֿולט די וואַגאָנען מיט אַ מין ווילגעניגטקייט צו אַ גוטער שטימונג, מיט דער האָפֿענונג אַמגיכסטן צו באַטרעטן די סאָוועטישע ערד. צו דעם אַלעמען זײַנען דאָ, ווי צום גוטן, געשטאַנען זוניקע און מילדע פֿרילינגדיקע טעג. דעם עשעלאָן האָט באַגלייט אַ קאָמאַנדע פֿון אַמעריקאַנער מיליטערלײַט, אָן באַזונדערע שטרענגקײַטן. זיי פֿלעגן בלויז בײַ אַן אָפּשטעל־סטאַנציע זיך באַווײַזן בײַ די אַרײַנגענג פֿון יעדן וואַגאָן, אַרײַנקוקן, צי אַלע זײַנען געזונט און לעבעדיק, און פֿאָרן ווײַטער.

און דערווײַל האָט דער עשעלאָן שוין אַ טאָג מיט אַ נאַכט געמאָסטן די וועגן איבער דער דײַטשישער ערד פֿון מיזרעך אויף מײַרעוו פֿאַרבײַ שטעט און ייִשובֿים פֿון סאַקסאָניע און באַוואַריע, וועלכע האָבן זעלטן־ווו געליטן פֿון דער מלחמה, ניט צו פֿאַרגלײַכן מיט אונדזערע פּילצאָליקע כאָרעווע שטעט און הונדערטער פֿאַרברענטע דערפֿער. אויך די מענטשן אַרום האָבן אויסגעזען ניט אַזוי אויסגעמאַטערט און אָנגעבידעוועט ווי אונדזערע.

עס איז דורכגעפֿלויגן נאָך איין נאַכט אין וועג — אַ ווונדערבאַרע נאַכט פֿון אָנהייב יוני מיט איר דופּטיקער פֿרישקײַט, וואָס האָט זיך צו אונדז דערטראָגן דורך די צעעפֿנטע וואַגאָן־פֿענצטער. מיר פֿאָרן פֿאַרבײַ מיפּטינגען — דער ערשטער שטאָט אויף דער טראַסע, וואָס איז, זעט אויס, היפּש רויִנירט געוואָרן פֿון די באָמבאַרדירונגען, באַזונדערס דער וואָקזאַל. פֿונדאַנען, ניט ווײַט פֿון אויגסבורג, האָבן זיך געוואָרפֿן אין די אויגן הרודעס צענעריקטע עראָפּלאַנען.

ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אַרום וואָקזאַל באַם אָפּרייניקן די צעוואַלגערטע געבײַדעס אַרבעטן שוין איצט בלויז די דײַטשן אַליין — יונגע און אַלטע, פֿעטע און מאָגערע — מעגלעך, די

זעלבע שאָוויניסטיש געשטימטע הערן וועלכע האָבן פריִער גייִוועדיק צוגעזען, ווי עס האָבן זיך געמיט מיטן ביטערן שווייס אַף די שווערסטע ארבעטן הונדערטער־טויזנטער געפּלאָגטע, ארויסגעפירטע דורך די פאשיסטן פון די אָקופּירטע לענדער פון אייראָפּע.

נאָך א האלבן טאָג פאָרן האָט דער עשעלאָן זיך אָפּגעשטעלט אין נירנבערג, אין סאמע צענטער פון באווארי', — אין דער שטאָט פון די געוועזענע פאשיסטישע פאראדן און צערעמאָניאַלן, ווו עס זייַנען אנטשטאנען היטלערס בעסטיאַלישע, דראקאָנישע געזעצן פונעם דריטן רייַך. איצט זעען מיר פאר אונדזערע אויגן דעם נידערגעפאלענעם נירנבערג — א שטאָט פון כאָרעווע גאסן און קווארטאלן, שווארצע קוימענס פון די צעריוּנירטע פאבריקן, וואָס האָבן געסטארטשעט ווי טרויער־דענקמעלער.

אַף אָט דער קנופּ־סטאנציע זייַנען מיר געשטאנען העכער א שאָ. און פּאראלעל מיט אונדז האָט זיך אָפּגעשטעלט אן עשעלאָן מיט געוועזענע קריגס־געפאנגענע סערבן, כאָרוואטן, פּארטיזאנער פון טיטאָס אָטריאדן. מיט אופגעהויבענע הענט אין דער הייך באגריסן מיר איינער דעם אנדערן מיטן זיג איבערן פאשיזם.

אין מאָסקווע, דער הויפּט־שטאָט פון אונדזער לאנד, האָט מען אין אָט די טעג זיך געגרייט צום היסטאָרישן פאראד פון ניצאָכן איבערן בלוטיקן פאשיזם. דער טריִומף פון אונדזער סאָוועטישער מעדינע איז דערגאנגען אויך אהער, ווו צוזאמען מיט אונדז האָבן אפן נירנבערגער וואָקזאל אויסגעדריקט זייער באגייַסטערונג די סערבן און כאָרוואטן, זינגענדיק מיט אונדז סאָוועטישע לידער און מארשן.

פאָרן אָפּפאָרן פון נירנבערג האָט מען אלעמען פון אונדזער עשעלאָן ארויסגעגעבן ביז לייַפּציג א טרוקענעם פּאיאָק, וואָס איז באשטאנען פון קאָנסערוון און פּעקעלער גאלעטן. הייסט עס, אז די אמעריקאנער וועלן אונדז דערפירן ביז לייַפּציג — דעם נאָענטסטן פונקט פון דער סאָוועטישער זאָנע. ווידער זייַנען פאר אונדזערע אויגן דורכגעשווומען פיל סטאנציעס און פּאָלוסטאנקעס, אין גרונט ווייניק געליטענע פון דער מילכאָמע.

ענדלעך האָט מען אונדזער עשעלאָן אויסגעלאָדן בא דער בריק, וואָס איבערן טייַך ווייסע־עלסטער לעבן לייַפּציג, אין באסיין פון דער עלבע. דאָ האָבן די אמעריקאנער באגלייטער שוין צופּוס אריבערגעפירט די מענטשן אַף דער אנדערער זייַט בריק און טאקע גלייַך באם קאָנטראָל־פונקט איבערגעגעבן די מאסע רעפּאטריִאנטן אין רעשוס פון א גרופּע פאָרשטייער פון די סאָוועטישע מיליטער־קרעפטן.

וואָס שייַעך דעם אופנאם גופע, דער, אזוי צו זאָגן, ערשטער באגעגעניש, איז זי געווען א קאלטע און אָפיציִעלע און האָט זיך אויך אָנגעהויבן פון אן אָפיציִעלער פּראָצעדור — פון א פאנאנדערסאָרטירונג פון די מענטשן, ווען לויט א סטאנדארטער קאָמאנדע האָט איינער א לייטענאנט באפוילן, אז אלע געוועזענע קריגס־געפאנגענע זאָלן אָפּגיין אַף רעכטס, און די ציווילע, ארויסגעפירטע בעשאס דער מילכאָמע קיין דייַטשלאנד, — אַף לינקס. אָפיציִעל, וואָס אָפיציִעלער קאָן שוין ניט זייַן, אָן קיין שום איבעריקע דערקלערונגען...

ביידע אויסגעסאָרטירטע גרופּעס זייַנען דערווייַל געשטאנען ניט ווייַט איינע פון די אנדערע, ווי צוויי טשערעדעס, וועלכע האָבן שווייַגנדיק זיך בלויז איבערגעקוקט פונדערווייַטנס, פארוואָס עס קומט דאָ פאָר אזא אָפּגעפרעמדטע באציִונג צו אייגענע געליטענע מענטשן. עפשער דערפאר, וואָס דאָס איז שוין ניט דער ערשטער אזא טראנספּאָרט מיט רעפּאטריִאנטן און ס׳האָט זיי, די פאָרשטייער, שוין פאַשעט דערעסן די דאָזיקע צערעמאָניע. און עפשער גאָר ווייַל ס׳האָט פון ערגעץ א היכער באאמטער באפוילן קוקן אַף אָט די מענטשן ווי אַף פארעטער. דאָס איז שוין ערגער. איך פּרוּוו אָבער אָפּשטויסן פון זיך די אומעטיקע געדאנקען. איך וויל דאָס אופנעמען ווי א גלייַכגילטיקע באציִונג מיצאד אייניקע מענטשן, וואָס אויך אזוינס קאָן פאָרקומען אלס א רעזולטאט פון דער מילכאָמע. צי דען דאַרף דער דאָזיקער עפּיזאָד פארשטערן די פרייד און די שוין פון לאנג געגארטע האָפענונג פון אומקערן זיך אהיים?

אין אָט דעם מאָמענט איז ווי אויסגעוואקסן פאר מייַנע אויגן קירע גוריאנאָווא, די שלאנקע און דרייסטע פרוי פון אָריאָל, מיט איר פאָרזיכטיקן געדאנקענגאנג, מיט איר מוירע צו קומען אין באריר מיט דער פארמילכאָמעדיקער ווירקלעכקייַט, מיט איר ווייטיק און מיט איר אנטשלאָסנקייַט.

אין דער צווייטער העלפט טאָג האָט מען צום קאָנטראָל־פונקט ספּעציִעל פאר די רעפּאטריִאנטן צוגעשיקט עטלעכע אווטאָמאָבילן „סטודעבעקערס", וועלכע האָבן אין דער ערשטער ריי פארנומען די געוועזענע קריגס־געפאנגענע. אינגיכן, נאָך א האלבן טאָג פאָרן, האָט מען אונדז אויסגעלאָדן אַף א פּוסטקע אין דער פלייצלאָנקע פון דער שפּרעע, ווו עטוואָס העכער פון אָט דעם אָרט האָט אַף אונדז אראָפּגעקוקט אין אָפּגלאנץ פון דער סמאליענדיקער זון א פּאלאטאָטשנע לאגער פון א מילי־

טער־טייל, וואָס האָט, זעט אויס, דאָ זיך דיסלאָצירט אױף אָפּרו נאָך די לעצטע שלאַכטן פאַר בערלין, געניסנדיק די ערשטע היסלײַוועסן פונעם זיג.

איבער די אופגעראַמטע סטעזשקעס צווישן די רייען גראָז־גרינע געצעלטן האָבן אַרומגעשפּאַצירט שלאַכטלײַט פון פאַרשיידענעם ראַנג, באַצירטע מיט אָרדענס און מעדאַלן. אויסגעגאָלטע, אָנגעטאָן אין פרישע גימנאַסטיאָרקעס און אין צוגעפּרעסטע פּילאָטקעס, האָבן זיי אויסגעזען יאָמטעוודיק און פאַראַדנע אונטערגעצויגן — ווי עמעסע זיגער.

מיר, די געוועזענע, האָבן מיט פרייד אין האַרצן אופגענומען דאָס דאָזיקע בילד. מיר זײַנען זיי בעפּיירעש מעקאַנע געווען. איך האָב אינטויִטיוו דערפילט, אַז יעדערן פון אונדז האָט זיך געוואָלט כאָטש מיט עפּעס זײַן ענלעך אױף זיי, אױף די אויסגעפּרווּוטע אין פײַער און אין רויך שלאַכטלײַט. כ׳האָב זיך ניט אײַנגעהאַלטן און דאָס דאָזיקע געפיל שטיל אַרויסגעזאָגט פילימאָנאָוון, וועלכער איז געשטאַנען לעבן מיר. וואַסילי, אַ פאַרטראַכטער, האָט, ווי געוויינלעך, מיט זײַן בענימעסדיקן שמייכל אַ קוק געטאָן אױף מיר, באַמערקנדיק דערבײַ:

— מיט איין שטריך, יוזיק, זײַנען מיר דאָך יאָ ענלעך אױף זיי — מיטן שטאָלץ פאַר אונדזער היימלאַנד.

בעשאַסמײַסע איז צו אונדזער אוילעם צוגעקומען אַ סטאַרשינאַ אין זײַן פולער אַמוניציע מיט אַלע רימענס, מיט דער לעדערנער פּלאַנשעטקע אױף דער ברוסט, און האָט זאָרגזאַם זיך געווענדט צו אונדז:

— איר זײַט דאָך, כאַווײרים, מיסטאַמע הונגעריק, איז גייט נאָך מיר, וועלן מיר אײַך מיט עפּעס אָנקאָרמעווען.

אַ מענטש, אַ צוגעלאָזטער און באַלעבאַטישער, האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט פאַר אונדז:

— מיט עסנוואַרג איז דאָ בײַ אונדז דערווײַל ניט וואָזשנע. עס קומט אויס צו דערנערן זיך אױף די אָרטיקע רעסורסן. און מיט שפּײַז־פּראָדוקטן זײַנען דאָ די דײַטשן אַליין אין דר׳ערד מיט די ביינער. אויסער דעם, געפינען מיר זיך דאָ אין אַ ספּעציפיש אינדוסטריִעלן ראַיאָן מיט אַ קנאַפּער לאַנדווירטשאַפט. אײַך וועלן מיר האָדעווען מיט סופּן און מיט אַ געוויסער פּײַקע ברויט. די צווייטע מײַכאָלים וועט איר אָנהייבן באַקומען נאָך דעם, ווי מיר וועלן אײַך נעמען אױף דער שפּײַז־פאַרזאָרגונג.

אין דער פעלדקיך אונטער אַ ברעזענטענעם דאַך האָט מען אונדז מעכאַבעד געווען מיט אַ סופּ פון פּערלגרויפּן און מיט היפּשע ריפּטלעך קאָרן ברויט.

— וואָס שײַעך נאַכטלעגער, — האָט דער זעלבער סטאַרשינאַ אין אַ ווײַלע אַרום דערקלערט מיט אַ געמאַכטן שמייכל, — זײַט איר דאָך געוועזענע פּראָנטאָוויקעס־אָקאָפּניקעס, דאַרפט איר וויסן, וויִאַזוי מע אָרדנט זיך אײַן אױף אַ פּוסט אָרט. קיין פרײַע פּאַלאַטקעס האָבן מיר ניט.

— איוב אַזוי, וואַסיע, — האָב איך גלײַך אַ זאָג געטאָן צו פילימאָנאָוון, — טרעטן מיר צו צו דער אַרבעט, אָט לעבן דעם קוסטיקל, אָפּן בערגעלע, ווו מיר שטייען, די רעגנס זאָגן אונדז ניט פאַרגיסן, וועלן מיר בויען אונדזער געצעלט.

בײַ דער זײַט פון דער פעלדקיך האָבן זיך אונדז פּאָפּאַדיעט אונטער דער האַנט ברעטלעך פון פאַרשיידענער לענג, שטיקער דיקט פון קאַסטנס פון שפּײַז־פּראָדוקטן, האָבן מיר עטלעכע פאַרכאַפּט מיט זיך. עס זײַנען דאַפקע אין דעם הייסן וועטער זייער צוניץ געקומען אונדזערע אָפּגעריבענע פאַר אַזויפיל יאָרן שינעלן און דעריקער פילימאָנאָווס גרינער רעגן־צודעק.

האָבן מיר שוין, הייסט עס, אַ וווינונג אױף נאַכטלעגער. אונדזער קליין שאַלאַשל וועט פאַרצווייען סטײַען. איצט קאָנען מיר שוין ביז אָפּדערנאַכט זיך דורכגיין איבער דעם פּוסטן פעלד מיט די זעלטענע קוסטעס און קליינוווּקסיקע יאָדלע־ביימער, העט־ווײַט ביז דעם ברעג פון דער שפּרעע. דאָרט אַרומוואַשן די פּענעמער, די הענט, די פיס אין דעם דערפרישנדיקן וואַסער און טיף־טיף אָפּעטעמען אױף דער פרײַ.

אַרום און אַרום אױף אָט דער פּוסטקע זײַנען גיך אויסגעוואַקסן, ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן, שאַלאַשן, בײַדלעך, קאָנורעס פון סאַמע מעשונעדיקע „קאָנסטרוקציעס". נאָך איינעם אַזאַ פּייזאַזש פון צײַטווײַליקע געצעלטן האָבן אַ מעטער פינף הונדערט פון אונדז פאַר זיך געשאַפן די ציווילע רעפּאַטריִאַנטן, אַנדערע האָבן אויסגעשפּרייט אױף דער זאַמדיקער ערד צווײַגלעך און בלעטער פון קוסטעס און די ערשטע נאַכט געשלאָפן אונטערן אָפענעם הימל.

און גאָר ניט ווײַט, אַ ביסל העכער פון אָט דער פּוסטקע, האָט פונעם פּאַלאַטקאָטשנע לאַגער זיך אַהער דערטראָגן קלאַנגען פון אַ האַרמאָניק, דאָס געזאַנג פון שיינע טיף־רירנדיקע מילכאָמע־לידער אין דער אויספילונג פון מענערישע שטימען. און בײַ אונדז אין דער נידער, פאַרקערט, איז געווען שטיל און מאַנאָטאָן. אַז מע איז הונגעריק, זינגט זיך ניט און ס׳טאַנצט זיך ניט.

קאַיאָר האָבן מיר מיט פילימאָנאָוון זיך אופגעכאַפּט צוזאַמען מיט דער זון, זיך געשפּיגלט אין איר שיינעם אופגאַנג ווײַט פון יענער זײַט ברעג פון דער שפּרעע. מיט אומבאַקוועמלעכקײַטן, ווי מיט צאָרעס, איז גענוג איבערשלאָפן די ערשטע נאַכט. אַזוי איז אַדורך אַ טאָג און צוויי.

אָט איז שוין דער דריטער טאָג, און קיינער פֿרעגט אונדז ניט, און קיינער דאַרף אונדז ניט. דערפֿאַר אָבער האָבן מיר שוין באַמערקט, ווי עס האָבן אָנגעהויבן זיך אומדרייען אַרום די שאַלאַשן פֿאַרדעכטיקע מענטשן, וואָס גיבן זיך אויס פֿאַר רעפּאַטריאַנטן, קלײַבן פֿאַר זיך אונטער באַריידעוודיקע נעפּאַשעס, ווילן ווערן מיט יעדערן אַ שמעלקע, קעדיי עפּעס אויסשנאָרעווען און צונויפּקלעפּן, פֿון וועמען ס׳זאָל זיך ניט מאַכן, אַ נעגאַטיוו בילד. איינער אַזאַ סאָלידער „רעפּאַטריאַנט", וועמענס צורע האָט אויסגעזען ווײַט פֿון אַ געליטענעם, האָט זיך צוגעשאַרט צו מיר און צו פֿילימאָנאָוון, אונדז אַפֿילע פֿאַרגעלייגט מיט עפּעס העלפֿן. דערזען אין אונדז, אַז מיר זײַנען צו אים קאַלט און טרוקן, האָט ער שטילערהייט זיך אָפּגערוקט. ווי נאָר ער איז פֿון אונדז אָפּגעטראָטן, רופֿט זיך אָן צו מיר וואַסילי:

— צי דען האָסטו ניט באַמערקט, אַז אָט דער פֿאַרשוין איז אַ טיפּישער מאַסער?

אָט אַזוי זיצן מיר זאַלבעצווייט אין אונדזער געצעלט, אויף דער פּוסטקע בײַ דער שפּרעע, ווי צוויי ראָבינזאָנען... ביידע הונגעריקע און ביידע פֿאַרזאָרגטע.

— ווי געפֿעלט דיר דער רומל? — האָט מיך מיטאַמאָל אַ פֿרעג געטאָן וואַסילי, — מיר זײַנען דאָך שוין בײַ אונדזערע...

אָנשטאָט אָן ענטפֿער האָב איך אים אויסגעשטאַמלט דעם רוסישן, פֿילבאַדײַטנדיקן אין אַזעלכע פֿאַלן „דאַ" און פֿאַרגעזעצט שווײַגן. אין יענע יאָרן האָבן מענטשן געהאַלטן פֿון שווײַגן. אַזוי אויך דעמאָלט, אַלע זײַנען געווען הונגעריק, און אַלע האָבן געשוויגן.

דאָס אויסבאַהאַלטן זיך און אויסהיטן זיך אין מעשׂער פֿון פֿיר אָנגעשטרענגטע און גוירלדיקע יאָר האָט אין מיר אויסגעטרענירט אַ שאַרפֿן פּסיכאָלאָגישן קוק אַרום זיך, אויף מענטשן און געשעענישן. דאָס, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, וועט מיר אַרויסהעלפֿן אויך איצט אין דער נײַ־געשאַפֿענער סיטואַציע.

גוט, וואָס איך האָב כאָטש אין פֿילימאָנאָוון לעבן זיך — אַזאַ האַרציקן און באַשיידענעם מענטשן, אָן קאָמפּלעקסן. וואַסילי ווייסט שוין, אַז איך בין אַ ייִד, באַציט ער זיך צו מיר, ווי איך פֿיל, מיט נאָך מער אַפֿשײַ, מיט טיפֿער מענטשלעכקײַט. ווי פֿריִער, טיילן מיר זיך מיטן ביסן. מיר זיצן אין אונדזער צונויפֿגעשטוקעוועטן פֿון ברעטלעך און צווײַגלעך געצעלט. ביידע אין טרוימען, ביידע אין דערמאָנונגען. וואַסילי האָט מיטאַמאָל אַ פֿיר געטאָן מיט דער האַנט איבער מײַן טשופּרינע.

— ניט אומזיסט האָבן בײַ דיר זיך שוין באַוויזן, — האָט ער באַמערקט, — אַזויפֿיל גראָווע האָר. מע דאַרף דאָס פֿאַרשטיין, אַ ייִד אין דער פֿאַשיסטישער געפֿענקעניש! איך בין דערשטוינט פֿון דײַן קויעך אויסצוהאַלטן, פֿון דײַן געמאָסטענער פֿאָרזיכטיקײַט. אַזאַ יאָט, ווי דו, וואָלט געקאָנט זײַן אַ גלענצנדער קאָנספּיראַטאָר. ס׳וווּנדערט מיך, ווי־אַזוי דו האָסט אין מעשׂער פֿון יאָרן זיך געקאָנט אויסהיטן, מע קאָן דאָך מעשוגע ווערן. מיר האָבן אַלע געליטן, נאָר מיט דיר, וואָס האָט קעסיידער געזען פֿאַר זיך דאַמאָקלס שווערד, איז ניט צו פֿאַרגלײַכן. אויב דו ווילסט וויסן, יוזיק, איז דאָס אַליין שוין אויך אַ העלדנטאַט פֿון אַ מענטשן.

— נו־נו, — האָב איך איבערגעשלאָגן זײַן געדאַנקענגאַנג, — טרײַב ניט איבער. מיט מיר איז גיכער פֿון אַלץ פֿאָרגעקומען אַן אומופּהערלעכער קאַמף פֿאַר עקזיסטענץ, פֿאַר מײַן צוקונפֿט. אַפֿילע אין די סאַמע שרעקלעכסטע מינוטן האָב איך געטרוימט צו זען נאָך מיט מײַנע אויגן דעם זיג איבער דער פֿאַשיסטישער בעסטיע, אויסשטיין ביזן סאָף אַלע פּלאָגן און נאָך ברענגען נוצן דער געזעלשאַפֿט.

— און די געשיכטע מיט הײַדנהיים איז דיר ווייניק?

פֿילימאָנאָוון איז, ווײַזט אויס, דאָ אויפֿגעקומען אויפֿן געדאַנק די לעצטע נאַכט אינעם פֿאַרגראַטעוועטן באַראַק, מײַנע געלונגענע אונטערהאַנדלונגען מיטן הויכבאַאַמטן דײַטש, ווען אונדזער קאָמאַנדע האָט אין אָט דער פֿראָנט־שטאָט, דוכט זיך, שוין קורץ פֿאַר דער באַפֿרײַונג, געדראָט אַ טויט־געפֿאַר מיצאַד די צעיושעטע אָפּטרעטנדיקע עסעסאָווצעס.

און גראַדע איצט האָט פֿאַר מײַנע אויגן בוילעט זיך אַנטפּלעקט דער אַנטשיידנדיקער גוירלדיקער מאָמענט פֿון דער באַפֿרײַונג, ווען מיר האָבן קאַיאָר פֿאַרלאָזט דעם פֿינצטערן באַראַק און איינער נאָכן אַנדערן, ווי די גענדזועלעך צו דער פּאַשע, האַסטיק איבערגעלאָפֿן אין דערבײַיקן וועלדל און דאָרט שוין, בײַ דער גרינער לאָנקע, באַגעגענענדיק דעם זון־אויפֿגאַנג, איינער דעם אַנדערן אַרומגענומען, ווי פֿוטבאָליסטן, וועלכע האָבן אָקאָרשט אויסגעוווּנען אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכע שפּיל. דעמאָלט, געדענק איך, האָט פֿיליפּ סאַמוסיאָוו, דער נידעריקוווּקסיקער און יאַדערדיקער אָפּאָלטשענעץ, מיט טרערן אין די אויגן לעבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, ווי פֿאַר אַן איקאָנע, און ברייט זיך איבערגעצײלעמט. אָפּן געגרעדט, בין איך פֿלוצעם ווי נישטוימעם געוואָרן. ביז הײַנט שטייט מיר נאָך פֿאַר מײַנע אויגן פֿיליפּ סאַמוסיאָוו, דער ווײַסרוסישער פּויער אין דער סאָלדאַטסקער גימנאַסטיאָרקע. אַ שאָד, וואָס ער האָט נאָך אין יענעם מאָמענט ניט געוווּסט, אַז ער האָט זיך געצײלעמט פֿאַר אַ ייִדן. כ׳האָב אויך איצט אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם גוירל פֿון אַנדערע אונדזערע כאַוויירים: וואָס איז

ווײַטער פאָרגעקומען מיט מײַנע פרײַנט — מיט אָוואָדאָוון און מאַלצעוון, מיט דעם פּאָטערלער איבער־געגעבענעם צו מיר גריגאָרי קאָנדראַשינען? ווו זײַנען זיי אצינד, און צי וועל איך זיך נאָך מיט זיי באגעגענען?

ס'איז שוין אוועק א וואָך צײַט, ווי מיר געפינען זיך דאָ. די שטאַביסטן פון דעם פּאָלק האָבן שוין געגומען די געוועזענע קריגס־געפאנגענע אפן דיסקאָנט. איצט, זאָגט מען, איז אונדז געבליבן בלויז דורכגיין דעם פארהער אין א ספּעציעלן אָפּטייל בא דער דיוויזיע, וועלכן מע רופט „סמערש". ווער עס איז שוין דורכגעגאן אָט דעם קאָנטראָל, דערציילט, אז צו די, וואָס זײַנען ארײַנגעפאלן אין דער געפאנגענשאפט אין רעזולטאט פון א מאסן־ארומרינגלונג, ווי, לעמאָשל, הינטער וויאזמע, איז די באציִונג א מער אײַנגעהאלטענע, ווי צו די געפאנגענע בא פארשיידענע לאָקאלע אומשטאנדן.

איך בין געגאן צו דעם פארהער מיט א רויִקער שטימונג, ווײַל איך האָב אויך פריִער ניט גע־נומען אף זיך די שולד. כ'האָב זיי דערציילט, די צוויי לייטענאנטן פון דער קאָמיסיע, וויפל טעג איך בין געגאנגען מיט די רעשטן פון אונדזער פּאָלק אף א דורכרײַס. ווען איך האָב זיי אָנגערופן דעם נומער פון מײַן פּאָלק און דעם נומער פון דער דיוויזיע, האָבן זיי זיך איבערצײַגט, אז איך בין טאקע פון דער שווערער וויאזמער ארומרינגלונג. דערוויסנדיק זיך, אז איך בין א ייִד, האָט איינער פון זיי ניט איבעריקס קלוג מיך א פרעג געטאָן:

— ווי קומט עס, וואָס די דײַטשן האָבן דיך ניט אומגעבראכט? און עפשער ביסטו גאָר א דײַטש, דײַן פאמיליע איז דאָך א דײַטשישע?



אין דער סאָוועטישער זאָנע פון דײַטשלאנד: דער אווטאָר פון דער דערציילונג
(שטייט אין א פּילאָטקע) צוזאמען מיט אנדערע געוועזענע סאָוועטישע קריגס־געפאנגענע,
צוגעשריבענע צו א נײַעם מיליטער־טייל

איך האָב ניט פארפירט מיט זיי קיין שום ריידערײַען. כ'האָב זיי בלויז קורץ געענטפערט:

— איך בין א ייִד א סערזשאנט, קורץ פאר דער פּאָטערלענדישער מילכאָמע דורכגעגאן די רעגולערע דינסט אין דער מאָסקווער פּראָלעטארישער דיוויזיע, און די פאמיליע מײַנע איז א ריין ייִדישע.

נאָך אָט דעם ענטפער האָבן זיי מיר שוין מער קיין פראגעס ניט פארגעבן.

אין א פּאָר טעג ארום האָט מען מיך מיט פילימאָנאָוון צוזאמען מיט א גרופּע געוועזענע מיט א ספּעציעלן פּאפּיר ארויסבאגלייט פאָרצוזעצן די דינסט אין 261־טן שיסער־פּאָלק, דיסלאָצירט צווישן צוויי דײַטשישע ארבעטער־ייִשוּוים — בריגיטענהאָף און פּומפּע, ניט ווײַט פון דער שטאָט שפּרעמבערג, אויף אף דער שפּרעע, א קילאָמעטער הונדערט צוואנציק פון בערלין, ווו די פרישע שפּורן פון פיל־צאָליקע גריבער פון באָמבעס און סנאריאדן און די אָפּגעברענטע ביימער פון קאטיושע־זאלפּן האָבן איידעס געזאָגט וועגן הייסע שלאכטן, וואָס זײַנען אָנגעגאנגען אף די צוטריט־וועגן צו דער הויפּט־שטאָט פונעם היטלערישן רײַך.

ערשט דאָ האָב איך דערפילט, אז כ׳האָב זיך צוגעשלאָגן צו א ברעג. מײַן טרוים איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. איך בין ווידער אין די רייען פון דער סאָוועטישער ארמיי. ס׳האָט דאָך געקאָנט זײַן פאַרקערט. אנדערע, וואָס האָבן ניט באקומען דעם צוטרוי פאָרצוזעצן זייער מיליטער־דינסט, אָפטמאָל ניט איבעריקס פאנאנדערקלײַבנדיק זיך, צי זײַנען זיי שולדיק, אָדער ניט, האָט מען פאַרשיקט אין אויסרײַסעניש זיך אויסקאשערן אין די ארבעטס־לאַגערן. ווייניק לאַגערן זײַנען זיי אויסגעשטאנען!

לויט א פאַראָרדענונג פונעם קאָמיסאַר פונעם פּאָלק, בין איך אינגיכן נאָמינירט געוואָרן אויסצופילן די פליכטן פון אן איבערזעצער צוליב די קאָנטאַקטן פון דער קאָמאַנדירונג פונעם פּאָלק מיט דעם נײַ־געשאפענעם אָרטיקן לאַנדראַט, אין שפּיץ פון וועלכן עס זײַנען געשטאנען צוויי געוועזענע פּאַרטיי־גענאָסן — איינער מיט דעם נאָמען פּעדקאָ אלס פּאָרזיצער, און דער צווייטער, ווינציק, זײַן פאַרטרעטער, ביידע אָפּשטאמיקע פונעם ארבעטער־יישעוו בריגיטענהאָף און ביידע זײַנען זיי געווען טעטיק אין דער אנטיפאשיסטישער אונטערערד צוזאמען מיט ערנסט טעלמאַנען. דער גענאָסע ווינציק האָט איצט ארויסדאָביוועט פון א קעלער די קאָנספּיראַטיווע רויטע פאָן פון זײַן פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און זי איצט געהיט ווי א רעליקוויע אין דער געבײַדע פונעם לאַנדראַט.

אף דער ערשטער, נאָכן זיג פון די סאָוועטישע ארמייען איבערן היטלעריזם, פאַרזאמלונג פון דער אָרטיקער דײַטשישער באפעלקערונג האָט דער לאַנדראַט אײַנגעלאַדן פאָרשטייער פון דער סאָוועטישער מיליטער־דינסט און מיך אלס איבערזעצער. אלס פּאָרזיצער איז אף אָט דער פאַרזאמלונג ארויסגעטראָטן דער זעלבער גענאָסע פּעדקאָ, א הייסער רעדנער. ווען ער האָט באוויזן, צו וואָס פאַר א קלאָגעדיקער מאדרייגע די פאשיסטן האָבן דערפירט די דײַטשישע יוגנט, די אָפּגעטעמפּטקײַט פון דער אזויגערופענער „היטלער־יוגנט”, האָבן בא די בײַוועזנדע, דעריקער בא די פרויען, זיך באוויזן טרערן אין די אויגן — אזוי איבערצײַגעוודיק און צוגענגלעך זײַנען געווען די רייד פון דעם אויסגעפּרוּווטן אנטיפאשיסט.

נאָך אָט דער פאַרזאמלונג און נאָכן אנאליז פון מײַנע אָפּטע באגעגענישן מיט די דײַטשן אין לאַנדראַט זײַנען בא מיר אופגעקומען פאַרשיידענע ראַיוינעס וועגן לעבן און ניט לעבן, וועגן אומגליק און גליק. דאָס איבערגעלעבטע ביז אהער איז געווען מײַן אומגליק. דאָס דערלעבטע צו זען דעם זיג איבערן פאשיזם — מײַן גליק. איך האָב זיך דאָך דערפילט ווי א נײַ־געבוירענער.

איין זאך האָט אָן אופהער געעגבערט דעם מויעך: צי וועל איך נאָך עמעצן טרעפן פון מײַנע אייגענע אין מײַן צעבראָכענער היים? איך וועק זיי אוף אין מײַן קויעך־האַדימיען. איך זע זיי צומאָל אין כאַלעם לעבעדיקע אין זייערע היימען, בא זייערע באשעפטיקונגען. האלעווײַ וואָלט עס געווען די וואָר! ווו זוכט מען אָפּ כאָטש איינעם פון זיי? כאָטש עמעצן פון אונדזער פאַרוואָרפן שטעטעלע? איך זע צווישן זיי מײַן טאַטן, דעם אלטן סאָדציכטלער אין סאָווירטישן סאָד, אין דער סאמע הייסער צײַט, ווען די צווײַגן פון די עפּל־ און בארנביימער טרישטשען פון דער מאסע צײַטגעוואָרענע פּיירעס. ער קריכט דעמלט ניט ארויס פון די סעדער אפילע אין די שאבאָסים. דאן ציט ער ארוף אף זײַן אָפּגעריבענער קאַפּאָטע דעם טאַלעס און שטעלט זיך דאווענען אינמיטן סאָד אונטערן בלויען הימל לעבן אן עפּלבוים מיטן פּאָנעם אף מיזרעך.

אוקראַיִנישע באָכערים און מיידלעך — סאָד־ארבעטער, וואָס גייען פאַרבײַ, שעפּטשען צווישן זיך:

— שטילער, אונדזער פּײַוויש דאַוונט...

די דאָזיקע יוגנט איז דעמלט געווען ניט אזוי איבעריק געבילדעט, נאָר דער אָפּשײַ צו דערוואַקסענע, באזונדערס צו עלטערע מענטשן, איז געווען בא זיי הייליק.

דער טאַטע מאכט עס בעקיצער, קעדיי ווידער גיין צו די ערד־אויוונס, ווו עס ווערט איבערגעאַרבעט א טייל פון די פּיירעס אף געטריקנטע קאָמפּאָטן און אף פּאָווידלע. אלץ שמעקט דאָ מיט דופט פון סאָד און מיט רויך פון די לאַנגזאם טליִענדיקע פּניאַקעס פון אונטער די ערד־אויוונס. איך ציטער אוף פון בענקשאפט נאָך יענער צײַט פון מײַן ראָמאַנטישער קינדהײַט.

...יאָ, איך דין שוין אין פּאָלק און כ׳האָב שוין אן אדרעס פון דער פעלד־פּאָטשט, שרײַב איך אוועק פונדאנען, פון הינטער בערלין, בריוו אין מײַן שטעטעלע אף דער ווײַטער פּאָדאָליע, אדרעסירט צום פּאָרזיצער פונעם שטעטלשן יישעוו־ראַט, און צו מײַן שוועסטער קיין קויבישעוו, ווו זי האָט פון פאַר דער מילכאָמע געלעבט מיט איר מאַן אן אָפּיצער אין דער שטאָט אף דער וואָלגע. עפּשער וועט אף זיי זיך עמעצער אָפּרופן?

# די ערשטע שוואַלבן

נאָך די דורכגעלעבטע ביטערע יאָרן אין דער דײַטשישער געפֿאַנגענשאַפֿט, אין סאַמע בערג־לאַך פֿונעם פֿאַשיזם, איז מײַן באַנײַטע דינסט אין א מיליטער־טייל פֿון דער סאָוועטישער ארמיי פֿאַר מיר געוואָרן דאָס גרעסטע גליק אין מײַן לעבן... כ׳שטיי איצט אויף יעדן טאָג ווי א נײַ־געבוירענער, שטעלנדיק זיך אין איין ריי מיט די באַערטע מיט אָרדענס און מעדאַלן סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אַלס זיגער זיך אומגעקערט פֿון די שלאַכטפֿעלדער פֿון דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. טראָג דעם אָבליגאַטאָרישן מיליטערישן רעזשים, פֿיל איך איצט ערלעך אויס די בעקאָוועדיקע פֿליכט פֿון אַן איבערזעצער־דאָלמעטשער אין דעם צײַטווײַליקן גאַרניזאָן אין א יישעוו לעבן דער שטאָט שפּרעמ־בערג. דאָס פֿאַרשאַפֿט מיר פֿאַרגעניגן, דערוועקט אין מיר די מענטשן־ווירדע.

סאַרא רומפֿולע און באַגײַסטערנדקע צײַט! אין מאָסקווע, אפֿן רויטן פּלאַץ איז שוין טריומפֿאַל דורכגעגאַן דער היסטאָרישער פּאַראַד לעקאָוועד דעם גרויסן זיג איבערן דײַטשישן פֿאַשיזם. און מיר דאָ, אויף דער פֿרעמדער ערד, זיצנדיק ווי צוגעשמידטע צו די הויכרייַדערס, האָבן מיט שטאָלץ אויפֿגענומען יעדעס וואָרט פֿון מאָסקווער ראַדיאָ.

און די סאָלדאַטן, אויסגעבענקטע נאָך זייערע היימען, ציילן שוין די טעג ביזן אָנהייב פֿון דער דעמאָביליזאַציע. איך האָב גראַדע אין אָט די גליקלעכע טעג באַקומען א בריוו פֿונדערווײַט — א לאַנג דערוואַרטע ידיִע פֿון מײַן געבוירן־שטעטל אויף אוקראַינע. כ׳האָב מיט ציטערנדיקע הענט געעפֿנט דעם אַקוראַט פֿאַרקלעפּטן קאָנווערט מיטן שטעמפּל פֿון דער פֿעלד־פּאָטשט, כ׳האָב אים אָנגעהויבן לייענען מיט א פֿריידיק און שרעקנדיק האַרץ, אײַנגראָבנדיק די אויגן אין יעדעס וואָרט, אין יע־דער אָס:

„טײַערער לאַנדסמאַן!

מײַן בריוו וועט זײַן פֿאַר דיר אומגעריכט. עס שרײַבט דיר גאָלדשטיין פֿירע יאַקאָוולעוונא (עסטער יאַנקעלעס — אַזוי האָט מען מיך גערופֿן אין שטעטל). פֿון די הונדערטער טויזנטער מענטשן, וועמען ס׳האָבן פֿאַרמוטשעט די היטלערישע גאָרגלשנײַדער, האָט מיר אָפּגעגליקט צו בלײַבן לעבן. אונדזערע עלטערן און קרויווים האָבן די היטלעריסטן מערדעריש אומגעבראַכט...

דײַן בריוו, וועלכן דו האָסט אַדרעסירט צו דײַנע עלטערן, האָט מען איבערגעגעבן מיר. מיט גרויס מיטלײַד מוז איך דיר מיטיילן, אַז פֿון דײַנע אייגענע איז אויך קיינער ניט געבליבן לעבן. איך לייען די זײַטלעך פֿון דײַן בריוו, און ביטערע טרערן פֿאַרקלעמען דאָס האַרץ.

ס׳איז שווער צו באַשרײַבן די שרעקלעכע טעג און נעכט, וואָס איך האָב מיט מײַן שוועסטער איבערגעלעבט אין די דריטהאַלבן יאָר פֿון אונדזער באַהעלטעניש. מיר פֿלעגן זעלטן דורך א שפּאַ־רונקעלע זען די זונען־שײַן. איך בין מקאַנע געווען אַפֿילע די באַלעכאַיִם, באַזונדערס די פֿייגלען, זיי פֿליִען דאָך אַרום אויף דער פֿרײַ.

ענדלעך איז געקומען דער לאַנג דערוואַרטער טאָג פֿונעם 25 מאַרט 1944, ווען די סאָוועטישע ארמיי האָט באַפֿרײַט אונדזער שטעטל און אויך מיך מיט דער שוועסטער — צוויי יעסוימים, נאַקעטע און באָרוועסע. איך בין אָבער גליקלעך, וואָס איך האָב דערלעבט מיט מײַנע אויגן צו דערזען דעם פֿינצטערן סאָף פֿון די היטלערישע באַנדיטן.

איך אַרבעט ווידער אַלס לערערן אין דער טשעמעראָוויצער שול, מײַן שוועסטער ליזע — אין ראַי־אויספּירקאָם... דערווײַל האָב איך זיך מיט דער שוועסטער באַזעצט אין א פֿרעמד הויז (אונדזער שטוב איז צעוואַלגערט). צוזאַמען מיט אונדז וווינט קלאַרע קעלמאַן (כײַקע לייצעס), א מיטאַרבע־טערן פֿון ראַיקאָם. מיר לעבן צווישן זיך פֿרײַנטלעך, ווי אייגענע. עס קומען אָפֿט צו פֿאָרן אונדזערע טשעמעראָוויצער, וועלכע לעבן אין פֿאַרשיידענע שטעט, די מערהײַט פֿון זיי זײַנען געוועזענע פֿראָנ־טאָוויקעס. עס קומען אויך צוגאַסט אונדזערע געוועזענע שול־כאַווײרים. א גרוס דיר פֿון זיי.

זײַ געזונט. איך האָף, אַז מיר וועלן זיך זען".

די פֿאַרגעלטע בלעטלעך פֿונעם בריוו פֿון די שוועסטער גאָלדשטיין, וועמען ס׳האָט זיך אײַנגעגעבן אַנטלויפֿן פֿון קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער געטאָ און זיך אויסבאַהאַלטן אין א שכײנעסדיק דאָרף לעבן זייער שטעטל, האָבן זיך בא מיר פֿאַרהיט ביז הײַנטיקן טאָג. זיי קאָנען דינען ווי נאָך איין גוויִעס־אײדעס וועגן די גרוילטאַטן פֿון די היטלערישע קאַניבאַלן פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. איך האָב אונטערן אײַנדרוק פֿון דעם האַרצרײַסנדיקן בריוו אײַנגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן, ניט רעאַ־גירנדיק אויף וואַסילי פֿילימאָנאָווס טרייסטנדיקע ווערטער, כ׳האָב שוין אַפֿילע ניט געלייגט קיין אכט אויף די שמערצן פֿון דער פּאָליקוליאַרער אַנגינע, וועלכע האָט מיך גראָד דעמלט געמאַטערט שוין דעם דריטן טאָג. כ׳האָב בלויז געהאַלטן אין איין דערמאָנען אַלע מײַנע אייגענע, וועלכע זײַנען פֿאַר־בליבן אין שטעטל, כ׳האָב אַזויאַרום אָנגעציילט אכט און דרײַסיק אומגעבראַכטע פֿון אונדזער ברייט־פֿאַרצווײַגטער מישפּאָכע.

אָט אַזאַ איז ער, מײַן פֿינצטערער כעזשבן דעם דײַטשישן פֿאַשיזם!

אפן צווייטן טאָג איז מיך פּלוצעם געקומען מעוואקער־כוילע זײַן איינער פון די אקטיוויסטן פונעם אַרטיקן לאנדראט, מיט וועמען עס איז מיר אויך אויסגעקומען צו פירן געשפּרעכן אין זייער אנשטאלט אלס איבערזעצער. אים, דעם פולבלעכן, ברייטפּלייציקן דײַטש אין א פּראָסטן אָנצוג און קארטוז, וועלכע מע פלעג אָפּט מאָלן אױף פּלאקאטן אלס ארבעטער־אנטיפאשיסטן, האָבן באגלייט א נידעריקוווּקסיקע סימפּאטישע פרוי און א נאָך מער סימפּאטיש טעכטערל, וועלכע האָבן מיך, דעם קראנקן הער דאָלמעטשער, מעכאבעד געווען מיט א סלאָ‫ִיקל קאָמפּאָט פון געטריקנטע פרוכטן: מער האָבן זיי, ווי‫ַזט אויס, ניט געהאט, מאכמעס אין אָט דעם ארבעטער־רעגיאָן האָבן אין יענער מיל־כאָמע־צײַט די אײַנוווינער אויך געלעבט ניט צו זאט. דוכט זיך, אויסערלעך גאָר ניט קיין שלעכטע מענטשן, נאָר מיר גופע זײַנען זיי אין דעם מאָמענט, אפילע מיט זייער גוטסקײַט צו מיר, געווען דערווידער. ס'האָט עפּשער אויסגעזען ניט טאקטיש, נאָר אנדערש האָט זיך ניט באקומען. דער וויזיט פון' די דײַטשן האָט מײַן צושטאנד ניט געלינדערט, עפּשער נאָך פארקערט... זייער טעכטערל, וואָס האָט די גאנצע צײַט געצילט אירע בלישטשענדיקע בלויע אייגעלעך אױף מיר און אױף פּילימאַנאָוון, האָט בעשאסמײַסע א שעפּטשע געטאָן צו דער מוטער:

— אזעלכע יונגע, סטאטנע רוסן און זײַנען אזוי פּאסיוו אין זייער אופירונג מיט געסט...

דער פאַרשטייער פונעם לאנדראט, האנס האָט מען אים גערופן, האָט דאָס באמערקט און גוט־מוטיק דערבײַ א זאָג געטאָן:

— דער הער דאָלמעטשער איז הײַנט אין א שווערער שטימונג, לאָמיר אים ניט שטערן.

אונדזערע געסט האָבן זיך געקליבן אוועקגיין. איך האָב זיי אָפּגעדאנקט פארן וויזיט. און זיי, פון זייער זײַט, האָבן אפן דײַטשישן אויפן באם געזעגענען זיך, געווונטשן „געזונטהײַט און צוםווידערזען!"...

די שווערע שטימונג האָט מיך ניט פארלאָזט אויך נאָך דעם, ווי איך בין געזונט געוואָרן, ביז כ'האָב אין עטלעכע טעג ארום ניט באקומען נאָך איין בריוו פונדערוויַיט. דאָס מאָל פון דער שטאָט אױף דער וואָלגע — פון קויבישעוו, ווו מײַן שוועסטער, א פרוי פון א קאדראָווע אָפיצער, האָט גע־וווינט מיט איר פאמיליע נאָך פון פאר דער מילכאָמע. איר בריוו האָט מיך באזונדערס דערפרייט און דערמונטערט. נאָך אזויפיל יאָרן ניט הערן און ניט וויסן איינער פונעם אנדערן:

„איך בין גליקלעך, ברודערל מײַנס, וואָס דו לעבסט. קום גיכער צו פאָרן, וועסטו בא מיר קומען צו־זיך, — האָב איך מיט טרערן אין די אויגן געלייענט די קימאט טעלעגראפישע פראזעס, — דער שוואָגער דײַנער, סערגיי גריגאָריעוויטש, איצט שוין א פּאָדפּאָלקאָווניק, איז אויך ארויס א לעבעדיקער פון דער לאנגדויערנדיקער מילכאָמע און וועט אינגיכן קומען אהיים צו מיר און צו זײַנע צוויי זין. די לעבנגעבליבענע וועלן לעבן און קיינמאָל ניט פארגעסן די געפאלענע. מיר וואַרטן אױף דיר, טײַערער!

דײַן שוועסטער קלאווע".

כ'בין א באגײַסטערטער און גליקלעכער אוועק אין שטאב און דאָרט געבעטן, מע זאָל מײַנע דעמאָביליזיר־דאָקומענטן אויספארטיקן אױף דער שטאָט קויבישעוו, און צוריק קיין מאָסקווע וועל איך זיך דערקלײַבן, ווען די פרוי מײַנע וועט זיך אומקערן פון דער עוואקואציע.

וואָס שײַעך מײַן פּוסט און כאָרעוו שטעטל, וועל איך עס אומבאדינגט באזוכן.



מאַטל גאַלבשטיין

# די שײַן פון א קוויט אין די יאַמישע טיפן

## דער טאַנץ פון א שנייִקן באַרס

(באַלאַדע)

א מאָדנע כאָלעם האָט זיך מיר געכאָלעמט הײַנט באַנאַכט:
א באַרס א שנייִקער צווישן די בערג פון גימאַלײַען
געשפּאַנט געלאָסן האָט, געבּרומט, ווי דער, וואָס איז פאַרטראַכט
און איז צעקריגט מיט דער נאַטור און הערט ניט אויף צו שרײַען.

ווי א קלאָק־רויך פון דער האָרדע, איז ער אַנטשטאַנען אינעם שלאָף
און מיט א הויך געריטש געבּרומט, געוויינט, געיאָמערט.
און, ווי א פײַערדיקער קראַטער, גרויזאַם אָן א סאָף,
געאָטעמט הייס און אַלץ געוואַקסן אינעם כאָלעם.

זײַן קאָפּ, ווי מאַרמאָר סאַלאַמאַנדראָוועער, געווען איז ווײַס און שיין.
פון גרינע אויגן האָט געשפּריצט א בליץ פון נאַכט־מעקוימעס אָפּן.
און מיט די בליקן, ווי מיט פײַערדיקע סנאָפּעס־שײַן — געהיים
געשמיסן און געריסן זי, די פינצטערניש פון צאָפן.

אָ, מוטיק־שטרענגער האַר, פון הויכע שניי־בערג א שאַליִער!
מיט א פאַרשטיקטער טרער אין אויג צווישן די קריִעס אײַז,
צום הימל גייט דײַן ווילד־געוואָי אויף אומגעריכט
אין לאַנד פון שניי אונטער דעם פּראָסטיקן לעוואָנע־קרײַז.

און כאַטש עס קלינגען דײַנע הונגעריקע טעג, ווי קייטן,
און ס'ברומט דאָס ווילדע, גראָבע האַרץ אין שנייִקן זאַווי,
און טויב עס שרײַט אַרויס פון דיר א יעדער בוים פאַרשנייטער —
די עלנטקײַט די שטאָלענע, דײַן האַס, דײַן מוט און ווי, —

דאָך סײַוויסײַ הילכט ער אין רוים, דײַן כײַישער געשריי,
און, ווי א פײַערדיקן קנויל, דו ברעכסט דעם האַלדז־און־נאַקן.
און שווײַגסט פאַרשלאָסן אין דײַן טרוים, ווי אין א הייל פון שניי,
אין אייגן וועלט פון ליבע שיינער, וועלכע ברויזט און פלאַקערט,

אָ, ווי דו קוקסט איצט אויף דײַן טאַנצנדיקן שאָטן, וועלכער גלאַנצט
אויף אָט די פּראָסטיק־בלויע שנייען אין דער ווינטער־נאַכט דער קאַלטער!
נאָר אָט לאָזטו אַליין זיך אין א העפקערדיקן טאַנץ
און שפּילסט מיט זיך, ווי גלײַך דײַן אייַנזאַמקײַט באַהאַלטסטו...

דײַן שטאַרקן, שטײַפן גוף דו וואַרפסט אויף הויך און אויפגערעגט,
און פלאַמסט מיט גרינעם פלאַם פון אויג אין נאַכטיקע זאַווייען.
און מיט א לײַכטן שפּרונג באַזיגסטו פעלדזן אַפן וועג,
ניט אָנרירנדיק אפילע מיט די לאַפּעס הורבעס שנייען.

און אָט גאָר זעצסטו צו זיך צו דער ערד אַף דעם פארפרירטן גראָז,
ציסט אויס דעם האלדז פאַרויס און שמעקסט דעם פראָסט מיט לײַב דײַנס.
און מיט די שארפע נעגל דרויבלסטו דאָס דינע אײַז, ווי גלאָז,
און אָט גאָר, ווי א סטאטוע, פארגליווערט שטייסט אין שווײַגן.

אָ, מוסקוליסטער, שטרענגער האר, זאָג — ווענמעס קערפּער אָן און עק
עס כאזוערט איבער אַף דעם בלויען שניי דײַן טריבער שאָטן.
ווי גלײַך מיט א גיאור עס פירט איצט בלוטיק א געשלעג,
דײַן האס דײַן גרויזאמער, דײַן ליבע און דײַן אָטעם.

דײַן שטיינערנער געוואַי — ער טרייסלט אוף די קאלטע ווינטער־נאכט
און צינדט אין הארץ אוף העל א הייסן ווילן אָן שום גרײַזן,
ווען מיט דײַן אופגעוואכטן בליק, וואָס פירט א שווערע שלאכט,
ווי מיט א פײַער־סנאָפּ, צעשמעלצסטו אלע קרירעס אײַז דאָרט.

און, ווי א וויכער, וואָס פארסווישטשעט זי, די וועלט, מיט בלוי,
אזוי טאנצסטו דײַן טאנץ און וועקסט פון שלאָף די בערג אוף.
ווי גלײַך אונטער דײַן הארבער הויט עס פליעסקעט איצט און וואָי׳ט,
דער צאָפּנדיקער אָקעאן, דער גרויזאמער און שטרענגער.

און פלוצלינג, מיט א געוואַי די טויערן פון רוים דאָרט אָן א סאָף
צעפּראלט האָסטו, און ס׳האָט באוויזן זיך איבער די בערג־שטיינער
א פראָסטיק־רויטע זון, און כ׳האָב זיך אופגעכאפּט פון שלאָף...
אָ, ווי געשײַנט האָבן ארום די בערג, דער הימל און דיביימער!..

# דער גוירל פון רוסלאנד

כ׳פארשטיי אזוי אָט דאָס לעבן, ווי פארשטיין דאָס לעבן מע דארף:
בא דעם לעבן מע טאָר ניט קיין קנעכט זײַן, נאָר זײַן פונעם לעבן דער האר.

די נויט — אויסגעכאָוועט זי האָט אונדז. דערפאר אזוי גליקלעך און לײַכט
פון אונדזערע פּאָשעטע ווערטער פלעג אופזידן ס׳וואסער אין טײַך!

אזויווי פון אויג דאָס שווארצאפּל, געהיט האָבן מיר אין דער שלאכט
דעם הייליק נאָמען „רוסלאנד", וואָס האָט צו דעם זיג אונדז געבראכט!

עס האָט די מילכאָמע באוויזן איר בלוטיק פארשווארצט געזיכט,
און רוסלאנדס פארוווּנדעטע קרעכצן געטראָגן מיר האָבן אין זיך.

ווײַל אונדז בלויז דער גוירל פון רוסלאנד געווען אָפּגעגעבן איז דאָן,
און וואָלקנס, ווי קליאטשעס אין הימל, געבלאָנקעט דאָרט האָבן אין פלאם...

דאָס ברודיקע כאיל געטריבן מיר האָבן מיט אונדזער געווער,
געטריבן אזוי, אז אפילע די טויטע, געטראָפענע שווער, —

געקאָנט וואָלטן פינקטלעך באווײַזן מיט מארך, און מיט בלוט, און מיט לײַב,
ווי ס׳האָבן דעם סוינע פארטיליקט די שווערד, און די שפּיז, און דאָס בלײַ.

און כאָטש איבער אונדז האָבן וואָלקנס געוויגט זיך אין פלאמען און רויך,
מיר האָבן געוואָרפן אין שלאכט זיך, ווי אין פלאמען א וואלד פון דער הויך!

ס׳האָט יעדער פון אונדז געוווּסט דאָן: אויב פאלן ער וועט אינעם שניי,
דאָן אָנרופן רוסלאנד זײַן נאָמען וועט ווירדיק מיט אָפּשײַ און ווײ.

און צודריקן וועט צו דער ברוסט אים די הייליקע מאמע־ערד,
זי וועט מיטן זיג זיך פרייען, באוויינען די זין אירע שווער.

* * *

ווען ניט זײַן זאָלֿ אָט דער הימלֿ, —
ווי געגנעכטיקט וואָלֿט א שטערן?
ווען ניט זײַן וואָלֿט ברויט מיט קימלֿ, —
דאן מיט וואָס וואָלֿסטו גענערט זיך?

ווען ניט אָט דער יאם דער רײַכער,
אָט די בלֿויע זון פון אויסן, —
דאן מיט וואָס וואָלֿט איך פארגלֿײַכן
שטורעמס פון דײַן לֿיבע גרויסער?

ווען ניט אָט דער פויגלֿ־גערע,
וואָס אין וואלד שפּילֿט אױף זײַן לֿירע,
ווי געקאָנט וואָלֿסטו דאן הערן
יעדן קלֿאנג פון שיר־השירים?

ווען ניט זײַן זאָלֿ פולֿ מיט גלֿויבן
אָט דאָס הארץ אין וועלֿטן שענסטע, —
אױף דער לֿיד פון רעגנבויגן
ווי געזוכט וואָלֿסטו אן ענטפער?

# אין אָרע דעם שפּיגלֿ

אינעם גלֿאנץ פונעם שפּיגלֿ — א שטילֿקײַט פון שנייען
און די פעדערלֿעך איַז, וואָס די זון האָט געשלֿיפן.
גלֿײַך א פראַסטיקער פײַער פלֿאמט טיף אין זאווייען,
ווי די שײַן פון א קווייט אין די יאמישע טיפן.

אָט דער שפּיגלֿשער גלֿאנץ — א געפריר אױף צו גלֿאָזן,
וואָס באזוימט איז מיט הילֿצערנעם רעמלֿ דעם שווארצן.
דער אגאט פון א שנײ־יִקער, פרישער מימאָזע,
וואָס איז אומשולדיק ריין, ווי די לֿיבע אין הארצן.

ס'איז א געטלֿעכער פלֿאם פון א שוואן, וועלֿכע זילֿבערט
אין א נײַער באצירונג פון א זוניקן אָוואר.
ס'איז דאָס היימלֿאנד פון אייביקן פראָסט און פון ווינטער,
דאָס געבלֿום פון א רויך אין א נעפלֿ לֿילֿאָוון.

אָ, מײַן שפּיגלֿשער וואונדער! אין זילֿבער באהעלֿטן,
ביסט פאר מיר היַינט מײַן לֿיכטיקע טרוים, וועלֿכע מונטערט,
און מײַן לֿיבע, וואָס שענקט מיר די שענסטע פון וועלֿטן,
וואָס דו שפּיגלֿסט אין זיך אזוי קלֿאָר, ווי א וואונדער!

* * *

קעדיי רייצנדיק זײַן זאָלֿ מײַן לֿיבע,
שענק איך, מוילֿעד, דײַן האלֿבקרײַז דײַן טריבן!

לֿערן אויס זי, אָ טיגער קודלֿאטער,
ווי צו דורכרײַסן אײַזערנע גראטעס!

גיב צוויי פלֿיגלֿ איר, אָדלֿער פון הייכן,
זי זאָלֿ קאָנען צו שטערן דערגרייכן!

שענק איר, פאָלֿק, דײַנע שלֿאָפלֿאָזע אויגן,
זי זאָלֿ קלֿאָר זען דעם רעגנבויגן!

גיב די ציין דײַנע, בלֿויער גיאור, איר,
זי זאָלֿ קאָנען באזיגן דעם שטורעם!

און דו, געלֿער פעטאָן, אין גראָז פרישן —
דײַן דינעם גיפנאָז שענק, וואָס קישעפט!

גיב איר, אינד, אַפּ דעם דופט פון ליוצערנע
און דעם געטלעכן שטאָלץ פון ווענערע!

שענק איר, זון, דײַן פלאם־שטראל דײַן העלן,
קעדיי צוגויפסיליען גאָלד׳נע קארעלן!

גיב, אָ, בליץ, איר, — אָ, וואָרצל פון הימל,
דאָס גינגאָלד פון א פײַערדיק בלימל, —

קעדיי קאָנען זי זאָל אַף דער פרײַהײַט
פון א קיזלשטיין אויסהאקן פײַער!

אין דײַן גרינקײַט, א צעדערבוים, ווילדער, —
דעק איר נאקעטקײַט צו בלויז די מילדע!

ברענג איר, שניי־ווײַסע טויב באהעלטע,
דעם פארבאָרגענעם שאָלעם פון וועלטן, —

קעדיי קאָנען זי זאָל אינעם פלאקער
איבערשמעלצן דעם שפּיז אַף אן אקער!

און פאר דעם, וואָס אין וועלט וועט זי רימען,
זאָל זי ווערן זײַן שטערן פון הימל!

## דעפיניציע פון פּאָעזיע

דאָס איז ווייגעשריי פון א בלוטיקער ווונד — א וואלפיש געוואַי,
וואָס פארקלאמערט דעם גוף דײַנעם, ווי א בוים א יעלאָוון,
דאָס איז כײַישער הונגער פון גראָז נאָך א הימלשן טוי
און דער כאָלעם פון נאקעטן לײַב אין דעם ווײַטוויַטן אָוואר.

דאָס איז פּאָשעט אן אופבליץ פון א פונק אַף דעם שטיינערנעם טראקט
בייס א שווערער צעשיידונג שפּעט באנאכט אין געבענטשטע מעקוימעס.
ס׳איז א שטיינערנער אויסגעשריי פון דער ערד — דער בארג טשאטיר־דאג,
און דער שענסטער פּאראָל פון דער ליבע, פון ליכטיקסטע טרוימען.

דאָס איז פּאָשעט ס׳געזאנג פון דעם סאָלאָוויי־פײַפיאָל,
און דער גלאנץ פונעם שטאָלענעם אקער, וואָס אין וועסנע אין טאָל,
ווי א פרילינג־בליץ, שײַנט מיט זײַן ערדיש־פּאראנקערטן שווײַגן,

ווענענס שארפקײַט פארלאנגט דאָס צעשאָקלטע סטעפּישע גראָז
און דער טרוימער־פּאָעט, וואָס ער זיצט דאָרט פארפאָלגט און פארלאָזט,
און האָרכט, ווי די קילקײַט פון זון קילט די ביימערשע צווײַגן?..






דאָס הונדערט עלפטע קאַפּיטל

## איוואַן איוואַנאָוויטש פּאָפּאָוו

די זומערדיקע רעזידענץ פון די פּאָפּאָווס, דאָס שיינע פּריילעכע בלאַגאָסוויעטלאָווקע, איז דעם זומער געווען ניט דאָס, וואָס אַלע יאָר. פון זינט דער הויף איז אַריבערגעפאָרן אַהער פון שטאָט, האָט מען דאָ קימאַט ניט אָנגעקוקט נאָך קיין פרעמדן מענטשן. קיינער איז אַהער ניט געקומען צו־גאַסט. און ווער ס׳איז געקומען, איז ער אַוועקגעפאָרן צוריק ניט אופגענומענערהייט. און ווען ס׳איז געווען זייער נייטיק, האָט אים אופגענומען דער אופּראַוולאַיושטשי. איוואַן איוואַנאָוויטש איז זעלטן אַרויסגעפאָרן אויף עטלעכע טעג, און געקומען צוריק — זיך פאַרשלאָסן בא זיך און אפילו אויפן פעלד ניט אַרויסגעפאָרן. אַלע אײַנדערפרי האָט ער אופגענומען דעם אופּראַוולאַיושטשי מיט אַ דאָקלאַד, וועלכער האָט, שטייענדיק אויף די פיס, איבערגעגעבן אַלץ, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אינעם פאַרגאַנגענעם טאָג, און אַז ער איז געגאַנגען צוריק, האָט ער זיך געפילט אַ סאַך בעסער, ווי איידער אַהינצו גייענדיק — אַזוי שווער איז געווען אויסצושטיין די עטלעכע מינוט פאַרן שווערן

ס אָ ף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד״, נומ. 7 — 12, 1988 און נומ. 1 — 11, 1989.

איוואן איוואנאָוויטש, וואָס איז געוואָרן נאָך שווערער, זינט עס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אים גאָטס שטראָף, וועלכע אַלע האָבן געוווּסט, נאָר קיינער האָט ניט געטאָרט אויסרעדן וועגן דעם א הויך וואָרט.

און וואָס איז באַשטאַנען די דאָזיקע גאָטס שטראָף? — וועגן דעם זײַנען געווען אין הויף פאַרשיידענע מיינונגען. שטילערהייט האָט מען איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן אַלעמאָל אַן אַנדערע נײַס וועגן דעם פאַרפאַלענעם פאַניטש. איינע האָבן געזאָגט, אַז ער זיצט, און מע דאַרף אים מישפּטן. אַנדערע האָבן געדרונגען, אַז ער איז שוין אָפּגעמישפּטט און פאַרשיקט געוואָרן אַהין, ווו דער ווײַסער פעפער וואַקסט. נאָך אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז א סך ערגער ווי פאַרשיקט, און דערבײַ זיך איבערגעצייכנט. א באַוויַז האָבן זיי געהאַט די „באַרישניע" אָדער די „פאַרשלאָסענע". ווי דער הויף האָט איר א נאָמען געגעבן. אויף איר האָבן זיי געהאַט נאָך מער ראַכמאָנעס, ווי אויפן „באַרין". די דינסטן, וואָס ווייסן אומעטום, אין יעדן הויז, וואָס עס טוט זיך אַלצדינג, און אָפּטמאָל א סך מער ווי אַלצדינג, האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן אַליין געזען מיט זייערע אייגענע אויגן, ווי די באַרישניע איז געשטאַנען אויף די קני און געדאַוונט פאַרן געשטאָרבענעם פאַניטש... אַנדערע האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן אַליין געהערט, ווי דער באַרין האָט זיך געקריגט מיט דער באַרישניע, אַז זי איז שולדיק אין איר ברודערס אומגליק, וואָרעם זי האָט געוווּסט, אַז ער גייט אין שלעכטן וועג, און האָט פאַרלייקנט פונעם פאָטער און אײַנגעשטעלט זיך אַלעמאָל פאַרן ברודער... איינער א לאַקיי, א שיינער יונג אין א פראַק, א גאַנצער פּאַרעץ, האָט, שטייענדיק אין קיך פאַרן שפּיגל, מיט האַלבע ווערטער דערציילט גאָר א ווילדע זאַך, אַז ער איז אָנגעקומען אַקוראַט דעמאָלט, ווען דער באַרין האָט נאָרוואָס אויפגעהויבן די האַנט אויף דער באַרישניע... נאָר דער דאָזיקער לאַקיי האָט באַגעגנט אַזאַ פּראָטעסט פון אַלע זײַטן, און ס'איז געוואָרן צווישן די דינסטן אַזאַ מעהומע, אַז ווען דער דאָזיקער פאַרשוין מיטן פראַק ציט ניט צוריק זײַנע ווערטער, נעמט מען אים צו פון דעם קוטשערס געבענטשטע יאַדאַיִם א צעבײַלטן — ער זאָל זיך ניט דערוועגן מער אויסטראַכטן אַזעלכע נאַרישע שקאָרים.

און די דאָזיקע אַלע רייד, וואָס זײַנען געווען, געווײנלעך, שטאַרק איבערגעכאַפּט די מאָס, איז דאָך געווען א קליינער טראָפּן עמעס. איוואן איוואנאָוויטש האָט טאַקע געהאַט שטענדיק טײַנעס צו דער טאָכטער, אַז צווישן איר מיטן ברודער זײַנען פאַראַן סוידעס, און אַז זי ווייסט מיסטאָמע זייער גוט דעם סייכל, פאַרוואָס גרישע הייסט, מע זאָל אים שרײַבן בריוו „פּאָסטרעסטאַנטאָ", און אַז זי ווייסט גאָר אַן א שום סאָפעק דעם טאַם, פאַרוואָס גרישע איז ניט געקומען אויף פּייסעך אַהיים — זי ווייסט אַלצדינג, זי וועט אים ניט אײַנרעדן. זײַן זון איז אַוועק מיטן שטראָם — ער איז זיכער אין דעם, ווי ער איז זיכער אין דעם, אַז מע רופט אים איוואן איוואנאָוויטש פּאָפּאָוו, אַז זײַן זון האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין א געפערלעכן וועג, און ניט הײַנט — איז מאָרגן, וועט מען דערהערן די גוטע בסורע, אַז ער איז אַרעסטירט, אויב ניט ערגער נאָך... און ווער איז שולדיק אין דעם, ווען ניט ער, איוואן איוואנאָוויטש אַליין מיט זײַן סיסטעם דערציִען די קינדער אין אַבסאָליוטער פרײַהײַט? צו וואָס האָט ער באַדאַרפט זיי האַלטן אין דער פרעמד, דעם זון אין גימנאַזיע אין איין אָרט, און די טאָכטער אין אינסטיטוט אין אַן אַנדער אָרט? איז זײַן ברודער ניקאָלײַ ניט גערעכט געווען? ער האָט געזאָגט, אַז קינדער באַדאַרפן זײַן פאַר די אויגן, און אַז די קינדער, וואָס וואַקסן אָן פאָטער און מוטער, זײַנען געגליכן צו גראָז, וואָס וואַקסט אָן א זון. איוואן איוואנאָוויטש איז אָבער געגאַנגען מיט זײַן סיסטעם, אַז א היים אָן א מוטער איז קיין היים ניט. אים איז אָן אַלעמען, זינט ער איז אַן אַלמען, נימעס די היים. ער האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. קיין זאַך איז אים ניט געווען ליב. ניט געזוכט צו שטײַגן אין זײַן קאַריערע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי גלענצנד, אַז צו עטלעכע און דרײַסיק יאָר איז ער שוין געווען גובערנסקי פּרעדוואָדיטעל דוואָריאַנסטווא, און ס'איז געווען א צײַט, ווען ער האָט געכאָלעמט פון א מיניסטערישן פּאָרטפעל... און דער גלענצנדער, פרייִלעכער איצטיקער איוואן איוואנאָוויטש, וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט אַמאָל מעראַבע ראָיִם זײַן, אין א געזעלשאַפט געווען טאָמיד דער מיטלפּונקט, האָט ביסלעכווײַז־ביסלעכווײַז אָנגעהויבן אָפּלאָזן זיך, דערווײַטערן פון מענטשן, געוואָרן א באַל־מוירעשכוירע און א קאַפּריזנער פּאַרעץ, א שטרענגער פאָטער צו די קינדער און נאָך מער שטרענגער באַלעבאָס צו זײַנע מענטשן, אַזוי אַז זײַנע אייגענע ברידער האָבן אים ניט דערקענט מער און ניט פאַרשטאַנען, וואָס מיט אים טוט זיך. די איינציקע טײַוועס, וואָס אים איז פאַרבליבן און דאָס איינציקע פאַרגעניגן, וואָס ער האָט זיך נאָך פאַרגונען, איז געווען דאָס שיסן. „אָכאָטע" — דאָס איז געווען זײַן לעבן. נאָר הײַנטיקן זומער איז ער שוין אויף דער „אָכאָטע" אויך זייער זעלטן אַרויסגעפאָרן. ער איז מערסטנטייל געזעסן אינדערהיים, בעכאָדריי כאַדאָרים, געלייענט און גערייכערט, גערייכערט און געלייענט, און נאָר צום טיש באַווײַזן זיך א פינצטערער ווי די נאַכט, קאַלט זיך באַגריסט מיט דער טאָכטער, זעלטן זיך איבערגעוואָרפן מיט איר א צוויי־דרײַ ווערטער און קיינמאָל ניט, קיין איינציק וואָרט מער וועגן דעם זון, גלײַך ווי ער וואָלט שוין לאַנג־לאַנג אויף דער וועלט ניט געווען.

דאָס לעצטע מאָל, וואָס איז דערמאָנט געוואָרן דער נאָמען גרישע, איז געווען ערשט נעכטן, ווען ווערא איז צוריקגעקומען פון דער רוסישער צענטראַל־שטאָט און געבראַכט צו פירן מאַדנע ידיעות וועגן ברודער: „אַז, ערשטנס, אין אוניווערסיטעט האָט ער געלערנט אויסגעצייכנט גוט, אויפגעפירט זיך שטיל און פיין, וואָס מע דאַרף גאָרניט בעסער, און, צווייטנס, אַז ער איז געווען אַף קאָנדיציע אין זייער אַן אָנשטענדיק הויז מיטן נאָמען באַרדאַ־בראַדאַווסקי, וועלכע קאָנען זיך פון אים ניט זאַט אָפּלויבן, און, דריטנס, האָבן די באַרדאַ־בראַדאַווסקיס דערציילט, אַז פאַרן אַוועקפאָרן האָט ער באַקומען אַ דעפּעש און איז געווען שרעקלעך צעטראָגן און געזאָגט, אַז ער פאָרט אַהיים...״

— דאָס איז אַלעס?

איוואַן איוואַנאָוויטש האָט דורכגענומען די טאָכטער מיט די אויגן. ווערא האָט פאַרשטאַנען, אַז דער פאָטער גלייבט איר ניט, אַז דאָס, וואָס זי דערציילט, זאָל זיין דער גאַנצער עמעס, מיסטאָמע ווייסט זי וועגן ברודער נאָך עפּעס אַזעלכס, וואָס זי באַהאַלט פון אים, האָט מוירע אויסצוזאָגן אינגאַנצן, — האָט זי זיך גענומען אים איבערצייַגן, שווערן באַם הייליקן אָנדענק פון דער געשטאָרבענער מוטער, אַז... נאָר דאָס האָט דעם צעבייזערטן, אויפגערעגטן איוואַן איוואַנאָוויטשן ניט באַרויִקט. אַדרבה, ער איז געוואָרן נאָך מער אויפגעטראָגן, לעמיי די טאָכטער באַרירט דעם אָנדענק פון איר געשטאָרבענער מוטער, וועלכער איז אים עפּשער אַזוי טייַער ווי איר, — און ער בלייַבט איבער באַ זיינעם, אַז ס'איז ניט עמעס, אַז דאָ מוז זיין עפּעס אַן אַנדער זאַך! ס'איז ניט גלאַט, עס ליגט זיך' גיט אַפן מויעך: וואָס פאַר קאָנדיציעס? ווי קומט צו זיין זון קאָנדיציעס? ס'איז אַן אויסרייד, אַן אָנשטעל, אַן אינטריגע, אַן אַוואַנטיורע. אַלע האָבן זיך ווי אָנגערעדט קעגן אים, אַלע, — זיינע אייגענע קינדער, זיין פלייש און בלוט... און איוואַן איוואַנאָוויטש שטייט אויף, טוט אַ קלאַפּ מיט דער טיר, גייט אַוועק צו זיך, פאַרשליסט זיך — און קיין וואָרט ניט מער וועגן זון. ניטאָ קיין זון. געשטאָרבן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין אַזאַ צייַט באַדאַרף זיך טרעפן אַ מייַסע: דער אופּראַוולעיאָוּשטשי קומט צו אים מיט אַ דאָקלאַד — עפּעס אַ יונגער מענטש, אַ סטודענט, איז געקומען צו פאָרן און בעט זייער, מע זאָל אים אופנעמען צוליב זייער אַ וויכטיקן איניען (פּאַ אָטשען וואַזשנאָמו דיעלו). איוואַן איוואַנאָוויטש האָט געגעבן אַף אים אַזאַ קוק, אַז דעם אופּראַוולעיאָוּשטשי איז פאַרקילט געוואָרן אינווייניק. ער האָט געדענקט גאַנץ גוט דעם באַפעל, אַז מע נעמט ניט אויף קיינעם אָן אַ שום אויסנאַם. דער סטודענט זאָגט אָבער, אַז די זאַך, וואָס ער האָט צו איבערגעבן, איז נעגייע איוואַן איוואַנאָוויטשן מער ווי אים אַליין, און אַז ער מוז זיך זען מיט אים, גאָר אָן אַ שום טערעץ, און וואָס גיכער.

— ווי זעט ער אויס?

— ווי אַן אַרמיאַנין, אַ גרוזין אָדער אַ ייִד.

— זיין נאָמען?

— ער זאָגט ניט.

— וואָן־ן־ן!!!

דעם „וואָן״ האָט איוואַן איוואַנאָוויטש אַזוי שאַרף אַרויסגערעדט, אַז די פענצטער האָבן געקלונגען. און דער אופּראַוולעיאָוּשטשי האָט זיך האַלב אַ טויטער געלאָזט צו דער טיר. האָט אים איוואַן איוואַנאָוויטש אומגעקערט צוריק:

— אַף אַ פּאַפּיר זאָל ער אופגעבן, וואָס ער דאַרף!

אין עטלעכע מינוט אַרום איז איוואַן איוואַנאָוויטשן אופגעגעבן געוואָרן אין אַ פאַרכאַסמעטן קאָנווערט אַ קליין צעטעלע מיט דריי ווערטער: „פּאַ דיעלו סינאַ״ (וועגן אייַער זון) — און ער איז אופגעציטערט געוואָרן.

„אַ גרוזין אָדער אַ ייִד... אַוואַדע אַ כאַוער — אַ רעוואָליוציאָנער, עפּשער אַן אַנאַרכיסט... געקומען אינטריגירן, אויספּרעסן געלט... מע דאַרף זיין געהיט, נעמען מיטלען... אַ גרוזין אָדער אַ ייִד... אומעטום אָט די ייִדן!..״

אַז מע האָט אַרייַנגעפירט דעם סטודענט (וואָס איז געווען, ווי דער לייענער שטויסט זיך שוין אָן, דער עמעסער ראַבינאָוויטש), איז דאָס ערשטע, וואָס ער האָט דערזען, געווען אַ בעקאָוועדיקער בראַוניִנג אַפן טיש מיטן שפּייַער גלייַך אַנטקעגן אים. דערנאָך האָט ער דערזען זיין כאַווער גרישעס פאָטער, וועלכן ער האָט דערקענט, ערשטנס, נאָכן פּאָרטרעט, וואָס ער האָט ניט איין מאָל געזען באַ זיין כאַווער; און, צווייטנס, ער זאָל אַפילע ניט געווען זען, וואָלט ער אויך געזאָגט, אַז דאָס איז גרישעס פאָטער. די זעלבע גוטע, ערלעכע, פאַרטרוילעכע אויגן, וואָס זיצן נאָך אַ ביסל טיפער ווי' באַם זון. די זעלבע שוואַרצע געדיכטע, נאָר עטוואָס פאַרזילבערטע האָר, און די זעלבע ברייטע ברוסט מיט די ברייטע, אַ ביסל אַרופגעצויגענע אַקסלען, אַלע טנועס, און אַפילע דאָס אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט איבער די האָר און אַ וואָרף מיטן קאָפּ — גרישעס כאַראַקטעריסטישע באַוועגונג, און אַפילע דאָס הויך און גיך רעדן — צוויי טראָפּנס וואַסער גרישע.

— זיצט, וואָס וועט איר זאָגן?

איוואַן איווינאָוויטש האָט אים אָנגעוויזן אױף א שטול אין איין עק טיש, און אליין האָט ער זיך אוועקגעזעצט אינעם אנדערן עק, נעענטער צום אָנגעלאָדענעם בראונינג, און דורכגענומען דעם גאַסט מיט די טיף זיצנדיקע אויגן דורך און דורך און געווארט, וואָס וועט ער זאָגן? ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט אָנהייבן פון דעם, אַז ער איז געקומען ראַטעווען זײַן זון פון אַן אומגליק... און קאַכהאַווע. גלײַך ווי געטראָפן! דער סטודענט האָט זיך פריִער א ביסל ארומגעזען, ווי ער איז אין דער וועלט, דערנאָך איז ער אריבער גלײַך צום איניען, נאָר בייסמײַסע האָט אים דאָס קאָל א ביסל געציטערט.

— איך בין אײַער גרישעס א כאַווער... נאָך פון גימנאַזיע (ער האָט אָנגערופן די שטאָט). אײַער גרישע געפינט זיך אין א צאָרע... דאָס הייסט, ס'איז פאַראַן ערגערע צאָרעס, קיין סאַקאָנע איז דערבײַ ניטאָ פאַר אים... נאָר...

— ער זיצט? — האָט איוואַן איוואַנאָוויטש א פרעג געטאָן, א מאַך געטאָן מיט דער האַנט אַרוף. דאָס איז געווען די הויפּט־זאַך, וואָס ער האָט געוואָלט וויסן. דער סטודענט האָט אים פארוווּנדערט און מיט אומרויִקײַט אַרײַנגעקוקט אין די אויגן.

— איר ווייסט שוין, אַז... ער זיצט?

איוואַן איוואַנאָוויטש האָט מיט די טיפזיצנדיקע אויגן דורכגענומען דעם סטודענט און ניט געענטפערט דערויף, נאָר א פרעג געגעבן גיך, ווי זײַן שטייגער איז:

— אלזאָ, זענט איר געקומען אים ראַטעווען?

ראַבינאָוויטש האָט זיך נאָך מער פארוווּנדערט און נאָכגעזאָגט די צאָרע, און פונעם שפּאַס איז געוואָרן א בלוטיקער שפּאַס...

איוואַן איוואַנאָוויטש האָט א וואָרף געגעבן מיטן קאָפּ און א שאַר די האָר אַרויף און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין ווענטל פון זײַן שטול, אָפּגעאָטעמט און גענומען באַטראַכטן מיט זײַנע טיפזיצנדיקע אויגן דעם גאַסט, וואָס האָט אָנגעהויבן אויסזעזן אים שוין ניט פון אַן אוואַנטיוריסט,



אַן עקספּראָפּריִאַטאָר, נאָר פון א מאַניאַק, פון א מענטשן, וואָס איז ניט בא אַלע געדאַנקען... דער גאַסט, ווײַזט אויס, האָט זיך געשטויסן... ער האָט געזאָגט:

— איך זע, איוואַן איוואַנאָוויטש, אַז איר קוקט מיך אָן ווי א מענטשן, וואָס רעדט ניט צו דער זאַך... איך מוז אײַך איבערגעבן דעריבער אָט די גאַנצע עפּאָפּייע, די טראַגיקאָמעדיע, פונעם אָנהייב ביזן סאָף. ס'איז א לאַנגע און א קאָמפּליצירטע פאַרפּלאָנטערטע געשיכטע, וואָס באַווײַזט, אַז פון א נאַרישקײַט קאָן אַמאָל אַרויסקומען דאָס גרעסטע אומגליק אין דער וועלט... נאָר פריִער פון אַלץ, מוזט איר מיר — אַנטשולדיקט, וואָס איך דערלויב מיר — איר מוזט מיר געבן אײַער ערנוואָרט — דאָס איז בא מיר די גרעסטע גאַראַנטיע, וואָרעם איך קען מײַן כאַווער גרישע און קען זײַן פאָטער, אַז, ערשטנס, דאָס, וואָס איך דערצייל אײַך דאָ, טאָר ניט אַרויס פון די דאָזיקע פיר ווענט, וואָרעם מיט איין וואָרט, מיט איין ווונק קאָנט איר מיך אַרויסגעבן, און מע זאָל מיך פּאַקן אַפן אָרט — און דאָס קאָן ברענגען פיל שאָדן דעם גאַנצן איניען און אויך אײַער זון, כאָטש, איך כאַזער איבער נאָכאַמאָל, קיין גרויסע געפאַר שטייט אײַער זון ניט פאָר, וואָרעם אַז מע וועט זיך דערוויסן דעם עמעס, וועט מען דאָך אים סאָפּקאָלסאָף אַרויסלאָזן, דאָס איז איין מאָל אַוועק...

— דאָס איז איינס, און צווייטנס? — פרעגט איוואַן איוואַנאָוויטש, וואָס האָט אים שוין רעכט פאַרדראָסן דאָס אָזעס פון דעם דאָזיקן ייִדן פאָדערן פון אים, פון איוואַן איוואַנאָוויטש פּאָפּאָוון, דאָס ערנוואָרט... אַגעוו, האָט ער געוואָלט וויסן וואָס גיכער דעם שפּיץ, נאָר דעם סטודענט האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מע גלייבט אים ניט און מע לאַכט פון אים, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. האָט אים איוואַן איוואַנאָוויטש אונטערגעטריבן:

— און צווייטנס?

— און צווייטנס, האָב איך געוואָלט אײַך בעטן, אַז איר זאָלט זיך באַציִען צו מיר מיט מער צוטרוי, וואָרעם איר זעט פאַר זיך א מענטשן, וואָס כוץ דעם, וואָס ער איז אײַער א זונס א נאָענ־טער פרײַנט און א כאַווער, איז ער אויסן ניט קיין זאַך, נאָר פאַריכטן דעם פעלער, דעם נאַרישן פעלער, וואָס צוויי כאַוויירים זײַנען באַגאַנגען אין א פריילעכער מינוט פון א פריילעך קערמעשל פון אינטימע כאַוויירים... איר זענט אַליין געווען אַמאָל יונג און מיסטאָמע אויך באַגאַנגען פעלערן, געוויס ניט אַזאַ נאַרישן פעלער ווי מיר, איך און אײַער זון, זײַנען באַגאַנגען...

אין דער גאַנצער צײַט פון זינט זיי האָבן זיך געביטן, האָט דער עמעסער ראַבינאָוויטש נאָך קיינמאָל ניט אַרויסגעזען אַזוי דײַטלעך ווי אַצינד, ווי ווײַט נאַריש ס'איז געווען פון זיי ביידן צו פאַרפירן דעם דאָזיקן געפערלעכן שפּאַס. און כאָטש אין דעם איז זײַן כאַווער געווען מער שולדיק ווי ער, וואָרעם אונטערן גלעזל איז דעמלט געווען גרישע, ניט ער — דאָך האָט ער גענומען א האַלבע אַווירע אַף זיך...

פון די דאָזיקע ווערטער האָט איוואַן איוואַנאָוויטש אַרויסגעזען, אַז ער האָט ניט צו טאָן מיט א מאַניאַק, נאָר פאַרשטיין פאַרשטייט ער נאָך אַלץ ניט, וואָס ער וויל, עס פּאַטויפּעט זיך אים ניט אין מויעך: וואָס הייסט — זיי האָבן זיך געביטן? וואָס פאַר א טראַגיקאָמעדיע? ער האָט זיך ניט געשעמט און אַרויסגעזאָגט זיך בעזע האַלאַשן:

— איך פאַרשטיי אײַך זייער ווינציק, יונגערמאַן. איך הער נאָר ווערטער: „פעלער"... „שפּאַס"... „קערמעשל"... „טראַגיקאָמעדיע"... וואָס דאָס איז — פאַרשטיי איך ניט. עפּשער וועלן מיר עס פאַר־שטיין שפּעטער, אַז איר וועט זיך אַרויסזאָגן א ביסל קלאָרער. און וואָס איר פאָדערט פון מיר מײַן וואָרט — איז אויך צום לאַכן. ווי קאָן איך געבן א וואָרט א מענטשן, וואָס איך קען אים ניט?.. איר אַליין האָט געזאָגט נאַרוואָס, אַז איר קענט אײַער כאַווער און זײַן פאָטער, — אויב אַזוי, דאַרפט איר אַליין פאַרשטיין, אַז איר קאָנט רעדן אַלץ, וואָס איר ווילט. ווײַטער פון אָט דעם אָרט וועט דאָס ניט גיין.

נאָכן ווייכן טאָן פון די דאָזיקע ווערטער און נאָך די גוטע ערלעכע אויגן, וואָס האָבן אַף אים געקוקט מיט פולן פאַרטרויען, האָט ראַבינאָוויטש אַרויסגעזען, אַז זײַן האַקדאָמע איז געווען לאַכ־לוטן איבעריק. און ער האָט זיך דעריבער צוגעײַלט איבערגעבן זײַן לאַנגע געשיכטע, די טראַגי־קאָמעדיע — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, — מיט אַלע פּראָטים און פּישטשעווקעס, פונעם סאַמע אָנהייב ביזן סאָף, וויִאַזוי פון א נאַרישן, קונדעסן שפּאַס, וואָס קונדייסים כאַוויירים האָבן אין א פריילעכער מינוט פאַרקלערט, האָט זיך אויסגעלאָזט א טרויעריקער, א בלוטיקער שפּאַס...

דאָ האָט ראַבינאָוויטש געמוזט אָפּטרעטן א ביסל אַף א זײַט, געבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס ער רופט עס אָן מיטן נאָמען „א בלוטיקער שפּאַס" און לייענען פאַר איוואַן איוואַנאָוויטש פּאָפּאָוון א קליינע לעקציע וועגן דעם, אַז עס עקזיסטירט לײדער נאָך אין אונדזער צײַט פון פּראָגרעס אַזאַ שענדלעכע זאַך, וואָס ווערט אָנגערופן „אַלילאַס דאַם"... און דאָס איז געווען ניט איבעריק, וואָרעם איוואַן איוואַנאָוויטש האָט זיך נאָכדעם מודע געווען, אַז ער האָט ניט אָנגעהויבן צו וויסן, מיט וואָס מע עסט עס. דאָס הייסט, לייענען האָט ער געלייענט אין די צײַטונגען, אַז עפּעס קומט דאָרטן פאָר אַזעלכעס, וואָס טראַקטירט וועגן בלוט, אַז עפּעס א ייִד א דאַנטיסט האָט פאַרנאַרט צו זיך א

קריסטלעך ייִנגל און געקוילעט אים צוליב זייער יאַמטעוו דאַרטן, נאַר ס'זאָל אים קומען אף די געדאנקען, ער זאָל זיך צוהערן — ווינציק מענטשן ווערן בא הײַנטיקער צײַט אויסגעשאָכטן טאָג־טעגלעך, גאָט, מײַן גאָט!..

א סאך וווּנדערלעכע זאכן האָט זיך יענעם טאָג איוואן איוואנאָוויטש אָנגעהערט פון אָט דעם דאָזיקן סטודענט, וואָס האָט איניינעם מיט דער געשיכטע פון זײַן זונס צאָרעס איבערגעגעבן אויך די געשיכטע פון זײַנע צאָרעס און לײַדן, וואָס ער איז צוליב זײַן ייִדישקײַט אויסגעשטאנען זײַנע אַלע בעסטע יונגע יאָרן, און אויך וויִאזוי ער איז פארשווארצט געוואָרן אינעם דאָזיקן יאָר אין זײַן ראָל פון קלוימערשט א גליקלעכן גלײַכבארעכטיקטן קריסט צווישן קריסטן... און איבערהויפּט דעם געהענעם, וואָס ער איז אויסגעשטאנען אין זײַן איצטיקער גרויסער נעסיִע אין דער גרויסער שטאָט פון דער „טשערטא״ (דעם איניען פון דער „טשערטא״ האָט ער אויך געמוזט ארומריידן), ווו ער האָט גערעכנט, אז עס וועט אים געראָטן ארויסראטעווען זײַן כאווער און האָט געהאט א מיִעסן טאָעס — אלצדינג, אלצדינג האָט ראבינאָוויטש אויסגעלייגט פאר זײַן כאווערס פאָטער, גלײַך ווי פאר זײַן אייגענעם טאטן.

אף איוואן איוואנאָוויטשעס פּאָנעם איז געווען צו באמערקן אַלע די געפילן, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין די עטלעכע שאָ, וועלכע זײַנען אריבערגעפלויגן פאר אים, ווי עטלעכע מינוט — אזוי נײַ און אזוי טיף אינטערעסאנט איז געווען דאָס, וואָס דער ייִד דערציילט, אזוי עמעסדיק און טיף באהארצט קלינגען זײַנע ווערטער, כאָטש ער איז א ייִד... דער לאקיי אינעם פראק מיטן ווײַסן שניפּס, וואָס האָט סערווירט טיי, האָט זיך ניט ווינציק געוווּנדערט, וואָס אפן בארין איז מיטאמאָל געקומען א נײַע הויט, זינט אָט דער סטודענט זיצט בא אים — גאָר ניט צו דערקענען...

דעם זעלבן טאָג, שוין פארנאכטלעך האָט איוואן איוואנאָוויטש געגעבן א באפעל, אז מע זאָל שפּאנען פערד, געשיקט רופן דעם אופּראווליאיושטשי און איבערגעגעבן אים אָרדערס אף א גאנצער וואָך, דערנאָך האָט ער ארײַנגערופן די טאָכטער, געזאָגט, אז ער האָט איר צו דערציילן א וויכטיקע זאך, נאָר ער קאָן דאָס איר נאָך ניט זאָגן... עס האָט א שײַכעס צו גרישען... (אין די אויגן האָט זיך אָנגעצונדן בא אים א פײַערל). מעגלעך, אז ער וועט אים אראָפּברענגען אינגיכן אהיים. ער פאָרט אף עטלעכע טעג... ער וועט שרײַבן... ער וועט טעלעגראפירן...

דאָס ערשטע מאָל אף זײַן לעבן איז אויסגעקומען איוואן איוואנאָוויטש פּאַפּאָוון צו זיצן אזוי נאָענט א זײַט צו א זײַט מיט א ייִדן... ער האָט געהאט גענוג צײַט אין וועג, אין א באזונדערער קופּע ערשטער קלאס, ווו זיי זײַנען געזעסן, אויסצוהערן פון זײַן שאָכן אזויפיל וווּנדערלעכע זאכן, פון וועלכע — ער האָט זיך געמוזט מודיע זײַן — ער האָט ניט געהאט קיין שום באגריף. עס האָט זיך פאר אים געעפנט א גאנצע וועלט, אן אומבאקאנטע וועלט... איין זאך נאָר איז אים געווען ניט אָנגענעם, — דער דאָזיקער שאָכן איז אפילע א גאנץ סימפּאטישער פארשוין, נאָר ער איז פאָרט א ייִד...

דאָס הונדערט צוועלפטע קאפּיטל

## אין הויז פון גערעכטיקײַט

ניט נאָר דאָס לאנגע גרויע הויז מיט די צוויי גאנעקעס — דאָס הויז פון גערעכטיקײַט — נאָר די גאס, ווו דאָס הויז געפינט זיך, איז געווען פול און פול מיט מענטשן. נאָר קיינמאָל איז די בירזשע ניט געווען אזוי פּוסט און לער ווי דעם דאָזיקן פרימאָרגן. נאָך קיינמאָל האָבן דער מארק און די קראָמען, די קאָנטאָרן און די בענק ניט געזען אזוי ווינציק קוינים, קונדן און קליִענטן ווי אין דעם דאָזיקן פרימאָרגן, גלײַך ווי עס זײַנען אויסגעשטאָרבן אַלע אינטערעסן אין שטאָט און ס'איז געבליבן נאָר איין אינטערעס — דער ריטואל־פּראָצעס און זײַן העלד, דער דאנטיסט ראבי־נאָוויטש. שוין פון גאנצפרי אָן זײַנען געווען באלאָנים אָפּצושטיין צוויי זייגער שאָ אין דרויסן אפן רעגן — עס איז געווען א רעגנדיקער פרימאָרגן — טאָמער וועט זיי געראָטן צו זען, ווי מע וועט אים פירן. און ווײַל דאָס דאָזיקע פּובליקום איז באשטאנען מערסטנטייל פון ייִדן, און ייִדן, אז זיי זײַנען איניינעם, האָבן זיי ניט ליב צו פארברענגען די צײַט גלאט אזוי אָן א שום ארבעט, — האָט מען גערעדט; און גערעדט האָבן אַלע, און געשמאק, מיט הענט, ווי עס געהער צו זײַן. פון וואָס האָט מען גערעדט? געווײנלעך, פונעם „פּעקל״, און ווידעראמאָל פונעם פּראָצעס און אָבעראמאָל פונעם דאנטיסט. און רייד זײַנען געווען — גוזמיי גוזמעס, מיימרעס פארשיידענע, מײַסעס און קאָמ־

בינאַציעס, מיינונגען און סוואָרעס אָן א שיר. פונוואַנען דאָס ברייטע פּובליקום ווייסט, וואָס אונטערן פאָרהאַנג טוט זיך, — איז שווער צו זאָגן; נאָר ס'זײַנען דאָ מענטשן, דאָס הייסט, ייִדן, וואָס ווייסן לאַכלוטן אַלצדינג. ייִדן ווייסן, לעמאָשל, פון די נײַע אײדעס, וואָס וועלן געבן א שוווע (צווישן די אײדעס איז איינער א באַרימטער סטודענט אַן אַקאַדעמיסט, קאַרשונאָוו), אַז זיי האָבן אַליין געזען, ווי דער דאַנטיסט ראַבינאָוויטש מיט נאָך איינעם א שוואַרצן יונגערמאַן מיט געקרײַזלטע האָר זײַנען געפאָרן אַף א דראָזשקע, אַף דער דראָזשקע צופוסנס איז געלעגן א פאַרבונדענער זאַק, און אין זאַק האָט זיך געוואָרפן, געצאַפּלט עפּעס א לעבעדיקע זאַך, און געשמועסט האָבן די צוויי ייִדן צווישן זיך עפּעס אַף ייִדיש, וואָס — ווייסן זיי ניט. נאָר איין וואָרט האָבן זיי געכאַפּט: „מאַצצאַ", „מאַצצאַ"... האָבן זיך די אײדעס געהאַט געלאָזט נאָכגיין זיי פון הינטן, האָבן די ייִדן דערזען און געהייסן דעם איזוואָזטשיק פאָרן גיכער און פאַרקערעוועט אָן א זײַט און פאַרשווּנדן געוואָרן אין דער גאַס, ווּ די ייִדישע סינאַגאָגע געפינט זיך.

אַלצדינג ווייסן ייִדן. ייִדן ווייסן, אַז מע האָט די טעג געלאָזט אײַנזעצן נאָכאַמאָל קירילן מיט קיריליכען, וואָרעם מע האָט געכאַפּט דורך דער הילף פון א שפּיק דעם עמעסן פאַרברעכער, עפּעס איינעם א גאַנעוו, וואָס איז זיך שוין מודע געווען און אַרויסגעגעבן די נעמען פון די כאַווײרים, האָט זיך אָבער געטראָפן אַן אומגליק, און דער גאַנעוו איז אַלפּי נעס אַנטרונען געוואָרן פון געפענקעניש, און דעם שפּיק, וואָס האָט געגראָבן אַף די גאַנאָווים, האָט מען אײַנגעזעצט אויך פאַר א גנייווע...

אַלצדינג ווייסן ייִדן. ייִדן ווייסן, אַז דער מעשומעד לאַפּידוס, דער מומאָר לעהאַכעס, האָט שוין כאַראָטע און איז גרייט זײַנע ווערטער צוריקצוציִען, זיך מודע זײַן, אַז ס'איז אים אַרײַן א מעשוגאַס אין קאָפּ — ער ווייסט אַליין ניט וואָס מיט אים איז געווען. ער איז גרייט איצטער זיך א מײַסע אָנטאָן. „זייער רעכט! — זאָגן ייִדן — קיי יויוודו אַף אַלע רעשאָיִם אַזאַ סאָף!.."

אַלצדינג ווייסן ייִדן. ייִדן ווייסן אַפילע, וואָס די אַדוואָקאַטן וועלן רעדן, ווער פריִער און ווער שפּעטער. און עס ווערן דערציילט גרויסקײַטן און גוזמעס ניט נאָר פון די באַרימטע אַדוואָקאַטן, נאָר אויך פונעם פּראָקוראָר, וואָס מע האָט אַראָפּגעשיקט, ווײַל ער איז א גרויסער ספּעציִאַליסט אין ריטואַל־זאַכן און שוין א כוידעש, אַז ער זיצט דאָ און שטודירט דעם פּראָצעס אָפּן אָרט, געפּאָטאָגראַפירט די גאַנצע ייִדישע גאַס, געווען אומעטום, אין שול און אַפילע דאָרט, ווּ ייִדן באַקן מאַצעס, אַרויסגערופן צו זיך דעם ראָוו, — און נאָך און נאָך זאַכן ווערן דאָ איבערגעגעבן פון איינעם צום אַנדערן, כידושים וועניפלאָעס. און אויך פון דעם באַשולדיקטן ווערט דאָ דערציילט א סאַך נײַעס, כאָטש קיינער האָט אים ניט געזען. מע דערציילט, אַז ער איז דורך דער צײַט, וואָס ער זיצט, געוואָרן גרוי ווי א טויב, און ס'איז גאָר א סוואָרע, אַז ער איז געווען א ביסל ווי געריִרט. אַצינד איז אים שוין בעסער. ער האָט די טעג געשריבן א בריוועלע צו זײַן קאַלע, אין לאָשן־קוידעש געשריבן, דורכן אַדוואָקאַט איבערגעגעבן...

— וואָסערע לאָקשן? וואָסער קאַלע? איר מיינט אַוואָדע אָט דעם שאַפּיראָס טאָכטער? עס הייבט זיך גאָר ניט אָן! זי איז שוין לאַנג אויס קאַלע. זי האָט שוין א נײַעם כאָסן. פרעגט מיך. איך ווייס בעסער פון אײַך אַלע. איך בין זייערער א שאָכן און א היימישער מענטש.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זאָגט ניט קיין אַנדערער, נאָר קאַץ אָדער קעצעלע, ווי די בירזשע האָט אים א נאָמען געגעבן. א פאַרשוויצטער, מיט א געקנייטשטן שטערן איז קעצעלע מיט זײַנע קורצינקע פיסעלעך אַרומגעפלויגן דעם דאָזיקן פרימאָרגן פון איינעם צום אַנדערן, געמאַכט מיט די הענט און מיט די פּלייצעס און מיט אַלע איבעריקע אייווורים, ניט געשטאַנען קיין מינוט אַף אַן אָרט, גלײַך ווי עמעצער האָט אים אַרײַנגעשלאָגן צוועקעס אין די פּאָדעשוועס פון די פיס, אָדער גלײַך ווי די גאַס וואָלט געווען אויסגעפלאַסטערט ניט מיט שטיינער, נאָר מיט הייסע קוילן. קעצעלע האָט, נעבעך, געשמאַק און געטרײַ געטאָן זײַן זאַך. מע זאָל צאָלן א מענטשן מי יעדייע וויפל, וואָלט ער אַזוי געשמאַק און געשמײַדיק ניט באַדאַרפט אַרבעטן. וואָרעם אַכוץ וואָס קעצעלע קען זיך מיטן באַל־דאָוואָר אַליין, געשפּילט מיט אים וויפל מאָל אין סטוקעלקע און אין טערטל־מערטל, האָט ער געהאַט א געלעגנהײַט נאָענט צו באַקענען זיך מיט זײַן טאַטן, וואָס האָט בא אים פאַרבראַכט א טאָג מיט א נאַכט און „גערעדט און גערעדט", — זאָגט קעצעלע און איז שוין נישטאָ. א קלייניקײַט, א מענטש האָט אַזויפיל צו טאָן! קיין אײַנהאָרע, אַזויפיל ייִדן...

נאָר מע קאָן ניט זאָגן פונדעסטוועגן, אַז דאָס גאַנצע פּובליקום איז באַשטאַנען בלויז פון ייִדן אַליין. עס זײַנען געווען אויך ניט ווינציק קריסטן, וואָס האָבן זיך ניט ווינציקער אינטערעסירט מיטן פּראָצעס, וואָס די גאַזעטן האָבן ניט אויפגעהערט צו פויקן וועגן אים פון טאָג אַף טאָג, צעבלאָזנדיק אים אין א וועלט־פּראָצעס אַזוי שטאַרק, אַז עס זײַנען אַראָפּגעקומען ספּעציִעל קאָרעספּאָנדענטן ניט נאָר פון דער רעזידענץ, נאָר אויך פון אַלע גרעסטע שטעט פון אויסלאַנד, און אַלע האָבן אַרויסגעקוקט, געגאַרט אַרײַן אינווייניק אין זאַל אַרײַן. נאָר ניט יעדער האָט געהאַט די מעגלעכקײַט. דער אַרײַנטריט איז געווען אַף בילעטן, און די צאָל פון די אײַנטריטס־קאַרטן איז געווען באַ־

שטרענגט, ווײַל עס זײַנען געווען זייער א סאך איידעס, קאָרעספּאָנדענטן, יוריסטן און טשינאָווניקעס, און די אַלע האָבן מאמעש באלאגערט דאָס הויז, שפּארנדיק ארוף צו דער טיר, וואָס איז געווען נאָך צוגעשלאָסן און באוואכט פון שאָמרים. ווײַטער־ווײַטער האָבן אָנגעהייבן צופאָרן קארעטעס, וואָס האָבן געבראכט צו פירן עלעגאנטע דאמען מיט שיינע היטעלעך. די געוויסע קרימינאַליסטן, וואָס אָן זיי גייט ניט קיין גרויסער פּראָצעס. ווײַטער־ווײַטער האָט אָנגעהויבן דער צופאָר ווערן אָפטער און געדיכטער, און דער צוגאנג איז שוין געוואָרן גאָר אומעגלעך. עס האָט זיך באַוויזן פּאָליציע, וועלכע איז געווען גאָר ניט איבעריק, וואָרעם עס זײַנען אויסגעפאלן א פּאָר אינצידענטן צווישן די „פארשיידענע קלאסן פון דער באפעלקערונג”. וואָס האָבן זיך געקאָנט אויסלאָזן זייער ניט פריילעך...

נאָר אָט האָט זיך דער אוילעם געגעבן א ריר, דער יאם פון קעפּ האָט זיך א וויג געגעבן ווי א יאם־כוואַליע, — עס האָט זיך געעפנט די טיר. און די גליקלעכע האָבן אָנגעהויבן איינציקווײַז, אי דאָס ניט אזוי גרינג, מיט שטופּעניש, מיט קוועטשעניש ארײַנגעלאָזט ווערן אינווייניק, און די ווינציקער גליקלעכע האָבן געמוזט, נעבעך, בלײַבן פון דער זײַט טיר, ניט געהאָלפן ניט קיין בעטן, ניט קיין שטופן זיך, ניט קיין דורכשלאָגן זיך מיט דער הילף פון קולעקעס. מע האָט בא איין ברייטע געמוזט באנוגענען זיך דערמיט, וואָס מע שטייט כאָטש נעענטער צו דער טיר און געדאנקט גאָט, וואָס דער רעגן האָט כאָטש אופגעהערט צו גיין. „גאם זאָ לעטויווע...” „א יידיש גליק איז א קילער טישע בעאָוו...” אזוי האָבן זיך אויסגעשמועסט יידן, וואָס זײַנען געבליבן אין דרויסן.

„אָט ווען ס'איז גוט, — האָבן זיי ניט אופגעהערט צו וויצלען זיך, — אָט ווען מע דאַרף מעקאַנע זײַן: דאָס זײַנען די קורצע פראקן מיט די ווײַסע שניפּסלעך. זיי לאָזט מען ארײַן אינווייניק און דאפקע אף יענער זײַט גראטעס”. „א טשינאָווניק איז אויך ניט שלעכט צו זײַן, אבי א קנעפּל. לאָזט מען דיך ארײַן”.

אין דער מינוט איז צוגעפאָרן א רײַכע קארעטע און פון דער קארעטע איז ארויס זייער אָן אָנגעזעענער, א בעקאָוועדיקער מאן מיט טיפזיצנדיקע אויגן, און באלד נאָך אים א סטודענט מיט א יידיש אייסזען. דער אָנגעזעענער מאן און באלד נאָך אים דער סטודענט האָבן זיך געלאָזט צו דער טיר און זײַנען ביידע געבליבן ניט ארײַנגעלאָזט, און ווי עס האָט אויסגעזען, זײַנען זיי געווען גאנץ איבעראשט. דער אָנגעזעענער מאן האָט א קוק געגעבן מיט זײַנע טיפזיצנדיקע אויגן אפן סטודענט. און דער סטודענט האָט עפּעס גערעדט צו אים הייס, מיט פײַער, און געמאכט צו אים בייסמײַסע מיט די הענט, געווען שטארק אופגערעגט.

פארשטייט זיך, אז יידן האָבן די דאָזיקע סצענע גענומען אויסטײַטשן אף אלערליי אויפאנים און פרעגן איינס דאָס אנדערע, ווער קאָן זײַן אָט דער קריסט, און ווי קומט אהער א יידישער סטודענט מיטן קריסט אין איין קארעטע? וואקסט אויס קעצעלע:

— איר מעגט זאָגן אף מיר, אז איך בין א מעשוגענער און א שאלאָקווילע און וואָס איר ווילט, נאָר איך גיי מיט אײַך אין געוועט אף וויפל איר ווילט אליין, אז דער סטודענט איז א נאָש בראט אין איז דעם באלדאָווערס א ברודער. וואָרעם איך קען זײַן עלטערן ברודער, אווראָם־לייבוש הייסט ער, צוויי טראָפּנס וואסער! איך האָב מיט אים פארבראכט א טאָג מיט א נאכט און האָב מיך גוט צוגעקוקט.

— גוט, ווער זשע איז דער קריסט?

— וואָס פארשטייט איר דאָ ניט? דארף זײַן מיסטאמע דער פּאָרעץ, וואָס ראבינאָוויטשעס פּאָטער האלט בא אים די ארענדע. — קעצעלע זאָגט עס מיט אזא מין אפלאָמב, אז עס פאלט גאָר קיינעם ניט אײַן איבערצופרעגן בא אים, וואָסער ארענדע? און, אגעוו, איז מען נײַגעריק צו זען, וואָס וועט דאָ זײַן מיטן פּאָרעץ, צי וועט מען אים ארײַנלאָזן, צי ניין? אנדערע האָבן געזאָגט, אז יאָ, אנדערע — אז ניין. און דער קריסט האָט דערווײַל איבערגעשמועסט זיך מיטן סטודענט, און דער סטודענט האָט ניט אופגעהערט צו הײַען זיך און מאכן מיט די הענט. „אפּאָנעם, ער גיט אים אָן אייצע? ער לערנט אים וואָס צו טאָן? א יידישער קאָפּ...” א סימען, דער קריסט האָט אים טאקע געפאָלגט און ארויסגענומען פון בוזעם־קעשענע א וויזיט־קארטע און איבערגעגעבן זי צום שוימער. און עס האָט ניט גענומען קיין עטלעכע מינוט, האָט זיך געעפנט די טיר, און דער קריסט איז ארײַנגעלאָזט געוואָרן אינווייניק, און דער סטודענט מיטן יידישן פּאָנעם האָט זיך נאָך א ווײַלע ארומגעדרייט בא דער טיר און צוריק, זיך געשטשיפּעט די וואָנצעס פאר אופרעגונג, דערנאָך האָט ער זיך אופגעזעצט אין דער קארעטע און איז אוועק.

— ני? וואָס האָב איך אײַך געזאָגט? — מאכט קעצעלע מיט א ניצאָכן־געלעכטער. — דער פּאָרעץ איז ניט קיין פּראָסטער פּאָרעץ, מיסטאמע א גראף, האָט ער ארײַנגעשיקט זײַן קארטל צום „פּרינצעדאטעל”, — גראף אזעלכער און אזעלכער; האָט מען אים געזאָגט ברוכים האבאָים, און דעם יידן האָט ער געזאָגט: דו בלײַב שטיין אָט דאָ א פּאָר מינוט, וועל איך פּויעלן באם „פּרינצעדאטעל”,

מע זאָל דיך אַרײַנלאָזן, איז גוט, עלע ניט, פֿאַר אהיים אין האָטעל און הייס דיר דאָרט שטעלן דעם סאַמאָוואַר אויף מײַן רעכענונג.

— אַלצדינג ווייסט ער אײַך, אָט דער קעצעלע, ווי אַן אַלטער.

— ניט אַזוי אַלט, ווי געניט.

— לייענט ווי פֿון אַ בוך.

— אַ מאָדנער ייִד.

— אַ ייִד אַן אומרו.

און אינווייניק אין זאַל האָט באַדאַרפֿט נעמען אַ ביסל צײַט, ביז דער אוילעם זאָל זיך באַזעצן אויף די געדיכט־צונויפֿגעשטעלטע בענק. וואָרעם איטלעכן דאַכט זיך, אַז ווי גוט ער זאָל ניט זיצן, וואָלט ער געקאָנט זיצן נאָך בעסער, און וויפֿל ער זאָל ניט זען, וואָלט ער געקאָנט נאָך מערער... ניט נאָך אין זאַל גופֿא, נאָר אַפֿילו אויף יענער זײַט גראַטעס איז געווען אַ נאָדל ניט דורכצוּוואַרפֿן. דאָס זײַנען געווען די כּעוורע יוריסטן, געשוווירענע אַדוואָקאַטן און זייערע געהילפֿן, אַלע אין שוואַרצע פֿראַקן און מערסטנטײל — צי מע דאַרף, צי מע דאַרף ניט — מיט גרויסע פּאָרטפֿעלן אונטער די אָרעמס. צווישן די דאָזיקע כּעוורע יוריסטן האָט אַרויסגעשײַנט דער „אַדוואָקאַט פֿון אַדוואָקאַטן־לאַנד“ מיט זײַן מיניסטערישן קאָפּ און מיט זײַנע דינע לאַנגע פֿיס; דער שוואַרצער פֿראַק מיטן ווײַסן שניפּס האָבן צוגעגעבן זײַן גרויסן גלאַטן קאָפּ אַ באַזונדערן גלאַנץ, און זײַן ברייטער ווײַסער שטערן האָט געזאָגט איידעס, אַז דער מענטש דענקט, און אַז ער איז רויִק, און אַז ער איז גרייט אַרויסצוטרעטן אין דער מילכאָמע, ווי שטאַרק און ווי באַוואָפֿנט דער פֿײַנט זאָל ניט זײַן. אויב דער פֿײַנט איז שטאַרק, איז ער נאָך שטאַרקער. אויב דער פֿײַנט איז באַוואָפֿנט, איז ער נאָך מער באַוואָפֿנט, וואָרעם אויף זײַן זײַט איז דאָס וויסן, אַז זײַן באַשולדיקטער איז ניט שולדיק, אויף זײַן זײַט איז דער עמעס און די אומשולדיקײַט... און ווער איז יענער אַדוואָקאַט מיט אַ לייבן־קאָפּ און מיט פֿײַערדיקע שוואַרצע אויגן, וואָס אַלע אַדוואָקאַטן שטופּן זיך צו אים, דריקן אים אַזוי פֿרײַנטלעך די האַנט און רינגלען אים אַרום פֿון אַלע זײַטן? דאָס איז דער באַרימטער רעדנער־



אדוואָקאַט, וואָס מע האָט אַראָפּגעבראַכט צום פּראָצעס פון דער רעזידענץ, ווי דער אדוואָקאַט פון אדוואָקאַטן־לאַנד האָט אים אָנגערופן: דער באַרימטער סאָלאָוויי, „דער גרעסטער קנאַקער פון אַלע קנאַקערס". גיך האָבן זיי ביידע פאַרנומען זייערע ערטער אין דער רעכטער האַנט בא א לאַנגן שטענדער־טישל לעבן דער באַשולדיקונגס־באַנק, ווידאַווי דעם שטענדער־טישל פונעם קעגנער, פונעם פּראָקוראָר.

דער דאָזיקער פאַרשוין איז אויך געווען א האָמאָ נאָוואוס, א פּאָנעם כאַדאָשעס, אין דעם דאָזיקן זאַל. ער איז דאָס אַראָפּגעשיקט געוואָרן אהער פון דער רעזידענץ ספּעציעל צוליב דעם אָנגעזעענעם פּראָצעס. און כאָטש ער איז געווען נאָך גאָר א יונגערמאַן, נאָך א „טאָוואַרישטש פּראָקוראָר", נאָר צוליב זײַן אַריסטאָקראַטישער אָפּשטאַמונג (און באַלד וועלן מיר געוווירווערן, וועד דאָס איז געווען) און צוליב דער גרויסער פּראָטעקציע, וואָס ער האָט געהאַט, האָט דער דאָזיקער אַרויסטריט זײַנער באַדאַרפט אים אויסבעטן א וועג צו זײַן ווײַטערער קאַריערע. דאָס איז געווען א יונגערמאַן, וואָס ווערט אָנגערופן בא אונדז א מעשאָלעם, א שיינער יונג, מיט שיינע וואָנצעס, א שיינער קאָפּ, נידעריק געשוירן, א גלענצנדער רעדנער מיט א געבענטשטער שטים — מיט איין וואָרט, אַלצדינג, וואָס מע באַדאַרף האָבן אַף אײַנצונעמען די הערצער פון די אַזויגערופענע קרימינעלע דאַמען.

ביסלעכווײַז האָט זיך דער אוילעם אויסגעזעצט און באַרויִקט, נאָר די עמעסע רויִקײַט איז אײַנגעטראָטן און שטיל איז געוואָרן ערשט אין דעם מאָמענט, ווען דער פּריסטאַוו, א מויערדיקער יונג, א הויכער, א גלאַטער, מיט א ברייטער קייט אַפן האַלדז, האָט מיט א פײַערלעכער שטים אויסגערופן: „דער בעסדין גייט", גאַנץ אויבנאָן האָבן זיך אויסגעזעצט די ריכטער, איינער אן עלטערער און זייער א כאַשעווער מאַן מיט א קײַלעכדיק פּאָנעם און א גראָוולעך בערדל און מיט קישעלעך אונטער די אויגן — צוויי טראָפּנס וואַסער דער ענגלישער קיניג עדוארד. און בא די זײַטן זײַנע צוויי כאַווײרים, איינער א הויכער, א דארער, א קרענקלעכער, וואָס דער אײַנגעשרומפּענער האַלדז האָט זיך שטאַרק אַרויסגעזען פונעם מיט גאָלד־געשטיקטן קאָלנער, און דער אנדערער, א טאָטערשער טיפּ, א נידעריקער און א קײַלעכדיקער מיט א שוואַרצן ברייטן שטאַרק געשוירענעם קאָפּ, מיט א ברייט גוט פּאָנעם, פונוואַנען עס האָבן אַרויסגעקוקט א פּאָר קליינע מײַזן־אייגלעך. אונטער די דרײַ ריכטער אַף א גאַנצער ריי שטולן, האַרט בא דער וואַנט, אַקוראַט אונטערן קייסערס פּאָרטרעט, האָבן זיך אויסגעזעצט, אַלס זײַטיקע צוקוקער, פאַרשיידענע הויכגעשטעלטע פאַרשוינען מיט און אָן גאָלדענע קנעפּ און קעלנער. נאָר די אַלע האָבן אַף זיך אַזוי ניט געצויגן די אויגן פון פּובליקום, ווי דער אַראָפּגעשיקטער יונגער פּראָקוראָר מיט זײַן גלענצנדער פיגור, ווי אויך דער אַראָפּגעבראַכטער אדוואָקאַט מיט זײַן לייבן־קאָפּ. דאָס זײַנען געווען צוויי העלדן — גלאַדיאַטאָרן, וואָס האָבן באַדאַרפט אַרויסטרעטן אַף דער אַרענע פון גערעכטיקײַט מיט דער קראַפט פון זייער שיין ריידן און מיטן קויעך פון דער לאָגיק און איבערצײַגונג. ביידע צדאָדים, אכוץ וואָס זיי האָבן זיך צוגעגרייט אינדערהיים, אָנגעזעטיקט זיך מיט מאַטעריאַל פון פאַרשיידענע קוועלן, האָבן זיי מיטגעבראַכט מיט זיך גראָב־בײַכיקע ספּאָרים און קסאָווים, יעדער מיט זײַנע אווטאָריטעטן. איין צאַד האָט מיטגעבראַכט די ביכער פון קאַרל עקער, הערמאַן בעער, אווגוסט ראָלינג און פונעם באַרימטן ליוטאָסטאַנסקי, וואָס באַווײַזן מיט ראיעס און אויסעס אומויפסים, אז ייִדן קאָנען זיך ניט באַגיין אָן קריסטלעך בלוט צו זייערע מאַצעס אַף פּייסעך... און דער אנדערער צאַד האָט מיטגעבראַכט די ביכער פון פּראָפעסאָר דעליטש, פּראָפעסאָר כוואָלסאָן, פון דאָקטער פראַנק, א קאַטוילישער גאַלעך, און פון דאָקטאָר שטראַק, א ליוטעראַנישער פּאַסטאָר, און נאָך א סאַך ייִדישע און קריסטלעכע אווטאָריטעטן, וואָס באַווײַזן מיט פיל שטאַרקערע ראיעס פון דער טוירע און מיט אויסעס אומויפסים פון טאַלמוד, קאַבאָלע און פון היסטאָרישע קוואַלן, אז די אַלע באַשולדיקונגען זײַנען פאַלש פון אָנהייב ביז סאָף, גראָב אַמעצאַריש און מערסטנטייל מעסירעס און פּאַסקווילן, דורכגעוועבט מיט רישעס, בילבל, אינטריגע, שאַנטאַזש און נאָך אַזעלכע ניט גאַנץ ריינע געפילן. וואָס איז צו רעדן? פאַרן ברייטן פּובליקום איז דאָס אוואַדע א יאָמטעוו. עס שטייט פּאָר זייער א שיינע סצענע אַף צו קוקן און מיט פאַרגעניגן צו האָרכן אַזעלכע שיינע רעדנער־גלאַדיאַטאָרן... ווי האָט דאָס אָבער אויסגעזען בא די עטלעכע גליקלעכע ייִדן, וואָס האָבן זיך מיט גרויס מי און זכוס־אָוועס אַרײַנגעכאַפּט אהער אין זאַל אַרײַן? זיי, וועלכע ווייסן דעם עמעסן עמעס, האָט דאָס באַדאַרפט, מיין איך, רעכט פאַרדריסן אַף פּעמידעו, דער געטן פון גערעכטיקײַט, וואָס שטייט מיט פאַרבונדענע אויגן און האַלט א וואָג אין דער האַנט: ביידע וואָגשאָלן זײַנען גלײַך, ניט אַריבערגעוויגן אהער אָדער אהין אַף א האָר — ניט שוין זשע איז נאָך דאָ א סאָפעק?.. ניט שוין זשע באַדאַרף מען נאָך באַווײַזן, אז מיר זײַנען ניט קיין מענטשנפרעסער?.. און עס האָט זיך זיי, מיין איך, געדאַרפט אויסדוכטן, אז זיי הערן א באַסקאָל פון אויבן, וואָס נידערט אַראָפּ און רופט אויס: „ווײ איז צו יענעם, וואָס מע איז אים כוישעד אין דעם, וואָס ער איז ניט!.."

# איין סיורפּריז נאָכן אנדערן

אויב דאָסראָוו פּובליקום איז געווען פאַרינטערעסירט מיט די באַרימטע גלאַדיאַטאָרן פון גערעכטיקײַט, מיט די באַרימטע אַדוואָקאַטן און מיטן פּראָקוראָר, איז מען גאָר אינגאַנצן פאַרקישעפט געוואָרן, אַז דער פּאָרזיצנדער מיט די קישעלעך אונטער די אויגן, וואָס כאַפּט דעם אָפּבליק פונעם ענגלישן קיניג עדוואַרד, האָט געגעבן אַ באַפעל, מע זאָל אַרײַנפירן דעם באַשולדיקטן. אנדערע האָבן געוואַרט, אַז דאָ וועט זיך באַווײַזן מיסטאָמע אַ געלער פאַרשוין מיט אַ פּאָנעם פון אַ וואַמפּיר און מיט אויגן פון אַ גאַזלען. און אנדערע האָבן גערעכנט פאַרקערט: ניט קיין וואַמפּיר און ניט קיין גאַזלען און ניט קיין געלער, נאָר דאַפקע אַ שוואַרץ זשוואַווע ייִדל מיט אַ שפּיצעכיק קעפּל, מיט אַ כיטרע פּאָנעם און מיט גנייוויִשע אייגעלעך. נאָר ניט די, ניט יענע האָבן געטראָפן. אַרײַנגעפירט מיט צוויי סאָלדאַטן מיט בלויזע שווערדן האָט מען אַ הויכן ברייטביינערדיקן יונגנמאַן, אַ פאַרשוין מיט אַ זעלטן שיינעם געדיכט באַוואַקסענעם קאָפּ, מיט שיינע, אַ ביסל פאַרטראַכטע אויגן און מיט אַ סימפּאַטיש דורכזיכטיק פּאָנעם, באַברעמט מיט שוואַרצע ווייכע, שוין לאַנג ניט געשוירענע האָר. אַ סאַך אויגן האָבן פאַרוווּנדערט באַטראַכט דעם באַשולדיקטן. דאַמען האָבן אָנגעשטעלט די לאָרנעטן: „אַך, ווער וואָלט זיך ריכטן, אַז אַזעלכער זאָל באַגיין אַזאַ פאַרברעכן!?..” און דער „פאַרברעכער” האָט זיך געהאַלטן גאָרניט ווי אַ פאַרברעכער. אויפן פּאָנעם איז ניט געווען קיין שום סימען פון צאָרעס, ליידן, יעסורים, אָדער די מינדסטע אויפרעגונג. מער ניט דער פאַרטראַכטער קוק פון זײַנע שיינע אויגן און די דורכזיכטיקייט פון זײַן הויט האָבן איידעס געזאָגט, אַז דער מענטש האָט באַדאַרפט אַ סאַך אַריבערטראָגן, אַ סאַך אָפּקומען און אַ סאַך, אַ סאַך איבערטראַכטן... פאַר אים איז דער דאָזיקער טאָג געווען, אויב ניט דער סאַמע געוווּנטשענער טאָג, אויף וועלכן ער האָט אַזוי־פיל געהאָפט און אַזוי לאַנג אַרויסגעקוקט. „געקומען אַ סאָף צו דער טראַגיקאָמעדיע...” ער איז געווען זיכער באַ זיך, אַז דאָס איז אײַנגעטראָטן דער מאָמענט, דער היסטאָרישער מאָמענט, וואָס אַלע וועלן סאָפּקאָלסאָף זיך איבערצײַגן, אַז ניט נאָר ער איז ריין אין דעם דאָזיקן „ריטואַלן” פאַרברעכן, נאָר אַז עס איז איבערהויפּט אַזאַ פאַרברעכן קיינמאָל ניט געווען אין ערגעץ אונטער ייִדן... אַ סאַך האָט ער זיך פאַרלאָזט אויף דעם געזונטן פאַרשטאַנד און אויף דער ערלעכקייט פון די געשווירענע ריכטער. אַ סאַך האָט ער געשלאָגן אויף זײַנע צוויי אַדוואָקאַטן, צוויי ריזן, צוויי לייבן, וואָס אויב אַזעלכע וועלן ניט איבערצײַגן, טאָ ווער זשע דען?.. נאָר מער פון אַלץ האָט ער געבויט אויף זיך אַליין, אויף זײַן אייגענעם קויעך פון זײַן פעסטן ווילן און אויף דער קראַפט פון דעם הייליקן עמעס, וואָס מוז אַרויסקוקן פון זײַן איטלעכס וואָרט. „ניטאָ קיין גרעסערע קראַפט אויף דער וועלט פון עמעס”.

אַזוי האָט זיך געטראַכט דער דאָזיקער פאַרברעכער און איז פאַרטיק געווען מיט אַלע זײַנע ענטפערס אויף די פראַגן, וואָס מע וועט אים דאָ שטעלן, און איז פאַרטיק געווען אַפילע מיט דעם, וויאַזוי, מיט וואָסערע אויסדרוקן ער וועט אַרויסטרעטן פאַר די געשווירענע ריכטער אין זײַן לעצטן וואָרט, וואָס קומט אים אַלפּי דין. דאָס זײַנען געווען ווערטער געציילטע, נאָר הויכע, פײַערלעכע, גלײַך פון האַרצן אַרויס, ווערטער, וואָס ברענען, וואָס נידערן גלײַך אין דער נעשאָמע אַרײַן, וואָס איבערצײַגן... און ער איז באַצײַטנס שוין אַזוי באַגײַסטערט מיט זײַן שיין רעדן און מיט זײַן האַלטן זיך אויפן מישפּעט, אַז ער קוקט אויף זיך ווי אויף אַ קאָרבן, אַ מאַרטירער פאַרן ייִדישן פאָלק, און, אַלס ניט־ווילנדיקער מאַרטירער, איז ער קימאַט גרייט אויף אַלצדינג... ער גיט זיך נאָך ניט אָפּ קיין דין־וועכעזשבן, וואָס באַטײַט אַלצדינג, נאָר ער פילט אַ באַזונדער זיסקייט אין דעם וויסן, וואָס ער ווייסט, אַז ער קאָן זײַן דער מאַרטירער, דער היסטאָרישער קאָרבן פון אַ היסטאָריש פאָלק... דערפאַר אָבער, אַז ער וועט אַרויס ניט שולדיק, ווי ער איז עס בעעמעס, וואָס פאַר אַ ניצאָכן דאָס וועט זײַן פאַרן עמעס! וואָס פאַר אַ יאָמטעוו דאָס וועט זײַן פאַר אַ גאַנץ פאָלק פון פאַרפאָלגטע און גערוידעפטע, פון דערנידעריקטע און באַליידיקטע, וואָס זײַנען געהאָלפן געוואָרן דורך אים, דורך אַ מענטשן, וואָס געהערט דאַפקע צו די פאַרפאָלגער... און זײַן פאַנטאַזיע כאַפּט אים אויף אירע גרינגע פליגלען און מאָלט אים ליכטיקע גרויסאַרטיקע שײַנענדיקע בילדער, איינס גרויסאַרטיקער, גראַנדיעזער און שענער פונעם אנדערן, — גאָט ווייסט, וווּהין זיי וואָלטן אים געקאָנט פאַרטראָגן, ווען ער זאָל זײַן אינגאַנצן אויסגעטאָן פון אוילעמהאַזע און פאַרגעסן, אַז ס'איז דאָ אַ שיין מיידל, וואָס רופט זיך בעטי, און וואָס ער איז אין איר פאַרקאָכט און וואָס ער וועט זי אָט באַלד, אָט דאָ טאַקע זען, וואָס ער וועט זי אָט באַלד, אָט דאָ טאַקע הערן רעדן (זען זיך מיט איר אין טורמע איז געווען אומעגלעך. דער אַדוואָקאַט, וואָס האָט צוגעזאָגט זי ברענגען, האָט נאָך דעמלט

ניט געוווּסט, אַז זי איז אויך אַן איידעס). ער זוכט זי מיט די אויגן אין זאַל און געפינט זי ניט. ניטאָ זי נאָך, ניטאָ נאָך קיינער פון די איידעס, ניטאָ נאָך די געשווירענע ריכטער, פאַר וועלכע אייגנטלעך ער האָט צוגעגרייט זײַן רירנדיקע דראָשע, ער זעט פאַר זיך אין זאַל נאָר אַ יאַם מיט קעפּ, וואָס קוקן אַלע אױף אים, אַ סאַך דאַמען־היטעלעך מיט רירנדיקע פעדערן און מיט לאָרנעטן אױף אים אָנגעשטעלטע. און די דרײַ ריכטער זעט ער, וואָס זיצן אויבנאָן מיט די אויסגעגייטע קעלנער, און אַקוראַט אַנטקעגן אים דער שיינער יונג, דער פּראָקוראָר, מיט די שיינע וואָנצעס, מיט דעם שיינעם נידעריק געשוירענעם קאָפּ — ווער זאָל דאָס זײַן? פאַרוואָס איז ער אים אַזוי קענטיק?.. עס טוט אים ווי אַ ברי אונטער די פּאַכוועס און — טיק־טיק־טאַק — דאָס האַרץ הייבט אָן צו קלאַפּן ווי מיט עטלעכע האַמערס. ער קוקט זיך אײַן שטאַרק־שטאַרק. די אויגן ווערן בײַ אים גרעסער און ברייטער: „ניט שוין זשע... — טראַכט ער זיך. — ניין, עס קאָן ניט זײַן!.. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן... עס מאַכט זיך אַמאָל מענטשן זעען אויס ענלעך... עס קאָן ניט זײַן! עס קאָן ניט זײַן!..״
אין דער מינוט ווערט צום פּאָרזיצנדן דורך אַ קוריער פון דער זײַטיקער טיר צוגעטראָגן אַ וויזיטקאַרטע. דער פּאָרזיצנדער באַטראַכט די וויזיט־קאַרטע פון אַלע זײַטן, זאָגט עפּעס דעם קוריער, וועלכער ווערט פאַרשוווּנדן אין דער זעלבער זײַטיקער טיר. מיט דער מינוט באַנוצט זיך דער באַשולדיקטער. ער בייגט זיך איבער צו זײַן אַדוואָקאַט גלײַך אין אויער אַרײַן: „ווער איז אָט דער, וואָס אַנטקעגן אונדז?״ „דאָס איז דאָך דער מאַלעכהאַמאָוועס אונדזערער, — ענטפערט אים יענער אויך אָפּן אויער, — דער טאָוואַרישטש פּראָקוראָרא, וואָס איז ספּעציעל אַראָפּגעשיקט געוואָרן אַהער צוליב אונדז... אַ יונג מיט ביינער, זאָגט מען... נאָר נישקאָשע, ניט מעסוקן. מיר וועלן אים געבן פעפער שמעקן...״ „אַך, ניט דאָס, — ערגערט זיך דער באַשולדיקטער. — ניט דאָס! איך מיין — דער נאָמען זײַנער...״ „זײַן נאָמען? אָט באַלד״. און דער אַדוואָקאַט טוט אַ פרעג שטילערהייט באַם צווייטן אַדוואָקאַט, וואָס מיטן לייבן־קאָפּ, און גיט דאָס באַלד איבער דעם באַשולדיקטן ווידער אָפּן אויער:
— זײַן נאָמען איז פּאָפּאָוו... דמיטרי ניקאָלײַעוויטש פּאָפּאָוו...
נו פאַרשטייט זיך! ער האָט געטראָפן, אַז דאָס איז ער... אַך, ווי ער האָט זיך פאַרענדערט! וואָס פאַר אַן עלעגאַנטער ביוראָקראַט פון אים איז אויסגעוואַקסן!.. פון שטענדיק אָן געווען אַן עלעגאַנטער יונג און אַ קאַריעריסט... אַ מאַסמיד, אַ באַל־דערעכערעץ, נאָר אַ קאַריעריסט. „מײַן מיטיאַ וועט גיין ווײַט״ — פלעג זיך דער פעטער ניקאָלײַ איוואַנאָוויטש מיט אים באַרימען... און איצט איז ער זײַן באַשולדיקטער! ער וועט דאָס אים באַשולדיקן — „ניין! קיין ראָמאַן קאָן ניט ברענגען אַזעלכע סיורפּריזן ווי דאָס לעבן אַליין קאָן אַמאָל געבן...״ אַזוי האָט זיך געטראַכט אונדזער העלד, דער עמעסער פּאָפּאָוו, ווען ער האָט זיך איבערצײַגט, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין טאָעס און אַז דאָס איז געווען זײַן פעטער ניקאָלײַ איוואַנאָוויטשעס עלטערער זון, מיט וועלכן ער האָט אַמאָל איניינעם פאַרבראַכט אין בלאַגאָסוויעטלאָוואָ ניט איין פריילעכן טאָג, איניינעם אַרויסגעפאָרן אין וואַלד, איניינעם געשיפט זיך איבער דער סאַזשלקע, געכאַפּט פיש און נאָך אַזעלכע זאַכן. עמעס, דאָס איז געווען שוין זייער לאַנג. ער, גרישע, איז נאָך דעמאָלט געווען אין די ייִנגסטע קלאַסן גימנאַזיע און יענער איז שוין געווען אַ סטודענט פון ערשטן אָדער צווייטן קורס... נאָר ניט שוין זשע האָב איך מיך אַזוי פאַרענדערט, אַז ס׳איז אַזוי שווער מיך צו דערקענען? וויפל איז שוין? פיר יאָר... פינף יאָר... זעקס יאָר... נאָר דאָ ווערן זײַנע געדאַנקען איבערגעריסן: דער פאָרזיצנדער, וואָס האָט נאָכאַמאָל באַטראַכט דאָס וויזיט־קאַרטל און איבערגעשעפּטשעט זיך מיט די צוויי מיטגלידער, האָט צונויפגענומען די פּאַפּירן, וואָס אױפן טיש, און האָט מיט אַ גרינגן הוסט און מיט אַן אָנגענעמען טענאָר אָנגעהויבן צוצוטרעטן צום אייסעק, — נאָר ער האָט ניט אויסגערעדט די ערשטע דרײַ ווערטער, האָט זיך פון פּובליקום אופגעהויבן אַ הויכער, זייער אַן אָנגעזעענער מאַן מיט ברייטע, אַ ביסל אַרופגעצויגענע אַקסלען (דאָס איז געווען דער קריסט, וואָס איז צוגעפאָרן מיטן סטודענט אין דער קאַרעטע) און, האַלטנדיק פאַר זיך אַ ווײַסן בויגן פּאַפּיר צונויפגעלייגט אינפירן, האָט ער זיך מיט פעסטע טריט געלאָזט גלײַך צום טיש אַנטקעגן דעם פאָרזיצנדן. דער פאָרזיצנדער האָט איבערגעריסן אינמיטן — און דאָס האָט דאָס גאַנצע פּובליקום באַמערקט, נאָר ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. געזען האָט מען, אַז דער אָנגעזעענער פאַרשוין, וואָס האָט זיך געלאָזט מיטן פּאַפּיר צום פאָרזיצנדן, איז צוגעקומען צו די פאַרשלאָסענע גראַטעס, געבליבן שטיין אַ ווײַלע און איבערגעקוקט זיך פריִער מיטן באַשולדיקטן, דערנאָך מיטן פּראָקוראָר, וואָס האָט גענומען אַלצדינג איניינעם מער ניט אַז עטלעכע סעקונדן, וואָרעם דאָ איז אונטערגעשוווּמען דער פּריסטאַוו מיט אַזעלכע שטילע טריט, גלײַך ווי ער וואָלט געגאַנגען אױף פעדערן, און, נאָכן שטומען באַפעל פונעם פאָרזיצנדן, האָט ער גענומען דאָס פּאַפּיר פונעם פאַרשוינס האַנט און צוגעטראָגן צום פאָרזיצנדן, וועלכער האָט דאָס פּאַפּיר גלײַך איבערגעקוקט, באַוויזן אויך די צוויי מיטגלידער און אַלע דרײַ האָבן, ווי ס׳איז צו באַמערקן, מיט גרויס איבעראַשונג, איינס נאָך דאָס אַנדערע, אײַנגעקוקט זיך שטאַרק אינעם באַשולדיקטן און, אָנבייגנדיק זיך איינער צום אַנדערן, האָבן זיי עפּעס זייער שטיל.

נאַר מיט גרויס היץ געשמועסט צווישן זיך, און דער פאַרשוין, וואָס האָט דערלאַנגט דאָס פּאַפּיר, האָט ארופגעלייגט איין האנט אף די גראַטעס, מיט דער אנדערער פאַרשאַרט די שוואַרצע, עטוואָס פאַרזילבערטע האָר ארוף און געוואַרט. דאָס פּובליקום אין זאַל האָט ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין און ניט געהאַט דעם מינדסטן כשאַד, אַז דאָ קומט פאָר עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז אויסערגעוויינלעך, און דעריבער האָט אָט דער זייַטיקער פאַרשוין ניט געמאַכט אף קיינעם קיין באַזונדערן איינדרוק, אויסער אף צוויי מענטשן, וואָס זייַנען געווען ניט נאָר איבעראַשט, נאָר זיי האָבן זיך, ווי ס׳איז געווען גאַנץ לייַכט צו באַמערקן, אינגאַנצן פאַרלוירן. דאָס זייַנען געווען, ערשטנס, דער פּראָקוראָר, וועלכער האָט זיך אופגעכאַפּט פון זייַן שטול און אייַנגעקוקט זיך אין פאַרשוין, ניט פאַרשטאַנען ווי קומט ער אַהער און וואָס טוט ער דאָ און וואָס באַטייַט דאָס פּאַפּיר, וואָס ער האָט דערלאַנגט? און דער אנדערער איז געווען דער באַשולדיקטער. דער איז גאָר געבליבן צוגעקאָוועט צום אָרט, ניט געקאָנט אופשטיין און נאָר אָנגעכאַפּט זיך מיט ביידע הענט בא דער פּאַרענטשע פון די גראַטעס און געפילט, אַז די אויגן קריכן אים פון קאָפּ ארויס. א מינוט האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ס׳איז א גאַליוציניאַציע, א דימיען, אַז דאָס האָט דער שאָטן פון זייַן פאָטער זיך באַוויזן, ווייַל ער האָט הייַנטיקע נאַכט א סאַך געטראַכט וועגן אים... עס איז אים אָפּגעגאַנגען א מינוט צום כאַלעשן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי דורך א כאַלעם האָט ער צוגעזען און צוגעהערט אַלצדינג, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן נאָכדעם ארום אים... ער האָט געזען, ווי דאָס פּאַפּיר איז איבערגעגאַנגען פון האנט צו האנט בא די דרייַ ריכטער, ביז ס׳איז געקומען צום טאָווארישטש פּראָקוראָרא, וועלכער האָט מיט שרעק אָנגעשטעלט אף אים די אויגן און, דאַכט זיך, ווי דערקענט אין אים... דערנאָך האָט אים דער פּאָרזיצנדער געשטעלט פראַגן און ער האָט געענטפערט — ער געדענקט ניט וואָס... עס האָט אים געשווינדלט אין די אויגן, געקלונגען אין די אויערן און דאָס פּאָנעם, האָט ער געפילט, ברענט אים מיט א העליש פייַער... דערנאָך האָט ער פלוצעם דערהערט, ווי פונווייַטן ערגעץ, דעם טאָוואַרישטש פּראָקוראָרס קלינגענדיקע שטים, און ער האָט זיך אייַנגעהערט אין זייַן קאָל, גלייַך ווי ער וואָלט וועלן זיך איבערצייַגן, אויב דאָס רעדט מיטיא, דמיטרי ניקאָלייַעוויטש פּאָפּאָוו... פון זייַנע רייד האָט ער געכאַפּט נאָר די עטלעכע ווערטער, אַז „לויטן ארטיקל 549 דאַרף מען דעם אייסעק איבערגעבן צו א נייַער אויספאָרשונג און דעם באַשולדיקטן...” דאָס איבעריקע האָט ער שוין ניט געהערט... דערנאָך, געדענקט ער, האָבן זיך די ריכטער אופגעהויבן און אין זאַל איז געוואָרן א מוירעדיקער טומל, און אים האָט מען אָפּגעפירט, נאָר שוין ניט מיט סאָלדאַטן און ניט צופוס און ניט אין טורמע ארייַן! אויס טורמע!..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין זאַל און דערנאָך אין דרויסן, אַז מע איז געוואויר געוואָרן פון דער דאָזיקער איבעראַשנדער נייַס, אַז דער באַשולדיקטער, וואָס איז אָפּגעזעסן אַזא צייַט אין טורמע אַלס דאַנטיסט ראַבינאָוויטש, איז גאָרניט קיין ייִד און ניט קיין שקלאָווער מעשטשאַנין, וואָס הייסט הערש מאָושאָוויטש ראַבינאָוויטש, נאָר א רייַנער דוואָריאַנין, א זון פון דעם ט—ר געוועזענעם גוּבערנסקי פּרעדוואָדיטעל דוואָריאַנסטווא און זייַן עמעסער נאָמען איז גאָר גריגאָרי איוואַנאָוויטש פּאָפּאָוו, — דאָס לאָזן מיר איבער פאַרן לעזער, ער זאָל זיך אַליין מעשאער זייַן... א סאַך, נעבעך, האָבן געהאַט א שלעכטן טאָג. ערשטנס, די קרימינאַל־דאַמען — געבליבן אָן א פּאַרשטעלונג. הייַנט די שוואַרצע כעוורע — די האָבן גאָר געהאַט א מאַפּאָלע, א מאָדנע מאַפּאָלע! אנדערע האָבן געדרונגען, אַז ס׳איז ניט גלאַט, אַז דאָ מוז עפּעס זייַן א ייִדיש אָפּשניצל, ניט אנדערש... און אנדערע האָבן געטייַנעט, אַז ס׳איז א כוצפּע פון א ייִדן אַזוי אָפּפירן א גאַנצע וועלט מיט מענטשן און מע דאַרף שטרענג באַשטראָפן דעם עמעסן ראַבינאָוויטשן און אַלע ראַבינאָוויטשעס... א שלעכטן, א ביטערן טאָג האָבן, נעבעך, געהאַט די שוואַרצע כעוורע. דערפאַר אָבער האָבן די ייִדן געהאַט א סימכע און א יאָמטעוו — א ווערטעלע, אַזא נעס! אף אַזא וווּנדערלעכן אויפן פאָטער געוואָרן פון אַזא פּעקל — מאַמעש סימכע בייס האַשוואָע. מע האָט אַלצדינג פאַרגעסן, פאַרגעסן אַלע צאָרעס און געלאָפן איינער צום אנדערן אָנזאָגן די גוטע בסורע, אָפּגעשטעלט איינס דאָס אנדערע און אין קורצע ווערטער איבערגעשמועסט זיך וועגן דעם, וואָס גאָט קאָן. אנדערע האָבן זיך געקושט. א קלייניקייַט, אַזא געדולע — אַלע, די גאַנצע וועלט וועט שוין וויסן אַצינד, אינעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אַז מיר זייַנען ניט קיין מענטשנפרעסער!.. „ניין. און גייט זאָגט נאָך אַזא מייַסע, אַז עס טרעפן זיך ניט קיין ניסים הייַנטיקע צייַטן!”, „נו יאָ, אָדער אַז ס׳איז ניטאָ קיין גאָט אף דער וועלט!..” „אייַ גאָט!..” „דער ייִדישער גאָט!..”

נאָר מער פון אַלעמען האָט, ווי אַלעמאָל, געאַרבעט קעצעלע. ער איז נאָר ארומגעלאָפן און געשריִען אין איין קאָל: „נו, ייִדישע קינדער? וואָס האָב איך אייַך געזאָגט? איז שוין קאָץ ניט קיין

מעשוגענער? ניין?..״ און ווײַטער, וואָס די צײַטונגען פון אַלע מינים און פאַרבן האָבן דערנאָכדעם געהאַט צו זאָגן, — דאָס איז אויך ניט שווער זיך פֿאָרצושטעלן. דעם לייענער אינטערעסירט אוודאי מער פון אַלצדינג, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט די העלדן פונעם דאָזיקן אויסערגעוויינלעכן ראָמאַן? און צי האָט מען אופגעדעקט די עמעסע מעכוטאָנים מיט די אונטערפירער? און צי האָבן זיי באַקומען זייער לוין אַלפּי דין און אַלפּי יוישער, ווי זיי האָבן עס קאָשער פאַרדינט? — דאָס אַלץ וועט דער לייענער געפינען אינעם לעצטן קאַפּיטל, אינעם עפּילאָג צו דער עפּאָפּייע פונעם בלוטיקן שפּאַס.

## עפּילאָג

עס איז געווען אַ ווינטער־אָוונט אין איינעם פון די אַכט טעג אין כאַנעקע. באַ די שאַפּיראָס אין שטוב איז געווען מאָדנע אופגעראַמט און יאָמטעוודיק צוגעגרייט. דער באַלעבאָס אַליין, דאָוויד שאַפּיראָ, איז געווען אָנגעטאָן אין זײַן שאַבעסדיקער שוואַרצער קאַפּאָטע. ער האָט שוין לאַנג אָפּגעבענטשט כאַנעקע־ליכטלעך, איז געווען גרייט אופצונעמען געסט, וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן און זײַנען זיך צונויפגעקומען איינס נאָך דאָס אַנדערע צו די שאַפּיראָס „אַף לאַטקעס״. דאָס איז אָבער נאָר געווען אַן אויסרייד „אַף לאַטקעס״. בעעמעס האָבן אַלע געוווסט, אַז באַ די שאַפּיראָס דאַרף זײַן הײַנט אַ וואָרט און טאַקע אַ קנאַסמאָל. בעטי דאַרף אַ קאַלע ווערן פאַר עפּעס איינעם אַן אָרעמען סטודענט, נאָר אַ געראָטענעם. הורוויטש רופט מען אים. בעני הורוויטש. אָט דער דאָזיקער הורוויטש איז ניט גלאַט אַ הורוויטש, ער שטאַמט פון אַ גרויסן ייִכעס — באַרימט זיך דאָוויד שאַפּיראָ — ער קומט אַרויס פון די עמעסע, פון די פּינסקער הורוויטשעס, וואָס ציִען זייער ייִכעס אַזש פונעם של״ה האַקוידעש. הײַנט ווייסט איר שוין?..

פריִער פון אַלע זײַנען געקומען כאָסנס־צאַד, דער אײַנבינדער מיט דער אײַנבינדערן, וואָס האָט אַ פּאָנעם פון אַ מאַצע, ביידע אָנגעטאָן שאַבעסדיק. זיי האָבן זיך אָבער ביידע אוועקגעזעצט אין אַ ווינקעלע מיט גרויס דערעכערעץ. עס איז ניט געווען, ווער עס זאָל זיי אופנעמען. בעטי איז נאָך געווען באַ זיך, דאָווידן איז ניט אָנגעשטאַנען: „אַ ייִד אַ באַלמעלאָכע!..״ און סאָרע איז נאָך געווען אין קיך מיט נאָך עפּעס אַ ייִדענע, ביידע שטאַרק פאַרטיפט אין דער אַרבעט — מע האָט געבראָטן גענדז, געפּרעגלט שמאַלץ און געבאַקט לאַטקעס. נאָר אַז די נעגידים זײַנען געקומען — די רײַכע שוועגערן טויבע מיט איר אויסגעגעבענע טעכטער און שנור (דער שוואָגער, ר׳ שלוימע פּאַמיליאַנט, איז ניט געווען אינדערהיים. דער דאָזיקער אוילעם־האַזעניק האָט זיך פאַרגונען אַ לוקסוס און איז אוועק אַף כאַנעקע צום רעבן), און באַלד נאָך זיי האָט זיך באַוויזן דאָוויד שאַפּיראָס שעף מיט זײַנע באָנים — האָט מען שוין ניט געקאָנט זײַן אַזוי גראָב, און סאָרע האָט גיך אַרופגעצויגן דאָס זײַדענע מאַלבעש און די דימענטלעך און איז אַרויס אַ שײַנענדיקע צו די ליבע געסט און האָט זיך צעקושט מיט די רײַכע קרויווים:

— טויבעניו, האַרצעניו, ווו זײַנען אײַערע מיידלעך?

— גאָט איז מיט אײַך, סאָרעלע־קרוין, איר ווייסט ניט, אַז באַרישניעס גייען ניט אַף אַ קנאַסמאָל? — און ס׳איז אוועק באַ זיי אַ ווינטשעניש אַף היפּשע עטלעכע מינוט. פריִער האָט טויבע געווינטשעוועט סאָרען, אַז זי זאָל דערלעבן טאַקע אייניכן, אימירצעהאַשעם, צו דער כופּע. „שוין צײַט...״ דערנאָך האָט איר סאָרע געווינטשעוועט באַ אירע ייִנגערע טעכטער אייניכן אַף אַ קנאַסמאָל. „שוין לאַנג צײַט...״

— אָמיין האַלעווײַ, — האָט טויבע אונטערגעכאַפּט מיט אַ פרום פּאָנעם, זיך געמאַכט גלײַך ווי זי הערט ניט, אַז די שוועגערן צאָלט איר מיט אַ שטאָך פאַר אַ שטאָך — און אינצווישן האָט זי געכאַפּט אַ קוק צו די מאַנצבלען, געזוכט צווישן זיי דעם כאָסן מיט דער קאַלע. צום סאָף איז גאָר דער כאָסן געזעסן מיט דעם דאָקטער אין אַ ווינקעלע און געשפּילט מיט אים אין שאָך. ביידע אָן היטלען און ביידע אַזוי פאַרטיפט אין שאָך־ברעטל, אַז זיי האָבן גאָרניט באַמערקט, וואָס אַרום טוט זיך. און די קאַלע איז זיך באַזונדערס געזעסן מיט עפּעס אַ פרעמדן מאַנצבל, אויך אָן אַ היטל, מיט אַ מוירעדיק גרויסן קאָפּ (דאָס איז געווען דער אַדוואָקאַט פון אַדוואָקאַטן־לאַנד).

בעטי איז נאָך קיינמאָל, דאַכט זיך, ניט געווען אַזוי שיין און מיט אַזויפיל כיין, ווי אַצינד. זי האָט בעעמעס געשײַנט ווי די זון, כאָטש אַף איר שײַנענדיק פּאָנעם איז געווען צו באַמערקן אַ נײַעם שטריך, אַ צייכן פון אַ פאַרבאָרגענער מאָרעשכוירע. נאָר דאָס האָט איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן כיין... די מומע טויבע האָט זיך אַף איר פאַרקוקט און געקרעכצט. נאָר פון וואָס זי האָט געקרעכצט, איז שווער צו וויסן: צי פון דעם, וואָס אָרעמע מיידלעך אָן אַ גראָשן נאַדן האָבן כאַ־

סאַניס, נאָר אירע „באַרישניעס“ שיקט דער אייבערשטער ניט צו קיין זיווּג?.. צי פון דעם איז זי געווען פאַרזאָרגט, וואָס דאַסראָוו מאַנצבלען זיצן דאָ אַן היטלען ווי די גאַים?.. אָדער עפשער גאָר פון דעם, וואָס, קוקנדיק אַף בעטין, האָט זי זיך דערמאָנט אַן איר שלוימען דעם כאָסיד, וואָס ווען ער זאָל זײַן דאָ, וואָלט ער דאָס מיט זײַנע קורצזיכטיקע אויגן זיך אײַנגעקוקט אין דער פלימעניטשקע?.. — מיט איין וואָרט, די מומע טויבע האָט, נעבעך, גוט געקרעכצט, נאָר ווער האָט זיך ארומגעקוקט אַף איר אַצינד, אז עס קומען אַן אַלעמאָל נײַע געסט און מע דאַרף יעדן אופנעמען? גאַנץ אויבנאָן האָבן זיך באַזעצט די נעגידים, דאָוויד שאַפּיראָס שעף מיט דער אָנגעקלעפּטער באָרד אין מיט די זילבערנע קײַלעכיקע ברילן, און זײַנע באָנים, די זין מיט די איידעמס, וואָס האָבן אַלע אַזויפיל געררייכערט, אז מע האָט קוים געזען איינס דאָס אַנדערע. לעבן זיי איז געשטאַנען דער באַלסימכע (דאָוויד שאַפּיראָ), וואָס האָט זיי אונטערגעהאַלטן מיט א שמועס. ער האָט זיי דערציילט, שטילערהייט, נאַטירלעך, וועגן דער גרויסקײַט פונעם כאָסן, אז כאָטש ער איז ניט רײַך, דערפאַר שטאַמט ער פון א גרויסן יִיכעס. ער איז א הורוויטש, פון די עמעסע, פון די פינסקער הורוויטשעס, וואָס קומען ארויס פונעם שעל האַקוידעש. הײַנט זײַן קאָפּ און זײַנע קענטענישן מיט זײַנע אופטויכצן — דער ערשטער סטודענט צווישן די סטודענטן, וואָס זײַנען אַלע קעגן אים א... ווייס איך וואָס! איר זאָלט אים האָרכן רעדן! הײַנט שרײַבט עס א לאָשן־קוידעש! הײַנט קען עס געמאָרע אויסווייניק! הײַנט שפּילט דאָס אין שאָך!..

א ביסל נאָר האָט דאָווידן פאַרשטערט די סימכע דעם כאָסנס שוואָגער, דער אײַנבינדער, וואָס איז געזעסן ווי אין א הייס בעדל און געשוויצט, מיט שרעק ארומגעקוקט זיך אַף אַלע זײַטן און איבערהויפּט אַף די נעגידים. זײַן ווײַב, די אײַנבינדערן מיטן מאַצע־פּאָנעם, האָט זיך געריסן עטלעכע מאָל צו דער שאַפּירעכע, געוואָלט פאַרפירן מיט איר א שמועס, ווי מיט אן אַלטער באַקאַנטער, געוואָלט איר דערמאָנען אַן יענער נאַכט, ווען מע איז געזעסן, ניט הײַנט געדאַכט, א גאַנצע נאַכט אין דרויסן, האָט איר דער אײַנבינדער ניט געלאָזט. ער האָט זי אַלעמאָל געגעבן א צי באַם אַרבל, זי זאָל זיצן שטיל, און אַליין האָט ער אונטערגעהוסט זיך אין אַרבל אַרײַן. „צווישן באַלעבאַטים דאַרף א ייִד א באַלמעלאָכע זיצן מיט דערעכערעץ...“

ניט אַזוי גרינג, מאָלט אײַך, איז סאָרע שאַפּיראָן אָנגעקומען אָט דער דאַזיקער מאַזלטאָוו. א קניִע ערד האָט זי באַדאַרפט פריִער אויסשלאָגן פאַר דער טאָכטער, איידער זי האָט בא איר געפּויעלט, אז ס׳זאָל נעמען אַן עק — טויט אָדער רויט! לאָזן לײַטישע מײַלער זיך באַרויִקן, אופהערן האָבן צו טאָן מיט איר טאָכטער און מיטן סטודענט, וואָס ליגט בא זיי טאָג ווי נאַכט, ווײַל גאָר פון שטוב ניט ארויס! די אָרעמע מוטער האָט ניט געוווּסט, וואָס פאַר א ניסאָיען איר טאָכטער איז אויסגעשטאַנען, וואָס פאַר א בריוו זי באַקומט פון זייער געוועזענעם קוואַרטיראַנט, וואָס האָט אַזוי טרויעריק אָפּגעשפּילט דעם בלוטיקן שפּאַס... פון די דאַזיקע בריוו האָט ניט געוווּסט קיין בען אָדאָם, אפילע בעני הורוויטש, וואָס איז געווען איר באַל־סאָד. דאָס הייסט, ער האָט געוווּסט, אז פון עמעצן האָט זי בריוו און עמעצן ענטפערט זי; ער האָט געוווּסט, ווער דער עמעצער איז — דאָס אויך. נאָר פרעגן זי, ווער, וואָס, ווען — האָט ער ניט געוואָלט. דאָס וועט קיינער ניט דערוואַרטן זיך. דערויף איז ער א פּינטשוק און א הורוויטש. ניין, ער וועט גיכער שטאַרבן, איידער ארויסווײַזן אפילע א סימן, אז ער ווייסט פון עפּעס צו זאָגן. און דאָס פאַרדריסט בעטין סאַקאָנעס! זי וואָלט וועלן מיט אים זיך דורכשמועסן, אַן אייצע האַלטן, וואָס ענטפערט מען יענעם, ווײַזן אים, וואָס יענער שרײַבט צו איר. נאָר אז ער פרעגט זיך ניט נאָך, אז ער מאַכט זיך, גלײַך ווי ער אינטערעסירט זיך גאָרניט דערמיט, זאָל זי אים גיין דערציילן מײַסעס? — דאָס וועט קיינער ניט דערוואַרטן זיך. דערויף איז זי שאַפּיראָס א טאָכטער, פון די עמעסע, פון די סלאַוויטער שאַפּיראָס...

דרײַ טעג איז זי ארומגעגאַנגען א צעקאָכטע, דרײַ נעכט ניט געשלאָפן, א סאַך געוויינט, אויסגעוואַשן דאָס פּאָנעם און ווידער געוויינט, בעסאָד־סוידעס, און אפן פערטן טאָג איז אוועק אַן ענטפער א גרויסער בריוו, א פרײַנטלעכער, אין וועלכן זי האָט אויסגעגאָסן אינגאַנצן איר האַרץ, ארויסגעזאָגט דעם עמעס, צעגלידערט אירע געפילן צו אים ביז דער קאַטאַסטראָפע און נאָך דער קאַטאַסטראָפע (אונטערן וואָרט „קאַטאַסטראָפע“ האָט מען באַדאַרפט פאַרשטיין דעם טאָג פונעם מישפּעט, ווען מ׳איז געוואָויר געוואָרן, אז דער ייִד גריגאָרי מאָיסייעוויטש ראַבינאָוויטש איז גאָר א קריסט גריגאָרי איוואַנאָוויטש פּאָפּאָוו...). זי האָט זיך געפליײַסט אופצווײַזן אים, אז דאָס, וואָס ער שרײַבט, וואָלט געווען אַן אומזין פאַר זיי ביידע. די גרענעצן, וואָס צוימען זיי אָפּ, וועט זי ניט אריבערטרעטן קיינמאָל אויס ליבע צו איר פאָלק, צוליב וועלכן און מיט וועלכן זי ווערט פאַרשווארצט און איז גרייט פאַרשווארצט ווערן אויך ווײַטער — דאָס האָט זי אים שוין וויפל מאָל געזאָגט. דאָס איז א נאַטור־זאַך, וואָס מע קאָן נאָר פילן מיטן האַרצן און עס לאָזט זיך ניט באַהערשן מיטן סייכל... און אויך ער טאָר עס ניט טאָן און דאַרף עס ניט טאָן דערפאַר, ווײַל דאָס וואָלט געווען קעגן געזונטן פאַרשטאַנד, קעגן דער נאַטור און קעגן געוויסן, און ער איז דאָך צו ערלעך, אז ער זאָל קאָנען זײַן פּעיִק אַף א זאַך, וואָס איז ניט אינגאַנצן קאָשער...

„איר האָט באוויזן אזויפיל העלדנמוט, — לאָזט זי אויס איר בריוו, — זייַט א העלד אויך ווייַטער, פארגעסט, אז צווישן אונדז זייַנען ווען געווען אנדערע געפילן אויסער די געפילן פון ריינער גוט־פרייַנטשאפט, וועלכע לאָזן בלייַבן צווישן אונדז אף אייביק און אייביק!.. . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

גריגאָרי איוואנאָוויטש פּאָפּאָוו, אז ער האָט באקומען דעם דאָזיקן בריוו, איז ער געווען זייער דערשלאָגן. ער איז קימאט גרייט געווען זיך נעמען דאָס לעבן. ער האָט דאָס אָבער ניט געטאָן. אז ער איז אָפּגעקומען זייַן שטראָף פארן שפּאס, דאָס הייסט, פארן אָנרופן זיך מיט א פרעמדן נאָמען און ווינען אף א פרעמדן פּאס מיט א פרעמדן דיפּלאָם, האָט ער זיך איבערגעבעטן מיטן פאָטער און איז אריַין אין אוניווערסיטעט און לערנט, זאָגט מען, גאנץ גוט. ביסלעכווייַז האָט ער זיך אויסגעניכטערט פון די פריִערדיקע כאלוימעס און איז אריַין אין דער קאָליִע אריַין און איז אוועק מיטן שטראָם. נאָר ס'איז צו האָפן, אז פון אים זאָל ארויס א געלייַטערטער קריסט, וואָס איז דיסטילירט געוואָרן אף יידישן וואסער... גיט אונדז אהער א ביסל מערער אזעלכע קריסטן — און דאָס ייִדנטום איז געשירעמט פון א סאך אומזיסטע באשולדיקונגען, זילזולים, בילבולים, באלײדי־קונגען, צאָרעס, יעסורים, שלעק, פּוראָניִעסן...

ניט אויסגעהאלטן דעם ביזאָיען האָט נאָר זייַן שוועסטער. די גוטע פרומע ווערא האָט באלד נאָך דעם ברודערס צוריקקערן אהיים אייַנגעגעבן זיך אין מאָנאסטיר.

* * *

און דער עמעסער ראבינאָוויטש האָט, גלייך ווי דער געמאכטער ראבינאָוויטש, פריִער פון אלץ אָפּגעקומען זייַן שטראָף פארן זעלביקן שפּאס... נאָר דאָס איז געווען א קלייניקייַט אין פארגלייַך מיט דעם יאם צאָרעס, וואָס האָבן זיך פאר אים געעפנט ערשט נאָכדעם, בייס ער האָט געוואָלט לערנען ווייַטער און באגעגנט א מאבל פון צירקולײארן מיט אזויפיל נייַע באגרענעצונגען, אז ער האָט געמוזט זיך אָפּטראָגן קיין אויסלאנד, „שעפּן כאכאָמעס און וויסנשאפט פון פרעמדע קוואלן...”

אין די סאמע ביטערע שווערע מאָמענטן פון זייַן לעבן טראָגט ער זיך אריבער אין זייַנע זיכרוי־נעם אהין אין דעם קישעפדיקן לאנד פון „אופיר”, ווו עס געפינט זיך זייַן „באס־מאלקע”, וואָס ווייסט גאָר אפילע ניט פון קיין „בלוטיקן שפּאס”, ניט פון דעם, אז ער איז געווען איינער פון די העלדן פונעם דאָזיקן „בלוטיקן שפּאס”.



אילױסטראציעס — ה. א י נ ג ע ר

## אונדזערע
## פּובליקאַציעס

איסאַק באַבעל

# דער טאָגבוך פון א מיליטערישן קאָרעספּאָנדענט. 1920 יאָר

## III. גרזשימאלאָווקע — מ'שעסניקי

גרזשימאלאָווקע — לעשניוו, 20.8.1

גאָט מײַנער, ס'איז שוין אווגוסט, מיר וועלן גיך אומקומען, די מענטשלעכע אכזאָריעסדיקייט איז ניט אויסצוראָטן.

די לאגע אפן פראָנט פארערגערט זיך. מע שיסט לעבן דאָרף, מע שטויסט אונדז ארויס פון דעם טײַך־איבערגאנג. אלע זײַנען אוועקגעפאָרן, עס זײַנען געבליבן עטלעכע מענטשן פונעם שטאב, מײַן טאטשאנקע שטייט באם שטאב, איך הער די שלאכט, עפּעס איז מיר גוט, עטלעכע זײַנען מיר, די אָבאָזן זײַנען ניטאָ, עס איז ניטאָ דער אדמיניסטראטיווער שטאב, עס איז רויִק, גרינג, גרויס איז טימאָשענקאָס זעלבסטבאהערשונג. קניגא איז אפּאטיש, טימאָשענקאָ: „אויב ער וועט ניט ארויסשלאָגן — וועל איך צעשיסן, גיב עס אים מינדלעך איבער". און דאָך שמייכלט דער נאטשדיוו. פאר אונדז שטייט א וועג, א געשוואָלענער פונעם רעגן, א קוילנוואָרפער בליצט אוף אין פארשיידענע ערטער, אומזיכטבאר שטייט דער פײַנט אין דעם גרויען און לײַכטן הימל. דער פײַנט איז צוגעגאנגען צום דאָרף. מיר פארלירן דעם טײַך־איבערגאנג איבער סטיר. מיר פאָרן אין שליאמאזלדיקן לעשניוו. צום וויפלסטן מאָל?

דער נאטשדיוו גייט צו דער 1־טער בריגאדע. אין לעשניוו איז שרעקלעך, מיר פאָרן ארײַן אין צוויי שאָ, דער אדמיניסטראטיווער שטאב אנטלויפט, עס וואקסט אומעטום דעם סוינעס וואנט.

א שלאכט הינטער לעשניוו. אונדזער פעכאָטע איז אין שוצגראָבנס, דאָס איז מערקווירדיק, וואָלינער באָרוועסע, האלב־אידיאָטישע באָכערים, — דאָס רוסישע דאָרף, און בעעמעס קעמפן זיי קעגן די פּאָליאקן, קעגן די אונטערדריקער — די פּריצים[1]. עס פעלן ביקסן, מע טראָגט ניט אונטער קיין פּאטראָנען, די יינגלעך פּוסטעפּאסעווען אין די מיט היץ באגאָסענע שוצגראָבנס, מע רוקט זיי איבער פון איין ראנד אפן צווייטן. א כאטע באם ראנד, א דינסטגרייטער גאליציאנער מאכט מיר טיי, די פערד שטייען אין דער באלקע.

איך בין געגאנגען צו דער באטארייע, א פּינקטלעכע, ניט־געאײַלטע טעכנישע ארבעט. אונטער דעם פײַער פון קוילנוואָרפערס, קוויטשענדיקע קוילן, א פּאסקודנער געפיל, מיר קלײַבן זיך דורך די שוצגראָבנס. איינער א רויטארמייער איז אין פּאניק, און, פארשטייט זיך, מיר זײַנען ארומגערינגלט. גאָווינסקי איז געוועז אפן וועג, האָט געוואָלט ווארפן די פערד, דערנאָך אוועקגעפאָרן, איך האָב אים געפונען לעבן וואלד־ראנד, די טאטשאנקע איז צעבראָכן, פּלוצעמדיקע ענדערונגען אין די אומשטאנדן, איך זוך, ווו זיך צוזעצן, די קוילנוואָרפלער ווארפן אראָפּ, איך בינד איבער א פארוווּנדעט יינגל, דער פוס איז אינדערלופטן, ער ברומט, מיט אים איז א גוטער־פרײַנט, באוועמען מע האָט געהארגעט דאָס פערד, מיר בינדן אונטער די טאטשאנקע, פאָרן ווײַטער, זי סקריפּעט, דרייט זיך ניט. איך פיל, אז גאָווינסקי וועט מיך אומברענגען, דאָס איז דער גורל, זײַן נאקעטער בויך, לעכער אין די שיך, די יידישע נאָז און אייביקע פארענטפערונגען. איך זעץ זיך איבער אין מיכאיל קארלאָוויטשעס[2] עקיפּאזש, מיר איז לײַכטער געוואָרן. איך דרעמל, ס'איז אָוונט,

---

ס אָ ף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאנד", נומ. 10 — 11, 1989.

די נעשאָמע איז דערשיטערט, דער אַבאַז, מיר שטייען אויפֿן וועג קיין בעלאַוועץ, דערנאָך אויפֿן וועג, וועלכער איז אַרומגעצוימט מיטן וואַלד. אָפּדערנאַכט, ס׳איז קיל, דער שאָסיי, אַ זון־פֿאַרגאַנג — מיר קײַקלען זיך צו די פּאָזיציעס, מיר פֿירן אויף פֿלייש קאָנסטאַנטין קאַרלאָוויטשן.

איך בין גיריק און נעבעכדיק. מיליטער־טיילן שטייען אין וואַלד, זיי האָבן אָפּגעטראָטן, אַ געוויינלעכער בילד, דער עסקאַדראָן, באַכטוראָוו לייענט די מעלדונג פֿונעם III אינטערנאַציאָנאַל וועגן דעם, אַז מע איז זיך צונויפֿגעפֿאָרן פֿון דער גאַנצער וועלט. דער קראַנקן־שוועסטערס ווײַס קאָפּטיכל באַווײַזט זיך צווישן דיביימער, צוליב וואָס איז זי דאָ? מיר פֿאָרן צוריק. וואָס איז אַזוינס מיכאַיל קאַרלאָוויטש? גאָווינסקי איז אַנטלאָפֿן, די פֿערד זײַנען ניטאָ. באַנאַכט, איך שלאָף אין עקיפּאַזש לעבן מיכאַיל קאַרלאָוויטשן. מיר זײַנען הינטער בעלאַוועץ.

באַשרײַבן די מענטשן, די לופֿט.

ס׳איז אַוועק אַ טאָג, איך האָב געזען דעם טויט, ווײַסע וועגן, פֿערד צווישן ביימער, דעם זון־פֿאַרגאַנג און די שקיִע. דעריקער — די בודיאָנאָווצעס, די פֿערד, דאָס איבערוקן זיך און די מילכאָמע, צווישן דעם קאָרן גייען סאָלידע, באָרוועסע געשפּענסטאַרטיקע גאַליציאַנער.

אַ נאַכט אין עקיפּאַזש.

(באַם וועלדל איז געשטאַנען אַ טאַטשאַנקע מיט שטאַב־קאַנצעליאַריסטן).

בעלאַוועץ, 20.8.2

די געשיכטע מיט אַ טאַטשאַנקע. גאָווינסקי דערנענטערט זיך צום שטעטל. פֿאַרשטייט זיך, קיין שמיד האָט ער ניט געפֿונען. מײַן סקאַנדאַל מיטן שמיד, אַ שטורך געטאָן אַ פֿרוי, אַ קווײטשערײַ און טרערן. די גאַליציאַנער ווילן ניט פֿאַריכטן. אַן אַרסענאַל מיטלען, איבערצײַגונגען, דראָונגען, באַקאָשעס, מער פֿון אַלץ האָט געווירקט דאָס צוזאָגן צוקער. אַ לאַנגע געשיכטע, איין שמיד איז קראַנק, איך שלעפּ אים צו אַ צווייטן, אַ געוויין, מע שלעפּט אים אַהיים. מע וויל מיר ניט וואַשן דאָס גרעט, קיינע מאָסמיטלען העלפֿן ניט.

סאָפּקאַלסאָף האָט מען פֿאַרהיט.

כ׳בין מיד. אין שטאַב איז אַן אַליאַרם. מיר גייען אַוועק. דער פֿײַנט גרײַפֿט אָן, איך לויף וואָרענען גאָווינסקין, אַ ברענענדיקע היץ, איך האָב מוירע צו פֿאַרשפּעטיקן, איך לויף איבערן זאַמד, געגעבן צו וויסן, הינטער דעם שטאַב, קיינער נעמט מיך ניט, מע גייט אַוועק, אַן אומעט, אַ שטיקל צײַט פֿאַר איך מיט באָרסוקאָוון, מיר גייען אויף בראָד.

מע גיט מיר אַ סאַניטאַר־טאַטשאַנקע פֿונעם 2־טן עסקאַדראָן, מיר פֿאָרן צו צום וואַלד, איך שטיי מיט איוואַנען דעם קוטשער. עס קומען צו פֿאָרן בודיאָני, וואָראָשילאָוו, עס וועט זײַן אַן אַנטשיידענער קאַמף, ווײַטער קיין טראָט. ווײַטער וויקלען זיך פֿאַנאַנדער אַלע דרײַ בריגאַדעס, איך רייד מיטן קאָמענדאַנט פֿונעם שטאַב. די אַטמאָספֿער פֿון אַן אָנהייב פֿון אַ שלאַכט, אַ גרויס פֿעלד, עראָפּלאַנען, סנאַריאַדן רײַסן זיך אינדערווײַטנס, עס האָט זיך אָנגעהויבן די שלאַכט, קוילנוואַרפֿערס, די זון, ערגעץ גייט מען זיך צונויף, אַ פֿאַרדומפּטער הורא, איך און איוואַן טרעטן אָפּ, סאַקאָנעס־נעפֿאָשעס, וואָס פֿיל איך, דאָס איז ניט קיין פּאַכעד, דאָס איז אַ פּאַסיווקײַט, מיר דאַכט זיך, אַז ער האָט מוירע, וווהין פֿאָרן, די גרופּע מיט קאַראָטשײַעוון[3] גייט אויף רעכטס, מיר גייען עפּעס אויף לינקס, די שלאַכט קאָכט, מע דעריאָגט אונדז אויף אַ פֿערד — פֿאַרוווּנדעטע, אַ טויט־בלייכער — בראַטישקע, נעם, די הויזן זײַנען באַפֿאַרבט מיט בלוט, ער דראָט שיסן אין אונדז, אויב מיר וועלן אים ניט נעמען, מיר שטעלן זיך אָפּ, ער איז שרעקלעך, איוואַנס קורטקע ווערט פֿאַרגאָסן מיט בלוט, אַ קאַזאַק, מיר שטעלן זיך אָפּ, איך וועל איבערבינדן, בײַ יענעם איז אַ לײַכטע וווּנד, אין בויך, עס איז צעשעדיקט דער ביין, מיר פֿירן נאָך איינעם, בײַ וועלכן מע האָט געהאַרגעט דאָס פֿערד. באַשרײַבן דעם פֿאַרוווּנדעטן. לאַנג בלאָנדזשען מיר איבער פֿעלדער אונטערן פֿײַער, מע זעט גאַרניט, די דאָזיקע גלײַכגילטיקע וועגן און דאָס גראָז, מיר שיקן אָפּ רײַטער, אַרויסגעפֿאָרן אויפֿן שאָסיי — וווהין פֿאָרן, קיין ראַדזיווילאָוו צי קיין בראָד?

אין ראַדזיווילאָוו דאַרף זײַן דער אַדמיניסטראַטיווער שטאַב און אַלע אַבאָזן, לויט מײַן מיינונג איז אינטערעסאַנטער פֿאָרן קיין בראָד, די שלאַכט גייט פֿאַר בראָד. געזיגט האָט איוואַנס מיינונג, אייניקע אַבאָזניקעס זאָגן, אַז אין בראָד זײַנען די פּאָליאַקן, די אַבאָזן אַנטלויפֿן. דער אַרמיי־שטאַב איז אַרויסגעפֿאָרן, מיר פֿאָרן קיין ראַדזיווילאָוו. מיר קומען צו פֿאָרן באַנאַכט. די גאַנצע צײַט האָבן מיר געגעסן מערן און אַרבעס — רויע, אַ שנײַדנדיקער הונגער, פֿאַרשמוציקטע, ניט געשלאָפֿן. איך האָב אויסגעקליבן אַ כאַטע אויפֿן ראַנד פֿון ראַדזיווילאָוו. געטראָפֿן, עס האָט זיך אויסגעאַרבעט בײַ מיר אַ כוש. אַ זאָקן, אַ מיידל, דאָס זויערמילך איז פּרעכטיק, אָפּגעגעסן, מע גרייט טיי מיט מילך, איוואַן גייט נאָך צוקער, אַ קוילנוואַרפֿער־שיסערײַ, דער קראַך פֿון די אַבאָזן, מיר שפּרינגען אַרויס, דאָס פֿערד האָט אָנגעהויבן הינקען, אַזוי פֿירט עס זיך, אין פּאַניק אַנטלויפֿן מיר, מע שיסט אין

אונדז, מיר פֿאַרשטייען גאָרניט, אָט כאַפּט מען אונדז, מיר לויפֿן צו דער בריק, אַ מעהומע, מיר זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ בלאָטע, אַ שרעקלעכע פּאַניק, עס וואַלגערט זיך אַ געהאַרגעטער, אוועקגעוואָרפֿענע וועגענער, סנאַריאַדן, טאַטשאַנקעס. אַ פֿאַרפֿראָפּונג, באַנאַכט, אַ מוירע, עס שטייען אָנצאָליקע אָבאָזן, מיר רירן זיך, דאָס פֿעלד, זיך אָפּגעשטעלט, מיר שלאָפֿן, די שטערן. אין דער דאָזיקער געשיכטע איז מיר מער פֿון אַלץ אַ שאָד די אומגעקומענע טײַ. ביז מעשוגעדיק איז עס מיר אַ שאָד. איך טראַכט וועגן דעם אַ גאַנצע נאַכט און האָב פֿײַנט די מילכאָמע.

אַזאַ אומרויִק לעבן.

20.8.3

אַ נאַכט אין פֿעלד, מיר רירן זיך מיט אונדזער טאַטשאַנקע קיין בראָד. די שטאָט גייט איבער פֿון הענט צו הענט. דאָס זעלבע שרעקלעכע בילד, האַלב־רויִנירטע, די שטאָט וואַרט ווידער. אַ שפּיץ־פּונקט, אויפֿן ראַנד האָב איך זיך געטראָפֿן מיט באַרסוקאָוון. איך פֿאָר אין שטאַב. ס׳איז פּוסט, טויט־שטיל, אומעטיק. זאַטאָוו שלאָפֿט אויף בענקלעך, ווי אַ טויטער. עס שלאָפֿן באָראָדולין און פּאָלאַק. דאָס הויז פֿון פּראָגער באַנק, אַן אָפּגעראַטעוועטס און אַן אָפּגעריסנס, קלאָזעטן, די דאָזיקע באַנק־פֿאַרצוימונגען, די שפּיגל־גלעזער.

מע זאָגט, אַז דער נאַטשדיוו איז אין קלעקאָטאָוו, מיר זײַנען בײַגעווען אין דעם אויסגעליידיקטן בראָד אַ שאָ צוויי, טיי אין דער פֿאַבריקמאַכערײַ. איוואַן שטייט באַם שטאַב. פֿאָרן, צי ניט פֿאָרן. מיר פֿאָרן קיין קלעקאָטאָוו, מיר פֿאַרקערעווען פֿונעם לעשניוווער שאָסיי, אַן אומבאַוווּסטקייט, די פּאָליאַקן אָדער מיר, מיר פֿאָרן ווי מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, דאָס פֿערד איז פֿאַרמוטשעט, עס הינקט אַלץ שטאַרקער, איך דאַרף עסן מיר קאַרטאָפֿל, עס באַווײַזן זיך די בריגאַדעס, ניט אַרויסצוזאָגן די שיינקייט, עס גייט אַ דראָענדיקער קויעך, אָנצאָליקע רייען, אַ פּאָלווארק, דאָס גוט איז רויִנירט, קלענטאָווס דרעשמאַשין, אַ לאָקאָמאָביל, אַ טראַקטאָר, דער לאָקאָמאָביל האָט געאַרבעט, עס איז הייס.

דאָס שלאַכטפֿעלד, איך באַגעגן דעם נאַטשדיוו, ווו ס׳איז דער שטאַב, מיר האָבן פֿאַרלוירן זשאָלנאַרקעוויטשן. עס הייבט זיך אָן די שלאַכט, די אַרטילעריע שיסט, ניט ווײַט — אופּרײַסן, אַ דראָענדיקע שאָ, אַן אַנטשיידענע שלאַכט — מיר וועלן אָפּשטעלן דעם פּוילישן אָנגריף, צי ניט. בודיאָני צו קאָלעסניקאָוון און גרישינען: „כ׳וועל צעשיסן”, בלייכע גייען זיי אַוועק צופֿוס.

פֿאַר דעם — אַ שרעקלעך פֿעלד, פֿאַרזייט מיט פֿאַרמיימעסטע, אַן אומענטשלעכע אַכזאָריעסדיקייט, אומוואַרשײַנלעכע וווּנדן, אײַנגעבראָכענע שאַרבנס, יונגע ווײַסע נאַקעטע לײַבער בלישטשען אויף דער זון, צעוואָרפֿענע נאָטיץ־ביכלעך, בלעטלעך, סאָלדאַטן־ביכלעך, אַן עוואַנגעליִע, קערפּערס אין קאָרן.

די אײַנדרוקן נעם איך מער אויף מיטן סייכל — עס הייבט זיך אָן די שלאַכט, מע גיט מיר אַ פֿערד. איך זע, ווי די קאָלאָנעס שטעלן זיך אויס, מע גייט אין אַטאַקע, אַ שאָד די אומגליקלעכע, עס זײַנען ניטאָ קיין מענטשן, עס זײַנען דאָ קאָלאָנעס, דאָס פֿײַער דערגרייכט די העכסטע מאָדרייגע, אין אַ שטילשווײַגעניש האַקט מען זיך. איך גיי, קלאַנגען וועגן אָפּרופֿן דעם נאַטשדיוו?

דער אָנהייב פֿון מײַנע ניסיוינעס, איך גיי מיט די אָבאָזן צום שאָסיי, די שלאַכט פֿאַרשטאַקט זיך, כ׳האָב געפֿונען אַ שפּיץ־פּונקט, אויפֿן שאָסיי האָט מען אונדז באַשאָסן. אַ פֿײַפֿערײַ פֿון סנאַריאַדן, אין 20 שפּאַן רײַסן זיך סנאַריאַדן, אַ געפֿיל פֿון האָפֿענונגסלאָזיקייט, די אָבאָזן יאָגן, איך האָב זיך דורכגעריסן צום 20־טן פּאָלק פֿון דער 4־טער דיוויזיע, פֿאַרוווּנדעטע, אַ רוגזעדיקער קאָמאַנדיר, ניין, מע זאָגט, אַז ער איז ניט פֿאַרוווּנדעט, געכאַפּט אַ קלאַפּ, פּראָפּעסיאָנאַלן, און אַלץ פֿעלדער, די זון, טויטע קערפּערס, איך זיץ בײַ דער קיך, אַ הונגער, רויִער אַרבעס, ס׳איז ניטאָ מיט וואָס צו האָדעווען די פֿערד.

די קיך, געשפּרעכן, מיר זיצן אויפֿן גראָז, פּלוצעם טרעט אַרויס דער פּאָלק, איך דאַרף זײַן אין ראַדזיווילאָוו, דער פּאָלק גייט קיין לעשניוו, און איך בין אָנמעכטיק, איך האָב מוירע זיך אָפּצורײַסן. אומענדלעכע וואַנדערונגען, שטויביקע וועגן, איך זעץ זיך איבער אין אַ וואָגן, קוזימאָדאָ, צוויי אייזלען, אַ ברוטאַל בילד — דער הויקערדיקער קוטשער, אַ שווײַגנדיקער, מיט אַ טונקעלן, ווי מוראָמער וועלדער, פּאָנעם.

מיר פֿאָרן, בײַ מיר איז אַ גרויליך געפֿיל — איך דערווײַטער זיך פֿון דער דיוויזיע. עס טליִעט נאָך די האָפֿענונג — שפּעטער וועט מען קאָנען ברענגען דעם פֿאַרוווּנדעטן קיין ראַדזיווילאָוו, באַם פֿאַרוווּנדעטן איז אַ בלייך ייִדיש פּאָנעם.

מיר פֿאָרן אַרײַן אין וואַלד, אַ באַשיסונג, די סנאַריאַדן לייגן זיך אין 100 שפּאַן פֿון אונדז, דאָס אומענדלעכע זיך אַרומדרייען איבער די וואַלד־ראַנדן.

אַ שווערער זאַמד, ניט דורכצוגיין. אַ פֿאָעמע וועגן פֿאַרמוטשעטע פֿערד.

א פּאַסעקע, מיר מאַכן אַן אונטערזוכונג פֿון די בינשטאָקן, פֿיר כאַטעס זײַנען אין וואַלד — ס׳איז גאָרנישט ניטאָ, אַלץ איז צוגענומען, איך בעט א שטיקל ברויט בא א רויטאַרמייער, ער ענט־פֿערט מיר: „מיט ייִדן האָב איך ניט וואָס צו טאָן". איך בין א פֿרעמדער, אין לאַנגע הויזן, ניט קיין אײגענער. איך בין אײנזאַם, מיר פֿאָרן ווײַטער. אַן אויסגעמאַטערטער, זיץ איך קוים אפֿן פֿערד, איך דאַרף אַלײן נאָך אים קוקן. מיר פֿאָרן אַרײַן קײן קאָניושקאָוו, מיר גאַנוועגען גערשטן, מע זאָגט מיר — זוכט, נעמט, נעמט אַלץ, — איך זוך אין דאַרף די קראַנקן־שוועסטער, א היסטעריקע בא די ווײַבער, מע נעמט צו אין פֿינף מינוט אַרום נאָכן אָנקומען, אײניקע פּרוּװן שלאָגן זיך, יאָמערן אומדערטרעגלעך, עס איז שווער פֿון די אומופּהערלעכע גרוילן, איך זוך די קראַנקן־שוועסטער, איך קאָן ניט בײַקומען דעם אַגמעסנפּעש, כ׳האָב צוגעגאַנוועט א קוואָרט מילך באַם פּאָלק־קאָמאַנדיר, אַרויסגעריסן א לעבל ברויט פֿון די הענט פֿון דער פּויערטעס זון.

אין 10 מינוט אַרום פֿאָרן מיר אַרויס. אָט האָסטו דיר! די פּאָליאַקן זײַנען ערגעץ נאָענט. ווידער צוריק, איך מײן, איך וועל ניט אויסהאַלטן, און נאָך טליסגאַנג, צוערשט פֿאָר איך מיטן קאָמאַנדיר. דערנאָך שטײ איך צו צו די אָבאָזן, איך וויל זיך איבערזעצן אַף א וואָגן, בא יעדן איז אײן ענטפֿער — די פֿערד זײַנען מיד, נו, וואַרף מיך אַראָפּ און זעץ זיך אַלײן, טײַערער, נאָר דאָ זײַנען געהאַרגעטע, איך קוק אפֿן לײַוונט, אונטער אים זײַנען געהאַרגעטע.

מיר קומען צו פֿאָרן אפֿן פֿעלד, דאָרטן זײַנען א סאַך אָבאָזן פֿון דער 4־טער דיוויזיע, א באַטאַרײע, ווידער די קיך, איך זוך די קראַנקן־שוועסטער, א שווערע נאַכט, איך וויל שלאָפֿן, מע דאַרף האָדעווען דאָס פֿערד, איך ליג, די פֿערד עסן דאָס פּרעכטיקע ווײץ, די רויטאַרמייער אינעם ווײץ — בלײַכע, אינגאַנצן טויטע. דאָס פֿערד פּײַניקט מיך, איך לויף נאָך אים, צוגעשטאַנען צו א קראַנקן־שוועסטער, מיר שלאָפֿן אין א טאַטשאַנקע, די קראַנקן־שוועסטער — אַן אַלטע, א פּליכע־וואַטע, מיסטאַמע א ייִדישקע, א מאַרטירערן, די אומדערטרעגלעכע זידלערײַ, דער קוטשער שטופּט זי אַראָפּ, די פֿערד פּלאָנטערן זיך, דעם קוטשער איז ניט אויפֿצוועקן, ער איז ברוטאַל און זידלט זיך, זי זאָגט — אונדזערע העלדן זײַנען שרעקלעכע מענטשן. זי דעקט אים אײַן, זײ שלאָפֿן אַרומ־געאַרעמט. די אומגליקלעכע אַלטע קראַנקן־שוועסטער, גוט וואָלט געווען צו דערשיסן דעם קוטשער, א זידלערײַ. די קראַנקן־שוועסטער איז א ניט־היגע — מיר שלאָפֿן אײַן. איך כאַפּ זיך אויף אין צווײ שאָ אַרום — מע האָט צוגעגאַנוועט דאָס צײַמל. א ייִעש. דער באַגינען. מיר זײַנען 7 ווערסט פֿון ראַדזיוויילאָוו. איך פֿאָר אַף הורא. דאָס אומגליקלעכע פֿערד, אַלע זײַנען מיר אומגליקלעך, דער פּאָלק וועט ווײַטער גײן. איך לאָז זיך אין וועג.

דאָס וויכטיקסטע פֿאַר דעם טאָג — באַשרײַבן די רויטאַרמייער און די לופֿט.

20.8.4

איך פֿאָר אַלײן קײן ראַדזיווילאָוו. א שווערער וועג. אפֿן וועג איז קײנער ניטאָ, דאָס פֿערד איז צוגעשטאַנען, איך האָב מוירע אַף יעדן טריט צו באַגעגענען די פּאָליאַקן. ס׳איז אָפּגעגאַנגען בעשאָלעם, אין ראַיאָן פֿון ראַדזיווילאָוו זײַנען קײן מיליטער־טײלן ניטאָ, אין שטעטל איז אומרויִק, מע שיקט מיך אַף דער סטאַנציע, א באַפֿעלקערונג, וואָס איז פֿאַרוויסט און אַבסאָליוט צוגעוווינט צו ענדערונגען. שעקאָ[5] אַף אַן אווטאָמאָביל. איך בין אין בודיאָניס קוואַרטיר. א ייִדישע מישפּאָכע, באַרישניעס, א גרופּע פֿון בוכטײעווס גימנאַזיע, אָדעס, דאָס האַרץ האָט זיך פֿאַרקלעמט.

יאָ, א גליק, מע גיט קאַקאַאָ און ברויט. נײַעס — דער נײַער נאַטשדיוו — אַפֿאַנאַסענקאָ[6], דער נײַער נאַטששטאַדיוו — שעקאָ. ניסים.

עס קומט צו פֿאָרן זשאָלנאַרקעוויטש מיטן עסקאַדראָן, ער איז נעבעכדיק, זאַטאָוו מעלדעט, אַז מע האָט אים אַראָפּגענומען: „איך גײ האַנדלען אַף סוכאַרעווקע מיט פּלעצלעך, וואָס זשע — א נײַע שול, איר, זאָגט ער, קענט פֿאַנאַנדערשטעלן דאָס מיליטער, אַמאָל געקענט, איצט אָן א רעזערוו קען איך ניט.

בא אים איז א הויכע היץ, ער זאָגט דאָס, וואָס ער האָט ניט געדאַרפֿט זאָגן, צעווערטלט זיך מיט שעקאָ, יענער האָט טײקעף אויפֿגעהויבן דעם טאָן: „דער נאַטשאַלניק פֿונעם שטאַב האָט אײַך באַפֿוילן קומען אין שטאַב". — „איך האָב ניט וואָס איבערצוגעבן, איך בין ניט קײן ייִנגעלע, כ׳זאָל זיך אַרומשליאָנדרעווען איבער שטאַבן, כ׳האָב איבערגעלאָזט דעם עסקאַדראָן און אַוועקגעפֿאָרן". עס פֿאָרט אַוועק די אַלטע גוואַרדיע, אַלץ ווערט צעבראָכן, אָט איז ניטאָ קאָנסטאַנטין קאַרלאָוויטש.

נאָך אײן אײַנדרוק — א שווערער און ניט פֿאַרגעסענער — דאָס אָנקומען אַף א ווײַסן פֿערד פֿונעם נאַטשדיוו מיט די אָרדינאַרצעס. די גאַנצע שטאַבנע קנופּיע, וואָס לויפֿט מיט הינער פֿאַר דעם קאָמאַנדאַרם, האַלטן זיך פּראָטעקטאָריש, כאַמוליש, שעקאָ פֿירט זיך גאַדלעסדיק, פֿרעגט וועגן אָפּעראַציעס, יענער דערקלערט, שמײכלט. א פּרעכטיקע, שלאַנקע פֿיגור און א פֿאַרצווייפֿלונג. די נעכטיקע שלאַכט איז א גלענצנדיקער דערפֿאָלג פֿון דער 6־טער דיוויזיע — 1000 פֿערד, דרײַ

פּאָלקן זײַנען אַרײַנגעטריבן געוואָרן אין שוצגראָבנס, דער פּײַנט איז צעשמעטערט, אָפּגעוואָרפן, דער שטאַב פון דער דיוויזיע איז אין כאַטין. ווער־נאָך איז דאָס דערפאָלג — טימאָשענקאָס, צי אַפּאַנאַסענקאָס? דער כאַווער כמעלניצקי — אַ ייִד, אַ פּרעסער, אַ כוצפּעניק, באַם קאָמאַנדאַרם — אַ הון, אַ כאַזערל, פּאַפּשוי, די אָרדינאַרצעס האָבן אים פּײַנט, די פרעכע אָרדינאַרצעס, וועמענס אײנציקע זאָרג איז — הינער, שמאַלץ, זיי פּרעסן, זײַנען פעט, די שאָפערן פרעסן שמאַלץ, אַלע זײַנען אָפּן גאַנעק לעבן דעם הויז. דאָס פערד האָט ניט וואָס צו עסן.

די שטימונג איז אינגאַנצן אַן אַנדערע, די פּאָליאַקן טרעטן אָפּ, כאָטש בראַד האָבן זיי פאַרכאַפּט, נאָר מיר הערן ניט אויף זיי צו שלאָגן, בודיאָני האָט געראַטעוועט די לאַגע.

איך וויל שלאָפן, נאָר איך קאָן ניט. די ענדערונגען אינעם לעבן פון דער דיוויזיע וועלן האָבן אַ וויכטיקע באַדײַטונג. שעקאָ איז אויף אַ פור. איך בין מיטן עסקאַדראָן. מיר פאָרן קיין כאַטין, ווידער טליסגאַנג. געמאַכט 15 ווערסט. איך לעב בײַ באַכטוראָוון. ער איז געהאַרגעט, ניטאָ דער נאַטשדיוו, ער פילט, אַז אויך ער וועט זײַן. די דיוויזיע איז דערשיטערט, די סאָלדאַטן גייען אַרום שטילע. סאָפּקאָלסאָף האָב איך געגעסן וועטשערע — פלייש, האָניק. באַשרײַבן באַכטוראָוון, איוואַן איוואַנאָוויטשן און פּעטיען. איך שלאָף אין דער קלוניע, ענדלעך איז רויִק געוואָרן.

כאַטין, 20.8.5

אַ טאָג פון רו־צושטאַנד. איך עס, איך שליאָנדער זיך אַרום איבערן מיט דער זון באַגאָסענעם דאָרף, מיר רוען אָפּ, כ'האָב געגעסן וואַרמעס, וועטשערע — ס'איז פאַראַן האָניק, מילך.

דאָס וויכטיקסטע — די אינערלעכע ענדערונגען, אַלץ איז איבערגעקערט.

ביז ווייטיק איז אַ שאָד דעם נאַטשדיוו, די קאַזאַקן זײַנען באַאומרויִקט, אין יעדן ווינקל רעדט מען, אַן אינטערעסאַנטע דערשײַנונג, מע נעמט זיך צונויף, מע שעפּטשעט זיך, באַכטוראָוו איז אין אַ געדריקטן צושטאַנד, דער נאַטשדיוו איז געווען אַ העלד, איצט לאָזט אים דער קאָמאַנדיר ניט אין צימער אַרײַן, פון 600 — 6000, אַ שווערע דערנידעריקונג, געזאָגט אין די אויגן — איר זײַט אַ פאַרעטער, טימאָשענקאָ האָט זיך צעלאַכט, — אַפּאַנאַסענקאָ, אַ נײַע און אויסטערלישע פיגור, איז ניט שיין, אומגעלומפּערט, לײַדנשאַפטלעך, אַמביציִעז, ערגײַציק, אָנגעשריבן אַן אויפרוף צו סטאַווראָפּאָל און צו דאָן וועגן די אומאָרדענונגען אינעם הינטערלאַנד, קעדיי אָנזאָגן אין די היימישע קאַנטן, אַז ער איז דער נאַטשדיוו. טימאָשענקאָ איז געווען לײַכטער, פרייִלעכער, ברייטער און עפּשער ערגער. צוויי מענטשן, זיי האָבן, עמעס, איינס דעם צווייטן ניט ליב געהאַט. שעקאָ הייבט אָן זײַן אַרבעט, אומוואַרשײַנלעך אומגעלומפּערטע באַפעלן, גאַדלעסדיק. אינגאַנצן אַן אַנדערע איז די אַרבעט פונעם שטאַב. די אָבאָזן און דער אַדמיניסטראַטיווער שטאַב זײַנען ניטאָ. לעפּין האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ — ער איז בייז, טעמפּ און דערווידערט שעקאָ.

אָפּדערנאָכט איז מוזיק און טענץ — אַפּאַנאַסענקאָ זוכט פּאָפּולערקײַט, מאַכט ברייטער דעם קרײַז. מע קלײַבט אויס באַכטוראָוון אַ פערד פון די פּוילישע, הײַנט פאָרן אַלע אויף פּוילישע אויסגעצייכנטע פערד, שמאָלברוסטיקע, הויכע, קאַשטאַנאָווע פערד, דאָס קאָן מען ניט פאַרגעסן. אַפּאַנאַסענקאָ צווינגט אויסריכטן די פערד.

אַ גאַנצן טאָג — שמועסן וועגן אינטריגעס. אַ בריוו אין הינטערלאַנד.

אַ בענקשאַפט נאָך אָדעס.

פאַרגעדענקען — די פיגור, דאָס פּאָנעם, אַפּאַנאַסענקאָס פרייד, זײַן ליבע צו פערד, וויִאַזוי מע ריכט אויס פערד, מע קלײַבט אויס פאַר באַכטוראָוון.

וועגן אָרדינאַרצעס, וועלכע פאַרבינדן זייער גורל מיט די „באַלעבאַטים”. וואָס וועט טאָן מיכייעוו, דער קרומער סוכאָרוקאָוו, די אַלע גרעבושקיס, טאַראַסאָווס, איוואַן איוואַנאָוויטש איז מיט באַכטוראָוון. אַלע גייען נאָך.

וועגן די פּוילישע פערד, וועגן עסקאַדראָנען, וועלכע יאָגן אין שטויב אויף הויכע, גאָלדפאַרביקע, שמאָלברוסטיקע פּוילישע פערד. טשופּרינעס, קייטעלעך, אָנצוגן פון טעפּיכער.

אין דער בלאָטע זײַנען פאַרהריזנעט געוואָרן 600 פערד, אומגליקלעכע פּאָליאַקן.

כאַטין, 20.8.6

אויף דעם זעלבן אָרט. מיר ברענגען זיך אין אָרדענונג, שמידן אונטער די פערד, עסן, ס'איז אַן איבערײַס אין די אָפּעראַציעס.

מײַן באַלעבאָסטע — אַ קליינינקע, שרעקעוודיקע, דעליקאַטנע פרוי מיט פאַרמוטשעטע און מילדע אויגן. גאָט מײַנער, ווי די סאָלדאַטן פּײַניקן זי! דאָס אומענדלעכע קאָכן, מיר גאַנווענען האָניק. דער באַלעבאָס איז געקומען צו פאָרן אַהיים, די באָמבעס פונעם עראָפּלאַן האָבן אַוועק־

געטריבן זײַנע פערד. דער אַלטער האָט 5 מעסלעס ניט געגעסן, איצט גייט ער ערגעץ אַוועק אין דער וועלט אַרײַן זוכן זײַנע פערד, אַן עפּאָפּייע — דער אַלטער זאַקן.

א שטאַרק הייסער טאָג, א געדיכטע, ווײַסע שטילקײַט, די נעשאָמע פרייט זיך, די פערד שטייען, מע דרעשט פאַר זיי האָבער, לעבן זיי שלאָפן א גאַנצן טאָג די קאַזאַקן. די פערד ריַען אָפּ — דאָס איז אויפן ערשטן פּלאַן.

ווען־ניט־ווען באַווײַזט זיך די פיגור פון אַפּאַנאַסענקאָ, צום אונטערשייד פונעם אָפּגעזונדערטן טימאָשענקאָ, איז ער אַן אונדזעריקער, א פּאָטער־קאָמאַנדיר. אינדערפרי פאָרט אַוועק באַכטוראַיוו. א סוויטע נאָך אים, איך שפּיר נאָך דער אַרבעט פונעם נײַעם מיליטער־קאָמיסאַר, א טעמפּער, אָבער אַן אָפּגעשלײַפטער מאָסקווער אַרבעטער, אָט אין וואָס עס איז דער קויעך — שאַבלאָנישע, נאָר גרויסע ווערטער, דרײַ מיליטער־קאָמיסאַרן, אומבאַדינגט באַשרײַבן דעם אונטערהיינקעדיקן גובאַנאָוון, די סטראַשידלע פונעם פּאָלק, א פאַרשײַטער רובאַקע, א יונג 23־יאָריק ייִנגל[9], דער באַשיידענער שיריאַעוו[10], דער כיטרער גרישין. מע זיצט אין סעדל, דער מיליטער־קאָמיסאַר פרעגט אויס, מע פּליאָטקעוועט, באָמבאַסטיש רעדט מען וועגן אַן אַלוועלטלעכער רעוואָליוציע, די באַלעבאָסטע טרייסלט אָפּ עפּל, ווײַל מע האָט אַלץ אויפגעגעסן, דער סעקרעטאַר פונעם מיליטער־קאָמיסאַר. א לאַנגער, מיט א הילכיקן קאָל, גייט אַרום, זוכט שפּײַז.

אין שטוב איז א נײַע טענדענץ — שעקאָ שרײַבט ספּעציעלע באַפעלן, באָמבאַסטישע מיט קאָנקאָנדיקע פראַזעס, אָבער קורצע און ענערגישע, גיט איבער זײַנע מיינונגען דעם רעוואָיענסאָוועט. האַנדלט לויט זײַן פּערזענלעכער איניציאַטיוו.

אַלע בענקען נאָך טימאָשענקאָן, קיין בונט וועט ניט זײַן.

פאַרוואָס איז בא מיר אַן אומענדלעכע בענקשאַפט? ווײַל איך בין ווײַט פון דער היים, ווײַל מיר רויִנירן, מיר גייען ווי א ווירער, ווי א לאַווע, פון אַלעמען פאַרהאַסט, עס צעפאַלט זיך דאָס לעבן, איך בין אויף א גרויסן אומופהערלעכן העספּעד.

איוואַן איוואַנאָוויטש, זיצנדיק אויף א באַנק, רעדט וועגן די טעג, ווען ער האָט צעטרענצלט צו 20 טויזנט, צו 30 טויזנט. בא אַלעמען איז פאַראַן גאָלד, אַלע האָבן עס געגנבעט אין ראָסטאָוו, איבערגעוואָרפן איבער דעם זאָטל א זאַק מיט געלט און אַוועק. איוואַן איוואַנאָוויטש האָט באַקליידט און אויפגעהאַלטן פרויען. באַנאַכט, די קלוניע, דאָס דופּטיקע היי, נאָר די לופט איז א שווערע. עפּעס איז בא מיר א דעפּרעסיע, איבער דער טרויעריקער אומבאַזיניקטקײַט פון מײַן לעבן.

בערעסטעטשקאָ, 20.8.7

איצט איז 8 אזייגער אָפּדערנאַכט. נאָרוואָס האָבן זיך אָנגעצונדן די לעמפּ אין שטעטל. אין שכייניש צימער קומט פאָר א העספּעד. א סאַך ייִדן, טרויעריקע לײַבלעכע ניגונים, מע שאָקלט זיך, מע זיצט אויף בענק, צוויי ליכט, א ניט־אויסלעשנדיק זיך לעמפּל אויפן פענצטער־ברעטל. דאָס איז א העספּעד נאָך דעם באַלעבאָס׳ אייניקל, וואָס איז געשטאָרבן פון שרעק נאָך די רויבערײַען. די מוטער וויינט בעשאַס דער טפילע, דערציילט מיר, מיר שטייען באַם טיש, די יעסורים דערשלאָגן מיך אָט שוין צוויי כאַדאָשים. די מוטער ווײַזט מיר דאָס פאָטאָ־קאַרטל, וואָס איז אויסגעווייקט פון טרערן, און אַלע ריידן — אַן אויסערגעוויינלעכע קראַסאַוויצע, איינער א קאָמאַנדיר איז געלאָפן הינטערן יאַר, א קלאַפּ אין טיר באַנאַכט, מע האָט פונעם בעט אויפגעהויבן. די פּאָליאַקן האָבן געגנישטערט, דערנאָך די קאַזאַקן, אַן אומופהערלעך מייקעניש. און דעריקער בא ייִדן — א קראַסאַוויצע, נאָך אַזאַ איז אין שטעטל ניט געווען.

א מערקווירדיקער טאָג. אינדערפרי — פון כאָטין קיין בערעסטעטשקאָ. איך פאָר מיטן סעקרעטאַר פונעם מיליטער־קאָמיסאַר איוואַנאָוון, א לאַנגער, א פּרעסערישער יונג, א האָלעדריגע, און אָט, א מאַן פון דער זינגערן קאָמאַראָווא, מיר האָבן קאָנצערטירט, איך וועל זי אויסשרײַבן. א רוסישער מענאַדע.

א מעס פון א געהאַרגעטן פּאָליאַק, א שרעקלעכער מעס, אַן אויפגעשוואָלענער און א נאכעטער, אויסטערליש.

בערעסטעטשקאָ איז איבערגעגאַנגען עטלעכע מאָל פון האַנט צו האַנט. היסטאָרישע פעלדער לעבן בערעסטעטשקאָ, קאַזאַקישע קוואָרים. און אָט איז דער איקער, אַלץ כאַזערט זיך איבער — קאַזאַקן קעגן פּאָליאַקן, נאָר מער א כאָלאָפּ קעגן א פּאָרעץ.

דאָס שטעטל וועל איך ניט פאַרגעסן, געדעקטע הויפן, לאַנגע, שמאָלע, שטינקענדיקע, זיי איז 100 — 200 יאָר, די באַפעלקערונג איז שטאַרקער, איידער אין אַנדערע ערטער. דעריקער — די אַרכיטעקטור, ווײַסע וואַסערדיק־בלויע שטיבעלעך, געסעלעך, קלויזן, פּויערטעס. דאָס לעבן לאַדעוועט זיך דאָ קוים־קוים אײַן. דאָ איז געווען גאַנץ נישקאָשעדיק צו לעבן — א ווערטפול ייִדנ־

סום, רײַכע פּויערים, יאַרידן אין די זונטיק־טעג, א באַזונדערער קלאַס רוסישע קלײנבירגער — לעדערמאַכער, דער האַנדל מיט עסטרײַך, קאָנטראַבאַנדע.

די ייִדן זײַנען דאָ ווײניקער פאַנאַטיש, מער אויסגעפּוצט, קרעפּטיקער, דאַכט זיך. אַפילע פריי־לעכער, אַלטע זקײנים, קאַפּאָטעס, זקײנעס, אַלץ אָטעמט מיט אַלטערטום, מיט דער טראַדיציע, דאָס שטעטל איז אָנגעשטעקט מיט דער בלוטיקער געשיכטע פון דער ייִדיש־פּוילישער געטאָ. די פּײַנט־שאַפט צו די פּאָליאַקן איז אַן אײנשטימיקע. זײ האָבן געראַבעוועט, געמוטשעט דעם אַפּטײקער מיט אָנגעגליטן אײַזן צום לײַב, נאָדלען אונטער די נעגל, אויסגעצופּט די האָר דערפאַר, וואָס מע האָט געשאָסן אין א פּוילישן אָפיצער — אַן אידיאַטיזם. די פּאָליאַקן זײַנען אַראָפּ פונעם זינען, זײ פּאַטערן זיך אַלײן[11].

אַן אוראַלטער קאָסטיאָל, קוואַרים פון פּוילישע אָפיצערן און צוימען, פרישע בערגלעך, אין דער עלטער פון 10 טעג, ווײַסע בערעזעווע צײלעמער, דאָס אַלץ איז שרעקלעך, די שטוב פונעם קסיאָנדז איז פאַרניכטעט, איך געפין אַנטישע ביכער, ווערטפולע לאַטײַנישע קסאַוויאַדן. דער קסיאָנדז טוזינקעוויטש — איך געפין זײַן פּאָטאָ־קאַרטל, א דיקער און א קורצער, האָט דאָ געהאַרעוועט 45 יאָר, געלעבט אויף אײן אָרט, א סכאָלאַסטיקער, א קאָמפּלעקט ביכער, א סאַך לאַטײַנישע אויס־גאַבעס פאַרן 1860 יאָר, אָט ווען עס האָט געלעבט טוזינקעוויטש, אַן אַלטמאָדישע קוואַרטיר, גרוי־סע, טונקעלע בילדער, פּאָטאָגראַפיעס פון צוזאַמענפאָרן פון פּרעלאַטן אין זשיטאָמיר, פּאָרטרעטן פונעם פּויפּסט פּי דעם X, א גוט פּאָנעם, א פּרעכטיקער פּאָרטרעט פון סענקעוויטשן — אָט איז ער, דער עקסטראַקט פון דער נאַציע. איבער דעם אַלעמען שטינקט סוכינס נעשאָמעלע. ווי נײַ איז דאָס פאַר מיר — ביכער, די נעשאָמע פון א קאַטוילישן פּאָטער, א יעזויִט, איך באַנעם די נעשאָמע און דאָס האַרץ פון טוזינקעוויטשן און איך האָב זי באַנומען. לעפּין שפּילט פּלוצעם ייִדנדיק אויף דער פּיאַנע. ביכלאַל — ער זינגט אַמאָל אויף לעטיש. פאַרגעדענקען זײַנע באָרוועסע פּיסלעך — לע־כערלעך. דאָס איז זײער א קאָמישע באַשעפעניש.

א שרעקלעכע געשעעניש — דאָס צעראַבעווען דעם קאָסטיאָל, מע רײַסט די ריזעס. די ווערט־פולע שײַנענדיקע שטאָפן זײַנען צעריסן, אויפן דיל, די באַרעמהאַרציקע שוועסטער האָט אויעקגע־שלעפּט דרײַ טיוקן, מע רײַסט דעם אונטערשלאַק, די ליכט האָט מען צוגענומען, די קעסטלעך אײַנגעבראָכן, די גראַמאָטעס פונעם רוימישן פּויפּסט אַרויסגעוואָרפן, דאָס געלט צוגענומען. א פּרעכטיקער טעמפּל — 200 יאָר, וואָס האָט ער געזען (טוזינקעוויטשעס קסאַוויאַדן), וויפל גראַפן און לײַב־אײגענע פּויערים, פּרעכטיקע איטאַליענישע מאָלערײַ, ראָזעווע קאַטוילישע גאַלאָכים, וועלכע וויגן דאָס וויקלקינד — קריסטוסן, א פּרעכטיקער טונקעלער קריסטוס, רעמבראַנדט, די מאַדאָנע לויט מורילאָ און עפּשער טאַקע מורילאָ, און דאָס סאַמע וויכטיקסטע — די הײליקע אײַנגעכאַליעטע יעזויִטן, א שרעקלעכע כינעזישע פיגורקע אונטערן דעקטוך, אין א מאַלינאָווער האַלבאַשע, א בערדיק ייִדעלע, א קלײטל, א צעבראָכענע ראַם, די פיגור פונעם הײליקן וואַלענטאַ[12]. דער קולט־דינער ציטערט, ווי א פויגל, ער קאָרטשעט זיך, מישט רוסיש מיט פּויליש, איך טאָר זיך ניט צורירן, ער יאָמערט. כײַעס, זײ זײַנען געקומען, קעדײ ראַבעווען, דאָס איז דאָך אַזוי קלאָר, די אַלטע געטער ווערן צעשטערט.

אין אָוונט אין שטעטל. דער קאָסטיאָל איז פאַרמאַכט. פאַר אָוונט גײ איך אין טעמפּל פון די גראַפן ראַציבאָראָווסקיס. א 70־יאָריקער זאָקן און זײַן מוטער 90 יאָר אַלט. זײ זײַנען בלויז צווײען, מעשוגענע, זאָגט מען. באַשרײַבן דאָס פּאָרל. א גראַפּיש פּאָרל. א גראַפּיש פאַרצײַטיק פּויליש הויז, עלטער פון 100 יאָר, הערנער, אַן אַלטערטימלעך העל פלאַפאָניש מאָלערײַ, רעשטן פון הערנער, קלײנע צימערן אויבן פאַר די הויף־דינער, פּליטעס, איבערגענג, עקסקרעמענטן אויפן דיל. ייִדישע ייִנגעלעך, א ראָיאַל סטײנווײ, דיוואַנען, אופגעשניטענע ביז די פּרוזשינעס, פאַרגעדענקען די ווײַסע לײַכטע און דעמבענע טירן, פראַנצויזישע בריוו פאַר דעם 1820 יאָר notre petit 7 semaines achere heros[13]. גאָט מײַנער, ווער האָט עס געשריבן, ווען האָט מען געשריבן, פּאָרטאַפּטשעטע בריוו, איך האָב גענומען די רעליקוויע, די הונדערטיאָריקע, די מוטער — א גרעפין, א ראָיאַל סטײנ־ווײ, א פּאַרק, א סאַזשלקע.

איך קאָן ניט פאַרגעסן — איך דערמאָן זיך אין האַופּטמאַנען[14], אין עלגע.

א מיטינג אין פּאַרק פונעם טעמפּל, די ייִדן פון בערעסטעטשקאָ, דער טעמפּער ווינאָקוראָוו[15], דאָס קלײנוואַרג לויפט אַהער און אַהין, מע ווײלט אויס דעם רעווקאָם. ייִדן גלעטן די בערד, ייִדיש־קעס הערן וועגן דעם רוסישן גאַנײדן, וועגן דער צווישנפעלקערלעכער לאַגע, וועגן דעם אופשפּאַנד אין אינדיע.

אַן אומרויִקע נאַכט, עמעצער האָט געהײסן זײַן גרײט, אויג אויף אויג מיטן פאַרשמאַכטן מע־שאָרעס, א ניט־דערוואַרטע מעליצע, וועגן וואָס האָט ער גערעדט?

## בערעסטעטשקאָ, 20.8.8

איך לעב זיך אײַן אין דעם שטעטל. דאָ זײַנען געווען יארידן. די פויערים פארקויפן בארן. מע צאָלט זיי מיט פון לאנג שוין ניט עקזיסטירנדיק געלט. דאָ האָט געקאָכט א לעבן — די ייִדן האָבן ארויסגעפירט ברויט קיין עסטרײַך, א קאָנטראבאנדע פון סכוירע — און מענטשן, די נאָענט־קײַט פון אויסלאנד.

אויכטערלישע שטאלן, אונטערערדישע הײלן.

איך לעב בא א פרוי, וואָס האלט אוף אן ארײַנפאָר־הויז, א געל־רויטע, א דארער אויסוווּרף. אילטשענקאָ האָט געקויפט אוגערקעס, לייענט דעם „זשורנאל דליא וסיעך" און ברײַעט וועגן דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, אין אלץ זײַנען שולדיק די ייִדן, א טעמפּ סלאוויש באשעפעניש, וואָס האָט אָנגעשטאָפּט די קעשענעס באם אָפּראבעווען ראָסטאָוו. עפּעס אדאָפּטירטע קינדער, א ניט לאנג געשטאָרבענע. די געשיכטע מיטן אפּטייקער, וועמען די פּאָליאקן האָבן ארײַנגעשטאָכן אונטער די נעגל שפּילקעס, מעשוגע געוואָרענע מענטשן.

א הייכער טאָג, די אײַנוווינער גייען ארום פּוסט־און־פּאס, הייבן אָן אופצולעבן, ס'וועט זײַן א האנדל.

די סינאגאָגע, א טוירע, מיט 36 יאָר צוריק האָט א האנטוווערקער פון קרעמענעץ זי אויסגעבויט, מע האָט אים געצאָלט 50 רובל א כוידעש, גאָלדענע פּאווס, צונויפגעקרײַצטע הענט, אלטערטימלעכע טוירעס, בא אלע שאמאָסים איז ניטאָ קיין שום ענטוזיאזם, אויסגעדייוועטע זקיינים, די בריקן צו בערעסטעטשקאָ, גלײַך זיי וויגן זיך, די פּאָליאקן האָבן צו דעם אלעמען צוגעגעבן א שוין לאנג פארלוירענעם קאָלאָריט. דער אלטיטשקער, בא וועלכן עס האָט זיך אָפּגעשטעלט קאָראָטשײַעוו, אן אראָפּגענומענער נאטשדיוו, מיט זײַן וואָפּנטרעגער — א ייִדן. קאָראָטשײַעוו איז געווען פאָרזיצער פון טשעקא אין אסטראכאן, אויב זיך גריבלען אין אים, וועט זיך פון אים אויסשיטן. א פרײַנטשאפט מיט א ייִדן. מיר טרינקען טיי באם אלטיטשקן. שטיל, א מעכײַע. איך בלאָנקע אָן א ציל איבערן שטעטל, אינווייניק אין די ייִדישע שטיבלעך גייט א נעבעכדיק, מעכטיק, אן אומשטארבנדיק לעבן, בארישניעס אין ווײַסע זאָקן, קאפּאָטעס, ווי ווייניק זײַנען פאראן דיקע.

מיר פירן אן אויסשפּירונג אף לוואָוו. אפאנאסענקאָ שרײַבט בריוו צום סטאווראָפּאָליער אויספיר־קאָמיטעט, מיר וועלן האקן קעפּ אין הינטערלאנד, ער איז אנציקט. א שלאכט בא ראדזיכאָוו, אפאנאסענקאָ פירט זיך ווי א בראווער יונג, אין איין אויגנבליק דיסלאָצירט ער די מיליטער־קויכעס, האָט שיר ניט צעשאָסן די זיך צוריקציִענדיקע 14־טע דיוויזיע. מיר דערנעענטערן זיך צו ראדזיכאָוו. מאָסקווער צײַטונגען פאר דעם 29/VII. ס'האָט זיך געעפנט דער II קאָנגרעס פונעם III אינטערנאציאָנאל, ענדלעך איז פארווירקלעכט געוואָרן די פארייניקונג פון פעלקער, אלץ איז קלאָר: צוויי וועלטן, און ס'איז דערקלערט א מילכאָמע. מיר וועלן אומענדלעך קעמפן. רוסלאנד האָט געוואָרפן די הענטשקע. מיר וועלן גיין אין אײראָפּע, מיר וועלן באהערשן די וועלט. די רויטע ארמיי איז געוואָרן א וועלט־פאקטאָר.

מע דארף זיך צוקוקן צו אפאנאסענקאָן. אן אטאמאן.

דער העספּעד פונעם שטילן זאָקן איבער זײַן אייניקל.

אפדערנאכט, א ספּעקטאקל אין גראפישן סאָד, די ליבהאָבער פון בערעסטעטשקאָ, דער וואָפּנטרעגער איז א באָלוואן, בארישניעס פון בערעסטעטשקאָ, עס ווערט שטיל, דאָ וואָלט מען געקאָנט מאכן א לעבן, זיך דערוויסן.

## לאשקאָוו, 20.8.9

דער איבערפאָר פון בערעסטעטשקאָ קיין לאשקאָוו, גאליציע. דעם נאטשדיווס עקיפּאזש, דער אָרדינארעץ פונעם נאטשדיוו — ליאָווקע, דער זעלבער, וועלכער ציגײַנערט און טרײַבט די פערד. א דערציילונג וועגן דעם, וויִאזוי ער האָט מיט דער נאהײַקע געשלאָגן דעם שאָכן סטעפּאנען, דעם געוועזענעם סטראזשניק בא דעניקינען, וועלכער האָט באאוולט די באפעלקערונג, ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין דאָרף. „קוילען" האָט מען אים ניט געלאָזט, אין דער טורמע האָט מען אים געשלאָגן, צעשניטן די פּלייצע, געשפּרונגען אף אים, געטאנצט, אן עפּישער געשפּרעך: ס'איז דיר גוט, סטעפּאן? שלעכט. און די, וועלכע דו האָסט באליידיקט, — איז גוט געווען? זיי איז שלעכט געווען. און דו האָסט געטראכט, אז דיר וועט זײַן שלעכט? ניין, האָסט ניט געטראכט. אָבער מע האָט געדארפט טראכטן, סטעפּאן, אָט מיר טראכטן, אז אויב מיר וועלן ארײַנפאלן, וועט איר קוילען, יאָ, און איצט וועלן מיר דיך, סטעפּאן, הארגענען[16]. מע האָט אים אָפּגעלאָזט א קוים לעבעדיקן. א צווייטע דערציילונג וועגן דער בארעמהארציקער שוועסטער שורקע. באנאכט, א שלאכט, די פּאָלקן שטעלן זיך אויס, ליאָווקע איז אין פאעטאָן, שורקעס קאָכאנעק איז שווער פארוווּנדעט, ער גיט איבער ליאָווקען דאָס פערד, זיי פירן אָפּ דעם פארוווּנדעטן, קערן זיך אום צו דער שלאכט. אך,

שורע, איין מאָל לעבן, איין מאָל שטארבן. נו, יאָ, גוט־1. זי איז געווען אינעם אנשטאלט אונטער דעם רויטן לאמטערן אין ראַסטאָוו, גאלאָפּירט אין דער שערענגע אפן פערד, פּופּצן קען זי אויסהאלטן, און איצט, שורקע, מיר פאָרן אָפּ, מיר ציִען זיך צוריק, די פערד האָבן זיך פארפלאָנטערט אין דראָטן, איך האָב דורכגאלאָפּירט 4 ווערסט, א דאָרף, זי זיצט, האקט דאָס דראָט. עס גייט דורך דער פּאָלק, שורע פאָרט ארויס פון דער שערענגע, לּיאָווקע גרייט וועטשערע, עס וויל זיך פרעסן, אָפּגעגעסן, איבערגערעדט, קום, שורע, נאָך איין מאָל. נו, גוט, און ווו?

זי האָט אוועקגאלאָפּירט נאָך דעם פּאָלק, איך בין אוועק שלאָפן. אויב דאָס ווײַב וועט קומען צו פאָרן, — וועל איך זי הארגענען.

לאשקאָוו — א גרין, זוניק, שטיל און רײַך גאליציאַנער דאָרף. איך לעב בא א דיאַקאָן. דאָס ווײַב האָט נאָרוואָס געבוירן א קינד. ציגעפּלעטשטע מענטשן. א ריינע נײַע כאטע, און אין כאטע איז פּוסט. באנאנד זײַנען טיפּישע גאליציאַנער ייִדן. זיי טראכטן — צי בין איך ניט קיין ייִד? א דערציילונג — מע האָט אָפּגעראבעוועט, צוויי הינער אָפּגעהאקט דעם קאָפּ, געפונען אין קלוניע זאכן, אויסגעגראָבן פון אונטער דער ערד, ארײַנגעטריבן אלע אין כאטע, א געוויינלעכע געשיכטע, פארגעדענקען דאָס ייִנגל מיט די באקענבארדן. מע דערציילט מיר, אז דער הויפּט־ראָוו לעבט אין בעלזע, מע האָט אויסגעראָטן די ראבאָנים.

מיר רוען אָפּ, אין מײַן סעדל שטייט דער 1־טער עסקאדראָן. באנאכט, א לעמפּעלע שטייט בא מיר אפן טיש, שטיל שנאָרכען די פערד, דאָ זײַנען אלע קובאנצעס, אינײנעם עסן זיי, שלאָפן, קאָכן, א פּראכטפולע שווײַגנדיקע געמײנשאפט. אלע זײַנען זיי פארגרעבט, אפדערנאכט זינגט מען לידער אף א קאָל, וועלכע זײַנען ענלעך אף קירכלעכע, אַן איבערגעגעבנקײַט צו די פערד, קליינע קופּקעלעך — דער זאָטל, דאָס צײַמל, אַן אויסגעמאָלטע סאבליע, א שינעל, איך שלאָף, ארומגערינגלט פון זיי.

איך שלאָף באטאָג, אין פעלד, קיין שום אָפּעראציעס, וואָס פאר א פּרעכטיקע און נייטיקע זאך איז דער אָפּרו. די קאוואלעריע, די פערד גייען אוועק פון דער אומענטשלעכער ארבעט, מענטשן גייען אוועק פון אכזאָריעסדיקײַט, לעבן אינײנעם, מיט שטילע שטימען זינגט מען לידער, מע דערציילט עפּעס איינס דעם אנדערן.

דער שטאב איז אין פעלד. דער נאטשדיוו איז באם גאלעך.

לאשקאָוו, 20.8.10

דער אָפּרו דויערט. די אויסשפּירונג אף ראדזיכאָוו, סאָקאָלאָווקע, סטאָיאנאָוו, אלע צו לוואָוו. מע האָט באקומען א ידיִע, אז מע האָט גענומען אלעקסאנדראָווסק, אין דער צווישנפעלקערלעכער לאגע זײַנען גיגאנטישע שוועריקײַטן, ניט שוין זשע וועלן מיר קעמפן מיט דער גאנצער וועלט?

א סרייפע אין דאָרף. עס ברענט דעם גאלעכס קלוניע. צוויי פערד, וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט מיט אלע קויכעס, זײַנען פארברענט געוואָרן. א פערד איז ניט ארויסצופירן פונעם פײַער. צוויי בעהיימעס זײַנען אנטלאָפן, בא איינער האָט געפּלאצט די פעל, פון די שפּאלטן — בלוט, עס איז רירנדיק און א ראכמאָנעס.

דער רויך האָט באדעקט דאָס גאנצע דאָרף, א העליש פײַער, שווארצע פּוכיקע קנוילן רויך, א מאסע ביימער, א היץ אין פּאָנעם, אלע זאכן פונעם גאלעכס הויז, פונעם קלויסטער ווארפט מען ארויס אין סאָד. אפאנאסענקאָ אין א רויטן אָנצוג און אין א שווארצער בורקע, א גוט אויסגעראזירט פּאָנעם — א שרעקלעכע דערשײַנונג, אַן אטאמאַן.

אונדזערע קאזאקן, א שווער בילד, מע שלעפּט פונעם אונטערשטן פליגל, די אויגן ברענען, אלעמען איז פריקרע, מע שעמט זיך, ס'איז ניט אויסגעוואָרצלט די אזויגערופענע געוויינהײַט. אלע כאָרוגוועס, אלטערטימלעכע טשעטי־מינייעס, די איקאָנעס האָט מען ארויסגעטראָגן, מעשונעדיקע ווײַס־ראָזעווע און ווײַס־בלויע אויסגעמאָלטע פיגורקעס, קריפּלדיקע, פלאכפּענעמדיקע כינעזישע צי בודיסטישע, א מאסע פּאפּירענע קווייטן, צי וועט זיך אָנצינדן דער קלויסטער, אין שווײַגעניש ברעכן זיך די פויערטעס די הענט, די באפעלקערונג, אַן איבערגעשראָקענע און שווײַגנדיקע, לויפט באָרוועסערהייט, יעדער זעצט זיך בא זײַן כאטע מיט אַן עמער. זיי זײַנען אפּאטיש, דערשלאָגן, אויסערגעוויינלעך אומפּילבארע, זיי וואָלטן זיך אפילע געוואָרפן לעשן. מיט די גנייוועס האָט זיך געלונגען ספּראווען — די סאָלדאטן גייען ווי רויבער, רויב־כײַעס ארום דעם גאלעכס טשעמאָדאנעס. מע זאָגט, אז דאָרט איז פאראַן גאָלד, בא א גאלעך מעג מען נעמען, דער פּאָרטרעט פונעם גראַף אנדריי שעפּטיצקי, דעם מיטראָפּאָליט גאליצקי, א מוטיקער מאגנאט מיטן שווארצן רונג אף דער גרויסער אויסגעקעכלטער האנט. באם אלטן גאלעך, וועלכער האָט 35 יאָר געדינט אין לאשקאָוו, ציטערט די אונטערשטע ליפּ, ער דערציילט מיר וועגן שעפּטיצקין, יענער איז ניט דערצויגן אין פּוילישן גײַסט, ער איז פון די רוסישע פּריצים, א „גראַף אף שעפּטיצעס”, דערנאָך אוועק צו די פּאָליאַקן, דער

ברודער איז הויפּט־קאָמאַנדיר פֿונעם פּוילישן מיליטער, אַנדריי האָט זיך אומגעקערט צו די רוסינער. זײַן אַלטע קולטור, אַ שטילע און פֿעסטע. אַ גוטער אינטעליגענטער באַטיושקאַ, וועלכער האָט זיך באַזאָרגט מיט מעל, מיט אַ האָן, וויל ריידן וועגן אוניווערסיטעטן, וועגן די רוסינער, אַן אומגליקלעכער, בײַ אים לעבט אַפּאַנאַסענקאָ אינעם רויטן קאַזאַקין.

באַנאַכט — אַן אויסערגעוויינלעך בילד, העל דערברענט דער שאָסיי, מײַן צימער איז באַלויכטן, איך אַרבעט, עס ברענט דאָס לעמפּל, אַ רו־צושטאַנד, האַרציק זינגען די קובאַנער, זייערע דינע פֿיגורן לעבן די שײַטערס, גאַנץ אוקראַיִנישע לידער, די פֿערד לייגן זיך שלאָפֿן. איך גיי צום נאַטשדיוו. וועגן אים האָט מיר דערציילט ווינאָקוראָוו — אַ פּאַרטיזאַנער, אַן אַטאַמאַן, אַ בונטאַר, קאַזאַקישע וואָלניצע, אַ ווילדער אופֿשטאַנד, דער אידעאַל — דומענקאָ[18], אַ בלוטיקע וווּנד, מע מוז זיך אונטעראָרדענען דער אָרגאַניזאַציע, אַ סינע מאָוועס צו דער אַריסטאָקראַטיע, צו גאַלאָכים און, דעריקער, צו דער אינטעליגענץ, וועלכע ער טראָגט ניט איבער אין דער אַרמיי. דעם אינסטיטוט וועט ער פֿאַרענדיקן, אַפּאַנאַסענקאָ, מיט וואָס איז עס ניט קיין צײַטן פֿון באָגדאַן כמעלניצקין?

טיף נאַכט. 4 אַזייגער.

לאַשקאָוו, 20.8.11

אַ טאָג אַרבעט, אַ זיצעניש אין שטאַב, ביז מיד צו ווערן שרײַב איך, אַ טאָג פֿון אָפּרו. צו אָוונט־צו אַ רעגן. בײַ מיר אין צימער נעכטיקן די קובאַנער, מעשונעדיק — זיי זײַנען האַכנאָעדיק און קעמפֿעריש, באַלעבאַטישע און ניט קיין יונגע פּויערים, בעפּיירעש אָפּשטאַמיקע פֿון אוקראַיִנע.

וועגן די קובאַנער. אַ געמיינשאַפֿט, שטענדיק אין זייער קאָמפּאַניע, הינטערן פֿענצטער שנאָרכצן באַטאָג און באַנאַכט די פֿערד, אַ פּרעכטיקער רייעך פֿון שטאַל־מיסט, פֿון דער זון, פֿון די שלאָפֿנדיקע קאַזאַקן, צוויי מאָל אין טאָג קאָכט מען אין גרויסע עמערס אַ פֿאַכליאָבקע און פֿלייש. בײַנאַכט גייען די קובאַנער צוגאַסט. אַן אומופּהערלעכער רעגן, זיי טריקענען זיך און עסן וועטשערע בײַ מיר אין צימער. אַ רעליגיִעזער קובאַנער אין אַ ווייכער שליאַפּע, אַ בלייך פּאָנעם, העלע וואָנצעס. זיי זײַנען עכטע, פֿרײַנטשאַפֿטלעכע, ווילדע, אָבער עפּעס מער כיינעוודיקע, מער באַלעבאַטים, ווייניקער זידלען זיי זיך, זײַנען רויִקער, איידער די דאָנער און סטאַווראָפּאָליער.

עס איז געקומען צו פֿאָרן די קראַנקן־שוועסטער, אַלץ איז צו פֿאַרשטיין, דאָס דאַרף מען באַשרײַבן, זי איז דערשלאָגן, וויל אוועקפֿאָרן, דאָרט זײַנען אַלע געווען — דער קאָמענדאַנט, די לעכאָלהאָפּאָכעס רעדן, יאַקאָווליעוו און, אַ שוידער, גוסיעוו. זי איז נעבעכדיק, וויל אוועקגיין, זי איז אומעטיק, זי רעדט אופֿאַרשטענדלעך, וויל עפּעס מיט מיר איבעררעדן און קוקט אויף מיר מיט צוטרוילעכע אויגן, ס'הייסט, איך בין אַ פֿרײַנט, און די איבעריקע, די איבעריקע זײַנען גאָרנישט מיט נישט. ווי גיך האָט מען פֿאַרניכטעט אַ מענטשן, דערנידעריקט. זי איז נאַיִוו, נאַריש, פֿילבאַר צו אַ רעוואָלוציִאָנערער פֿראַזע און אַ טשודאַטשקע, רעדט אַ סאַך וועגן דער רעוואָלוציע, האָט געדינט אין קולטור־אויפֿקלער־אָפּטייל אין טשעקאַ, וויפֿל מענערישע ווירקונגען.

אַן אינטערוויו מיט אַפּאַנאַסענקאָ. דאָס איז זייער אינטערעסאַנט. דאָס דאַרף מען פֿאַרגעדענקען. זײַן טעמפּ, שרעקלעך פּאָנעם, די פֿעסטגעבויטע פֿיגור, ווי בײַ אוטאָטשקינען[19].

זײַנע אָרדינאַרצעס (ליאָווקע), שטאָלצנע גאָלדפּאַרביקע פֿערד, ליידיקגייערס, עקיפּאַזשן, דאָס אַדאָפּטירטע קינד וואָלאָדיע — אַ קליינער קאַזאַק מיט אַן אַלט פּאָנעם, זידלט זיך, ווי אַ גרויסער.

אַפּאַנאַסענקאָ איז גיריק צו רום, אָט איז ער — דער נײַער קלאַס. ניט געקוקט אויף אַלע אָפּעראַטיווע איניאָנים, רײַסט ער זיך אָפּ פֿון זיי און קערט זיך אַלעמאָל ווידער אום צו זיי, ער איז אַן אָרגאַניזאַטאָר פֿון די אָטריאַדן, פֿאָשעט קעגן די אָפֿיצערן, האָט 4 געאָרגיעס, אַ סלוזשביסט, אַן אונטער־אָפֿיצער, אַ פּראָפּאָרשטשיק בײַ קערענסקין, פֿאָרזיצער פֿונעם פֿאָלק־קאָמיטעט, האָט געריסן די פּאָגאָנעס בײַ די אָפֿיצערן, כאַדאָשימוויײַז אין די אַסטראַכאַנער סטעפּעס, אַן אומבאַשטרײַטלעכער אויטאָריטעט, אַ פּראָפֿעסיאָנעלער מיליטערמאַן.

וועגן די אַטאַמאַנען, זיי זײַנען דאָרט געווען אַ סאַך, מע האָט געקראָגן קוילנוואַרפֿערס, זיך געשלאָגן מיט שקוראָ און מאַמאָנטאָוון, זיך אַרײַנגעגאָסן אין דער רויטער אַרמיי, אַ העלדישע עפּאָפּיי. דאָס איז ניט קיין מאַרקסיסטישע רעוואָלוציע, דאָס איז אַ קאַזאַקישער בונט, וועלכער וויל אַלץ געווינען און גאָרניט נישט פֿאַרלירן. אַפּאַנאַסענקאָס סינע צו די רײַכע, צו דער אינטעליגענץ, אַן אומויסלעשלעכע סינע.

אַ נאַכט מיט די קובאַנער, אַ רעגן, ס'איז דושנע, עפּעס אַ מאָדנע קרעץ בײַ מיר.

לאַשקאָוו, 20.8.12

דעם פערטן טאָג אין לאַשקאָוו. אַן אומגעוויינלעך דערשלאָגן גאַליציאַנער דאָרף. זיי האָבן געלעבט בעסער, איידער די רוסן, גוטע הײַזער, אַ סאַך אָרנטלעכקײַט, אַ סאַך רעספּעקט צו די גאַלאָכים, ערלעכע, אָבער אונטבלוטיקטע, אַן אָפּגעקאָכט קינד בײַ מײַנע באַלעבאַטים, וויאַזוי איז ער געבוירן געוואָרן און צוליב וואָס איז ער געבוירן געוואָרן, בײַ דער מוטער קיין טראָפּן בלוט אין פּאָנעם, ערגעץ אומופהערלעך באַהאַלט מען עפּעס, ערגעץ כריוקען די כאַזיירים, איז, אַפּאָנעם, באַהאַלטן געוואַנט.

אַ פרײַער טאָג, אַ גוטע זאַך — קאָרעספּאָנדירן, אויב דאָס ניט פאַרנאַכלעסיקן.

מע דאַרף שרײַבן אין דער צײַטונג און אַפּאַנאַסענקאָס לעבנס־באַשרײַבונג.

די דיוויזיע רוט אָפּ — עפּעס אַ שטילקײַט אויפן האַרצן און די מענטשן זײַנען בעסער — לידער, שײַטערס, פײַער אין דער נאַכט, וויצן, גליקלעכע, אַפּאַטישע פערד, עמעצער לייענט אַ צײַטונג, מע גייט קאַטשקעוואַטע, מע שמידט אונטער די פערד. וויאַזוי זעט דאָס אַלץ אויס. סאָקאָלאָוו פאָרט אַוועק אין אורלויב, איך גיב אים אַ בריוו אַהיים.

איך שרײַב — אַלץ וועגן ציבעקס, וועגן פון לאַנג פאַרגעסענע זאַכן[20]. גאָט מיט איר, מיט דער רעוואָליוציע, טאַקע אַהין דאַרף מען שטרעבן.

כאָטש ניט פאַרגעסן דעם גאַלעך אין לאַשקאָוו, אַ שלעכט געראַזירטער, אַ גוטער, אַ געבילדעטער, עפּשער אַן אייגננוציקער. מישטיינס־געזאָגט אַ גיריקער — אַ הון, אַן ענטל, זײַן שטוב, גוט געלעבט, לעכערלעכע גראַוויורקעס.

כילוקע־דייעס צווישן דעם מיליטער־קאָמיסאַר און דעם נאַטשדיוו, יענער איז אופגעשטאַנען און אַרויס מיט קניגאַן בײַס יאַקאָווליעוו, דער נאַטשאַלניק פונעם דערנערונג־אָפּטייל פון דער דיוויזיע, האָט געמאַכט אַ פאָרטראָג, אַפּאַנאַסענקאָ איז געקומען צום מיליטער־קאָמיסאַר.

ווינאָקוראָוו — אַ טיפּישער מיליטער־קאָמיסאַר, האַלט זיך בײַ זײַנס, וויל אויסבעסערן די 6־טע דיוויזיע, אַ קאַמף מיט דער פּאַרטיזאַנשטשינע, אַ שווערקעפּיקער, פאַרמאָרעט מיך מיט רייד, אַמאָל איז ער ברוטאַל, מיט אַלעמען אויף דו.

ניוויצאַ, 20.8.13

באַנאַכט אַ באַפעל — גיין אויף בוסק — 35 ווערסט מיזרעכדיקער פון לוואָוו. אינדערפרי טרעטן מיר אַרויס. אַלע בריגאַדעס זײַנען קאָנצענטרירט אויף איין אָרט. איך בין אויף מישינס פערד, עס האָט זיך אויסגעלערנט לויפן, אָבער טריטווײַז קען עס ניט, עס גייט שרעקלעך טליס. אַ גאַנצן טאָג אויפן פערד מיטן נאַטשדיוו. דער כוטער פּאָראַדי. אין וואַלד זײַנען פאַראַן 4 פײַנטלעכע אַעראָפּלאַנען, מע שיסט זאַלפּנווײַז. דרײַ קאָמבריגן — קאָלעסניקאָוו, קאָראָטשײַעוו, קניגאַ. וואַסילי איוואַנאָוויטש כיטרעווע, איז געגאַנגען אויף טאָפּאָראָוו מיטן אומוועג (טשאַניז), אין ערגעץ ניט געטראָפן דעם פײַנט. מיר זײַנען אויפן כוטער פּאָראַדי, רוינירטע כאַטעס, איך שלעפּ אַרויס פון אַ ליוק אַן אַלטיטשקע, פּראַקעס. איניינעם מיטן באַאָבאַכטער אויף דער באַטאַרייע. אונדזער אַטאַקע לעבן וועלדל.

אַ צאָרע — אַ בלאָטע, קאַנאַלן, ס'איז ניטאָ ווו זיך פאַנאַנדערוויקלען דער קאַוואַלעריע, אַטאַקעס ווי בײַ פּעכאָטינער, צי פאַלט די מאָראַל? אַן אַקשאָנעסדיקע שלאַכט און דאָך אַ גרינגע (אין פאַרגלײַך מיט דער אימפּעריאַליסטישער בלוטבאָד) הינטער טאָפּאָראָוו, מע גרײַפט אָן פון דרײַ זײַטן, מע קאָן ניט אײַנעמען, אַן אוראַגאַן־פײַער פון אונדזער אַרטילעריע פון צוויי באַטאַרייעס.

באַנאַכט. אַלע אַטאַקעס האָבן זיך ניט אײַנגעגעבן. פאַר דער נאַכט — דער שטאַב פאָרט איבער קיין ניוויצאַ. אַ געדיכטער נעפּל, אַ דורכדרינגענדיקע קעלט, אַ פערד, אַ וועג דורך וועלדער, שײַטערס און ליכט, די קראַנקן־שוועסטער אויף די טאַטשאַנקעס, אַ שווערער וועג נאָך אַ טאָג אומרו און דער ענדגילטיקער דורכפאַל.

אַ גאַנצן טאָג איבער פעלדער און וועלדער. דאָס סאַמע אינטערעסאַנטע — דער נאַטשדיוו, זײַן שמייכל, זידלערײַ, קורצע אויסרופן, ער כמיקעט, קנייטשט מיט די אַקסלען, ער נערווירט זיך, אַ פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר אַלץ, זײַן לײַדנשאַפטלעכקײַט, ווען ער וואָלט דאָרט זײַן, וואָלט אַלץ גוט געווען.

וואָס האָט זיך פאַרגעדענקט? דאָס באַנאַכטיקע פאָרן, דאָס קוויטשען פון פרויען אין פּאָראַדי, ווען מע האָט בײַ זיי אָנגעהויבן (כ'האָב איבערגעריסן די באַשרײַבונג, אין 100 שפּאַן האָבן זיך אופגעריסן צוויי באָמבעס, אַראָפּגעוואָרפענע פונעם אַעראָפּלאַן. מיר זײַנען לעבן וואַלד־ראַנד פון מײַרעוו־זײַט פון דער סטאַנציע מײַדאַני) צונעמען דאָס גרעט, אונדזער אַטאַקע, עפּעס אומזעענדיקס, פונווײַטנס ניט שרעקלעכס, עפּעס מיליטער־קייטלעך, רײַטער פאָרן איבער דער לאָנקע, פונדערווײַטנס קומט דאָס פאָר אומבאַוווּסט צוליב וואָס, דאָס אַלץ איז ניט שרעקלעך.

װען מיר האָבן זיך דערנעענטערט צום שטעטל, האָט זיך אָנגעהויבן א פיבער, א מאָמענט פון דער אטאקע, א מאָמענט, װען מע נעמט אײַן די שטאָט, אָן אומרו, א פיבערהאפטיקײַט, א װאקסנדיקע, װאָס דערפירט ביז צו האַפּענונגסלאָזער טראסקערײַ פון די קוילנװארפערס, אומופהערלעכע אופברויזן און אױף אלץ דעם — א שטילקײַט פון אויבן, און ס'איז גאָרנישט ניט צו זען.

די ארבעט פון אפּאנאסענקאָס שטאב — יעדע שאָ א ראפּאָרט דעם קאָמאנדארם, סטארעט זיך נויסע־כיין זײַן.

דערפרוירן געװאָרן. מידע זײַנען מיר געקומען צו פאָרן קיין ניוױצא. א װארעמע קיך. א שול.

דעם לערערס צויבערדיק װײַב, א נאציאָנאליסטיקע, עפּעס אן אינערלעכע פרייד אין איר, פרעגט אויס, קאָכט אונדז טיי, פארטיידיקט איר שפּראך: „אײַער שפּראך איז גוט, און אויך אונדזער שפּראך". און אלץ מיט א געלעכטער אין די אויגן. און דאָס איז אין גאליציע, גוט, שוין לאנג האָב איך דאָס ניט געהערט. איך שלאָף אין קלאס, אפן שטרוי לעבן װינאָקוראָװן.

א קאטער.

20.8.14

דער צענטער פון דער אָפּעראציע — דאָס אײַנעמען בוסק און דער איבערגאנג איבערן בוג. א גאנצן טאָג גייט די אטאקע אױף טאָפּאָראָװ, ניין, מ'האָט זי אָפּגעשטעלט. װידער א ניט־זיכערער טאָג. דער װאלד־ראנד בא דער סטאנציע מײַדאני. דער פײַנט האָט פארכאפּט לאָפּאטין.

צו נאכט־צו אים ארויסגעשטויסן. װידער ניוױצא. א נאכט־אָפּרו בא א זקיינע, דער הויף איניינעם מיטן שטאב.

20.8.15

אינדערפרי אין טאָפּאָראָװ. א שלאכט בא בוסק. דער שטאב איז אין בוסק. מע פאָרסירט דעם בוג. א סרייפע אױף יענער זײַט. בודיאָני איז אין בוסק.
א נאכט־אָפּרו אין יאבלאָנאָװקע מיט װינאָקוראָװן.

20.81.6

צו ראקאָבוט, די בריגאדע איז איבערגעגאנגען דעם טײַך. איך פאָר אויספרעגן די געפאנגענע. װידער אין יאבלאָנאָװקע. מיר טרעטן ארויס אױף ניזשני מילאטי, סטאנציע מילאטי, א פאניק.

20.8.17

א שלאכט בא דער אײַזנבאן־ליניע, לעבן ליסקי. מע האקט די געפאנגענע. א נאכט־אָפּרו אין זאדװורדזע.

20.8.18

כ'האָב ניט געהאט קיין צײַט צו שרײַבן. מיר זײַנען ארויסגעטראָטן. ארויסגעטראָטן דעם 8.13. זינט יענער צײַט איז אן איבערפאָרעניש, אומענדלעכע װעגן, דאָס פענדל פונעם עסקאדראָן, אפּאנאסענקאָס פערד, שלאכטן, פערמעס, מייסים. א פראָנטאל־אטאקע אױף טאָפּאָראָװ, קאָלעסניקאָװ אין דער אטאקע, א בלאָטע, איך בין אפן באאָבאכטונג־פּונקט, צו אָװנט־צו איז אן אוראגאן־פײַער פון צוויי באטארייעס. די פּוילישע פּעכאָטע זיצט אין שוצגראָבנס, אונדזערע גייען, קערן זיך אום, די קאָנאָװאָדן פירן אָפּ די פארװונדעטע, די קאזאקן האָבן ניט ליב קיין פראָנטאל־אטאקעס, דער פארשאָלטענער שוצגראָבן רויכערט זיך. דאָס איז געװען דעם 13־טן. דער 14־טער טאָג — די דיװיזיע גייט צו בוסק, זי מוז אים אומבאדינגט דערגרייכן, צו אָװנט־צו צוגעגאנגען אױף 10 װערסט. דאָרט דארף מען דורכפירן די הויפּט־אָפּעראציע — זיך איבערשיפלען איבערן בוג. גלײַכצײַטיק זוכט מען א טײַך־איבערגאנג.

א טשעכישע פערמע בא אדאמע, א פרישטיק אין דער עקאָנאָמיע, קארטאָפל מיט מילך, סוכאָרוקאָװ, װעלכער האלט זיך בא אלע רעזשימען, זאָגט אונטער סוסלאָװן. אלערליי ליאָװקעס. דעריקער — פינצטערע װעלדער, אָבאָזן אין די װעלדער, ליכט איבער די קראנקן־שװעסטער, א געקראך, די טעמפּן פון דער באװעגונג. מיר זײַנען אפן װאלד־ראנד, די פערד קײַען, די העלדן פונעם טאָג זײַנען די עראָפּלאנען, די אװיִאציע־טעטיקײַט פארשטארקט זיך, אן אטאקע פון עראָפּלאנען אומופהערלעך קורסירן זיי צו 5 — 6 שטיק, באָמבעס אין 100 שפּאן, בא מיר איז אן אשקאָליריקער מערין, א פאסקודנע פערד. אין װאלד. אן אינטריגע מיט דער קראנקן־שװעסטער. אפּאנאסענקאָ

האָט איר פּלוצעם געמאַכט אַ פֿאָרשלאָג, זי איז, ווי מע זאָגט, איבערגעשלאָפֿן מיט אים. און איצט רעדט ער פֿון דעם מיט איבל, נאָר איר געפֿעלט שעקאָ, אָבער זי געפֿעלט דעם מיליטער־קאָמיסאַר פֿון דער דיוויזיע, וועלכער מאַסקירט זײַן אינטערעס צו איר מיט דעם, וואָס זי איז שוצלאָז, עס זײַנען ניטאָ קיין טראַנספּאָרט־מיטלען, ניטאָ קיין פּאַרטיידיקער. זי דערציילט, ווי קאָנסטאַנטין קאַר־לאָוויטש האָט נאָך איר אויסגעזשעוועט, זי געהאַדעוועט, פּאַרוועדט איר צו שרײַבן בריוו, און געשריבן האָט מען איר אָן אַ שיר. יאַקאָווליעוו איז איר שרעקלעך געפֿעלן, דער נאַטשאַלניק פֿונעם רע־גיסטריר־אָפּטייל, אַ בלאָנדער יונג אין אַ רויט היטל, האָט געבעטן, זי זאָל כאָטש עפּעס האָבן פֿאַר אים, געוויינט, ווי אַ קינד. עס איז געווען נאָך עפּעס אַ געשיכטע, נאָר איך האָב זיך פֿון איר גאָרנישט ניט דערוווּסט. די עפּאָפּיי מיט דער קראַנקן־שוועסטער — און דעריקער, וועגן איר רעדט מען אַ סאַך, און אַלע האָבן זי פֿײַנט, דער אייגענער קוטשער רעדט ניט מיט איר, שיכלעך, פֿאַרטעכלעך, זי גיט מאַטאָנעס, בעבעלס ביכער.

די פֿרוי און סאָציאַליזם.

וועגן פֿרויען אין דער רײַטער־אַרמיי קאָן מען אָנשרײַבן אַ באַנד. עסקאַדראָנען אין שלאַכט, אַ שטויב, אַ געקראַך, אַנטבלויזטע שווערדן, אַ מעשונעדיקע זידלערײַ, מיט פֿאַריסענע קליידלעך רײַטן זיי פֿאָרויס, שטויביקע, פֿולברוסטיקע, אַלע זײַנען זוינעס, נאָר כאַווערים, און זוינעס דערפֿאַר, וואָס זיי זײַנען כאַווערים, דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, זיי באַדינען מיט אַלץ, וואָס זיי קענען, זיי זײַנען העלדן, און דאָך פֿאַראַכטעט מען זיי, מע פּאָיעט אָן די פֿערד, מע שלעפּט היי, מע פֿאַריכט דעם געשפּאַן, מע גאַנוועט זאַכן אין די קאָסטיאָלן און בײַ דער באַפֿעלקערונג.

אַפּאַנאַסענקאָס נערוועזקײַט, זײַן זידלערײַ, צי איז דאָס ווילנסקראַפֿט?

ווידער אַ נאַכט אין ניוויצאַ, איך שלאָף ערגעץ אויפֿן שטרוי, ווײַל איך געדענק גאָרניט, אַלץ איז אויף מיר אָפּגעשליסן, דאָס לײַב טוט וויי, 100 ווערסט אויפֿן פֿערד.

איך נעכטיק מיט ווינאָקוראָוון. זײַן באַציִונג צו איוואַנאָוון. וואָס איז אַזוינס דער פּרעסערישער און נעבעכדיקער הויכער יונגערמאַן מיט אַ ווייכער שטים, מיט אַן אָפּגעוויאַנעטער נעשאָמע, מיט אַ שאַרפֿן סייכל. דער מיליטער־קאָמיסאַר איז מיט אים אויסערסט ברוטאַל, זידלט אים אויף קוילע־קוילעס, טשעפּעט זיך. „דו ווייסט ניט“, — און אַ זידלערײַ, — „דו ווייסט ניט, ניט געמאַכט, נעם צונויף די בעבעכעס, איך וועל דיך אַרויסטרײַבן!“.

מאַ דאַרף אַרײַנדרינגען אין דער נעשאָמע פֿונעם סאָלדאַט, איך דרינג אַרײַן, דאָס אַלץ איז שרעקלעך, כײַעס מיט פּרינציפּן.

פֿאַר דער נאַכט האָט די 2־טע בריגאַדע מיט אַ נאַכט־אַטאַקע אײַנגענומען טאָפּאָראָוו. אַן אומ־פֿאַרגעסלעכער פֿרימאָרגן. מיר יאָגן טליסגאַנג. אַ שרעקלעך, שוידערלעך שטעטל, ייִדן בײַ די טירן ווי מייסים, איך טראַכט, וואָס נאָך וועט מיט אײַך זײַן, שוואַרצע בערד, אײַנגעהויקערטע פּלייצעס, צעשעדיקטע שטיבער, און דאָ (אומדײַטלעך), רעשטן פֿון דײַטשישער ווויל־אײַנאָרדענונג, עפּעס אַ געוויינלעכער און הייסער ייִדישער צאַר, וואָס עס איז ניט אַרויסצוזאָגן. און דאָ אויך אַ מאָנאַסטיר, אַפּאַנאַסענקאָ שײַנט. עס גייט דורך די צווייטע בריגאַדע. טשופּרינעס, אָנצוגן פֿון טעפּיכער, רויטע טוטין־זעקלעך, קורצע קאַראַבינען, נאַטשאַלניקעס אויף שלאַנקע פֿערד, די בודיאָני־בריגאַדע. אַן אינ־ספּעקטאָר־דורכקוק, אָרקעסטערס, זײַט געגריסט, זין פֿון דער רעוואָליוציע, אַפּאַנאַסענקאָ שײַנט.

פֿון טאָפּאָראָוו — וועלדער, וועגן, דער שטאַב באַם וועג, אָרדינאַרצעס, קאָמבריגן, מיר יאָגן טליסגאַנג אַרײַן אין בוסק, אין זײַן מיזרעכדיקער העלפֿט. אַזאַ פֿרעכטיק אָרט (דעם 18־טן פֿליט אַן אַעראָפּלאַן, ער וועט איצט וואַרפֿן באָמבעס), ריינע ייִדישקעס, סעדער, פֿולע מיט באַרן און פֿלוימען, אַ שײַנענדיקער האַלבטאָג, פֿאָרהענגעך, אין די שטיבער רעשטלעך פֿון קליינבירגערלעכער, ריינער און עפּשער ערלעכער פּאָשעטקײַט, שפּיגלען, מיר זײַנען בײַ אַ דיקער גאַליטשאַנקע, אַ לערערס אַלמאָנע, ברייטע דיוואַנען, אַ סאַך פֿלוימען, אַן אומדערטערגלעכע מידקײַט פֿון איבעראָנשטרענגונג (אַ סנאַריאַד איז דורכגעפֿלויגן, זיך ניט אופֿגעריסן), איך האָב ניט געקאָנט אײַנשלאָפֿן, געלעגן בײַ דער וואַנט לעבן די פֿערד און זיך דערמאָנט אינעם שטויב אויפֿן וועג און דעם שוידער פֿון דער אָבאָזנער שטופּעניש, שטויב איז אַ גראַנדיִעזע דערשײַנונג פֿון אונדזער מילכאָמע.

אַ שלאַכט אין בוסק. די שטאָט איז אויף יענער זײַט בריק. אונדזערע פֿאַרוווּנדעטע. אַ פּראַכט — דאָרט ברענט דאָס שטעטל. איך פֿאָר צום טײַך־איבערגאַנג — אַ שאַרף געפֿיל פֿון אַ שלאַכט, מע דאַרף אַ פּרוּוו טאָן אַ שטיקל וועג, ווײַל ער ווערט באַשאָסן, באַנאַכט, די סרייפֿע שײַנט, די פֿערד שטייען הינטער די כאַטעס, עס גייט אַ זיצונג מיט בודיאָנין, עס קומט אַרויס דער רעוואָליוציאָ־נערער מיליטערישער סאָוועט, אַ געפֿיל פֿון סאַקאָנע, מיט אַ פֿראָנטאַל־אַטאַקע האָט מען בוסק ניט אײַנגענומען, מיר געזעגענען זיך מיט דער דיקער גאַליטשאַנקע און פֿאָרן טיף באַנאַכט קיין יאַב־לאָנאָווקע, די פֿערד גייען קוים־קוים, מיר נעכטיקן אין אַ לאָך, אויף שטרוי, דער נאַטשדיוו איז אַוועקגעפֿאָרן, בײַ מיר און באַם מיליטער־קאָמיסאַר זײַנען קיין קויכעס ניטאָ.

די ערשטע בריגאַדע האָט געפֿונען אַ טײַך־איבערגאַנג און פֿאָרסירט דעם בוג לעבן פּאָבאָר־זשאַני. אינדערפֿרי מיט ווינאָקוראָוון טאַפּן דעם טײַך־איבערגאַנג. אָט איז ער, דער בוג, אַ ניט־טיף טײַכל, דער שטאַב איז אױפֿן בערגל, דער וועג האָט מיך פֿאַרמאַטערט, מע שיקט מיך אָפּ צוריק קײַן יאַבלאָנאָווקע אױף צו פֿאַרהערן די געפֿאַנגענע[21].

באַשרײַבן דאָס געפֿיל פֿון אַ רײַטער: די מידקײַט, דאָס פֿערד גייט ניט, מע דאַרף ווײַט פֿאָרן, קײַן קויער איז ניטאָ, אַן אָפּגעברענט פֿערד, אײנזאַמקײַט, קײנער וועט ניט העלפֿן, אומצאָליקע ווערסטן.

דער פֿאַרהער פֿון די געפֿאַנגענע אין יאַבלאָנאָווקע. מענטשן אין אונטערוועש, עס זײַנען פֿאַראַן ייִדן, העלהאָריקע פּאָליאַטשקעס, אויסגעמאַטערטע, אַן אינטעליגענטער באָכערעצל, אַ טעמפּע סינע צו זיי, באַם פֿאַרוווּנדעטן איז מיט בלוט פֿאַרגאָסן דאָס גרעט, קײַן וואַסער גיט מען ניט, אײנער אַ פּעמפּיק שטופּט מיר זײַנע דאָקומענטן. גליקלעכע — טראַכט איך — וויאַזוי זעט איר אַרויס. זיי רינגלען מיך אַרום, זיי פֿרייען זיך מיטן קלאַנג פֿון מײַן ווילטעטיק קאָל, דער אומגליקלעכער שטויב, וואָס פֿאַר אַ כילעק איז צווישן די קאַזאַקן און זיי, דער אָדער איז דין.

פֿון יאַבלאָנאָווקע פֿאָר איך צוריק אױף אַ טאַטשאַנקע אין שטאַב. ווידער אַ טײַך־איבערגאַנג, אָן אַ שיר אָבאָזן (זיי וואַרטן ניט קײַן מינוט, גלײַך נאָך די אָנגרײַפֿנדיקע מיליטער־טײלן). זינקען אין טײַך, עס רײַסן זיך די פּאָסטראָמקעס, דער שטויב שטיקט, גאַליציאַנער דערפֿער, מע גיט מיר מילך, אין איין דאָרף וואַרעמעס, ערשט זײַנען פֿון דאָרטן אַוועק די פּאָליאַקן, אַלץ איז רויִק, דאָס דאָרף איז פֿאַרשטאָרבן, אַ היץ, אַ האַלבטאָגיקע שטילקײַט, אין דאָרף איז קײנער ניטאָ, עס דערשטוינט דאָס, וואָס דאָ איז אַזאַ פֿון גאָרנישט ניט קײַן אָנגעריִרטע שטילקײַט, שײַן, אַ רו־צושטאַנד, גלײַך דער פֿראָנט איז ניט אין 100 ווערסט פֿונדאַנען. קלויסטערס אין די דערפֿער, ווײַטער איז דער פֿײַנט. צוויי נאַקעטע געקוילעטע פּאָליאַקן מיט קלײנע צעשניטענע פּנימער פֿינקלען אין קאָרן אױף דער זון.

מיר קערן זיך אום קײַן יאַבלאָנאָווקע, טיי באַ לעפּינען, שמוץ, טשערקאַשין דערנידעריקט אים און וויל אים אַוועקוואַרפֿן, אויב גוט זיך אײַנקוקן, איז טשערקאַשינס פּנים אַ שרעקלעכס, אין זײַן גראָדער, ווי אַ שטעקן, הויכער פֿיגור איז צו זען אַ פּויער — סײַ אַ שיקער, סײַ אַ גאַנעוו, סײַ אַ כיטראַק.

לעפּין — אַ שמוציקער, אַ טעמפּער, אַ באַליידעוודיקער, אַן אומפֿאַרשטענדלעכער.

אַן אומענדלעך לאַנגע דערציילונג פֿונעם שײנעם באַזיקונאָוון, דער פּאָטער, ניזשני נאָווגאָראָד, אַ פֿאַרוואַלטער פֿון דער כעמיע־אָפּטײלונג, די רויטע אַרמײ, די דעניקינישע געפֿענקעניש, די ביאָ־גראַפֿיע פֿון אַ רוסיש ייִנגל, דער פּאָטער — אַ סויכער, איז געווען אַ דערפֿינדער, האָט געהאַנדלט מיט די מאָסקווער רעסטאָראַנען. דעם גאַנצן וועג האָב איך גערעדט מיט אים. דאָס פֿאָרן מיר אױף מילאַטין, אין וועג — פּלוימען. אין אַלטן מילאַטין איז פֿאַראַן אַ קלויסטער, די קוואַרטיר פֿונעם קסיאָנדז, דער קסיאָנדז איז אין אַ לוקסוסלעך קוואַרטיר — דאָס איז אומפֿאַרגעסלעך, אַלע מינוט דריקט ער מיר די האַנט, גייט ברענגען צו קוורע אַ טויטן פּאָליאַק, זעצט זיך צו, פֿרעגט — צי גוט איז דער נאַטשאַלניק, דאָס פּנים — אַ טיפּיש יעזויִטישס, אַ געגאָלטס, די גרויע אויגן לויפֿן און ווי גוט איז דאָס, אַ ווײנענדיקע פּאָליאַטשקע, אַ פּלימעניצע, וועלכע בעט, מע זאָל איר אומ־קערן דאָס קעלבל, טרערן און אַ קאָקעטישער שמייכל, פּולקום אױפֿן פּוילישן מאַניר. ניט פֿאַרגעסן די קוואַרטיר, עפּעס צאַצקעס, אַן אָנגענעמע פֿינצטערניש, אַ יעזויִטישע, קאַטוילישע קולטור, ציכ־טיקע פֿרויען און אַ ייִכעס־האַקאָוועדיקער און אַן אויפֿגערודערטער פּאַטער, אַנטקעגן אים איז אַ מאָנאַסטיר. מיר ווילט זיך פֿאַרבלײַבן. מיר וואַרטן אױף דער באַשטימונג — ווו צו בלײַבן — אין אַלטן צי אין נײַעם מילאַטין. באַנאַכט. אַ פּאַניק. עפּעס אָבאָזן, ערגעץ האָבן זיך די פּאָליאַקן דורכגעריסן, אױפֿן וועג איז אַ ווירוואַר, די אָבאָזן אין דרײַ רייען, איך בין אין דער מילאַטינער שול, צוויי שײנע אַלטע מוידן, מיר איז שרעקלעך געוואָרן, אַזוי האָבן זיי מיר דערמאָנט די שוועסטער שאַפּיראָ פֿון ניקאָלײַעוו, צוויי שטילע אינטעליגענטישע גאַליציאַנקעס, פּאַטריאָטקעס, אַן אײגענע קולטור, דער שלאָפֿצימער, עפּשער פּאַפּיליאָטקעס, אין דעם קראַכנדיקן און קעמפֿנדיקן מילאַטין, הינטער די ווענט די אָבאָזן, האַרמאַטן, די פּאַטערס־קאָמאַנדירן דערציילן וועגן העלדנטאַטן, אַן אָראַנזשעווער שטויב, קנוילן, דעם מאָנאַסטיר האָבן זיי אײַנגעהילט, די שוועסטער זײַנען מיך מעכאַבעד מיט פּאַפּיראָסן, זיי שלינגען מײַנע ווערטער וועגן דעם, אַז אַלץ וועט זײַן פּרעכטיק — ווי באַלזאַם, זיי האָבן זיך צעבליט, און מיר האָבן אינטעליגענטיש זיך צערעדט וועגן קולטור.

אַ קלאַפּ אין טיר. דער קאָמענדאַנט רופֿט. אַ דערשרעק. מיר פֿאָרן אין נײַעם מילאַטין.

דער נײַער מילאַטין. מיטן מיליטער־קאָמיסאַר אין צימער פֿון דער עלטערער מאָנאַכיניע, עפּעס אַ הינטערהויף, סאַרײַען, נאַכט, געוועלבן, דעם קסיאָנדזס באַדינערן, ס'איז כווישעכדיק, שמוציק, מירויאַדן פֿליגן, אַ מידקײַט, וואָס איז מיט גאָרנישט ניט צו פֿאַרגלײַכן, אַ מידקײַט פֿונעם פֿראָנט.

באַגינען, מיר פֿאָרן אַרויס, מיר דאַרפֿן דורכרײַסן די אײַזנבאַן־ליניע (דאָס אַלץ קומט פֿאַר דעם 17.8), די אײַזנבאַן־ליניע בראָד — לוואָוו.

מײַן ערשטע שלאַכט, איך האָב געזען די אַטאַקע, מע קלײַבט זיך צונויף בײַ די קוסטעס, צו אַפּאַנאַסענקאָ פֿאָרן די קאָמבריגן — דער פֿאָרזיכטיקער קניגאַ, ער כיטרעוועט, קומט צו פֿאָרן, פֿאַרוואַרפֿט מיט ווערטער, מע שטורצט מיט פֿינגער אין די בערגלעך — אַמאָל הינטער אַ וואַלד, אַמאָל איבער אַ באַלקע, מע האָט אַנטדעקט דעם פֿײַנט, די פּאָלקן טראָגן זיך אין אַטאַקע, די שווערדן אויף דער זון, בלייכע קאָמאַנדירן, אַפּאַנאַסענקאָס פֿעסטע פּיס, הוראַ.

וואָס איז געווען? אַ פֿעלד, שטויב, דער שטאַב לעבן פֿליין, אַפּאַנאַסענקאָס צעווילדעוועטע זידלערײַ...

די שטימונג פֿאַר דער שלאַכט, דער הונגער, אַ היץ, מע יאָגט אין אָנגריף, די קראַנקן־שוועסטער.

עס הילכט אַ הוראַ, די פּאָליאַקן זײַנען צעקלאַפּט, מיר פֿאָרן אויפֿן שלאַכטפֿעלד, אַ קליינער פּויליטשקער מיט אָפּגעפּאָלירטע נעגל רײַבט זײַן ראָזעווען קאָפּ מיט שיטערע האָר, ענטפֿערט אויסדרייעריש, רעדט מיט אַ האַלבן מויל, „מעקעדיק", נו, יאָ, שעקאָ, אַ באַגײַסטערטער און אַ בלייכער, ענטפֿער, ווער ביסטו? — איך, — קוועטשט ער זיך, — אַ מין פּראַפּאָרשטשיק. מיר פֿאָרן אָפּ, מע פֿירט אים אַוועק ווײַטער, אַ באָכער מיט אַ גוט פּאָנעם צילט אָן הינטער דער פּלייצע, איך שרײַ — יאַקאָוו וואַסיליעוויטש![22] ער מאַכט זיך ניט הערנדיק, פֿאָרט ווײַטער, אַ שאָס, דער פּויליטשקער אין גאַטקעס פֿאַלט מיטן פּאָנעם אַראָפּ און צאַפּלט זיך. ס'איז נימאס צו לעבן, מערדער, ניט איבערצוטראָגן, נידערטרעכטיק און פֿאַרברעכעריש.

מע טרײַבט די געפֿאַנגענע, מע טוט זיי אויס, אַ מעשונעדיק בילד — זיי טוען זיך שרעקלעך גיך אויס, שאָקלען מיט די קעפּ, דאָס אַלץ אויף דער זון, אַ קליינע פֿריקרעדיקײַט, און דאָ — די קאָמאַנדשאַפֿט, פֿריקרע, נאָר דאָס זײַנען קלייניקײַטן. איך וועל ניט פֿאַרגעסן דעם „מין פּראַפּאָרשטשיק", וועלכער איז פֿאַרעטעריש געהאַרגעט געוואָרן.

עס שטייען פֿאָר מוירעדיקע זאַכן. מיר זײַנען איבערגעגאַנגען די אײַזנבאַן־ליניע בײַ זאַדוורדזע. די פּאָליאַקן שלאָגן זיך דורך איבער דער אײַזנבאַן־ליניע צו לוואָוו. אַן אַטאַקע אָפּדערנאַכט בײַ דער פֿערמע. אַ האַריגע. מיר פֿאָרן מיטן מיליטער־קאָמיסאַר איבער דער ליניע, בעטן ראַכמים ניט האַקן די געפֿאַנגענע. אַפּאַנאַסענקאָ וואַשט אָפּ די הענט. שעקאָ האָט זיך אַרויסגערעדט — האַקן, דאָס האָט געשפּילט די שרעקלעכע ראָל. איך האָב אויף פּענעמער ניט געקוקט, מע האָט געשטאָכן, געשאָסן, מייסים זײַנען באַדעקט מיט קערפּערס, איינעם טוט מען אויס, אַ צווייטן צעשיסט מען, אַ קרעכצערײַ, געשרייען, אַ כריפּעניש, די אַטאַקע האָט דורכגעפֿירט אונדזער עסקאַדראָן. אַפּאַנאַסענקאָ איז אין דער זײַט, דער עסקאַדראָן האָט זיך ווי געהעריק אָנגעטאָן, בײַ מאַטוסעוויטשן האָט מען געהאַרגעט דאָס פֿערד, מיט אַ שרעקלעכן, קויטיקן פּאָנעם לויפֿט ער, זוכט אַ פֿערד. אַ גענעם. ווי שרעקלעך מיר טראָגן די פֿרײַהײַט, שרעקלעך. מע זוכט אין דער פֿערמע, מע שלעפּט אַרויס. אַפּאַנאַסענקאָ — פֿאַטער ניט קיין פּאַטראָנען, קוילע. אַפּאַנאַסענקאָ זאָגט שטענדיק — די קראַנקן־שוועסטער קוילען, די פּאָליאַקן קוילען.

מיר נעכטיקן אין זאַדוורדזע, אַ שלעכטע קוואַרטיר, איך בין בײַ שעקאָ, גוטע שפּײַז, אומופֿהערלעכע שלאַכטן, איך פֿיר אַ קריגעריש אַרט לעבן, אינגאַנצן פֿאַרמוטשעט, מיר שטייען אין די וועלדער, אַ גאַנצן טאָג איז ניטאָ וואָס צו עסן, עס קומט צו פֿאָרן שעקאָס עקיפּאַזש, מע ברענגט מיך אָפּ אויפֿן באַאָבאַכטונגס־פּונקט, די אַרבעט פֿון די באַטאַרייעס, וואַלד־ראַנדן, באַלקעס, די קוילן־וואַרפֿערס קאָסען, די פּאָליאַקן פֿאַרטיידיקן זיך דעריקער מיט עראָפּלאַנען, זיי ווערן גרויזאַם, באַשרײַבן די לופֿט־אַטאַקע, אַ דערווײַטערנדיקע און ווי אַ פֿאַמעלעכדיקע קלאַפּערײַ פֿון אַ קוילן־וואַרפֿער, אַ פּאַניק אין די אָבאָזן, דאָס נערווירט אומופֿהערלעך, זיי פֿליִען נידעריק, מיר באַהאַלטן זיך פֿון זיי. אַ נײַע אויסניצונג פֿון דער אוויִאַציע, איך דערמאָן זיך אין מאָשערן, דער קאַפּיטאַן פֿאָנט־לע־ראָ אין לוואָוו, אונדזערע וואַנדערונגען איבער די בריגאַדעס. קניגאַ — נאָר אין פֿלאַנג, קאָלעסניקאָוו — אין אַ פֿראָנט־אַטאַקע, מיר פֿאָרן מיט שעקאָ אין אויסשפּירונג, אומענדלעכע וועלדער, אַ טויט־געפֿאַר, אויף די בערגלעך, פֿאַר דער אַטאַקע זשומען די קוילן אַרום און אַרום, אַ נעבעכדיק פּאָנעם בײַ סוכאָרוקאָוון מיט דער סאַבליע, איך יאָג זיך נאָך דעם שטאַב, מיר וואַרטן אויף ראַפּאָרטן,[23] נאָר זיי שלעפּן זיך, גייען אין פֿלאַנג.

שלאַכטן פֿאַר באַרשאָוויצע. נאָך אַ טאָג וואַקלענישן שלאָגן די פּאָליאַקן זיך דורך קאָלאָנעס־ווײַז צו לוואָוו. אַפּאַנאַסענקאָ האָט עס דערזען און איז אַראָפּ פֿון זינען, ער האָט אויפֿגעציטערט, די בריגאַדעס אָפּעריִרן מיט אַלץ, וואָס זיי האָבן, כאָטש זיי האָבן צו טאָן מיט אָפּטרעטנדיקע, און די בריגאַדעס ציִען זיך אויס אין אומענדלעכע סטענגעס, אין אָנגריף וואַרפֿט מען דרײַ רײַטער־בריגאַדעס. אַפּאַנאַסענקאָ טריִומפֿירט, כמיקעט, וואַרפֿט אַ נײַעם קאָמבריג־3 — ליטאָווטשענקאָ, אָנשטאָט דעם פֿאַרוווּנדעטן קאָלעסניקאָוון, זעסט, אָט זײַנען זיי, גיי און פֿאַרניכט זיי, זיי לויפֿן, ער קאָרעקטירט די האַנדלונגען פֿון דער אַרטילעריע, מישט זיך אַרײַן אין די באַפֿעלן פֿון די באַטאַריי־קאָמאַנדירן

א פיבערהאפטע ווארטעניש, מע האָט געמיינט איבערכאזערן די געשיכטע בא זאדוווּרדזע, ס'האָט זיך ניט באקומען. פון איין זײַט א בלאָטע, פון דער צווייטער — א פארניכטנדיק פײַער. מע גייט אף אָסטראָווּ, די 6־טע רײַטער־דיוויזיע דארף אײַנעמען לוואָוו פון דער דאָרעם־מיזרעכדיקער זײַט.

אומגעהײַערע פארלוסטן אינעם אָפּיצערן־באשטאנד, ס'איז שווער פארווּנדעט קאָראָטשייעוו, געהארגעט איז זײַן געהילף — א ייִד, דער נאטשאלניק פונעם 34־טן פאָלק איז פארווּנדעט, דער גאנצער קאָמיסארן־באשטאנד פונעם 31־טן פאָלק איז ניט שלאכטפעיִק, אלע נאטששטאבן פון די בריגאדעס זײַנען פארווּנדעט, די בודיאָנאָווער נאטשאלניקעס זײַנען אין דער שפיץ.

די פארווּנדעטע שלעפּן זיך אף די טאטשאנקעס, אזוי נעמען מיר אײַן לוואָוו, די ראפּאָרטן דעם קאָמאנדארם ווערן געשריבן אפן גראָז, די בריגאדעס גאלאָפּירן, די באפעלן באנאכט, ווידער וועלדער, עס זשומען די קוילן, אונדז פארטרײַבט פון איין אָרט אפן צווייטן דאָס ארטילעריע־פײַער, א נאָגנדיקע מוירע פאר אעראָפּלאנען, לויף, עס קאָן זײַן א דורכבראָך, אין מויל איז א פאסקודנע געפיל, און דו לויפסט. די פערד איז ניטאָ מיט וואָס צו האָדעווען.

איך האָב פארשטאנען, וואָס עס באטײַט א פערד פאר א קאזאק און א קאוואלעריסט.

די אראָפּגעגאנגענע פון די פערד רײַטער אף שטויביקע הייסע וועגן, די זאָטלען אין די הענט, מע שלאָפט ווי געהארגעטע אף פרעמדע וועגענער, אומעטום פוילן פערד, מע רעדט בלויז וועגן פערד, א מינהעג זיך בײַטן, אן אזארט, די פערד זײַנען מארטירער, די פערד זײַנען לײַדנדיקע, וועגן זיי — אן עפּאָפּיי, איך בין אליין פארכאפּט מיט דעם געפיל — פאר יעדן איבערגאנג טוט ווי דאָס הארץ פארן פערד.

וויזיטן פון אפּאנאסענקאָ מיט זײַן סוויטע צו בודיאָנין. בודיאָני און וואָראָשילאָוו אפן פּאָלווארק, זיי זיצן באם פענצטער. אויסשטרעקנדיק זיך, גיט אפּאנאסענקאָ אָפּ א ראפּאָרט. דער דורכפאל פונעם ספּעציִעלן פאָלק — מע האָט פּראָיעקטירט אן אָנפאלי אף לוואָוו, מע איז ארויס, אינעם ספּעציִעלן פאָלק איז די וואך־באשיצונג, ווי געווײנלעך, געשלאָפן, האָט מען זיי פארניכטעט, די פּאָליאקן האָבן צוגעקײַקלט א קוילנוואַרפער אף 100 שפאן, אויסגעכאפּט די פערד, פארווּנדעט א האלבן פאָלק.

דער יאָמטעוו ספּאס — 19־טער אווגוסט, אין בארשאָוויצע, א דערמאָרדעט, נאָר נאָך אן אָטעמדיק דאָרף, א רו, לאָנקעס, א מאסע גענדז (מיט זיי האָט מען זיך שפּעטער אן אייצע געגעבן, סידאָרענקאָ צי יעגאָר האקט אף א ברעט די גענדז מיט א שווערד), מיר עסן אָפּגעקאָכטע גענדז, אין יענעם טאָג, ווײַסע זיי באצירן דאָס דאָרף, אף די גרינע לאָנקעס, די באפעלקערונג איז יאָמטעוודיק, אָבער שלאבעריק, געשפּענסטארטיק, מע איז קוים ארויסגעקראָכן פון די הײַזקעס, שווײַגנדיקע, מעשונעדיקע, דערשטוינטע און אינגאנצן אײַנגעבראָכענע.

אין דעם יאָמטעוו איז פאראן עפּעס רויִקס און צוגעדריקטס.

אן אוניאטישער גאלעך אין בארשאָוויצע. א כאָרעווער, א פארשמוציקטער סאָד, דאָ איז געשטאנען בודיאָניס שטאב, און א צעבראָכענער, פארברענטער בינשטאָק, דאָס איז א א שרעקלעכער, בארבארישער מינהעג — איך דערמאָן זיך אין די צעבראָכענע רעמלעך, טויזנטער בינען, וועלכע זשומען און שלאָגן זיך באם צעבראָכענעם בינשטאָק, זייערע אומרויִקע שוואָרעמס.

דער גאלעך דערקלערט מיר דעם כילעק צווישן אוניאטסטווע און פּראוואָסלאוויע. שעפּטיצקי איז א גרויסער מענטש, טראָגט א פארוסינאָווע ריאסע. א דיקלעכער מענטש, א שווארץ געדראָלעט פּאָנעם, אָפּגעראזירטע באקן, בלישטשענדיקע אייגעלעך מיט א גערשטן.

די פּאָרויסבאוועגונג צו לוואָוו, די באטארייעס שלעפּן זיך אלץ נעענטער. א ווייניק געלונגענע שלאכט הינטער אָסטראָוו, אָבער דאָך — די פּאָליאקן ציִען זיך אָפּ. יעדיִעס וועגן דער פארטיידיקונג פון לוואָוו — פּראָפעסאָרן, פרויען, דערוואקסלינגען. אפּאנאסענקאָ וועט זיי שעכטן, ער האָט פײַנט די אינטעליגענץ, דאָס איז טיף, ער וויל אן אריסטאָקראטישע, אף זײַן מאניר, א פּויערישע, קאָזאקישע מעלוכע.

אין שלאכטן איז דורך א וואָך — דעם 21־טן אווגוסט זײַנען אונדזערע מיליטער־טיילן אין 4 ווערסט פון לוואָוו.

א באפעל — די גאנצע רײַטער־ארמיי גייט איבער אין רעשוס פונעם מײַרעוו־פראָנט. מע הייסט אונדז גיין אף צאָפן — קיין ליובלין. דאָרט איז אן אָנגריף. מע נעמט אָפּ די ארמיי, וואָס שטייט אין 4 ווערסט פון דער שטאָט, צו וועלכער מע האָט זיך אזויפיל מאָל געוואָלט דערשלאָגן. אונדז וועט פארבײַטן די 14־טע ארמיי. וואָס איז דאָס — אן אומזין צי אן אומעגלעכקײַט אײַנעמען די שטאָט מיט קאוואלעריע?[24] א 45־ווערסטיקער איבערגאנג פון בארשאָוויצע קיין אדאמי וועל איך ניט פארגעסן מײַן גאנצן לעבן. איך בין אף מײַן העל־געפלעקט פערדל, שעקאָ איז אין עקיפּאזש, א היץ און א שטויב, א שטויב פונעם אפּאָקאליפּסיס, שטיקנדיקע וואָלקנס, אומענדלעכע אָבאָזן, עס גייען אלע בריגאדעס, וואָלקנס שטויב, פון וועלכע ס'איז ניטאָ קיין רעטונג, מע פארסאפּעט זיך שרעקלעך, ארום איז א געפילדער, א באוועגונג, איך פאָר מיטן עסקאדראָן איבער פעלדער, מיר פארלירן שעקאָן, עס הייבט זיך אָן דאָס סאמע שרעקלעכע, דאָס רײַטן אף מײַן פערדל, וואָס באווײַזט ניט

אַנצויאַגן, אומענדלעך פֿאָרן מיר און אַלץ טליסגאַנג, איך מאַטער זיך אויס, דער עסקאַדראָן וויל איבעריאָגן די אָבאָזן, מיר יאָגן איבער, איך האָב מוירע אָפּצושטיין, דאָס פֿערד גייט ווי פּעך, לויט דער אינערציע, עס גייען אַלע בריגאַדעס, די גאַנצע אַרטילעריע, אַלס א שוק־אָטריאַד האָט מען איבערגעלאָזט צו איין פּאָלק, וועלכער דאַרף זיך פֿאַרייניקן מיט דער דיוויזיע, ווען ס'וועט ווערן פֿינצטער. באַנאַכט פֿאָרן מיר איבער דורך דעם אָפּגעשטאָרבענעם, שטילן בוסק. וואָס איז אייגנטימלעך פֿאַר די גאַליציאַנער שטעט? א געמיש פֿונעם שמוציקן און שווערן מיזרעך (ביזאַנץ און ייִדן) מיטן דײַטשישן בירטרינקענדיקן מײַרעוו. פֿון בוסק איז 15 קמ. איך וועל ניט אויסהאַלטן. איך בײַט זיך מיט די פֿערד. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז ס'איז ניטאָ קיין דעקל אויפֿן זאָטל. פֿאָרן ווײַטער איז פֿײַנלעך. אַלעמאָל נעם איך אָן אַן אַנדער פּאָזע. אין אָפּשטעל־אָרט אין קאָזלאָוו. א פֿינצטערע כאַטע, ברויט מיט מילך. עפּעס א פּויער, א ווייכער און א ליבלעכער מענטש, איז געווען א קריגס־געפֿאַנגענער אין אָדעס, איך ליג אויף דער באַנק, אײַנשלאָפֿן קאָן איך ניט, אויף מיר איז א פֿרעמדער פּרענטש, די פֿערד זײַנען אין דער פֿינצטערניש, אין כאַטע איז דושנע, קינדער אויפֿן דיל. מיר זײַנען געקומען צו פֿאָרן קיין אַדאַמי 4 אַזייגער באַנאַכט. שעקאָ שלאָפֿט. איך שטעל אַוועק ערגעץ דאָס פֿערד, היי איז פֿאַראַן, און איך לייג זיך שלאָפֿן.

אַדאַמי, 20.8.21

איבערגעשראָקענע רוסינען. די זון. ס'איז גוט. איך בין קראַנק. אַן אָפּרו. באַטאָג זײַנען אַלע אין דער קלוניע, איך שלאָף, צו אָוונט־צו ווערט מיר גרינגער, עס טוט ווי דער קאָפּ. איך לעב בא שעקאָן. א מעשאָרעס באַם נאַטששטאַדיוו יעגאָר. מיר עסן גוט. וויאַזוי מיר קריגן די שפּײַז. וואָראָביאָוו האָט איבערגענומען דעם 2־טן עסקאַדראָן. די סאָלדאַטן זײַנען צופֿרידן. און פּוילן, וווהין מיר פֿאָרן — קאָן מען זיך ניט שעמען, מיט די אומשולדיקע גאַליציאַנער האָט מען געדאַרפֿט זײַן פֿאָרזיכטיק, איך רו מיך אָפּ, איך זיץ ניט אין זאָטל.

א געשפּרעך מיטן קאָמאַנדיר פֿונעם אַרטדיוויזיאָן מאַקסימאָוון, אונדזער אַרמיי גייט פֿאַרדינען, ניט קיין רעוואָליוציע, נאָר אַן אויפֿשטאַנד פֿון דער ווילדער וואָלניצע.

דאָס איז פּאָשעט א מיטל, מיט וועלכן די פּאַרטיי מיִעסט זיך ניט.

צוויי אָדעסיטן — מאַנוילאָוו און באָגוסלאַווסקי, דער אָפּערמיליטער־קאָמיסאַר פֿון דער אַוויאַציע, פֿאַריזש, לאָנדאָן, א שיינער ייִד, א פּלאַפּלער, אַן אַרטיקל אין אַן אייראָפּעיִשן זשורנאַל, שטעלפֿאַרטרעטער פֿונעם נאַטשדיוו, ייִדן אין דער רײַטער־אַרמיי, איך פֿיר זיי אַרײַן אין טאָך פֿון דער זאַך. אָנגעטאָן א פּרענטש — מעסוירעס פֿון דער אָדעסער בורזשואַזיע, שווערע יעדיִעס פֿון אָדעס. מע דערשטיקט. וואָס איז מיטן פּאָטער? ניט שוין זשע האָט מען אַלץ צוגענומען? מע דאַרף א טראַכט טאָן וועגן דער היים.

כ'בין א ליידיקגייער.

אַפֿאַנאַסענקאָ האָט אָנגעשריבן א בריוו צו די פּוילישע אָפֿיצערן. באַנדיטן, הערט אויף די מילכאָמע, גיט זיך אונטער, אויב ניט, וועלן מיר אײַך אַלע צעהאַקן, פּאַנעס. אַפֿאַנאַסענקאָס בריוו אויפֿן דאָן, סטאַווראָפּאָל, דאָרט שטערט מען די סאָלדאַטן, די זין פֿון דער רעוואָליוציע, מיר זײַנען העלדן, שרעקלאָז, מיר גייען פֿאָרויס.

באַשרײַבן דעם אָפּרו פֿונעם עסקאַדראָן, דאָס קוויטשען פֿון די כאַזיירים, מע שלעפּט הינער, אַגענטן, טושעס אויפֿן פּלאַץ. מע וואַשט דאָס גרייט, מע דרעשט דעם האָבער, מע לויפֿט מיט גאַרבן, פֿערד, זיי שאָקלען מיט די אויערן, פֿרעסן האָבער. א פֿערד — דאָס איז אַלץ. נעמען: סטעפּאַן, מישע, ברודערל, אַלטיטשקע. א פֿערד איז א רעטער, דאָס פֿילט מען יעדע מינוט, אָבער מע קאָן עס אומענטשלעך שלאָגן. אויף מײַן פֿערד גיט קיינער קיין אַכטונג ניט.

אַדאַמי, 20.8.22

בא מאַנוילאָוון, דעם געהילף פֿונעם נאַטששטאַדיוו, טוט ווי דער בויך. פֿאַרשטייט זיך, געדינט בא מוראַוויאָוון, א טשערעזוויטשײַקע, עפּעס מיליטער־אויספֿאָרשעריש, א בורזשוי, פֿרויען, פּאַריזש, אַוויאַציע, עפּעס איז מיט דער רעפּוטאַציע, און ער איז א קאָמוניסט. דער סעקרעטאַר באָגוסלאַווסקי — שווײַגט אַן איבערגעשראָקענער און עסט.

א רויִקער טאָג. מיר גייען ווײַטער אויף צאָפֿן.

איך לעב בא שעקאָן. איך קאָן גאָרנישט ניט טאָן. איך בין מיד, צעשלאָגן. איך שלאָף און עס. וויאַזוי מיר עסן. א סיסטעם. קאַפּטענאַרמוסן, פֿוראַזשירן. מע גיט גאָרניט. דאָס אָנקומען פֿון רויט־אַרמייער אין דאָרף אַרײַן, מע נישטערט, מע קאָכט, א גאַנצע נאַכט טרעשטשען די אויוונס, עס

לײַדן דער באַלעבאָסטעס טעכטער, עס קווײטשען די כאַזײרים, צום מיליטער־קאָמיסאַר מיט קווי־טאַנציעס, נעבעכדיקע גאַליציאַנער.

ס׳איז אַן עפּאָפּײ — ווי מיר עסן. ס׳איז גוט — כאַזײרים, הינער, גענדז.

„באַראַכאָלשטשיקעס", „מאַלאַשניקעס" זײַנען די, וועלכע שטייען אָפּ.

וויטקאָוו, 23—20.8.24

דער איבערפאָר אויף אַ וואָגן קיין וויטקאָוו. דער אינסטיטוט פון באַלעבעסלעכע פורן, אומ־גליקלעכע באַלעבעסלעך, מע שלעפּט זײ צו צוויי־דרײַ וואָכן, מע לאָזט זײ אָפּ, מע גיט אַ דורכלאָז־שײַן, אַנדערע סאָלדאַטן כאַפּן זײ איבער, ווידער הייסט מען פאָרן. אַ צופאַל — אין אונדזער אָנ־ווערנהײַט האָט זיך אומגעקערט אַ ייִנגל פונעם אַבאָז. באַנאַכט. אַ פרייד פון דער מוטער.

מיר גייען אין ראַיאָן קראַסנאָסטאַוו—ליובלין. מע האָט גענומען די אַרמײ, וועלכע האָט זיך געפונען אין 4 ווערסט פון לוואָוו. די קאַוואַלעריע האָט ניט געקאָנט אײַננעמען.

דער וועג אויף וויטקאָוו. די זון. די גאַליציאַנער וועגן, אומענדלעכע אַבאָזן, אַווטאָמאַטישע פערד, דאָס כאָרעווע גאַליציע, ייִדן אין די שטעטלעך, ערגעץ־ווו איז אַ גאַנצגעבליבענע פערמע, אַ טשע־כישע, לאָמיר זיך מעשאַער זײַן, אַן אָנפאַל אויף די צײַטיקע עפּל, אויף בינשטאָקן.

אויספירלעך וועגן בינשטאָקן אַן אַנדערס מאָל.

אויפן וועג, אין אַ פור, איך טראַכט, כ׳בין פאַרמאַרעשכוירעט איבערן גוירל פון דער רעוואָ־ליוציע.

דאָס שטעטל איז אַ ספּעציפישס, אויסגעבויט לויט איין פּלאַן נאָכן צעשטערן עס, אַ בענקשאַפט.

מיר לעבן מיט די געהילפן פון די נאַטשששטאַדיוון, מאַנוילאָוו פאַרשטייט גאָרניט אין שטאַב־איניאָנים, צאָרעס מיט די פערד, קיינער גיט ניט, מע פאָרט אויף פורן פון באַלעבעסלעך, באַ באָגו־סלאַווסקין זײַנען בעז־קאָלירטע גאַטקעס, דערפאָלג באַ מיידלעך אין אָדעס.

די סאָלדאַטן בעטן ספּעקטאַקלען, מע קאָרמעוועט זײ — דער דענשטשיק האָט אונטערגעפירט.

דעם נאַטשששטאַדיווס נאַכט — ווו איז דער 33־טער פאָלק, וווהין איז געגאַנגען די 2־טע ברי־גאַדע, דער טעלעפאָן, דער אַרמײ־באַפעל די קאָמבריגן 1, 2, 3!

די דעזשורנע אָרדינאַרצעס. די אָרדענונג פון די עסקאַדראָנען, די קאָמאַנדירן פון די עסקאַ־דראָנען — מאַטוסעוויטש און דער געוועזענער קאָמענדאַנט וואָראָביאָוו, שטענדיק אַ פרײלעכער און, דאַכט זיך, אַ נאַרישער מענטש.

דעם נאַטשששטאַדיווס נאַכט — מע בעט אײַך צום נאַטשדיוו.

סאָקאַל, 20.8.25

סאָפּקאָלסאָף אַ שטאָט. מיר פאָרן דורך דעם שטעטל טאַרטאַקוו, ייִדן, רוינען, די ריינקײַט פונעם ייִדישן טיפּ, די ראַסע, קלייטלעך.

איך בין אַלץ נאָך קראַנק, איך קאָן ניט קומען צו־זיך פון די לוואָווער שלאַכטן. אַזאַ שטיקנ־דיקע לופט אין אָט די שטעטלעך. אין סאָקאַל איז געווען די פּעכאָטע, די שטאָט האָט מען ניט געטשעפּעט, דער נאַטשששטאַדיוו איז באַ ייִדן. ביכער, איך האָב דערזען ביכער. איך בין באַ אַ גאַליציאַנערן, אַ רײַכע דערצו, מיר עסן גוט, אַ הון אין סמעטענע.

איך פאָר אויף אַ פערד אין צענטער פון דער שטאָט, ס׳איז ריין, שיינע הײַזער, אַלץ האָט די מילכאָמע פאַרשמוציקט, רעשטן פון ריינקײַט און אייגנאַרטיקײַט.

דער רעווקאָם. רעקוויזיציעס און קאָנפיסקאַציעס. טשיקאַווע: צו די פּויערים טשעפּעט מען זיך ניט לאַכלוטן. די גאַנצע ערד איז אין זייער רעשוס. די פּויערים שטייען אין דער זײַט.

מעלדונגען פונעם רעווקאָם.

דער זון פונעם באַלעבאָס איז אַ ציוניסט און אַן אויסגעשפּראָכענער נאַציאָנאַליסט.[25] אַ גע־וויינלעך ייִדיש לעבן. זײ ציִען זיך צו ווין, בערלין, אַ פּלימעניק, אַ יונגער באָכער, פאַרנעמט זיך מיט פילאָסאָפיע און וויל אָנקומען אין אוניווערסיטעט. מיר עסן פּוטער און שאָקאָלאַד. קאָנפעטן.

באַ מאַנוילאָוון זײַנען כילוקע־דייעס מיטן נאַטשששטאַדיוו. שעקאָ שיקט אים צו... (אַלדי רוכעס).

באַ מיר איז אַן אייגנליבע, אים לאָזט מען ניט שלאָפן, ס׳איז ניטאָ קיין פערד, אָט האָסטו דיר אַ רײַטער־אַרמײ, דאָ וועסטו ניט אָפּרוען. ביכער — פּאָליטישע, ייִדן.[26]

אָפּדערנאַכט — דער נאַטשדיוו איז אין אַ נײַעם רעקל, אַ באַלײַבטער, אין פילפאַרביקע הויזן, אַ רויטער און אַ טעמפּער, פאַרווײַלט זיך — מוזיק באַנאַכט, דער רעגן האָט צעטריבן. עס גייט אַ רעגן, אַ פּײַנלעכער גאַליציאַנער רעגן, ער שיט און שיט, אומופהערלעך, האָפענונגסלאָז.

וואָס מאַכן אונדזערע סאָלדאַטן אין דער שטאָט? פֿינצטערע קלאַנגען.
באַגוסלאַווסקי האָט פֿאַראַטן מאַנוילאָוון. באַגוסלאַווסקי איז אַ קנעכט.

סאָקאָל, 20.8.26

איניינעם מיטן יונגן ציִעניסט באַקען איך זיך מיט דער שטאָט. סינאַגאָגעס — כאַסידישע. אַ דערשיטערנדיק בילד, מיט 300 יאָר צוריק בלייכע שיינע ייִנגלעך מיט פּייעס, די סינאַגאָגע, וואָס איז געווען מיט 200 יאָר צוריק, די זעלבע פֿיגורלעך אין קאַפּאָטעס, מע שפּאַנט, פֿאָכנדיק מיט די הענט, אַ געהויל. דאָס איז די פּאַרטיי פֿון אָרטאָדאָקסן — זיי זײַנען פֿאַר דעם בעלזישן רעבן, דער באַוווסטער בעלזישער רעבע, וועלכער איז אַנטלאָפֿן קיין ווין. די מעסיקע זײַנען פֿאַר דעם גוסאַטינער רעבן. זייער סינאַגאָגע. די שיינקייט פֿונעם מיזבייעך, וואָס איינער אַ באַלמעלאָכע האָט געמאַכט, די פּרעכטיקייט פֿון די גרינלעכע הענג־לײַכטער, די צעעסענע טישלעך, די בעלזער סינאַגאָגע — אַ וויזיִע פֿונעם אַלטערטום. די ייִדן בעטן אָפּווירקן, מע זאָל זיי ניט שטעלן בעדאַלעס, מע נעמט צו די שפּײַז און סכוירעס.

די זשידעס באַהאַלטן אַלץ. אַ שוסטער, אַ סאָקאָלער שוסטער, אַ פּראָלעטאַריער. די פֿיגור פֿון אַ געזעל, אַ רויטהאָריקער כאָסיד — אַ שוסטער.

דער שוסטער האָט געוואַרט אויף דער ראַנטמאַכט — ער זעט ייִדן־פּרעסער און רויבער, און ס'וועט ניט זײַן קיין פּאַרנאָסע, ער איז דערשיטערט און קוקט אומציטרויִלעך. אַ פֿלאָנטערניש מיטן געלט. דעם עמעס זאָגנדיק, צאָלן מיר גאָרניט, 15—20 רובל. דער ייִדישער קוואַרטאַל, אַן אומבאַשרײַבלעכער דאַלעס, שמוץ, די אָפּגעזונדערטקייט פֿון דער געטאָ.

קלייטלעך, אַלע זײַנען אָפֿן, קרייַד און פּעך, די סאָלדאַטן נישטערן, מע זידלט די זשידעס, שלייאָנדערן אָן אַ טאָלק, מע גייט אַרײַן אין די דירעס, מע קריכט אונטער די סטאָיִקעס, גיריקע אויגן, ציטערנדיקע הענט, אַן אויסטערלישע אַרמיי.

די אָרגאַניזירטע באַרויבונג פֿון אַ שרײַבגעצײַג־קלייטל, דער באַלעבאָס איז אין טרערן, אַלץ רײַסט מען, מע פֿאָדערט עפּעס, די טאָכטער מיט אַן אויף מעקאַנע צו זײַן אייראָפּעיִשער אויסגעהאַלטנקייט, נאָר אַ נעבעכדיקע און פֿאַרויטלטע, לאָזט אָפּ, באַקומט עפּעס געלט און מיט איר מאַגאַזין־אויסזען וויל זי באַווײַזן, אַז אַלץ גייט ווי געהעריק, נאָר עס זײַנען צופֿיל קוינים. פֿון ייִעש פֿאַרשטייט די באַלעבאָסטע גאָרניט.

באַנאַכט וועט זײַן אַ רויבערײַ — דאָס ווייסן אַלע.

אָפּדערנאַכט איז מוזיק — דער נאַטשדיוו פֿאַרווײַלט זיך. אינדערפֿרי האָט ער געשריבן בריוו אָפּן דאָן און סטאַווראָפּאָל. דעם פֿראָנט איז אומעגלעך איבערצוטראָגן די מיִעסע האַנדלונגען פֿונעם הינטערלאַנד. אָט האָט ער זיך צוגעקלעפּט!

דעם נאַטשדיווס מעשאָרסים פֿירן אַהין און צוריק שלאַנקע פֿערד מיט ברוסט־פּאַנצערס און ווײַדל־דעקלעך.

דער מיליטער־קאָמיסאַר און די קראַנקן־שוועסטער. אַ רוסישער מענטש — אַ כיטרע פּויערל, אַ ברוטאַלער, אַמאָל אַ פּרעכער און אַ פֿאַרפֿלאָנטערטער, וועגן דער קראַנקן־שוועסטער האָט ער אַ הויכע מיינונג, טאַפּט מיך אויס, פֿרעגט מיך אויס, ער איז פֿאַרליבט.

די קראַנקן־שוועסטער גייט זיך געזעגענען מיטן נאַטשדיוו, און דאָס איז נאָך אַלעם, וואָס עס האָט פּאַסירט. מיט איר זײַנען אַלע געשלאָפֿן. דער כאַמולע סוסלאָוו איז אין שכיינעסדיקן צימער, דער נאַטשדיוו איז פֿאַרנומען, ער רייניקט דעם רעוואָלווער.

איך באַקום שטיוול און גרעט. סוכאָרוקאָוו האָט באַקומען, ער האָט אַליין צעטיילט, דאָס איז אַן אָבער־מעשאָרעס, באַשרײַבן.

אַ געשפּרעך מיטן פּלימעניק, וועלכער וויל אין אוניווערסיטעט אַרײַן.

סאָקאָל — מעקלערס און האַנטווערקער, קאָמוניזם, ס'איז אַ סאָפּעק, זאָגט מען מיר, צי וועט ער זיך דאָ אײַנבירגערן.

אַזוינע פֿאַרמאַטערטע, פֿאַרמוטשעטע מענטשן.
דאָס אומגליקלעכע גאַליציע, אומגליקלעכע ייִדן.
באַ מײַן באַלעבאָס זײַנען פֿאַראַן 8 טויבן.

באַ מאַנוילאָוון איז אַ שאַרפֿער קאָנפֿליקט מיט שעקאָן. אין דער פֿאַרגאַנגענהייט זײַנען באַ אים אַ סאַך כאַטאָיִם. אַ קיִעווער אַוואַנטיוריסט. ער איז געקומען אַן אַראָפּגענומענער פֿונעם פּאָסטן פֿון דעם נאַטששטאַבריג־3.

לעפּין, אַ טונקעלע, שרעקלעכע נעשאָמע.
די קראַנקן־שוועסטער — 26 און 1.

20.8.27

די שלאַכט בא זניאַטין, דלוזשנאָוו. מיר פאָרן אױף צאָפּן־מי־רעוו. א האַלבער טאָג אין אַבאָז. מע גייט אױף לאַשטשאָוו, קאָמאַראָוו. אינדערפרי זײַנען מיר ארויסגעפאָרן פון סאָקאַל. א געוויינלעכער טאָג — מיט די עסקאַדראָנען. מיטן נאַטשדיוו גייען מיר איבער וועלדער און לאָנקעס, עס קומען צו פאָרן די קאָמבריגן, א זון, פינף שאָ ניט אראָפּגעקראָכן פונעם פערד, עס גייען דורך די בריגאַדעס. אן אַבאָזנע פּאַניק. איך האָב איבערגעלאָזט די אַבאָזן אפן וואַלד־ראַנד, געפאָרן צום נאַטשדיוו. די עסקאַדראָנען אפן בארג. ראַפּאָרטן דעם קאָמאַנדאַרם, א קאַנאָנאַדע, קיין אעראָפּלאַנען זײַנען ניטאָ, מיר פאָרן איבער פון איין אָרט אפן אנדערן, א געוויינלעכער טאָג. צו נאַכט־צו א שווערע מידקײַט, מיר נעכטיקן אין וואַסילאָוו. דעם אָנגעמערקטן פונקט — לאַשטשאָוו ניט דערגרייכט.

אין וואַסילאָוו אָדער אינדערנאָענט איז די 2־טע דיוויזיע, א בעהאַלע, באַכטוראָוו — א קליינקע דיוויזיע. ער איז א ביסל אָפּגעבליאַקעוועט געוואָרן, די 4־טע דיוויזיע פירט דערפאָלגרײַכע שלאַכטן[27].

קאָמאַראָוו, 20.8.28

פון וואַסילאָוו בין איך ארויסגעפאָרן אױף 10 מינוט שפּעטער פון די עסקאַדראָנען. איך פאָר מיט דרײַ רײַטער, בערגלעך, לאָנקעס, כאָרעווע ווירטשאַפטן, ערגעץ אינעם גרינס רויטע קאַלאָנעס, פּלוימען. א שיסערײַ, מיר ווייסן ניט, ווו איז דער קעגנער, ארום אונדז איז קיינער ניטאָ, די קוילנוואַרפערס קלאַפּן גאַנץ נאָענט און פון פארשיידענע זײַטן, דאָס האַרץ פאַרקלעמט זיך, אָט אזוי זוכן באַזונדערע רײַטער אַלע טאָג די שטאַבן, מע פירט ראַפּאָרטן. צו האַלבטאָג בין איך אין א פאַרלאָזטן דאָרף, אין וועלכן אַלע אײַנוווינער האָבן זיך אין קעלערס באַהאַלטן, אונטער די ביימער, וועלכע זײַנען מיט פלוימען באַדעקט. איך פאָר מיטן עסקאַדראָן. מיר טרעטן ארײַן מיטן נאַטשדיוו, א רויטער באַשליק, אין קאָמאַראָוו. א ניט־דערבויטער פּרעכטיקער רויטער קאָסטיאָל. פאַר דעם, ווי מיר זײַנען ארײַן אין קאָמאַראָוו, נאָך דער שיסערײַ — בין איך געפאָרן אליין — א שטילקייט, ס'איז וואַרעם, א העלער טאָג, עפּעס א מאָדנע און דורכזיכטיקע רויִקײַט, עס טוט וויי די נשמה, איינער אליין, קיינער דערעסט מיר ניט, פעלדער, וועלדער, געכוואַליעטע טאָלן, שאָטנדיקע וועגן.

מיר שטייען אַנטקעגן דעם קאָסטיאָל.

עס קומען וואָראָשילאָוו און בודיאָני. וואָראָשילאָוו זידלט אויס אין דער אָנוועזנהײַט פון אַלעמען, א מאַנגל אין ענערגיע, היצט זיך, א הייסער מענטש, דאָס הייוון פון דער גאַנצער ארמיי, ער פאָרט און שרײַט[28], בודיאָני שווײַגט, שמייכלט, ווײַסע ציין. אַפּאַנאַסענקאָ פאַרטיידיקט זיך, לאָמיר ארײַנגיין אין א קוואַרטיר, פאַרוואָס שרײַט ער, מיר לאָזן ארויס דעם קעגנער.

אַפּאַנאַסענקאָ טויג ניט?

אן אַפּטייקער, וועלכער לייגט פאָר א צימער.

עס גייען ארום קלאַנגען וועגן גרוילִיקײַטן. איך גיי אין שטעטל.

אן אומבאַשרײַבלעכער פּאַכעד און ייִעש.

מע דערציילט מיר. געהיים אין דער כאַטע, מע האָט מוירע, עס זאָלן זיך ניט אומקערן די פּאָליאַקן. דאָ זײַנען נעכטן געוועזן דעם עסאַול יאַקאָווליעווס קאָזאַקן. א פּאָגראָם[29]. דאָוויד זיס' מישפּאָכע, אין די דירעס, א נאַקעטער, א קוים לעבעדיקער זאָקן — א נאָווי, א געהאַרגעטע זקיינע, א קינד מיט אָפּגעהאַקטע פינגער, א סאַך אָטעמען נאָך, אן איפּעשדיקער געריך פון בלוט, אַלץ איז איבערגעקערט, א כאַאָס, א מוטער איבער דעם געהאַרגעטן זון, א זקיינע, וועלכע האָט זיך אײַנגעדרייט אין א קוילעטשל, 4 מענטשן אין איין הײַזקע, שמוץ, בלוט אונטער א שוואַרצער באָרד, אזוי טאַקע אין בלוט ליגן זיי.

ייִדן אפן פּלאַץ, א פאַרמוטשעטער ייִד, וועלכער ווײַזט מיר אַלץ, אים פאַרבײַט א הויכער ייִד. דער ראָוו האָט זיך באַהאַלטן, בא אים איז אַלץ צעוואָלגערט, ביז פאַרנאַכט איז ער ניט ארויסגעקראָכן פון דער נאָרע. מע האָט געהאַרגעט א מענטשן 15, דעם כאָסיד איציק גאַלער איז 70 יאָר, דאָוויד זיס — א מעשאָרעס אין דער סינאַגאָגע — 45 יאָר, דאָס ווײַב און די טאָכטער — 15 יאָר, דאָוויד טראָסט, דאָס ווײַב — א שויכעט.

בא דער פאַרגוואַלטיקטער.

אַפּדערנאַכט — בא די באַלעבאַטים, א קאַזיאָנע שטוב, שאַבעס פאַרנאַכט, זיי האָבן ניט געוואָלט קאָכן ביז עס איז ניט פאַרגאַנגען דער שאַבעס.

איך זוך די קראַנקן־שוועסטער. סוסלאָוו לאַכט. א ייִדישע דאָקטערשע.

מיר זײַנען אין א מאָדנעם פאַרצײַטיקן הויז, אַמאָל איז דאָ געווען אַלץ — פּוטער, מילך.

באנאכט — איך גיי איבערן שטעטל.

די לעוואַנע, הינטער דער טיר, זייער לעבן באנאכט. א וואַיעניש פון יענער זײַט ווענט. מע הערט אַפּראַמען. א דערשרעק און א גרויל בא די אײַנוווינער. דעריקער — אונדזערע גייען ארום גלײַכגילטיק און מע טוט א ראבעווע ווו ס'איז מעגלעך, מע רײַסט אראָפּ פון די געהארגעטע.

די סינע איז און אלציינע, די קאזאקן — די זעלבע, די אכזאָריעסדיקײַט — די זעלבע, די ארמייען פארשיידענע, אזא נארישקײַט. דאָס לעבן פון די שטעטלעך. עס איז ניטאָ קיין רעטונג. אלע מאָרדן — די פּאָליאקן האָבן ניט געגעבן קיין מאָקעם־מענוכע. אלע מיידלעך און פרויען גייען קוים. אפדערנאכט — א באריידעוודיקער ייִד מיט א בערדל, ער האָט א קלייטל, זײַן טאָכטער, אנטלויפנדיק פון א קאזאק, האָט זיך אראָפּגעוואָרפן פונעם צווייטן שטאָק, זיך איבערגעבראָכן די הענט, אזעלכע זײַנען א סאך.

אזא מעכטיק און פרעכטיק לעבן פון דער נאציע איז דאָ געווען. דער גוירל פונעם ייִדנטום. אפדערנאכט בא אונדז, א וועטשערע, טיי, איך זיץ און טרינק די ווערטער פונעם ייִדן מיטן בערדל, דעם אומעטיק פרעגנדיקן — צי וועט מען קאָנען האנדלען.

א שווערע אומרויִקע נאכט.

קאָמאראָוו—לאבונע—פּניעווסק, 20.8.29

דער ארויספאָר פון קאָמאראָוו. באנאכט האָבן אונדזערע געראבעוועט, אין דער סינאגאָגע האָבן זיי ארויסגעוואָרפן די סייפערטוירעס און צוגענומען די סאמעטענע זעקלעך אף זאָטלען. דער אָרדינארעץ פונעם מיליטער־קאָמיסאר באטראכט די טפילן, וויל צונעמען די לעדער־פּאסיקלעך. די ייִדן שמייכלען כניפעדיק. דאָס איז — רעליגיע.

אלע קוקן גיריק אף דעם ניט צוגענומענעם, מע שארט איבער די ביינער און די רויִנען. זיי זײַנען געקומען, קעדיי צו פארדינען.

מײַן פערד האָט אָנגעהויבן הינקען, איך נעם דאָס פערד פונעם נאטשסטאדיוו, איך וויל איבערבײַטן, איך בין צו ווייך, א געשפּרעך מיט סאלטיסן, עס באקומט זיך גאָרניט.

לאבונע. א בראנפן־זאוואָד, 8 טויזנט עמער ספּירט. א וואך. עס גייט א רעגן, א דורכנעמענדיקער, אן אומופהערלעכער. הארבסט, אלץ איז צו הארבסט. די פּוילישע מישפּאָכע פונעם פארוואלטער. די פערד זײַנען אונטערן איבערדאך, די רויטארמייער, ניט קוקנדיק אפן פארבאָט, טרינקען. לאבונע איז א גרויסע געפאר פאר דער ארמיי.

אלץ איז געהיימניספול און פאָשעט. די מענטשן שווײַגן, און ס'איז, דאכט זיך, גאָרניט צו באמערקן. אָ, רוסישער מענטש! אלץ אָטעמט מיט סאָד און מיט שטורעם. סידאָרענקאָ האָט זיך אונטערגעגעבן.

די אָפּעראציע אף זאמאָסטיע. מיר זײַנען אין 10 ווערסט פון זאמאָסטיע. דאָרט וועל איך פרעגן וועגן ר. יו.

די אָפּעראציע איז ווי שטענדיק ניט קאָמפּליצירט, ארומגיין פון מײַרעוו און פון צאָפן און אײַנעמען. אומרויִקע נײַס פונעם מײַרעוו־פראָנט. די פּאָליאקן האָבן גענומען ביאליסטאָק.

מיר פאָרן ווײַטער. קולאקאָווסקיס צעראבעוועטע נאכלע בא לאבונע. ווײַסע קאָלאָנעס. א באצויבערנדיקע, כאָטש א פּריצישע אײַנאָרדענונג. א מוירעדיקע רויִנירונג. אן עמעס פוילן — פארוואלטערס, זקיינעס, בלאָנדהאָריקע קינדער, רײַכע האלב־אייראָפּעיִשע דערפער מיט א סאָלטאק, מיט א וואָיט, אלע זײַנען קאטויליקער, שיינע פרויען. פון דער נאכלע שלעפּט מען האָבער. די פערד אין גאסטצימער, שווארצע פערד. וואָס זשע — באהאלטן פונעם רעגן. ווערטפולע ביכער אינעם קופערט, מע האָט ניט באוויזן ארויסצופירן — די קאָנסטיטוציע, וועלכע דער סיים האָט באשטעטיקט אין אָנהייב פונעם 18־טן יאָרהונדערט, פארצײַטיקע פּאָליִאנטן פון ניקאָלײַ I, א קאָדעקס־בוך פון פּוילישע געזעצן, ווערטפולע אײַנבונדן, פּוילישע מאנוסקריפּטן פונעם 16־טן יאָרהונדערט, נאָטיצן פון מאָנאכן, אלטערטימלעכע פראנצויזישע ראָמאנען.

אויבנוף איז ניט קיין צעשטערונג, נאָר אן אונטערזוכונג, אלע בענקלעך, די ווענט, די דיוואנען זײַנען צעטרענט, דער דיל איז אופגעריסן, מע האָט ניט צעשטערט, מע האָט נאָר געזוכט. איידעלער קרישטאָל. א שלאָפצימער, דעמבענע בעטן, א פּודרעניצע, פראנצויזישע ראָמאנען אף די טישלעך, א סאך פראנצויזישע און פּוילישע ביכער וועגן קינדער־היגיִענע, אינטימע פרויען־אקסעסוארן זײַנען צעבראָכן, רעשטן פון פּוטער אין דער מאסלעניצע, א יונג פּאָרפּאָלק?

אן אײַנגעשטעלט לעבן, גימנאסטישע מאכשירים, גוטע ביכער, טישן, פּושקעס מיט רעפּועס — אלץ איז פארשוועכעריש צעקאַליעטשעט. אן אומדערטרעגלעך געפיל, לויפן פון די וואנדאלן, און זיי גייען, זוכן, איבערגעבן זייער גאנג, די פּענעמער, די שליאפּעס, דאָס זידלערײַ — מענוווּל, אין

גאַטס מוטער אַרײַן אין ספּאַס' מוטער אַרײַן, איבער דער טיפֿער בלאָטע שלעפּט מען גאַרבן מיט האָבער.

מיר גייען צו צו זאַמאָסטיע. אַ שרעקלעכער טאָג. דער רעגן — דער זיגער, הערט ניט אויף אױף קיין מינוט. קוים וואָס די פֿערד שלעפּן אַרויס, באַשרײַבן אָט דעם אומדערטרעגלעכן רעגן. מיר שלעפּן זיך ביז דער טיפֿער נאַכט. ביז אַ פֿאָדעם זײַנען מיר דורכגענעצט געוואָרן. מיר זײַנען מיד, אַפּאַנאַסענקאָס רויטער באַשליק. מיר גייען אין פֿלאַנג פֿון זאַמאָסטיע, די מיליטער־טיילן זײַנען אין 3 — 4 ווערסט פֿונדאַנען. מע לאָזט ניט צו דעם פֿאַנצערצוג, מע באַדעקט אונדז מיט האַרמאַטן־פֿײַער. מיר זיצן אויף די פֿעלדער, וואַרטן אויף ראַפּאָרטן, עס טראָגן זיך קאַלעמוטנע שטראָמען. דער קאָמבריג קניגאַ איז אין הײַזקע, אַ ראַפּאָרט. דער פּאָטער־קאָמאַנדיר. מיר קאָנען גאָרנישט ניט טאָן מיט די פֿאַנצערצוגן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר האָבן ניט געוווּסט, אַז דאָ איז פֿאַראַן אַן אײַזנבאַן־ליניע, אויף דער קאַרטע איז זי ניט אָנגעמערקט, אַ קאָנפֿוז, אָט דאָס איז אונדזער אויסשפּירונג.

מיר שמײַען זיך, וואַרטן אַלץ, אַז מע וועט נעמען זאַמאָסטיע. עס גיט זיך ניט אײַן. די פּאָליאַקן שלאָגן זיך אַלץ בעסער. די פֿערד און די מענטשן ציטערן. מיר נעכטיקן אין פֿניעוווסק. אַ ווילע פּוילישע דאָרפֿישע מישפּאָכע, דער אונטערשייד צווישן די רוסן און פּאָליאַקן איז פּלעפּנדיק. די פּאָליאַקן לעבן רײַכער, פֿריילעכער, שפּילן זיך מיט די קינדער, שיינע איקאָנעס, שיינע פֿרויען.

20.8.30

אינדערפֿרי פֿאָרן מיר אַרויס פֿון פֿניעוווסק. די אָפּעראַציע אויף זאַמאָסטיע דויערט. דער וועטער איז ווי פֿריִער אַ שרעקלעכער, אַ רעגן, אַ סליאָטע, די וועגן זײַנען אומדורכגענגלעך, מיר זײַנען קימאַט ניט געשלאָפֿן, אויפֿן דיל, אויף שטרוי, אין די שטיוול, זײַ גרייט.

ווידער אַ שמײַעניש. מיר פֿאָרן מיט שעקאָן צו דער 3־טער בריגאַדע. מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט גרײַפּט ער אָן אויף דער סטאַנציע זאַוואָדע. מיר זיצן מיט לעפּינען אין וואַלד. לעפּין קאָרטשעט זיך. אַ שלאַכט בײַ דער סטאַנציע. בײַ שעקאָן איז אַ פֿאַרוּרטײלט פּנים. באַשרײַבן „דאָס אָפּטע קעגנזײַטיקע שיסערײַ". מע האָט גענומען די סטאַנציע. מיר פֿאָרן צו דער אײַזנבאַן־ליניע. 10 געפֿאַנגענע, איינעם באַווײַזן מיר צו ראַטעווען. אַ רעוואָלווער־וווּנד? אַן אָפֿיצער, דאָס בלוט רינט פֿונעם מויל. געדיכטע רויטע שטיקער בלוט פֿאַרגיסן דאָס גאַנצע פּנים, עס איז שרעקלעך, רויט, באַדעקט מיט אַ געדיכטן שיכט בלוט. אַלע געפֿאַנגענע זײַנען אויסגעטאָן. באַם עסקאַדראָן־קאָמאַנדיר זײַנען איבערן זאָטל איבערגעוואָרפֿענע הויזן. שעקאָ צווינגט זיי אָפּגעבן. די געפֿאַנגענע טוט מען אָן, מע האָט גאָרניט אויף זיך אָנגעטאָן. אַן אָפֿיצעריש היטל. „זיי וואָלטן געוועזן זײַן נײַן"[30]. אַרום זיי — שמוציקע ווערטער. מע וויל הארגענען. אַ פּליכעוואַטער הינקעדיקער ייִד אין גאַטקעס, באַווײַזט ניט נאָכלויפֿן נאָכן פֿערד, אַ שרעקלעך פּנים, מיסטאָמע אַן אָפֿיצער, איז אַלעמען נימאס געוואָרן, ער קאָן ניט גיין, אַלע זײַנען זיי אין אַ כײַישער מורא, נעבעכדיקע, אומגליקלעכע מענטשן, פּוילישע פּראָלעטאַריער, אַ צווייטער פּאַליאַק — אַ שלאַנקער, אַ רויִקער, מיט באַקענבאַרדלעך, אין אַ געשטריקטן סוויטער, האַלט זיך מיט ווירדע, מע פֿרעגט אים, צי ער איז ניט קיין אָפֿיצער. מע וויל זיי דערהאַרגענען. איבערן ייִדן הענגט אַ געפֿאַר. דער מעטורעפּדיקער פּוטילאָווער אַרבעטער, אַלע דאַרף מען זיי צעהאַקן, מענוואָלים, דער ייִד שפּרינגט נאָך אונדז, מיר שלעפּן מיט זיך די גאַנצע צײַט די געפֿאַנגענע, דערנאָך גיבן מיר זיי אָפּ אויף דער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿון די קאָנוואָיִרן. וואָס וועט מיט זיי זײַן? דער גרימצאָרן פֿונעם פּוטילאָווער אַרבעטער, עס שפּריצט די שוים, די שווערד, איך וועל צעהאַקן די מענוּוואָלים און וועל קיין ענטפֿער ניט געבן.

מיר פֿאָרן צום נאַטשדיוו, ער איז בײַ דער 1־טער און 2־טער בריגאַדע. די גאַנצע צײַט איז פֿאַר די אויגן זאַמאָסטיע, עס איז צו זען אירע קוימענס, שטיבער, מיר פּרוּוון זי נעמען פֿון אַלע זײַטן. עס גרייט זיך אַ נאַכט־אַטאַקע. מיר זײַנען אין 3 ווערסט פֿון זאַמאָסטיע, מיר וואַרטן אויפֿן אײַנעמען די שטאָט, מיר וועלן דאָרט נעכטיקן. אַ פֿעלד, באַנאַכט, אַ רעגן, אַ דורכנעמענדיקע קעלט, מיר ליגן אויף דער נאַסער ערד, ס'איז ניטאָ וואָס צו געבן די פֿערד, ס'איז פֿינצטער, מע פֿאָרט מיט ראַפּאָרטן. דעם אָנגריף וועלן פֿירן די 1־טע און די 3־טע בריגאַדעס. ווי געוויינלעך, קומען קניגאַ און לעוודאַ, דער קאָמבריג־3, אַ ווייניק־אײַוורעדיקער כאָכאָל, אַ מידקײַט, אַן אַפּאַטיע, אַן אומויסראַטלעכער דאָרשט צו שלאָפֿן, קימאַט אַ פֿאַרצווייפֿלונג, אַ מיליטער־קייט אין דער פֿינצטערניש, די גאַנצע בריגאַדע איז אַראָפּ פֿון די פֿערד. לעבן אונדז — אַ האַרמאַט. אין אַ שאָ אַרום קומט די פּעכאָטע. אונדזער האַרמאַט שיסט אומופֿהערלעך, אַ ווייכער, פּלאַצנדיקער קלאַנג, פֿײַערן אין דער נאַכט, די פּאַליאַקן לאָזן אַרויס ראַקעטעס, אַן אַקשאָנעסדיק פֿײַער, אַ ביקסן־ און

קוילנוואַרפֿער־שיסערײַ, אַ געװעס, מיר וואַרטן, 3 אַזייגער באַנאַכט. די שלאַכט ווערט אײַנגעשטילט. ס'האָט זיך גאָרנישט ניט באַקומען. אַלץ אָפּטער און אָפּטער באַקומט זיך בײַ אונדז גאָרניט. וואָס איז עס? די אַרמיי גיט זיך אונטער?

מיר פֿאָרן 10 ווערסט קיין סיטאַנעץ איבערצוגעכטיקן. דער רעגן פֿאַרשטאַרקט זיך. אַ מיד־קײַט — ניט איבערצוגעבן. איין טרוים — אַ קוואַרטיר. דער טרוים פֿאַרווירקלעכט זיך. אַן אַלטער פֿאַרלוירענער פּאָליאַק מיט אַן אַלטיטשקער. סאָלדאַטן, פֿאַרשטייט זיך, צעשלעפּן בײַ אים אַלץ. אַן אויסערגעוויינלעכער איבערשרעק, אַלע זײַנען געזעסן אין די קעלערס. אַ סאַך מילך, פּוטער, לאָקשן, דער גרעסטער טײַנעג. אַלעמאָל שלעפּ איך אַרויס נײַע שפּײַז. אַ פֿאַרמוטשעטע גוטע אַלטיטשקע. מעכײַעדיקע געפּריִעטע מילך. פּלוצעם אַ באַשיסונג, קוילן פֿײַפֿן בײַ דער שטאָל, בײַ די פֿיס פֿון די פֿערד. מיר ציִען זיך אָפּ. אַ ייִעש. מיר פֿאָרן צו אַ צווייטן ראַנד פֿונעם דאָרף. אַ 3־שאָעדיקער שלאָף, וואָס ווערט איבערגעריסן מיט ראַפּאָרטן, פּרעגענישן, מיט אַליאַרם.

טשעסניקי, 20.8.31

אַ באַראַטונג מיט די קאָמבריגן. אַ פֿאָלוואַרק. אַ שאָטנדיק לאָנקעלע. אַ פֿולע רויִנירונג. אַפֿילע קיין זאַכן זײַנען ניט געבליבן. האָבער צעשלעפּן מיר ביזן סאָף. אַ פֿרוכטן־סאָד, אַ בינשטאָק, מ'האָט רויִנירט די פּאַסעקע, ס'איז שרעקלעך, אין ייִעש זשומען די בינען, מע רײַסט אויף מיט פּולווער, מע פֿאַרוויקלט זיך אין שינעלן און מע גייט אין אָנגריף אויף די בינשטאָקן, אַ וואַקכאַנאַליע, מע שלעפּט די ראַמקעס אויף די שווערדן, דער האָניק רינט אַראָפּ אויף דער ערד, די בינען בײַסן, מע רויכערט זיי אַרויס מיט פּעכבאַשמירטע שמאַטעס, מיט אָנגעצונדענע שמאַטעס. טשערקאַשין. אין בינשטאָק — אַ כאַאָס און אַ פֿולשטענדיקע רויִנירונג, עס רויכערן זיך די כורוועס.

איך שרײַב אין סאָד, אַ לאָנקעלע, קווייטן, פֿאַר אַלץ טוט וויי.

אַן אַרמיי־באַפֿעל איבערצולאָזן זאַמאָסטיע, גיין צו הילף דער 14־טער דיוויזיע, וועלכע מע דריקט פֿון דער זײַט פֿון קאָמאַראָוו. דאָס שטעטל האָבן ווידער פֿאַרנומען די פּאָליאַקן. דאָס אומ־גליקלעכע קאָמאַראָוו. אַ פּאָרעניש איבער פֿלאַנגען און בריגאַדעס. אַנטקעגן אונדז איז די פֿײַנטלעכע קאַוואַלעריע — אַ ראַכוועס, וועמען זשע האַקן, אויב ניט זיי, די קאַזאַקן פֿונעם עסאַול יאַקאָווליעוו. עס שטייט פֿאַר אַן אַטאַקע. די בריגאַדעס זאַמלען זיך אָן אין וואַלד — אַ 2 ווערסט פֿון טשעסניקי.

וואָראָשילאָוו און בודיאָני זײַנען די גאַנצע צײַט מיט אונדז. וואָראָשילאָוו, אַ קורצינקער, שוין אַ גראָוולעכער, אין רויטע הויזן און זילבערנע לאַמפּאַסן, אײַלט די גאַנצע צײַט, נערווירט, טרײַבט אונטער אַפּאַנאַסענקאָן, פֿאַרוואָס קומט ניט די 2־טע בריגאַדע. מיר וואַרטן אויפֿן אָנקום פֿון דער 2־טער בריגאַדע. פֿײַנלעך שלעפּט זיך די צײַט. אײַל מיך ניט, כאַווער וואָראָשילאָוו.

וואָראָשילאָוו — אַלץ איז אומגעקומען... אין דער מוטער אַרײַן...

בודיאָני שווײַגט, ווען־ניט־ווען שמייכלט ער, ווײַזנדיק די בלענדיקע ווײַסע ציין.

מע דאַרף צוערשט לאָזן די בריגאַדע, דערנאָך דעם פּאָלק. וואָראָשילאָוו איז אומגעדולדיק, ער לאָזט אין דער אַטאַקע אַלעמען, ווער ס'איז דאָ אונטער דער האַנט. דער פּאָלק גייט פֿאַרבײַ וואָ־ראָשילאָוון און בודיאָנין. וואָראָשילאָוו האָט אַרויסגעצויגן אַ גרויסן רעוואָלווער, ניט געבן די פּריצים קיין דערבאַרעמונג, דער אויפֿרוף איז אויפֿגענומען געוואָרן מיט פֿאַרגעניגן. דער פּאָלק פֿליט אַרויס מיט ניט־גלײַכע רייען, הוראַ, דאַיאָש, איינער שפּרינגט, אַ צווייטער האַלט זיך אָפּ, אַ דריטער לויפֿט טליסגאַנג, די פֿערד גייען ניט, די קעסעלעך און טעפּיכער. אונדזער עסקאַדראָן גייט אין אָנגריף, מיר יאָגן אַ ווערסט פֿיר. קאָלאָנעסווײַז וואַרטן זיי אויף אונדז אויפֿן בערגל. אַ וווּנדער — קיינער האָט זיך קיין ריר ניט געטאָן. זעלבסטבאַהערשונג, דיסציפּלין. אַן אָפֿיצער מיט אַ שוואַרצער באָרד. איך בין אונטער קוילן. מײַנע געפֿילן. די פּלייטע. די מיליטער־קאָמיסאַרן קערעווען אום צוריק. עס העלפֿט גאָרניט. צום גליק, פֿאַרפֿאָלגן זיי אונדז ניט, אַנדערש וואָלט געווען אַ קאַטאַסטראָפֿע. מע סטאַרעט זיך צונויפֿנעמען די בריגאַדע אויף אַ צווייטער אַטאַקע, עס העלפֿט גאָרניט. מאַנוילאָוון דראָט מען מיט נאַגאַנען. העלדן זײַנען די קראַנקן־שוועסטער.

מיר פֿאָרן צוריק. שעקאָס פֿערד איז פֿאַרוווּנדעט, ער איז קאָנטוזיעט, אַ שרעקלעכער פֿאַרשטאַרט פּאָנעם איז בײַ אים. ער פֿאַרשטייט ניט גאָרנישט, וויינט, מיר פֿירן דאָס פֿערד. עס גייט אָפּ מיט בלוט. אַ דערציילונג פֿון אַ קראַנקן־שוועסטער. פֿאַראַן קראַנקן־שוועסטער, וועלכע שפּילן נאָך אין ליבע, מיר העלפֿן דעם סאָלדאַט, אַלע שוועריקײַטן זײַנען מיט אים, איך וואָלט אַזעלכע צעשאָסן, נאָר מיט וואָס וועסטו שיסן, מיטן... אויך דאָס איז ניטאָ[31].

דער קאָמאַנדיר־באַשטאַנד איז אין דעפּרעסיע, דראָענדיקע סימאָנים פֿון דעמאָראַליזירונג פֿון דער אַרמיי. דער פֿריילעכער נאַרישעוואַטער וואָראָביאָוו דערציילט וועגן זײַנע העלדנטאַטן, אונטער־געשפּרונגען, פֿיר שאָסן גלײַך אין לײַב אַרײַן. אַפּאַנאַסענקאָ קערט זיך פּלוצעם אום, דו האָסט אונטערגעריסן די אַטאַקע, פּאַסקודניאַק.

אפאנאסענקאָ איז פארמאַרעשכוירעט, שעקאָ איז נעבעכדיק.

געשפּרעכן וועגן דעם, אז די ארמיי איז ניט די, ס׳איז צײַט אַף אָפּרו[32]. וואָס ווײַטער? מיר נעכטיקן אין טשעסניקי — מיר זײַנען פארפרוירן, מיד, מיר שווײַגן, א טיפע אײַנזויגנדיקע בלאָטע, הארבסט, די וועגן זײַנען צעשלאָגן. און אומעט. כוישעכדיקע פּערספּעקטיוון ווארטן אַף אונדז.

## IV. טערעבין — קלעוואַן

טערעבין, 20.9.1

מיר טרעטן ארויס פון טשעסניקי באנאכט. צוויי שאָ געשטאַנען. באנאכט, א קעלט, אַף די פערד. מיר טרייסלען זיך. דער ארמיי־באפעל — אָפּטרעטן, מיר זײַנען ארומגערינגלט, האָבן פארלוירן די פארבינדונג מיט דער 12־טער ארמיי, מיט קיינעם האָבן מיר ניט קיין פארבינדונג. שעקאָ וויינט, דער קאָפּ טרייסלט זיך, א פּאָנעם פון א באליידיקט קינד, א נעבעכדיקער, א דערשלאָגענער. די מענטשן זײַנען כאמולעס. ווינאָקוראָוו האָט אים געגעבן איבערלייענען דעם ארמיי־באפעל — ער איז באזאַײַטיקט פון די איניאָנים. און כיישעק גיט אפאנאסענקאָ דעם עקיפּאַזש, איך בין זיי ניט קיין באַלעגאָלע.

אומענדלעכע געשפּרעכן וועגן דער נעכטיקער אטאקע, א ליגנערײַ, און אופריכטיקע באדויערונג, די סאָלדאטן שווײַגן. דער נאר וואָראָביאָוו קלינגט. אים האָט אָפּגעשטעלט דער נאטשדיוו.

דאָס איז דער אָנהייב פונעם סאָף פון דער 1־טער רײַטער־ארמיי. קלאַנגען וועגן א צוריקטריט.

שעקאָ — א מענטש אין אן אומגליק.

בא מאנוילאָוון איז 40, א קאַדאָכעס, אלע האָבן אים פײַנט, מע פארפאָלגט שעקאָן. פאַרוואָס? ער קען זיך ניט האלטן. א כיטרער, א שמייכלענדיקער, ער איז א פּיפּיקער פארשוין, דער אָרדינארעץ באָריסאָוו, קיינער, קיינער האָט ניט קיין ראַכמאָנעס — אָט אין וואָס איז דער גרויל. א ייִד?

די ארמיי ראטעוועט די 4־טע דיוויזיע. אָט האָסטו דיר א פּאַ־עטער — טימאָשענקאָ.

מיר קומען אין טערעבין, א האלב־רויִנירט דאָרף, א קעלט. הארבסט, באטאָג שלאָף איך אין דער קלוניע, באנאכט — אינאיינעם מיט שעקאָן.

א געשפּרעך מיט ארזאַם סליאַגיט. באנאנד אַף די פערד. מיר האָבן גערעדט וועגן טיפליס, וועגן דער זון. איך טראכט וועגן אָדעס, דאָס הארץ רײַסט זיך.

מיר שלעפּן זיך מיט שעקאָס פערד, וואָס גייט אָפּ מיט בלוט.

טערעבין—מעטעלין, 20.9.2

נעבעכדיקע דערפער. ניט־דערבויטע כאטעס. א האלבנאקעטע באפעלקערונג. מיר מאכן זיי ראַדיקאַל כאַרעוו. דער נאטשדיוו איז אַף דער פּאָזיציע. דער ארמיי־באפעל — אײַנהאלטן דעם פײַנט, וועלכער שטרעבט צום בוג. אָנגרײַפן אַף וואָקיִעוואָ—גאָסטינאָיע. מיר שטורכן זיך, אָבער אָן דערפאָלג. עס פארגרעסערן זיך קלאַנגען וועגן דער אָפּשוואַכונג פון דער ארמיי־שלאכטפעיִקייט. מע לויפט פון דער ארמיי. מאסעווע ראַפּאָרטן וועגן אורלויב, קראַנקהײַטן.

די הויפּט־וווּנד פון דער דיוויזיע — ניטאָ קיין קאָמאַנדירן־באשטאנד, אלע קאָמאַנדירן זײַנען פון סאָלדאטן, אפאנאסענקאָ פארהאסט די דעמאָקראטן, ער פארשטייט גאָרניט, ס׳איז ניטאָ, ווער עס זאָל פירן דעם פּאָלק אין אן אטאקע. די עסקאדראָנע קאָמאַנדעווען מיט פּאָלקן.

טעג פון אפּאטיע, שעקאָס געזונט פארבעסערט זיך, זײַן שטימונג איז אונטערדריקט. עס איז שווער צו לעבן אין דער ארמיי־אטמאָספער, וועלכע צעשפּאַלט זיך.

מאַליצע, 3. 4. 5—20.9

מיר האָבן זיך פאַרויסגערוקט צו מאַליצע.

דער נײַער געהילף פונעם נאטשדיוו — אָרלאָוו. א גאַגאָלשע פיגור. א פּאטאָלאָגישער ליגנער, א לאנגע צונג, א ייִדיש פּאָנעם, דעריקער — א שרעקלעכע, אויב וועגן דעם טראכטן, לײַכטקײַט פונעם געשפּרעך, א פלוידערײַ, ליגונים, א ווייטיק (ער הינקט), א פארטיזאַן־מאכנאָוועץ, געענדיקט א רעאַלע שול, האָט קאָמאַנדעוועט מיט א פּאָלק. פון דער לײַכטקײַט איז שרעקלעך, וואָס איז דאָרט אינווייניק?

סאַפּקאָלסאָף איז מאַנוילאָוו, כאָטש מיט א סקאַנדאַל, אַנטלאָפן, עס זײַנען געווען דראָונגען צו אַרעסטירן, וואָס פאַר א שמאַלקעפּיקײַט בא שעקאָן, מע האָט אים אָפּגעשיקט אין דער 1־טער בריגאַדע, אַן אידיאָטישקײַט. דער אַרמיי־שטאַב האָט אים געשיקט אין דער אַוויאַציע. אָמיין!

איך וווין מיט שעקאָן. ער איז טעמפּ, גוטהאַרציק, אויב א שטאָך טאָן אינעם נײַטיקן אָרט, טאַלאַנטלאָז, אָן א שטענדיקער ווילנסקראַפט, איך קריך אַף אַלע פיר, דערפאַר עס איך. דער צערט־לעכער האַלב־אָדעסיט באַגוסלאַווסקי, וועלכער טרוימט וועגן אָדעסער „מיידלעך”, ניין, ניין, אָבער ער וועט באַנאַכט אַוועקפאָרן נאָך דעם אַרמיי־באַפעל. באַגוסלאַווסקי איז אַף א קאַזאַקישן זאָטל.

דער 1־טער ווזוואָד פונעם 1־טן עסקאַדראָן. קובאַנער. מע זינגט לידער, מע איז סטאַטעטשנע. מע שמייכלט. מע כאָכמעט זיך ניט.

לעוודא האָט אָנגעגעבן א ראַפּאָרט וועגן זײַן קראַנקהײַט. א כיטרער כאָכאָל. „בא מיר איז רעוומאַטיזם, כ׳בין ניט בעקויעך צו אַרבעטן”. דרײַ ראַפּאָרטן פון די בריגאַדעס, מע האָט זיך צו־נויפגערעדט: אויב מע וועט ניט אָפּפירן די דיוויזיע אַף אָפּרו, וועט זי אומקומען, ס׳איז ניטאָ קיין היסלײַוועס, די פערד זײַנען מיד, די מענטשן זײַנען אַפּאַטיש געשטימט, די 3־טע בריגאַדע איז צוויי טעג אין פעלד, א קעלט, א רעגן.

א טרויעריק לאַנד, א בלאָטע ניט איבערצוקריכן, ניט־דאַיִקע מאַנצבלען, מע באַהאַלט די פערד אין די וועלדער, שטיל־וויינענדיקע ווײַבער.

קניגאַס ראַפּאָרט — ניט געהאַט קיין קויעך זיך ספּראַווען אָן דעם קאָמאַנדירן־באַשטאַנד.

אַלע פערד זײַנען אין די וועלדער, די רויטאַרמייער פירן א בײַט, ס׳א וויסנשאַפט. א ספּאָרט.

באַרסוקאָוו איז דעמאָראַליזירט. ער וויל אין א לערן־אַנשטאַלט.

עס גייען שלאַכטן. אונדזערע פּרוּוון אָנגרײַפן אַף וואָקיִעוואָ—טאַניאַטיגי. עס באַקומט זיך פון דעם גאָרניט. א מאָדנע קראַפטלאָזיקײַט.

דער פּאָליאַק שטופּט אונדז פּאַמעלעך, נאָר זיכער אָפּ. דער נאַטשדיוו טויג ניט, ניט קיין איני־ציִאַטיוו, ניט קיין נייטיקע אַקשאָנעסדיקײַט. זײַן אייטערדיקע אַמביציִעזקײַט. זײַן ליבשאַפט צו פרויען, זײַן זוילעל־ווּעסויוועניקײַט, און, וואַרשײַנלעך, א פיבערהאַפטע טעטיקײַט, אויב מע דאַרף, וועט עס זײַן.

דער אַרט לעבן.

קניגאַ שרײַבט — ס׳איז ניטאָ די פריִערדיקע היסלײַוועס, די סאָלדאַטן גייען אַרום צעקראָכענע.

די גאַנצע צײַט א וועטער, וועלכער יאָגט אָן אַן אומעט, די וועגן זײַנען צעשלאָגן, א גרויליקע רוסישע דאָרפישע בלאָטע, מע קאָן דעם שטיוול ניט אַרויסציִען, די זון איז ניטאָ, א רעגן, א באַטריבט פאַרשאָלטן לאַנד.

איך בין קראַנק, אַנגינע, א היץ, קוים וואָס איך גיי, שרעקלעכע נעכט אין פאַרויכערטע, פאַר־טשאַדעטע כאַטעס אַפן שטרוי, דער גאַנצער גוף איז צעבראָכן, עס בײַסט, אין בלוט, איך קאָן גאָרנישט ניט טאָן.

די אָפּעראַציע גייט דורך שלאַבעריק, א פּעריאָד פון גלײַכגעוויכט מיטן אָנהייב פון דעם סוינעם איבערוואָג.

דער קאָמאַנדירן־באַשטאַנד איז פּאַסיוו, ער איז, אייגנטלעך, ניטאָ.

איך לויף צו דער קראַנקן־שוועסטער אַף אַן איבערבינדונג[1], מע דאַרף גיין מיט די גערטנער, א בלאָטע, ניט דורכצוגיין. די קראַנקן־שוועסטער וווינט אינעם ווזוואָד, א העלדן, כאָטש זי שלאָפט מיט פאַרשיידענע מענער. א כאַטע, מע רייכערט, מע זידלט זיך, מע בײַט זיך מיט די אָנעטשעס. א סאָלדאַטיש לעבן, נאָך איין מענטש — די קראַנקן־שוועסטער. ווער סע מיִעסט זיך פון איין שיסל — ווערט אַרויסגעוואָרפן.

דער קעגנער גרײַפט אָן. מיר האָבן אײַנגענומען לאַטאַוו, גיבן אים אָפּ, ער ווײַזט אַרויס א דרוק אַף אונדז, קיין איין אָנגריף אונדזערער גיט זיך ניט אײַן, מיר שיקן אָפּ די אָבאָזן, איך פאָר אין טערעבין אַף באַרסוקאָווס פור. ווײַטער — א רעגן, א סליאָטע, אַן אומעט, מיר פאָרן איבער דעם בוג. בודיאַטיטשי. אַזוי־אַרום, איז באַשטימט געוואָרן אָפּגעבן די בוג־ליניע.

בודיאַטיטשי, 20.9.6

בודיאַטיטשי האָט די 44־טע דיוויזיע גענומען. א צוזאַמענשטויס, זיי זײַנען דערשטויינט פון דער ווילדער האָרדע, וועלכע האָט זיך געוואָרפן אַף זיי. אָרלאָוו — דאַיאָש, קײַקל זיך ווײַטער.

די קראַנקן־שוועסטער איז באַלגײַוועדיק, א טעמפּעוואַטע, די שיינע קראַנקן־שוועסטער וווינט, דער דאָקטער איז אופגעבראַכט פון דעם, וואָס זי שרײַט: שלאָג די זשידעס, ראַטעווע רוסלאַנד[2]. זיי זײַנען געפּלעפט, דעם נאַטשכאָז האָט מען מיט א נאַהײַקע געשלאָגן, דער לאַזאַרעט טרײַבט אַרויס,

מע רעקווירירט און מע שלעפּט כאַזיירים אָן קיין שום דיסקאָנט, און בא זיי איז פאראן אַן אָרדע־נונג, אלערליי באפולמעכטיקטע מיט טײַנעס בא שעקאָן. אָט דאָס זײַנען בודיאָנאָווצעס.

די באלגײַוועדיקע קראנקן־שוועסטער, אזוינע האָב איך קיינמאָל ניט געזען — אין ווײַסע שיך און זאָקן, א שלאנקער פולער פוס, בא זיי איז אַן אָרגאניזאציע, א רעספּעקט צו מענטשן־ווירדע, א גיכע, אַן אקוראטע ארבעט.

מיר לעבן בא ייִדן.

דער געדאנק וועגן דער היים איז אַלץ אקשאָנעסדיקער. ס׳איז ניט צו זען קיין אויסוועג.

בודיאָטיטשי, 20.9.7

מיר פארנעמען צוויי צימערן. די קיך איז פול מיט ייִדן. עס זײַנען פאראן בעזשענצעס פון קרילאָוו, א נעבעכדיק קופקעלע מענטשן מיט פענעמער פון נעוויִים. מע שלאָפט זײַט בא זײַט. א גאנצן טאָג קאָכט מען און מע באַקט, א ייִדישקע ארבעט ווי א קאטאָרזשנע, זי נייט, וואשט. אויך דאָרט דאוונט מען. קינדער, בארישניעס. כאמולעס — מעשאָרסים פרעסן אומופהערלעך, טרינקען בראנפן, מע לאכט, מע ווערט פעט, מע שלוקערצט פון וועלן א פרוי.

מיר עסן יעדע צוויי שאָ.

דער מיליטער־טייל איז איבערגעפירט אַף יענער זײַט בוג, א נײַע פאזע פון דער אָפּעראציע.

אָט איז שוין צוויי וואָכן, ווי אַלץ אײַנגעשפּארטער און אײַנגעשפּארטער רעדט מען וועגן דעם, אז די ארמיי דארף מען אָפּפירן אַף אָפּרו. אַף אָפּרו — א קאמפּס־רוף!

עס שטייט פאָר א קאָמאנדירונג — צוגאסט באם נאטשדיוו — שטענדיק עסט מען, זײַנע דער־ציילונגען וועגן סטאוורא־פּאָל, סוסלאָוו ווערט פעט, דער כאם איז גערדיכט פארקנעט.

א שרעקלעכע אומטאקטישקײַט — צו א באלוינונג מיטן אָרדען פון דער רויטער פאָן זײַנען צוגעשטעלט שעקאָ, סוסלאָוו, סוכאָרוקאָוו.

דער קעגנער פּרוּווט איבערגיין דעם בוג אַף אונדזער ברעג, די 14־טע דיוויזיע האָט אים אָפּגעשלאָגן.

איך שרײַב ציײַגענישן.

איך בין טויב געוואָרן אַף איין אויער. דאָס איז א רעזולטאט פון דער פארקילונג? דער קער־פּער איז צעקראצט, אַלץ איז אין מאקעס, איך בין ניט מיט אלעמען. ס׳איז הארבסט, א רעגן, ס׳איז אומעטיק, א שווערער שמוץ.

וולאדימיר־וואָלינסק, 20.9.8

אינדערפרי אַף א באלעבעסלדיקן וואָגן אין אדמיניסטראטיוון שטאב. אן אטעסטאט, א פאר־שלעפּעניש מיטן געלט. א האלב־הינטערלאנדישע נידערטרעכטיקײַט — גוסיעוו, נאליאָטאָוו, געלט אין רעוווטריבונאל. ווארמעס בא גאָרבונאָוון.

אַף די זעלבע קליאטשעס קיין וולאדימיר. דאָרט פאָרן איז שווער, א ניט־דורכקריכנדיקע בלאָ־טע, די וועגן זײַנען ניט דורכגענגלעך. מיר קומען צו פאָרן באנאכט. א שמײַעניש מיט א קווארטיר, א קאלטער צימער בא אַן אלמאָנע. ייִדן — קרעמער. דער פאפאשע און די מאמאשע — זקיינים.

דו לײַדסט, באָבעשי? א שווארצבערדיקער, ווייכער מאן. א געלרויטע שוואנגערע ייִדישקע וואשט די פיס. באם מיידעלע איז א פאָנאָס. אן ענגשאפט, אָבער עלעקטרישע שײַן, ס׳איז ווארעם.

א וועטשערע — קליאָצקעס מיט בוימל — א מעכײַע. אָט איז זי, די ייִדישע גערדיכטעניש. מע מיינט, אז איך פארשטיי ניט אַף ייִדיש, כיטרע, ווי פליגן. די שטאָט איז אָרעם.

מיר שלאָפן מיט באָראָדינען אַף אַן איבערבעט.

וולאדימיר־וואָלינסק, 20.9.9

די שטאָט איז אָרעם, שמוציק, הונגעריק, אַף געלט קאָן מען גאָרנישט ניט קויפן, קאָנפעטן און פּאפּיראָסן קאָסטן 20 רובל. אַן אומעט. דער ארמיי־שטאב. ס׳איז טרויעריק, דער סאָוועט פון פּראָפעסיאָנעלע פאריינען, ייִדישע יונגעלײַט. דאָס גיין אין סאָוונארכאָזן און פּראָפקאָמיסיעס, אַן אומעט, די מיליטער־טיילן פאָדערן, קונדייסעווען. קוואָלע יונגע ייִדן.

א רײַכער ווארמעס — פלייש, קאשע. דער איינציקער טײַנעג — די שפּײַז.

דער נײַער שטאב־מיליטער־קאָמיסאר — א מאלפּיש פּאָנעם.

די באלעבאטים ווילן אויסבײַטן מײַן שאל. איך וועל זיך ניט אונטערגעבן. מײַן קוטשער — א באָרוועסער, מיט א געשוואָלן פּאָנעם. ראסייע.

די סינאַגאָגע. איך דאַוון, הוילע וועגט, עפּעס אַ סאָלדאַט נעמט צו די עלעקטרישע לעמפּלעך.

די באָד. זאָל פאַרשאַלטן ווערן די סאָלדאַטשינע, די מילכאָמע, די אַנזאַמלונג פון יונגע, פאַר־מוטשעטע, פאַרווילדעוועטע, אָבער נאָך געזונטע מענטשן.

דאָס אינערלעכע לעבן פון מײַנע באַלעבאַטים, עפּעס ווערן אײניקע זאַכן געמאַכט, מאָרגן איז פרײַטיק, מע גרייט זיך שוין, אַ גוטע אַלטיטשקע, אַ דורכגעטריבענער זאָקן, מע שטעלט זיך פאַר פאַר אָרעמעלײַט. מע זאָגט — בעסער הונגערן באַ די באַלשעוויקעס, איידער עסן קוילעטשן באַ די פּאָליאַקן.

קאָוועל, 20.9.10

אַ האַלבן טאָג אינעם רויִנירטן, אומעטיקן, שרעקלעכן וולאַדימיר־וואָלינסקער וואָקזאַל. עס אַר־בעט אַ שוואַרצבערדיקער ייִד. קיין קאָוועל קומען מיר צו פאָרן באַנאַכט. אַן אומדערוואַרטע פרייד — דער צוג פונעם פּאָליט־אָפּטייל פון דער אַרמיי. אַ וועטשערע באַ זדאַנעוויטשן[3], פּוטער. איך נעכטיק אין דער ראַדיאָסטאַנציע. אַ פאַרבלענדנדיקע שײַן. ניסים. די כעלמער זוינע. לימפּאַטישע דריזן. וואָלאָדיע. זי האָט זיך אויסגעטאָן. מײַנע נעוויִעס זײַנען מעקויִעם געוואָרן.

קאָוועל, 20.9.11

די שטאָט פאַרהיט שפּורן פון אייראָפּעיִש־ייִדישער קולטור. סאָוועטיש (געלט) נעמט מען ניט, אַ גלאָז קאַווע אָן צוקער — 50 רובל, אַ פּאַסקודנער וואַרמעס אפֿן וואָקזאַל — 600 רובל.

די זון, איך גיי צו דאָקטוירים, איך היילן דעם אויער, קרעץ.

צוגאַסט צו יאַקאָווליעווין, שטילע שטיבעלעך, לאָנקעס, ייִדישע געסלעך, אַ שטיל לעבן, יאָדער־דיקע ייִדישע מיידלעך, יונגעלײַט, זקיינים באַ דער סינאַגאָגע, ס'קאָן זײַן, אַז זיי זײַנען אין פּאַריקן, די סאָוועטנמאַכט האָט, דאַכט זיך, ניט צעבויטעט די אויבערפלאַך, די קוואַרטאַלן פון יענער זײַט בריק.

אין צוג איז שמוציק און קאַלט, אַלע זײַנען אויסגעצערט, פּאַרלײַזיקט, געל געוואָרן, אַלע האָבן אײנעם דעם אַנדערן פײַנט, מע זיצט פאַרמאַכט אין זייערע קאַבינקעס, אַפילע דער קעכער איז אויסגעמאָגערט. איבעראַשנדיקע ענדערונגען. מע לעבט אין שטײַגלעך. די שמוציקע כעלמער מויד טוט עפּעס אויף דער קיך, דער קאָנטאַקט מיט דער קיך, זי האָדעוועט וואָלאָדיען, אַ ייִדיש ווײַב „פון אַ גוטער שטוב".

אַ גאַנצן טאָג זוך איך עפּעס צו עסן.

דער דיסלאָקאַציע־ראַיאָן פון דער 12־טער אַרמיי. פּרעכטיקע אַנשטאַלטן — קלובן, גראַמאָ־פאָנען, באַוווסטזיניקע רויטאַרמייער, ס'איז פריילעך, דאָס לעבן קאָכט, צײַטונגען פון דער 12־טער אַרמיי, די אַרמיי־פאַרוואַלטונג פון ראַסטאַ, דער קאָמאַנדאַרם קוזמין, וועלכער שרײַבט אַרטיקלען, עס זעט אויס, אַז די אַרבעט פונעם פּאָליט־אָפּטייל איז אָוועקגעשטעלט גוט.

דאָס לעבן פון די ייִדן, האַמוינים אויף דער גאַס, די הויפּט־גאַס לוצקאַיאַ, איך גיי מיט צעקאַ־ליעטשעטע פיס, איך טרינק אַ סאַך טיי און קאַווע. אײַזקרעם — 500 רובל. מע דערלויבט זיך ביז גאָר. שאַבעס. אַלע קלייטלעך זײַנען פאַרמאַכט. אַ רעפּוע — 5 רובל. איך נעכטיק אין דער ראַדיאָסטאַנציע. אַ פאַרבלענדנדיקע שײַן, ראַדיאָטעלעגראַפיסטן כאַכמענען זיך, אײנער פּרוּווט שפּילן אויף אַ מאַנדאָלינע. ליידנשאַפטלעכע ביכערפרעסער.

קיווערצי, 20.9.12

אינדערפרי — אַ פּאַניק אפֿן וואָקזאַל. אַן אַרטילעריע־שיסערײַ. די פּאָליאַקן זײַנען אין דער שטאָט. אַ מוירעדיקע נעבעכדיקע פּלייטע. אַבאָזן אין פינף רייען, אַ נעבעכדיקע, שמוציקע, לויפנ־דיקע פּעכאָטע, הייל־מענטשן, מע לויפט איבער לאָנקעס, מע וואַרפט די ביקסן, דער אָרדינאַרעץ באָראַדין זעט שוין די פּאָליאַקן, וועלכע האַקן מיט די סאַבליעס. דער צוג גייט אָפּ גיך, די סאָל־דאַטן און די אָבאָזן לויפן, פאַרוווּנדעטע מיט צעקריפּלטע פּענעמער שפּרינגען צו אונדז אין וואַגאָן אַרײַן, אַ פּאָליטרוק, אַ פאַרסאָפּעטער, באַ וועלכן די הויזן[4] זײַנען אַראָפּגעפאַלן, אַ ייִד מיט אַ דין דורכזיכטיק פּאָנעם, ס'קאָן זײַן אַ כיטרער ייִד, עס שפּרינגען אַרײַן דעזערטירן מיט איבערגעבראָכענע הענט, קראַנקע פון דער סאַניטאַרנע לעטוטשקע.

אַן אַנשטאַלט, וואָס הייסט די 12־טע אַרמיי. אויף איין סאָלדאַט — פיר מענטשן פונעם הינ־טערלאַנד, צוויי דאַמעס, צוויי קופערטן מיט זאַכן, און אַפילע אָט דער אײנציקער סאָלדאַט קעמפט ניט. די 12־טע אַרמיי ברענגט אום דעם פראָנט און די רײַטער־אַרמיי, צעעפנט אונדזערע פלאַנגען,

צווינגט פארשטעקן מיט זיך אַלע לעכער[5]. באַ זיי האָט זיך איבערגעגעבן אין געפּענקעניש, אנטבלויזט דעם פראָנט און אוראַלער פּאָלק צי אַ באַשקירישע בריגאַדע. אַ מיִעסע פּאַניק, די אַרמיי איז ניט שלאַכטפעיִק. טיפּן פון סאָלדאַטן. אַ רוסישער רויטאַרמייער — אַ באָרוועסער פּעכאָטינעץ, ניט נאָר מאָדערניזירט, אינגאַנצן אַ „דאַלעסדיקע ראַסייע", נאַוועגאַדניקעס, געשוואָלענע, פּאַרלייַזיקטע, קורצוויקסיקע, הונגעריקע פּויערים.

אין גאַלאָבאַך וואַרפט מען אַרויס אַלע קראַנקע, פאַרווונדעטע און די דעזערטירן. קלאַנגען און שפּעטער אויך פאַקטן: פאַרכאַפּט, אַרייַנגעטריבן אין וולאַדימיר־וואָלינסקער טופּיק, די באַזאָרגונג פון דער 1־טער רייַטער־אַרמיי, אונדזער שטאַב איז איבערגעפאָרן קיין לוצק, מע האָט פאַרכאַפּט באַ דער 12־טער אַרמיי אַ מאַסע געפאַנגענע, פאַרמעגן, די אַרמיי אַנטלויפט.

אָפּדערנאַכט קומען מיר צו פאָרן קיין קיווערצי.

אַ שווער לעבן אין וואַגאָן. די ראַדיִאָטעלעגראַפיסטן פרווון מיך אַרויסשטופּן, באַ אײנעם איז נאָכאַמאָל קאַליע געוואָרן דער מאָגן, ער שפּילט אויף דער מאַנדאָלינע, אַ צווייטער כאָכמעט זיך, ווייַל ער איז אַ נאַר. אַ וואַגאָן־לעבן, אַ שמוציקס, אַ רישעסדיקס, אַ הונגעריקס, אַ פייַנטלעכס אײנס צום אַנדערן, אַ קרענקלעכס. רייכערנדיקע און פרעסנדיקע מאָסקוויטשקעס, אָן אָן אייגענעם פּאָנעם, אַ סאַך נעבעכדיקע מענטשן, הוסטנדיקע מאָסקווער טוישוווים, אַלע ווילן עסן, אַלע זייַנען בייז, באַ אַלעמען איז קאַליע דער מאָגן.

קיווערצי, 20.9.13

אַ לויטערער פרימאָרגן, אַ וואַלד. דאָס יִדישע נייַע יאָר. ס'איז הונגעריק. איך גיי אין שטעטל. יִנגעלעך אין ווייַסע קעלנערלעך. אישאָס כאַקל איז מיך מעכאַבעד מיט ברויט און פּוטער. זי פאַרדינט „אַליין", אַ פרוי — אַ מאַזיק, אַ זייַדן קלייד, אין שטוב איז צוגעראַמט, דער מאַן איז אין אַמעריקע, אָן אַלפּיסייכלדיקע און געלאַסענע יִדישקע.

אַ דויערנדיקער אָפּשטעל אויף דער סטאַנציע. ווי פריִער, איז אָן אומעט. מיר נעמען ביכער אין קלוב, לייענען לייַדנשאַפטלעך.

קלעוואַן, 20.9.14

מיר שטייען אַ מעסלעס אין קלעוואַן, אַלע זייַנען אויף דער סטאַנציע. אַ הונגער, אַן אומעט. ראָוונע נעמט אונדז ניט. אָן אייַזנבאַן־אַרבעטער. מיר באַקן באַ אים פּלעצלעך, קאַרטלעך. אָן אייַזנבאַן־אופזעער. זיי עסן וואַרמעס, זאָגן ליבלעכע ווערטער, מע גיט אונדז גאָרניט. איך בין מיט באַראַדינען, זייַן לייַכטער גאַנג. אַ גאַנצן טאָג זוכן מיר שפּייַז, פון איין וועכטער־שטיבל צום צווייטן. איך נעכטיק אין דער ראַדיִאָסטאַנציע באַ אַ פאַרבלענדנדיקער באַלויכטונג.

קלעוואַן, 20.9.15

עס הייבט זיך אָן דער דריטער מעסלעס פון אונדזער פּייַנלעכן שטיין אין קלעוואַן. דאָס זעלבע גייעניש נאָך שפּייַז, אינדערפרי האָבן מיר בעשעפע געטרונקען טיי מיט פּלעצלעך. אָפּדערנאַכט בין איך אויף אַ פור פון דער 1־טער רייַטער־אַרמיי געפאָרן קיין ראָוונע. אַ געשפּרעך וועגן אונדזער אוויִאַציע, זי איז ניטאָ, אַלע אַפּאַראַטן זייַנען צעבראָכן, די פּילאָטן קענען ניט פליִען, די מאַשינען זייַנען אַלטע, געלאַטעטע, זיי טויגן צו גאָרנישט ניט. אַ קראַנקער אויפן האַלדז רויטאַרמייער, — אָט איז ער, דער טיפּ. קוים וואָס ער רעדט, דאָרט איז מיסטאָמע אַלץ פאַרלייגט, אָנגעצונדן, ער קריכט מיטן פינגער, קעדיי אָפּקראַצן פונעם גאָרגל דאָס הייַטל, מע זאָגט, אַז עס העלפט זאַלץ, ער שיט זאַלץ, פיר טעג ניט געגעסן, טרינקט קאַלט וואַסער, ווייַל קײנער גיט ניט קיין הייסן. ער רעדט שטאַמלענדיק וועגן אָן אָנגריף. וועגן קאָמאַנדירן, וועגן דעם, אַז זיי זייַנען באָרוועסע, אייניקע גייען, אַנדערע גייען ניט, רופט מיטן פינגער. אַ וועטשערע באַ דער גאַסניקאָווען.

# באַמערקונגען

## III. גרזשימאַלאָווקע — טשעסניקי

1. די איינדרוקן אינעם טאָגבוך וועגן דער פויערישער פּעכאָטע זיינען אָפּגעשפּיגלט אין דער נאָוועלע „אַפאַנקע בידיי".

2. מיכאַיל קאַרלאָוויטש — ק. ק. זשעלנאַרקעוויטשעס ברודער.

3. קאָראָטשייעוו, ד. ד. (אינעם טאָגבוך און אין דער „רייטער־אַרמיי" קאָראָטשייעוו) — דער קאָמאַנדיר פון דער 4־טער רייטער־דיוויזיע.

4. די סצענע איז אָפּגעשפּיגלט אין דער נאָוועלע „קאָמבריג־2" (צוערשט האָט זי געהייסן „קאָלעסניקאָוו").

קאָלעסניקאָוו, איוואַן אַנדרייעוויטש — דער קאָמאַנדיר פון דער 2־טער בריגאַדע פון דער 6־טער רייטער־דיוויזיע.

גרישין, פּיאָטער קאַפּיטאָנאָוויטש — דער מיליטער־קאָמיסאַר פון דער 2־טער בריגאַדע פון דער 6־טער רייטער־דיוויזיע. אין דער נאָוועלע „קאָמבריג־2" איז ער אָנגעוויזן אונטער דער פאַמיליע אַלמאַזאָוו.

5. שעקאָ, יאַקאָוו וואַסיליעוויטש (1893—1938) — פונעם 3 אויגוסט 1920 (נאָכן אַראָפּנעמען ק. ק. זשעלנאַרקעוויטשן) — נאַטשאַלניק פון דער 6־טער רייטער־דיוויזיע. באַלוינט מיט צוויי אָרדענס פון דער רויטער פאָן. אין 1938 אין ראַנג פון אַ קאָמבריג צעשאָסן געוואָרן. דאָס האָט מיטגעטיילט ע. נ. בעלטאָוו.

6. אַפּאַנאַסענקאָ, יאָסיף ראָדיאָנאָוויטש (1890—1943), אַ פּאַרטיי־מיטגליד פונעם 1918 יאָר, פונעם 3 אויגוסט 1920 (נאָכן באַזייטיקן ס. ק. טימאָשענקאָ) — נאַטשאַלניק פון דער 6־טער רייטער־דיוויזיע. אין אָקטיאַבער 1920 נאָכן אַנטוואָפֿענען 3 פּאָלקן פון דער דיוויזיע פאַר באַנדיטיזם, מאַראָדעריי און יידישע פּאָגראָמען אַראָפּגענומען פונעם פּאָסטן נאַטשדיוו, וועלכן שעקאָ האָט צייטווייליק פאַרנומען.

7. די שלאַכט פאַר דער שטאָט בראָד איז געגאַנגען אַ גאַנצן טאָג. די 6־טע דיוויזיע האָט זי געפּירט צאָפּנדיקער פון דער שטאָט. צווישן די פּוילישע טראָפּייען — 600 פערד, 4 טשטיקע האַרמאַטן און אַ געשפּאַן, אַ ראַדיאָסטאַנציע.

8. באַבעל איז געווען גערעכט. דעם 5 אויגוסט 1920 איז פּאַוועל וואַסיליעוויטש באַכטוראָוו געווען נאָמינירט אַלס מיליטער־קאָמיסאַר פון דער 11־טער רייטער־דיוויזיע. אויף זיין אָרט האָט מען געשטעלט ג. מ. ווינאָקוראָוון. צום לעצטן מאָל האָט באַבעל געזען ווינאָקוראָוון דעם 27 אויגוסט 1920. דעם 21 אָקטיאַבער 1920 איז באַכטוראָוו אומגעקומען.

9. גובאַנאָוו — מיליטער־קאָמיסאַר פונעם 31־טן פּאָלק פון דער 6־טער רייטער־דיוויזיע.

10. שיריאַיעוו, איוואַן אַנדרייעוויטש (1896 — 1968), מיליטער־קאָמיסאַר פון דער 6־טער רייטער־דיוויזיע (פון 4 — 13 סענטיאַבער ביז 5 — 18 דעקאַבער 1920). אין 1937 — 1956 — געווען רעפּרעסירט. געבראַכט צו קוורע אויף נאָוואָדעוויטשיער בעסוילעם (מאָסקווע).

1. זיין באַציִונג צום כייִשן פּאָגראָם אין שטעטל בערעסטעטשקאָ דעם 19 אויגוסט 1920 האָט באַבעל אויסגעדריקט אין זיין פאַרצייכענונג „די ריטער פון דער רעוואָליוציע" («Рыцари революции»), געדרוקט אין דער צייטונג פונעם פּאָליט־אָפּטייל פון דער 1־טער רייטער־אַרמיי „קראַסני קאַוואַלעריסט".

12. וועגן דער באַציִונג צו די באַליידיקטע געפילן פון די גלויביקע האָט באַבעל געשריבן אין דער נאָוועלע „באַם הייליקן וואַלענטין" («У святого Валентина»).

13. אונדזער קליינינקן העלד איז 7 וואָכן (פר.).

14. גאַופּטמאַן, גערהאַרד (1862 — 1946) — דייטשישער דראַמאַטורג, לאַורעאַט פון דער נאָבעל־פּרעמיע פאַר דעם 1912 יאָר.

15. ווינאָקוראָוו, גריגאָרי מיכיילאָוויטש (1896 — 1974), פּאַרטיי־מיטגליד פונעם 1917 יאָר. מיליטער־קאָמיסאַר פון דער 14־טער רייטער־דיוויזיע, געווען דאָרט אויסגעוויילט אויפן VIII סאָוועטן־צוזאַמענפאָר. ער האָט פאַרביטן אין דער 6־טער רייטער־דיוויזיע פּ. וו. באַכטוראָוון פונעם 13 אויגוסט ביז דעם 13 סענטיאַבער 1920. נאָך דער לער אין די יאָרן 1926 — 1933 געווען אויף פאַרשיידענע פּאַרטייִשע אוןווירטשאַפטלעכע אַרבעטן. אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע.

16. די פאַרנאָטירונגען זיינען אָפּגעשפּיגלט אין דער נאָוועלע „אַ בריוו" («Письмо»).

17. די פאַרנאָטירונגען זיינען אָפּגעשפּיגלט אין דער נאָוועלע „די אַלמאָנע («Вдова») (פריִער האָט זי געהייסן „שעפּעלעוו").

18. דומענקאָ, באָריס מאָקייעוויטש (1888 — 1920), פּאַרטיי־מיטגליד פונעם 1919 יאָר. צעשאָסן אין ראָסטאָוו־אָפן־דאָן אין 1920. דער געוועזענער רייטער־אַרמייער פונעם 24־טן רייטער־פּאָלק, איצט גענעראַל־מאַיאָר ג. וו. פּאָטאָצקי האָט מיטגעטיילט דעם אויטאָר פונעם קאָמענטאַר צו אַי. באַבעלס טאָגבוך, אַז ווען אין אָנהייב אַפּרעל 1920 איז זיין פּאָלק אַריינגעקומען קיין ראָסטאָוו, האָבן די סאָלדאַטן זיך דערוווּסט, אַז ב. מ. דומענקאָ איז אין טורמע. די סאָלדאַטן זיינען אַוועק אים באַפרייען.

וואָראָשילאָוו און בודיאָני האָבן אָפּגעהאַלטן דעם פּאָלק, אים אָפּגעשיקט אָפן פּוילישן פראָנט. דער פּאָלק האָט ניט אָנטיילגענומען אינעם מיליטערישן פּאַראַד אָפן שטאָטישן איפּאָדראָם דעם 20 אַפּרעל.

19. אוטאָטשקין, ס. אי. (1876 — 1915), איינער פון די ערשטע רוסישע פּילאָטן.

20. דער קסאָוויאַד „וועגן די ציבעקס, וועגן פון לאַנג פאַרגעסענע זאַכן" האָט זיך ניט פאַרהיט.

21. אַלס אַן איבערזעצער איז באַבעל געווען באַקאַנט אין אַ סאַך דיוויזיעס פון דער 1־טער רײַטער־ארמיי. עס איז באַוווּסט, אַז ער איז אַרויסגעפאָרן אין דער 45־טער דיוויזיע, קעדיי פאַרהערן די גרעפן פּאָטאָצקאַיאַ, ער איז געווען באַקאַנט מיט י. ע. יאַקירן.

22. די פאַרנאָטירונגען האָט באַבעל שפּעטער אויסגעניצט אין דער נאָוועלע „נײַן זײַנען זיי געווען" («Их было девять»).

יאַקאָוו וואַסיליעוויטש — יאַ. וו. שעקאָ — דער נאַטשדיוו־6.

23. באַבעל האָט געאַרבעט אין שטאַב פון דער דיוויזיע און איז געווען פאַרנומען אומקאָנסעקווענט מיט אָפּעראַטיווער אַרבעט.

24. פונעם 13 ביז דעם 20 אווגוסט 1920 האָט די 1־טע רײַטער־ארמיי געפירט, ווי עס איז גוט צו זען פונעם טאָגבוך, פאַרביטערטע פראָנטאַלע שלאַכטן אין דער בלאָטיקער געגנט פאַרן טײַך־איבערגאַנג איבערן בוג אָף דעם באַצירק קאַמענקאַ—בוסק און אויך נאָך דעם, ווי די ארמיי איז דעם 18 אווגוסט אַריבער דעם בוג אין אומיטלבאַרער נאָענטקײַט פון לוואָוו. אָבער שוין דעם 20 אווגוסט האָט די 1־טע רײַטער־ארמיי אָנגעהויבן, לויטן באַפעל פונעם פראָנט, זיך אָפּציִען פונעם לוואָווער פאַרפעסטיקטן ראַיאָן. לויט דער אָפּשאַצונג פון מיליטערישע היסטאָריקער, איז דער באַפעל בעפיירעש געווען אַ פעלערהאַפטער.

25. אַ הייסער נאַציאָנאַליסט.

26. פּוילישע, יידישע (דײַטש).

27. אין יענע טעג האָט מיט דער 4־טער רײַטער־דיוויזיע קאָמאַנדעוועט באַבעלס באַליבטער נאַטשדיוו ס. ק. טימאָשענקאָ.

28. וועגן דער סצענע, וואָס דער שרײַבער דערציילט, איז אין וואָראָשילאָווס נאָטיץ־ביכל געבליבן אַזאַ פאַרנאָטירונג: „די 6־טע דיוויזיע איז שוין אַרײַנגעטראָטן אין קאָמאַראָוו. דעם נאַטשדיוו, דעם מיליטערישן קאָמיסאַר און דעם נאַטששטאַדיוו האָב איך געלייענט נאָטאַציעס... זיי האָבן צוגעזאָגט זיך אויסבעסערן, אַליין אַנערקענט, אַז נעכטן האָבן זיי געקאָנט צעשמעטערן דעם פײַנט מיט צוויי עסקאַדראָנען, נאָר אַלץ האָט קאַליע געמאַכט דער ליבער קאָמבריג ק..., זיי האָבן באַפוילן אים שיקן צו אונדז זיך מיסוואַדע זײַן. ס'אַ צאָרע מיט דעם ק... די, וועלכע ניצן אויס זייער אומבאַגרענעצטע ווירקונג פון זייערע מיליטער־טיילן, שטעלן זיך פאָר פאַר דער מאַסע אָנשטאָט קאָמאַנדירן, פאַר „באַטקעס". דאָס וועל איך אויסראָטן, וואָס עס זאָל מיך ניט קאָסטן" (С. Орловский. «Рабочий вождь Красной армии К. Е. Ворошилов»; М., Партийное издательство, 1932, с. 21).

29. וועגן דעם פּאָגראָם פון עסאַול יאַקאָוולעוס קאַזאַקן אין שטעטל קאָמאַראָוו האָט באַבעל אָנגעשריבן אין דער פאַרצייכענונג „די ניט־דערשלאָגענע מערדער", וועלכע איז געווען פּובליקירט דעם 17 סענטיאַבער 1920 אין נומ. 34 פון דער צײַטונג „קראַסני קאַוואַלעריסט".

30. די אײַנדרוקן זײַנען אָפּגעשפּיגלט אין דער נאָוועלע „נײַן זײַנען זיי געווען" און „דער עסקאַדראָנער טרונאָוו".

31. די פאַרנאָטירונגען זײַנען אָפּגעשפּיגלט אין דער נאָוועלע „נאָך דער שלאַכט".

32. אין די שלאַכטן פונעם 26 ביז דעם 30 אווגוסט האָט די 1־טע רײַטער־ארמיי געהאַט באַדײַטפולע פאַרלוסטן אין מענטשן און פערד און האָט אויסגעשעפּט די שיס־מאַטעריאַלן.

## IV. טערעבין—קלעוואַן

1. זײַן דערעכערעץ צו דער אַרבעט פון די קראַנקן־שוועסטער אין דער 1־טער רײַטער־ארמיי און צו זייער לאַגע אין דער ארמיי האָט באַבעל אויסגעדריקט אין זײַן פאַרצייכענונג „איר טאָג", וועלכע איז געווען פּובליקירט דעם 1920.9.18 אין נומ. 235 פון „קראַסני קאַוואַלעריסט".

2. וועגן אַנטיסעמיטיזם אין דער 1־טער רײַטער־ארמיי, וואָס האָט זיך באַזונדערס אַנטפּלעקט אין סענטיאַבער—אָקטיאַבער 1920, האָט דער סעקרעטאַר פונעם רעוואָלוציאָנערן מיליטערישן ראַט פון דער 1־טער רײַטער־ארמיי ס. נ. אָרלאָווסקי אין זײַן בוך וועגן ק. יע. וואָראָשילאָוון געשריבן: „אין סענטיאַבער האָט אין דער רײַטער־ארמיי אויפגעפלאַקערט אַ רעצידיוו פון באַנדיטיזם. באַם פּרוּוו אָפּצושטעלן די ראַבירונגען איז דערהאַרגעט געוואָרן דער קאָמיסאַר פון דער דיוויזיע כאַווער שעפּעלעוו. אונטער דער ווירקונג פון מאַכנאָווישע עלעמענטן, וועלכע זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין דער רײַטער־ארמיי, האָבן מיליטער־טיילן אָנגעהויבן „אויסלאָדן" פון די טורמעס קרימינעלע עלעמענטן. עס זײַנען געווען פאַלן פון ראַבירונגען אין יידישע שטעטלעך".

דעם 1920.10.2 האָט ס. מ. בודיאָני זיך געווענדט דורך דער צײַטונג „קראַסני קאַוואַלעריסט" צו די שלאַכטלײַט. ער האָט געזאָגט:

„שלאָג די זשידעס און קאָמוניסטן!" — דאָס איז דער לאָזונג פון אונדזערע פײַנט, מיט פּאָגראָמען, ראַבירונגען, מיט גוואַלדטאַטן האָבן זיך פאַרנומען די באַנדעס פון מאַכנאָוון, שקוראָ און אַנדערע קייסאָרים און גענעראַלן". עס איז באַוווּסט פון פּילצאָליקע דאָקומענטן, אַז דרײַ פּאָלקן פון דער 6־טער

רײַטער־דיוויזיע זײַנען פאַר פּאָגראָמען און באַנדיטיזם געווען אַנטוואָפנט און לויט דעם אורטייל פונעם טריבונאַל זײַנען 101 מענטשן צעשאָסן געוואָרן.

אין שײַן פונעם אויבנגעזאָגטן מיצאַד ק. יע. וואָראָשילאָוון און ס. מ. בודיאָנין וועגן די געוועזענע שוואַרצע טעג אין דער רײַטער־אַרמיי, זײַנען פולקום אומבאַגרינדעט די אַרויסטרעטונגען פונעם קאָמאַנדאַרם אין 1924 קעגן באַבעלן און א. ק. וואָראָנסקין און אין 1928 קעגן באַבעלן און א. מ. גאָרקין. אין די אַרויסטרעטונגען איז צו זען ניט בלויז א פּרוּוו צו באַשמוצן דעם בוך און זײַן אויטאָר, נאָר אויך די ערשטע עפנטלעכע אַקציע פונעם קאָמאַנדאַרם פון דער 1־טער רײַטער־אַרמיי אויסצוּוואָרצלען די וואָרהאַפטע אינפאָרמאַציע וועגן דעם לעבן פון דער אַרמיי, פון דער פּוילישער קאַמפּאַניע, א פּרוּוו צו פאַלסיפיצירן די געשיכטע פון דער 1־טער רײַטער־אַרמיי.

3. זדאַנעוויטש, וולאַדימיר פּראָכאָראָוויטש (1894 — 1922) — זשורנאַליסט, אין יענע טעג — רעדאַקטאָר פון „קראַסני קאַוואַלעריסט". עטוואָס פריִער, פאַר דער באַגעגעניש אינעם פּאַנצערצוג, האָט באַבעל אָפּגעשיקט דעם רעדאַקטאָר א בריוו. אָפּדערנאָכט דעם 10־טן סענטיאַבער האָבן באַבעל און זדאַנעוויטש באַהאַנדלט דעם בריוו, און אויפן אַנדערן טאָג האָט די צײַטונג פאַרעפנטלעכט אין דער רובריק „עקספּעדיציע, צי זיך אונטער!" באַבעלס בריוו און דעם ענטפער אויף אים פונעם רעדאַקטאָר. דאָס איז אַן אוניקאַלער צופאַל אין דער געשיכטע פון דער אַרמיי־פּרעסע פון דער 1־טער רײַטער־אַרמיי, וועלכע זאָגט עדות וועגן דעם גרויסן רעספּעקט פון דער רעדאַקציע צום קאָרעספּאָנדענט פון דער 6־טער רײַטער־דיוויזיע ק. וו. ליוטאָוון.

4. די טאָגבוך־פאַרנאָטירונגען זײַנען אויסגעניצט אין דער נאָוועלע „דעם רעבנס זון" («Сын рабби»).

5. דער אַנאַליז פון די קריגס־אָפּעראַציעס פון דער 1־טער רײַטער־אַרמיי, וועלכן עס האָבן געמאַכט מיליטערישע ספּעציאַליסטן, באַווײַזט, אַז דאָס, וואָס אויף די פלאַנגען זײַנען בײַגעווען די ווייניק מאַנעווּרירנדיקע 12־טע און 14־טע אַרמייען, האָט געשטערט דאָס פאַרפעסטיקן זיך און דער אַנטוויקלונג פון אירע דערפאָלגן. די פאַרנאָטירונגען און די אָפּשאַצונג פון די קריגס־אָפּעראַציעס פון דער 12־טער אַרמיי זײַנען אָפּגעשפּיגלט אין דער נאָוועלע „דעם רעבנס זון".

---

כראָניק

# א פעסטיוואַל פון ייִדישע פילמען — צום ערשטן מאָל אין פסס"ר

אין 1987 איז באַם אַלפאַרבאַנדישן פאַריין פון קינעמאַטאָגראַפיסטן געשאַפן געוואָרן די פירמע „אַמעריקאַנער־סאָוועטישע איניציאַטיוו". דער ציל פון אָט דער אָרגאַניזאַציע איז — אַנטוויקלען און פאַרברייטערן די מיטאַרבעט מיט פסשא אין געביט פון קינאָ. צווישן אַנדערש, איז דערגרייכט געוואָרן א צונויפגערעדטקייט וועגן דורכפירן בא אונדז אין לאַנד א קינאָ־פעסטיוואַל פון ייִדישע פילמען. די פילמען וועט און ראַטנפאַרבאַנד ברענגען אַן אָרגאַניזאַציע פון סאַן־פראַנציסקאָ, וועלכע הייסט „ייִדישער קינאָ־פעסטיוואַל".

דער דירעקטאָר פונעם „ייִדישן קינאָ־פעסטיוואַל" דעבאָרע קאַופמאַן האָט, זײַענדיק אין מאָסקווע, דערציילט, אַז די סאָוועטישע צושויער וועלן זיך באַקענען מיט אַן ערך 30 קינסטלערישע און דאָקומענטאַלע לענטעס, געווידמעט דער געשיכטע און דער קולטור פונעם ייִדישן פאָלק, ווי אויך וועגן דעם כורבן בעשאַס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. ווערדליק עס האָבן געשריבן די אַמעריקאַנער צײַטונגען, איז דער דערפאָלג פון ענלעכע פעסטיוואַלן אין פסשא געווען פאַרבונדן אויך מיט דעם, וואָס אין דער פּראָגראַם זײַנען אײַנגעשלאָסן געוואָרן צוויי סאָוועטישע פילמען — אַלעקסאַנדער אַסקאָלדאָווס „קאָמיסאַר" און מיכאיל ראָמס „טרוים".

רובען שיריניאַן

# שוין ניט יונג אין די יאָרן —
# אַ נײַער נאָמען

אָשער צוימאַן האָט נאָך קיינמאָל ניט געדרוקט זײַנע לידער. פאַר דער פאָטערלענדישער מילכאָמע האָט ער זיך געלערנט אין אַ ייִדישער מיטלשול אין קיִעוו און דאָרט זיך „אָנגעשטעקט" מיטן שעפערישן כאַלאַס.

אַף דער מילכאָמע איז דער סאָלדאַט שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן און אַרײַנגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די דײַטשן. פון דאָרטן אַנטלאָפן, אָנגעטראָפן אין וואַלד אַפן פאַרטיזאַנישן אָטריאַד, ווו קאָמאַנדיר איז געווען יורי זבאַנאַצקי, איצט אַ באַרימטער אוקראַיִנישער שרײַבער, און דאָרט דורכגעגאַן אַ גרויסן און שווערן וועג.

נאָכן זיג איבערן פאַשיזם האָט אָשער צוימאַן געענדיקט דעם אינסטיטוט און געוואָרן אַ בויער. געאַרבעט אַף אַ ריי קיִעווער בויונגען און אין אַ פרײַער שאָ געשריבן לידער אַף מאַמע־לאָשן.

ס'ווײַזט זיך מיר אויס, אַז די דיכטערישע ווערק זײַנע וועלן אויסנעמען אין די אויגן פון די שעפער פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" און ניט ווייניקער בא אונדזער כאָשעוון לייענער.

ה. פּאָליאַנקער

אָשער צוימאַן

## איך בעט אײַך אין דרויסן הײַנט זײַן

די ערד איז הײַנט שיין, ווי אַ קאַלע,
די לופט איז נאָך זיסער פון ווײַן;
אין דרויסן הײַנט גייט אַרויס אַלע,
איך בעט אײַך אין דרויסן הײַנט זײַן.

צעגעבן אין גאַס וועל איך קווייטן,
פאַר אײַך האָב איך קווייטן פאַרגרייט;

הײַנט שענקען דאַרף איינער דעם צווייטן
אַ שמייכל פון האַרצן וואָס גייט.

פון קווייטן פון רויטע און געלע
מײַן קויש איז געוואָרן פיטש־נאַס,
ניטאָ איז קיין בעסערע שטעלע,
ווי קווייטן צעגעבן אין גאַס.

## ליב איך האָב די שטילקײַט הערן

ליב איך האָב די שטילקײַט הערן
אינעם פעלד פון רויטן מאָן,
ווען אין הימל אַלע שטערן
ווי די ליכט זיך צינדן אָן;

ווען די זילבערנע לעוואָנע
נאָכן שלאָף באַם זיסן ברעג,
ווי אַ פריילעכע אַלמאָנע
לאָזט זיך ווײַטער אין איר וועג;

ווען דער ווינט הערט אויף צו בלאָזן
און פאַרשווינדט אין גרינעם טאָל,
און די גראָזגרילן זיך לאָזן
לוסטיק טאַנצן מיטאַמאָל.

איך דער נאַכט בין טאָמיד גערן,
מיך מיט לידער פילט זי אָן...
ליב איך האָב די שטילקײַט הערן
אינעם פעלד פון רויטן מאָן!

# וויאָ, מײַנע פערדעלעך, וויאָ!

וויאָ, מײַנע פערדעלעך, וויאָ,
מיר פֿאָרן שוין פֿונעם יאַריד,
וויאָ, מײַנע טײַערע, וויאָ,
געפּערלעך איז ווערן מיד.

וויאָ, מײַנע פערדעלעך, וויאָ,
דער וואָגן בא אונדז איז נאָך פעסט,
וויאָ, מײַנע טײַערע, וויאָ,
מיר פֿאָרן צום עמעס אין געסט.

וויאָ, מײַנע, פערדעלעך, וויאָ,
די זון אינעם הימל אונדז שײַנט,
וויאָ, מײַנע טײַערע, וויאָ,
אונדז רופן צו זיך מײַנע פרײַנט.

וויאָ, מײַנע פערדעלעך, וויאָ,
מײַן מאַלעך באַווײַזט אונדז דעם וועג,
וויאָ, מײַנע טײַערע, וויאָ,
מיר מוזן דערגרייכן דעם ברעג.

וויאָ, מײַנע פערדעלעך, וויאָ,
ניט גרינג איז דעריאָגן די צײַט,
וויאָ, מײַנע טײַערע, וויאָ,
געבליבן איז פאָרן ניט ווײַט.

וויאָ, מײַנע פערדעלעך, וויאָ,
עס טאָר אונדז ניט שרעקן די קעלט,
וויאָ, מײַנע טײַערע, וויאָ,
אף אונדז ווארט א גליקלעכע וועלט.

וויאָ, מײַנע פערדעלעך, וויאָ!
וויאָ, מײַנע טײַערע, וויאָ!

# מיר זאָל זײַן פאר דיר

מיר פאר דיר, מײַן אייניקל,
מיר זאָל זײַן פאר דיר,
פאר מײַן קליינעם מענטשעלע,
שווער זאָל זײַן בלויז מיר.

פאר דײַן ווייכן נעזעלע
מיר זאָל זײַן פאר דיר,
מיר פאר דײַנע אויערלעך,
אלץ זאָל זײַן בלויז מיר.

פאר די רויטע ליפּעלעך
מיר זאָל זײַן פאר דיר,
פאר די שווארצע אייגעלעך,
אלץ זאָל זײַן בלויז מיר.

פאר דײַן קליינעם בײַכעלע
מיר זאָל זײַן פאר דיר,
מיר פאר דײַנע ביינדעלעך,
אלץ זאָל זײַן בלויז מיר.

מיר פאר דײַנע הענטעלעך,
מיר זאָל זײַן פאר דיר,
מיר פאר דײַנע פיסעלעך,
אלץ זאָל זײַן בלויז מיר.

אלץ פאר דיר, מײַן אייניקל,
מיר זאָל זײַן פאר דיר,
פאר מײַן קליינעם מענטשעלע
שווער זאָל זײַן בלויז מיר.

# עמעצן...

יעדערער גלייבט זײַן ליכטיקן שטערן,
גלייבט ווי אן אייגענעם פרײַנט.
עמעצער ערגעץ וועט גליקלעך הײַנט ווערן,
עמעצן פריילעך איז הײַנט.

אָפענע שטייען די פענצטער און טירן,
עמעצן טאנצן זיך גלוסט.
עמעצער ערגעץ זײַן גליק וועט פארלירן,
עמעצער טרערן פארגיסט.

עמעצער ערגעץ די צײַט וועט פארשלאָפן,
עמעצער לויפט אין דער וועלט.
עפּעס, ווײַזט אויס, האָט באנאכט זיך געטראָפן,
יעדערן עפּעס איצט פעלט.

שפּיציקע שטיינער און ווארעמע בלומען
אופנעמען דארף מען אן שרעק.
עמעצער ערגעץ אין לעבן וועט קומען,
עמעצער גייט הײַנט אוועק.

עמעצן ערגעץ וועט גרינגער הײַנט ווערן,
עמעצן ערגער איז הײַנט...
שעמעוודיק שווײַגן אין הימל די שטערן —
אונדזערע אייביקע פרײַנט.

## איך האָב אייַך ליב געהאט אמאָל

איך האָב אייַך ליב געהאט אמאָל,
געווען איר זייַט מיר שטארק געפעלן,
מיר אייַער בליק און אייַער קאָל
ביז הייַנט נאָך זייער, זייער פעלן.

די צייַט אָן אייַך איז גאָרניט ווערט,
עס ליגט ניט מער מייַן הארץ צו קיינעם,
פון גאָט איז ניט געווען באשערט
מיר זאָלן ביידע זייַן אינייינעם!

איך האָב אייַך ליב געהאט אמאָל,
געווען איר זייַט מיר שטארק געפעלן,
מיר אייַער בליק און אייַער קאָל
ביז הייַנט נאָך זייער, זייער פעלן.

ווּ זייַט איר, טייַערע, אצינד?
כ׳וועל מער שוין קיינמאָל אייַך ניט הערן,
און אױף דער עלטער, ווי א קינד,
נאָך אייַך פארגיס איך שטילע טרערן...

איך האָב אייַך ליב געהאט אמאָל,
געווען איר זייַט מיר שטארק געפעלן,
מיר אייַער בליק און אייַער קאָל
ביז הייַנט נאָך זייער, זייער פעלן.

## א גאנצע נאכט עס שיט א שניי

דער הימל האָט די ערד פארוויגט,
אין טיפן שלאָף דער יישעוו ליגט,
עס שיט א שניי, עס האלט א פראָסט,
א שארפער ווינט פון צאָפן בלאָזט.

אין הימל יאָגן ווייַסע פערד,
מיט ווייַסע בערג ווערט הויך די ערד,
עס קרעכצט דאָס פעלד, עס קרעכצט דער וואלד,
דער פראָסט, ווי גלאָז, דעם טייַך צעשפאלט.

פון ווייַט א קאָל אין שטוב איך הער:
הייַנט עמעצן אין וועג איז שווער!
א גאנצע נאכט עס שיט און דרייט.
א לאנגער קאלטער ווינטער גייט.

## אפריל אין מייַן שטוב איז געקמען

עס ווערט בא מיר גאָרניט פארפאלן,
די טיר איך פארשליס ניט באנאכט.
א קויש מיט גינגאָלדענע שטראלן
גאנצפרי האָט די זון מיר געבראכט.

צוגאסט הייַנט צו מיר איז געקומען
א קינסטלער מיט גאָלדענע הענט,
צעשריבן מיט ווארעמע בלומען
אין שטוב האָט דער קינסטלער די ווענט.

מייַן שטוב איז מיר זייער געפעלן,
איך דארף ניט קיין רייַכן קאָמפאָרט.
נאָר שטענדיק אין שטוב וועט מיר פעלן
דער קלאנג פון א יידיש וואָרט.

## מיניאטיורן

יעדער מענטש האָט ליב פארנאָסע,
ווי א דארע הון די פראָסע.

* * *

מייַן ווייַב אױף דער עלטער
געוואָרן איז קעלטער,
נאָר הייס, ווי א קויל,
איר צונג איז אין מויל.

* * *

דער בעסטער צימעס
קען ווערן נימעס.

בא א שיקער דרייט אין נאָז,
ווען ער זעט א פולע גלאָז.

* * *

כ׳ווייס ניט, ווער געשריבן האָט
(א באוווסטער שרייַבער):
אלץ אין לעבן איז פון גאָט,
פון געטרייַע ווייַבער.

* * *

מע טאָר זיך ניט בארימען —
עס איז א שלעכטער סימען,
מע דארף זיך גרויס ניט מאכן —
די הינער וועלן לאכן.

# שווער און גרויס איז אונדזער ווייטיק

שרעקלעכע בלוטיקע גריבער,
טויזנטער מענטשלעכע דראמעס,
אונטער צעוואלגערטע שטיבער
קינדערלעך רופן די מאמעס.

דורך די געביידעס צעשטערטע,
דורכן בעטאָן און דורך ציגל,
גאָטעניו, נעם אויף די ווערטער,
מענטשן גיב אייזערנע פליגל,

קויכעס גיב ווייבער און מענער.
שווער איז און גרויס איז דער ווייטיק.
אונדזערע ברידער־ארמענער
ראטעווען עקסטרע איז נייטיק!

טויזנטער ליגן פארשאָטן,
טויזנטער ליגן פארשפארטע,
צווישן פאנעלן און דראָטן
טויזנטער ליגן און ווארטן!

ווערטער אין האלדז בלייבן שטעקן,
טרערן מיט פייער מיך בריִען,
גאָרניט וועט מיך ניט דערשרעקן,
העלפן נאָך היינט וועל איך פליִען!

העלפן און העלפן — טאָגטעגלעך,
מענטשן דאָס הארץ מיינס צעגעבן,
העלפן — מיט וואָס נאָר ס'איז מעגלעך,
העלפן! — עס רופט מיך דאָס לעבן.

שווער איז מיר עפּעס נאָך זאָגן.
פעלקער דעם אומגליק פארשטייען:
היקיי קיין ארמעניע טראָגן
„באַינגגן", „אילן", „אנטייען":



רוון פוסטילניקאָוו

# די וווּנד פון צײַטן

עס האָט זיך אופגעעפנט דער טויער פון דעם טפיסע־לאגער, און ליפּע בערגמאַן איז ארויסגעגאנגען אַף דער פרײַ. ער האָט אָפּגעמאָסטן צען שפאַן פון דעם שוין פארמאכטן טויער, זיך אָפּגעשטעלט, און ווען ער האָט זיך איבערצײַגט, אז קיינער שרײַט ניט „היי, דו שפּאַן גיכער!” און קיינער טוט אים ניט א שטופּ אין דער פּלייצע, האָט ער א טיפן שלונג געטאָן די פרײַע לופט און פאריסן די אויגן צום ליכטיקן הימל, ווי ער וואָלט אָנזאָגן זײַן פרייד פאר דער גאנצער וועלט: „איך בין פרײַ! איך בין פרײַ!”

סיאיז געווען א ליכטיקער זומער, די נאטור האָט מיט אירע אויצרעס באקרוינט די גאנצע וועלט, ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז יעדעס גרעזעלע אַף דער ערד באגריסט אים מיט זײַן פרײַהײַט, פון די גערטנער האָבן זיך צו אים דערטראָגן רייכעס פון פעך און זומערדיקע שלאַקסן. ער האָט א טאַפּ געטאָן די בוזעם־קעשענע פון זײַן צעקנייטשטן פּידזשאַק, זיך איבערצײַגט, אז דאָרט ליגט דאָס געבענטשטע פּאַפּירל, אַף וועלכן ס׳איז אָנגעשריבן: „ליפּע בערגמאַן איז קיין שום פאַרברעכן ניט באגאנגען, ער איז רעאַביליטירט...”

ליפּען איז געגאנגען דאָס צוואנציקסטע יאָר, ווען מע האָט אים באשולדיקט, אז ער האָט מיט עפּעס ניט גוט אָפּגעשאצט איינעם, וואָס פארנעמט א הויכן פּאָסט אין דער רעגירונג. דער ארטיקל 58, מיט וועלכן מע האָט אים באשולדיקט, האָט אים זעקס יאָר געוואָרגן, ווי א שליף אפן האלדז. די צוויי ציפערן זײַנען געווען ווי א מאַלכאַמאָוועס, וואָס האָט ניט איין אומשולדיקן מענטשן פאַרצײַטנס פארשלעפּט אַף יענער־וועלט.

איצט שטייט ער אונטערן פרײַען הימל מיט א הילצערנעם טשעמאָדאנטשיק אין האנט. ער איז שוין אַלט זעקס און צוואנציק יאָר. אים שרעקט נאָר איין זאך: די מאמע, וועלכע האָט זיך שוין צוגעוווינט צו דער וווּנד, וואָס מע האָט איר אײַן־און־איינציקן זון פארפינצטערט די יונגע יאָרן, זאָל כאָלילע פון פרייד ניט באקומען קיין הארץ־אטאַקע. עמעס, פאר די זעקס יאָר, וועלכע ליפּע איז אָפּגעזעסן, האָבן שוין די שכיינים איר אופגעהערט אויסצוּוואַרפן דעם ביזאָיען, ווײַל ס׳האָט ניט נאָר זי געטראָפן דער אומגליק, דער מאַלכאַמאָוועס 58 האָט זיך פארקליבן אין פיל מישפּאָכעס. די ערשטע צײַט האָבן נאָך ניט אַלע געגלייבט, אז עס ווערן פארמישפּעט מענטשן, וועלכע זײַנען קיין שום פארברעכן ניט באגאנגען. אין איינעם א בריוועלע, וואָס ליפּע האָט באקומען פון דער מאַמען, האָט זי זיך באקלאָגט, אז אייניקע שכיינים מײַדן זי אויס, מע שיט איר זאַלץ אַף איר וווּנד. אפילע ציליע, וועלכע האָט קיין איין טאָג ניט געקאָנט זיך באגיין, זי זאָל זיך ניט טרעפן מיט איר געליבטן, האָט פארגעסן דאָס סטעזשקעלע צו ליפּעס שטוב. און ציליע פלעג דאָך אַלעמען זאָגן, אז זי איז גליקלעך, וואָס זיי וועלן אינגיכן ווערן מאַן־און־ווײַב. די כאַסענע איז שוין געווען אָפּגעשטעלט, מע האָט שוין אפילע געקויפט צוויי גאָלדענע רינגלעך. גיי ווייס, ווי א מענטש קאָן זיך פּלוצעם ענדערן!

ציליעס קלאַפּ האָט אים אינגאנצן דערשלאָגן, נאָר ליפּע האָט געפונען פאר איר א טערעץ: דאָס איז ניט איר שולד: ווער האָט אים געצויגן פאר דער צונג, ער זאָל זיך שלעכט אָפּרופן וועגן סטאַלינען!

דאָס הארץ האָט אין אים געוויינט. זיצנדיק אין טפיסע, האָט ער נאָך געלעבט מיט א האָפענונג, אז אַף אים וואַרט זײַן ליבע. ציליעס נאָזטיכעלע איז געלעגן אין זײַן קעשענע און אים פלעגט זיך אויסווײַזן, אז עס טראָגט אין זיך די רייכעס פון איר אָטעם.

ווען ליפּען האָט געטראָפן דער אומגליק, איז ער שוין געווען א סטודענט פונעם מעדיצינישן אינסטיטוט אפן דריטן קורס און אפילע פּראַקטיקירט אין איינער א מאָסקווער קליניק. צוזאמען מיט אים האָט זיך געלערנט ציליע. זי איז אויך דאַן אַלט געווען צוואנציק יאָר. געוווינט האָבן זיי בישכיינעס אין איינעם פון די מאָסקווער מויערן. די ליבע צווישן זיי איז געווען אזוי שטארק, אז ניט איין מאָל פלעג ציליע קומען צו ליפּעס מאמע פרומען, געוויינט. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אז



די רעדאַקציע און די רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ באַגריסן האַרציק דעם אווטאָר פונעם זשורנאַל רוווּן פּוסטילניקאָוו מיט זײַן 80־טן געבורטסטאָג און ווינטשן אים געזונט, אַריכאַס־יאָמים און שעפערישע דערפאָלגן.

---

ליפּע איז געוואָרן קילער צו איר. פרומע פלעג צילייען באַרויִקן:

— קינד מײַנס, ס'איז נאָך אױף דער וועלט אַזוינס ניט געשען, אַז אַ ליבע זאָל זיך באַגיין אָן טרערן. זאָרג זיך ניט, ליפּע איז ניט פון די, וועלכע פירן אַ פאַלשע ליבע.

צילייע איז פאַר איר געוואָרן ווי אַן אייגן קינד. טאָמער פלעגט זיך מיט פרומען עפּעס טרעפן — באַ איר איז געווען אַ האַרץ־פעלער — פלעגט צילייע ניט אָפּטרעטן פון איר בעט, איר געבן די נייטיקע רעפּועס. איצטער אָבער האָבן אַפילע צילייעס עלטערן פאַרשפּאַרט זייער טיר פאַר פרומען.

ליפּע איז איצטער געגאַנגען און געקלערט וועגן דער מאַמען. ער האָט פאַר די זעקס פאַרצאָרנטע יאָרן אין דער טפיסע דערפילט, אַז אַפילע אין פרייד פון פרײַהײַט דאַרף מען האָבן די מאַמע לעבן זיך. ער געדענקט נאָך, ווען ער איז אַ קינד געווען, און געלעבט האָבן זיי אין שטעטעלע יאַנאָוו, אױף אוקראַיִנע, פלעג די מאַמע אַלע פרײַטיק בענטשן ליכט, בעטן באַם ריבוינעשעלוילעם, איר זון זאָל אויסוואַקסן אַ גרויסער און זײַן נוצלעך פאַר מענטשן. אַלע דאָנערשטיק אָפּדערנאַכט פלעג ליפּע איר העלפן פאַרקנעטן אין מולטער דאָס טייג. דער טאַם פון דער מאַמעס ברויט איז אים נאָך איצט אױף דער צונג.

פלוצעם האָט ער דערזען, ווי אַ יונג מיידל מיט אַ רענצל גייט גלײַך אױף דער סטעזשקע צום טויער פונעם לאַגער, ווען זי האָט זיך דערנעענטערט צו ליפּען, האָט זי אַוועקגעשטעלט איר רענצל אױף דער ערד און אַ פרעג געטאָן באַ ליפּען:

— זאָגט, איר זײַט ניט פון דעם לאַגער?

— יאָ, — האָט ער געענטפערט. ער האָט זיך דערפרייט, וואָס פאַר די זעקס לאַנגע יאָר באַגעגנט ער צום ערשטן מאָל אַ פרייִש געשטאַלט.

זי האָט אַוועקגעשאַרט די צעפּאַטלטע שוואַרצגלאַנצנדיקע האָר, זי זאָל קאָנען אַ קוק טאָן אין ליפּעס אויגן.

— איר זײַט אַ באַפרײַטער? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ, איר קאָנט מיך באַגריסן, — האָט ליפּע געענטפערט.

— באַגריס איך אײַך טאַקע, — האָט זי צוגעגעבן, — ניט נאָר איך, דאָס גאַנצע לאַנד וועט אײַך באַגריסן מיט אײַער פרײַהײַט.

— אַזוי? אַ גרויסן דאַנק אײַך פאַר אײַערע גוטע ווערטער, נאָר איר ווייסט דאָך ניט, פאַרוואָס איך בין פאַרמישפּעט געוואָרן, — האָט ליפּע געזאָגט.

— איך ווייס, אַז אין דעם לאַגער זײַנען אומשולדיקע מענטשן, — האָט זי געענטפערט.

— איר ווייסט? — האָט ליפּע אַ שפּאַן געטאָן נעענטער צום מיידל.

— מײַן טאַטע זיצט דאָ, — האָט זי געזאָגט. — ער איז אין גאָרנישט ניט שולדיק.

— ווער איז אײַער טאַטע?

— דאָקטער קאַופמאַן.

— דאָקטער קאַופמאַן? — האָט זיך ליפּע ווי דערפרייט.

— איר קענט מײַן טאַטן?

— יאָ, איך קען! ער איז ניט נאָר אײַער טאַטע, ער איז אויך מײַן טאַטע.

— איך וועל זײַן צופרידן האָבן אַ ברודער.

— איז לאָמיר זיך באקאנען. איך ווייס, אײַער נאָמען איז ריטע. און מיך רופט מען ליפּע.

— ליפּע?! — האָט זי אויסגערופן. — מײַן טאַטע האָט מיר וועגן אײַך געשריבן, — האָט זי אים אויסגעשטרעקט ביידע הענט.

— און וועגן אײַך האָט מיר אײַער טאַטע אויך פיל דערציילט, — האָט ליפּע פאַרקלעמט ריטעס הענט. ער האָט זיך פאַרבענקט מיט זײַן גאַנצער נעשאָמע נאָך א נאָענטן אָטעם פון א פרוי. ניט אַרויסלאָזנדיק אירע הענט, האָט ער געזאָגט:

— איך קאָן אײַך, שוועסטערקע, אָנזאָגן א פריידיקע ידיִע. מאָרגן וועט אײַער טאַטע, דאָקטער קאופמאַן, אויך אַרויסגיין אויף דער פרײַ.

— פאַר דער גוטער ידיִע, ברודערקע ליפּע, קאָן איך אײַך אויך מיט א גוטער זאַך דערפרייען — א לעבעדיקן גרוס אײַך פון אײַער מאמע פרומע.

— פון מײַן מאַמען?! איר האָט זי געזען? — האָט ליפּע זיך דערפרייט.

— ניט נאָר געזען. איך האָב געוווינט בא אײַער מאמען אין מאָסקווע. אָט איצט קום איך טאַקע פון איר.

— גאָט מײַנער! איר זײַט דאָך מײַן מאַלעך! זאָגט, ווי איז איר געזונט?

— גאַנץ גוט. זי וואַרט אַף אײַך...

— זי וואַרט? מײַן מאמע ווייסט, אז איך באַפרײַ זיך?

— ניט נאָר אײַער מאמע ווייסט. אלע ווייסן, אז קיין מאָסקווע האָבן זיך שוין אומגעקערט רעאַביליטירטע מענטשן, דאָס אײַז האָט זיך גערירט. — זי האָט יעדעס וואָרט אונטערגעשטראָכן מיט אירע פינגער אַף ליפּעס ברוסט, פונקט ווי זי וואָלט קוועטשן אַף די קלאַווישעס פון א פאַרטעפּיאַנע. ריטע איז א פּיִאַניסטקע.

— פאַר אײַער לעבעדיקן גרוס פון מײַן מאַמען דערלויבט מיר, שוועסטערקע, אײַך אַרומנעמען, — זײַנע אויגן האָבן זייער נאָענט אַרײַנגעקוקט אין ריטעס אויגן.

— איר קאָנט מיך אַרומנעמען, אפילע א קוש טאָן, — האָט ריטע דערפילט ליפּעס ברוסט. זײַן זעקסיאָריקע פאַרשטאַרבענע לײַדנשאַפט האָט איצט א ברויז געטאָן מיט אלע מענערישע קרעפטן. אזא געפיל צו א פרוי קאָן זיך דערוועקן איין מאָל אין לעבן.

ליפּע האָט אַרויסגענומען פון דער קעשענע דאָס טיכעלע, וואָס פלעגט אים דערמאָנען וועגן זײַן ערשטער ליבע מיט ציליען, און אויסגעווישט די פאַרטרערטע אויגן.

— אין אזא מין פריידיקן טאָג — טרערן? — האָט ריטע זיך פאַרכידעשט.

— דאָס זײַנען טרערן פון מײַן ווונד, — האָט ליפּע אויסגעמורמלט.

— אויב איר ווילט וויסן, — האָט ריטע שטיל געענטפערט, — איז דאָס אויך מײַן ווונד...

ליפּע האָט זיך געכאַפּט:

— איצט, שוועסטערקע, דאַרף מען א קלער טאָן, ווו הײַנטיקע נאַכט איבערנעכטיקן. מאָרגן וועלן מיר דאָ באַגעגענען אײַער טאַטן.

נאָר ריטע האָט אים באַרויִקט:

— וועגן נעכטיקן דאַרף מען זיך ניט זאָרגן. איך בין שוין דאָ ניט דאָס ערשטע מאָל. ס'איז פאַראַן א שטוב, מיר וועלן דאָרט קאָנען איבערנעכטיקן. אָט דאָ אין מײַן רענצל ליגן אייניקע זאַכן פאַר אײַך, וואָס די מאמע אײַערע האָט מיר מיטגעגעבן. איר קענט זיך איבערטאָן.

א גאָלדענע נעשאָמע, — האָט ליפּע א טראַכט געטאָן און זי נאָכאַמאָל אַרומגענומען:

— א גרויסן דאַנק אײַך, שוועסטערקע! — ריטע איז געווען צופרידן מיט דער אומגעריכטער באַגעגעניש.

— ווייסטו וואָס, — האָט זי פאַרגעלייגט, — לאָמיר איבערגיין אַף „דו"...

ליפּע האָט זיך צעלאַכט:

— אין לעבן קומט שטענדיק פאָר, אז פריִער גייט מען איבער אַף „דו" און דערנאָך א קוש, און בא אונדז האָט זיך באַקומען פאַרקערט.

ריטע האָט זיך אויך צעלאַכט.

— יאָ, איז וווּהין זשע וועלן מיר איצט גיין? — ער האָט גענומען ריטעס רענצל.

— וווּהין? איך ווייס, ס'איז דאָ פאַראַן א טײַך, הײַנט איז א זוניקער טאָג, איז עפשער פריִער פאַר אלץ זיך אויסבאָדן?

ליפּע איז געווען באַגײַסטערט פונעם פאָרשלאָג:

— מיט פאַרגעניגן וועל איך זיך א שווענק טאָן אין וואַסער. ווען איך בין א ייִנגעלע געווען, פלעג איך זומער זײַן מער אין וואַסער, איידער אַף דער טריקעניש. — זיי האָבן אָנגעהויבן שפּאַנען מיט דריבנינקע טריט, שטיל־שווײַגנדיק. ריטע האָט געקלערט וועגן איר טאַטן, וועלכן זי וועט מאָרגן באַגעגענען א באַפרײַטן, און ער — וועגן זײַן מאַמען, וועלכע ער האָט זעקס יאָר ניט געזען.

אין וועג האָט זי אים דערציילט, וויִאַזוי זי האָט זיך באַפרײַנדעט מיט זײַן מאַמען, נאָר וועגן ציליען האָט זי אים גאָרניט געזאָגט — זיי האָבן זיך אויך באַפרײַנדעט. ציליע האָט איר דערציילט וועגן דער ליבע מיט ליפּען. זי האָט גאַנצענע טעג געוויינט, באַשולדיקט אירע עלטערן — דאָס האָבן זיי זי געצוווּנגען אויסמײַדן פרומען און אָנשרײַבן א מעלדונג אין דער פּראָקוראַטור, אז זי זאָגט זיך אָפּ צו זײַן ליפּעס קאַלע. פונעם זאַגס האָט זי צוריק אָפּגענומען די מעלדונג, וואָס זיי האָבן אײַנגעגעבן. איצט קלערט ריטע, צי וועט ליפּע עפּעס פרעגן בא איר וועגן ציליען און צי דאַרף זי אים וועגן אלץ דערציילן.

ווען זיי זײַנען ביידע צוגעגאַנגען צום ברעג פון דעם טײַך, האָט זיך ליפּע א וואַלגער געטאָן אַפן געדיכטן גראָז.

— אך! זעקס יאָר בין איך געווען אָפּגעריסן פון אזא לעבעדיקער וועלט...

ריטע האָט אראָפּגעוואָרפן פון די פיס די סאַנ־דאַליעטן און מיט באָרוועסע פיס גלײַך ארײַן אין דער וואסער.

— אוי! ליפּע! די וואסער איז ווארעם. טו א קוק אין מײַן רענצל, נעם פון דאָרט דײַנע נייטיקע זאכן און איבערטאָן זיך.

זי האָט אויסגעטאָן דאָס קליידל און א האלב־נאקעטע זיך אײַנגעטוקט אין טײַך. ליפּע האָט זיך פארקליבן הינטער א ווערבע, אָנגעטאָן אויף זיך נײַע טרוסן, וואָס זײַן מאמע האָט אים צוגעשיקט. ער איז אויך ארײַן אין וואסער.

ריטע האָט פאָרגעלייגט:

— איז עפּשער, ברודערקע, וועלן מיר א ווײַטן שווים טאָן?

— ניין! ניין, איך בעט דיך, קום אהער, מע דאַרף ניט... — זיי האָבן אָנגעהויבן אײַנער דעם צווייטן באשפּריצן מיט וואסער און ווי זיך פאר־וואנדלט אין קליינע קינדער. מע וואָלט געקאָנט מיינען, אז אָט די צוויי, וואָס האָבן פארפירט א קינדער־שפּיל אין טײַך, זײַנען שוין באקאנט יאָרנ־לאַנג און ניט ערשט הײַנט זיך באגעגנט. די נאַ־טור אליין האָט זיי געבענטשט הײַנט מיט א שטראַלנדיקער זון.

— גענוג, ריטע! — האָט ער אויסגערופן, — לאָמיר ארויסגיין.

נאָר ריטע האָט אזוי הילכיק געלאכט, אז זי האָט אפילו ניט געהערט, וואָס ער זאָגט. האָט ער זי א כאַפּ געטאָן אויף זײַנע הענט, זי ארויסגעטראָגן אויפן ברעג. זיי האָבן זיך ביידע אויסגעצויגן אויפן זאמד, און ביידע האָבן געהערט, ווי זייערע הער־צער קלאַפּן מיט א פאַרגיכערטן ריטם. ליפּע האָט אינגאנצן פארגעסן אין די זעקסיאָריקע ליידן, ריטע האָט זיך באוויזן פאר אים, ווי א רעפּוע, וואָס האָט אָפּגעקילט דעם גאנצן ווייטיק. ליגנדיק מיט פאר־מאכטע אויגן אונטער דער זון, האָט ריטע גע־קלערט, פארוואָס האָט ער, ליפּע, בא איר ניט גע־פרעגט, צי האָט זי געווען אין מאָסקווע ציליען? צי עפּשער מיינט ער, אז זי ווייסט ניט, וואָס עס איז מיט ציליען געשען? און עפּשער וויל ער ניט אין אזעלכע פריידיקע מינוטן דערוועקן זײַנע ווונדן? אָך, ווי זי וואָלט געוואָלט וויסן, וואָס קלערט ער איצט וועגן ציליען! ליגנדיק ניט ווײַט פון ריטען, וועלכע האָט זיך באוויזן פאר אים ווי א מאלעך אין זײַנע ערשטע טריט אין דער פרײַער וועלט, האָט ליפּע געטראכט, אז עפּשער איז דאָס א מין קישעף, עפּשער א כאָלעם? עפּשער האָט דער מאלכאמאָוועס פון דער גרויזאמער צײַט אָפּגעשפּילט מיט אים א מין שפּיצל? ער האָט זיך אפּגיך אופגעהויבן, אויס־גערופן מיט שרעק, ווי פון שלאָף:

— ריטע!

— וואָס האָט פּאסירט?! — זי האָט א ציטער געטאָן, אויך זיך אופגעהויבן.

— אך!.. גאָרנישט... די נערוון, — האָט שוין רויק געזאָגט ליפּע, — איך האָב, ווײַזט אויס, א שטארקן דרעמל געטאָן.

ער האָט אָנגענומען איר האנט, זי צוגעלייגט צו זײַן פארברוינטן פּאָנעם:

— א גרויסן דאנק דיר, ריטע, פאר די פריי־דיקע מינוטן. עפּשער איז דאָס טאקע א באשערטע זאך, איך האָב געדאַרפט דורכגיין דעם גהנום, קע־דיי מיט דיר זיך באגעגענען. זאָג, ריטע, עפּשער איז עס יענץ קערנדל, פון וועלכן עס וועלן זיך צעוואקסן אונדזערע געפילן? אויף אייביק?

— געפילן, ווי איך פארשטיי, — האָט זי זיך פארויטלט, — זײַנען פארבונדן מיט ליבע...

און זיך אָפּגעהאקט, ווי זי זאָל ווארטן, אז ליפּע זאָל איר געבן אן ענטפער.

— ליבע? איך קלער אויך אזוי. כאָטש וועגן ליבע איז בעסער צו דערקלערן זיך אונטער דער לעוואָנע... נאָר ווי זאָגט מען בא אונדז, ייִדן, צוליב א מיצווע מעג מען טאָן אן עווירע. — ער האָט ארײַנגעקוקט איר אין די אויגן.

ריטע איז געוואָרן ערנסטער:

— דו ווייסט וואָס, ליפּע, איך וועל דיר זאָגן, אונטער אזא ליכטיקן הימל, ווען די וועלט איז באקרוינט מיט זוניקע שטראַלן, טאָר מען ניט פעלשן אין ליבע... — און אנשוויגן געוואָרן. זי האָט טייקעף כאראַטע באקומען, וואָס זי האָט אים דערמאָנט אין ציליעס ליבע צו אים.

ליפּע האָט געזאָגט מיט פארביטערונג:

— דו ווייסט, ריטע, דאָ, אויפן ברעג פון אָט דעם טײַך, האָב איך זיך פון אזא פאלשער ליבע שוין באפרײַט, — ער האָט ווידעראַמאָל ארײַנגעקוקט אין ריטעס כיינעוודיקע אויגן.

— פארוואָס עפּעס איצט? — האָט זי געפרעגט.

— פארוואָס? — האָט ער זיך צעשמייכלט. — ווײַל איך האָב דיך הײַנט באגעגנט.

נאָר זי האָט אים פּלוצעם איבערגעשלאָגן:

— הער נאָר, כ'האָב גאָר פארגעסן, אין מײַן רענצל ליגט דאָך דײַן מאמעס געבעקס.

— מײַן מאמעס געבעקס! — האָט זיך ליפּע דערפרייט. — איז וואָס זשע האָסטו געשוויגן?

ער האָט זיך א לאָז געטאָן צום רענצל און פון דאָרטן ארויסגענומען דאָס געבעקס, נאָר פּלוצעם דערזען דער מאמעס בילד, מיט א קינד אויף די קני.

— און ווער איז דאָס ייִנגעלע, וואָס זיצט אויף מײַן מאמעס קני?

— דאָס איז דײַן מאמעס אייניקל, — האָט רי־טע געענטפערט.

— מײַן מאמעס אייניקל? — האָט ער זיך גע־וווּנדערט. — וואָס פאר אן אייניקל? איך בין דאָך איין זון בא איר, איך בין דאָך נאָך ניט קיין טאטע... ריטע! וואָס זאָל דאָס באטײַטן?

— דײַן מאמע האָט מיר געזאָגט, אז דאָס איז איר אייניקל, זי האָט מיך ניט אָפּגענארט, — האָט ריטע געזאָגט.

— מייַן מאמע איז ניט פון די, וואָס זאָל עמעצן אָפּנארן. — זיי זייַנען ביידע געבליבן שטיין שווייַגנדיק. ליפּע איז געווען צעמישט. יאָ, ס׳איז אוודע זייַנס און ציליעס קינד... און ריטע איז אויך געבליבן צעמישט. זי האָט זיך ניט געקאָנט מויכל זייַן פאר דעם, וואָס זי האָט ניט אויסגעבאהאלטן דאָס בילד. דאָס האָט צעשטערט די פריידיקע מינוטן מיט ליפּען. און עפּשער איז דאָס צום בעסטן, זי זאָל זיך אָפּשטעלן, ניט קלערן מער וועגן ליפּען, ווייַל אירע געפילן צו אים זייַנען געווען הינטעראויגיקע — פון זייַן מאמעס גוטע ווערטער וועגן אים...

ליפּע האָט פּלוצעם איבערגעשלאָגן אירע געדאנקען:

— ריטע, איך בעט דיך זיך אנטשולדיקן פאר דייַן טאטן, וואָס איך האָב זיך ניט דערוואַרט אָף זייַן באפרייַונג. איך מוז באלד אָפּפאָרן מיטן צוג קיין מאָסקווע. איך וויל דיך, שוועסטערקע, בעטן: דאָרט, אין מאָסקווע, וועלן מיר וועגן אַלץ אָפּרעדן.

— אָבער איך פארשטיי ניט, וועגן וואָס האָבן מיר מיט דיר צו ריידן, — בא ריטען האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן.

— ריטע, מאַלעך מייַנער, — ער האָט שטארק צוגעדריקט איר קאָפּ צו זייַן נאקעטער ברוסט, געגלעט אירע זייַדענע שווארצע האָר, זי האָט געהערט, ווי זייַן הארץ קלאַפּט.

**— איז זאָגסטו מיר צו זיך זען מיט מיר? —** האָט ער געפרעגט.

— איך קאָן דיר וועגן דעם ניט זאָגן. איך ווייס נאָר איינס: ס׳איז פאראַן א פלאַטערל אין סטעפּ, דאָס פלאַטערל לעבט בלויז איין טאָג, און דאָס פלאַטערל איז גליקלעך מיטן לעבן. אויב ס׳איז אונדז באַשערט מער זיך ניט באַגעגענען, וועל איך זייַן גליקלעך אפן גאנצן לעבן מיט דעם הייַנטיקן טאָג, וואָס מיר האָבן פארבראַכט צוזאמען. — זי האָט ארויסגעזאָגט אָט די ווערטער מיט אזא טרויער, ווי זי וואָלט עפּעס פארלוירן.

ליפּע איז פארציטערט געוואָרן:

— ריטע, ליבע מייַנע, איך שווער זיך דיר, אז איך אייַל טאקע איצט אהיים. ניט צוליב ציליען. איך האָב זי שוין ארויסגעריסן פון מייַן הארצן. איך וויל נאָר אויספאָרשן, ווער איז דאָס קינד, וואָס זיצט אָף מייַן מאמעס קני.

— דערלויב, ליפּע, דיך פרעגן וועגן אן ערנסטער זאך, — האָט ריטע געזאָגט.

— אויב ס׳איז פאר דיר אזוי נייטיק עפּעס זיך דערוויסן, איז פרעג, — האָט ער געענטפערט.

— זאָג, טאָמער איז דאָס קינד דייַנס, פון ציליען?

— דו קענסט ציליען? — ליפּען האָט ווי עפּעס א ברי געטאָן.

— יאָ, איך האָב זיך בא דייַן מאמען מיט איר באַקאַנט, — האָט זי געזאָגט.

— דו ווייסט, ווי זי האָט פארביטערט מייַנע צאָרעס?

— איך ווייס, ליפּע, איך ווייס. איך האָב אויך געליטן פון דער זעלבער ווונד. ווען מע האָט מייַן טאטן ארעסטירט, האָט זיך מייַן נאָענטער פרייַנט פון מיר אָפּגעקערעוועט, ווי דייַן ציליע.

— און איצט? — האָט ער געפרעגט.

— דו ווילסט וויסן, צי איך באגעגן זיך מיט עמעצן, — האָט זי געפרעגט.

— דו ביסט דאָך שוין אויך אלט פיר און צוואנציק.

— נו, איז וואָס... מיט צוויי יאָר ייִנגער פון דיר.

— און אויב איך בין דער טאטע פון דעם קינד? — האָט ער אָנגעוויזן אפן בילד.

— דאן וועט ציליע זייַן די מאמע פון דעם קינד, — האָט זי געזאָגט.

— איך בעט דיך, ריטע, דערמאָן מיר ניט מער ציליעס נאָמען.

— איך האָב אויך אזוי זיך געגעבן מייַן וואָרט ניט דערמאָנען. די צייַט אייַלט. כאָטש איך בין אין טפיסע ניט געזעסן, ווי דו, ליפּע, האָב איך אויך געפילט דעם ווייי פון שווערע צייַטן.

זי האָט אָף זיך אָנגעטאָן דאָס ציצענע קליידל מיט זומער-קווייטן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי נאָטירלעכע, לעבעדיקע אָף איר שטאלטנעם מיידלשן קערפּער.

— זאָג, ריטע, מירן זיך געזעגענען, ווי א ברודער מיט א שוועסטער? צי מיט א האָפענונג, אז מיר דארפן ווערן זייער נאָענטע?.. האָסט מיך פארשטאנען?

— דאָס, ליפּע, דארפסטו פרעגן בא דייַן הארץ... דו דארפסט נאָך אויספּרוּוון דייַנע געפילן. ווען דו וועסט באגעגענען ציליען, זאָלסטו געדענקען, אז א הארץ קאָן מען ניט טיילן אָף צווייען, דאָס הארץ דארף געהערן נאָר צו איינער...

ליפּע האָט דערפילט, אז איצט, ווען זיי האָבן זיך צום ערשטן מאָל באגעגנט, זייַנען זיי געוואָרן גאָר נאָענטע...

ווען ליפּע איז געקומען אהיים, האָט ער זיך דערוווּסט, אז דאָס קינד איז פון אים געבוירן, נאָר ציליע האָט זיך פון דעם אָפּגעזאָגט. פרומע האָט בלויז בא איר געבעטן, אז ווען דאָס קינד וועט שוין ניט דארפן זויגן פון דער ברוסט, וועט זי, די באָבע, דאָס קינד נעמען צו זיך. זי האָט דעם א נאָמען געגעבן נאָך ליפּעס טאטן שימען. און נאָך האָט זיך ליפּע דערוווּסט, אז ריטע האָט די גאנצע צייַט, ווען איר טאטע, דער דאָקטער קאופמאן, איז געווען פארמישפּעט, האָט זי זיך באצויגן צום קינד ווי אן אייגענע מוטער. דאָס קינד האָט זי גערופן מאמע.

עס זייַנען דורכגעלאָפן יאָרן. מיט ציליען האָט זיך ליפּע שוין באגעגנט אין פּסיכיאַטרישן שפּיטאָל. זי איז געווען מיט אָפּגעשוירענע האָר, מיט אָנגעשוואָלענע אויגן, זי האָט שוין ליפּען ניט דערקענט. דאָס איז אויך געווען א ווונד פון יענע צייַטן.

דאַניעל שעכטער

# אין צענטן קרײַז פון געהענעם

כ׳בין בעקויעך צו רײדן... זײַט רויִק... דער דאָקטער דערלויבט מיר שוין. נעכטן האָב איך געלייענט, געשריבן בריוו, א טעלעגראַמע... וואָס פאר א שפּראַך איז מיר נעענטער? אויב איר פאַרשטייט ייִדיש, וואָלט איך גערעדט ייִדיש. יאָ? יאָ! איז טאַקע גוט. אוואַדע גוט!.. אין אָשווענטשים — אוישוויץ פלעגן מיר רײדן מערסטנטייל ייִדיש. איר פאַרשטייט, איז בעפּיירעש גוט!..

פון דער קראַנקן־קאַרטע ווייסט איר שוין, אז מע רופט מיך רעקאָ איראָווא. א טשעכישע בירגערין בין איך. אזוי הייס איך אָבער נאָר פון ארום זעקס־און־צוואנציקסטן. אַט איז מײַן לאַגער־נומער. נאָר ס׳איז שוין ניט וויכטיק. ווען די דײַטשן האָבן מיך פאַרכאַפּט אין סאָף אכט־און־דרײַסיקסטן, האָבן זיי מיך פאַרשריבן לויט מײַן מיידלשן נאָמען — ריווקע סאדאגורסקע. ניין, סאדעגורסקאיא. פאר די געסטאַפּאָווצעס איז מײַן ייִדישער נאָמען און רוסישער פאַמיליע־נאָמען געווען א יורידישע מעציִע. באם ארויסטראָגן אן אורטייל וועט אזא נאָמען צוגעבן וואָג. אן אוידעף צו אלע מײַנע פאַרברעכנס: א פרוי פון א באַקאַנטן קאָמוניסט. ער — א דאם סוינע פון „אונדזערע" ברידער די סודעטן. א סוינע פון רײַך, פונעם פיורער... און זי אליין, זאָגט איינער, „ניע גאַנץ קאָשער". זיי, די געסטאַפּאָווצעס, האָבן פיקסירט איין כעט גרעסער פונעם אנדערן. „ריווקעלע, וועסטו ניט רײדן, ביסטו קאַפּאָרעס". און זיי איבערצײַגן איינער דעם צווייטן: „בא זיי אין הויז איז געווען א גאַנצער קאָמינטערן". „יודין, — זאָגט מיר א יוריסטישע כײַע, — מיר אורטיילן ניט סטאם, לויט כשאד, מיר וועלן דיר באווײַזן שפּאַן נאָך שפּאַן דײַנעם. טאָג נאָך טאָג און נאכט נאָך נאכט, אלע אײַערע יודישע טועכצן". — און מע ווײַזט מיר אָן אפן הויפן צײַטונגען, ביכער, אבאָנענטן־צעטלעך... צו וואָס אלע אנדערע זינד, ווען זיי האָבן געהאט אזא באווײַז, א ייִדישקע. צוויי מאָל שיסן קאָן מען ניט. נאָר גיי ווייס, אז זיי קאָנען צוטראכטן שווערערס ווי צוויי מאָל שטארבן... כ׳זאָג ווידעראמאָל, אז כ׳קאָן לײַכט רײדן. פון דער קאַרטע איז צו זען, אז בייס מ׳האָט מיך געבראכט אהערצו האָב איך געווויגן איין און דרײַסיק קילאָגראם — הײַנט שוין אכט און דרײַסיק. אויב סע וועט גיין אזוי, בא מײַן וווקס, ווייס איך ניט, וווּהין סע וועט דערגיין... אַט זעט איר — כ׳לאַך שוין!..

געבוירן בין איך אין שטעטל קאַלאַראַש, ניט ווײַט פון קעשענעוו. מײַן פאָטער איז געווען א קאָמיסיאָנער. ער פלעג צונויפקויפן בא די פויערים פאר אן עקספּאָרטירנדיקער פירמע געטריקנטע פלוימען, ניס, קנאָבל. אליין לאַנגע טעג און נעכט געקנאַקט מיטן העמערל די ניס, אַמאָל געטריקנט פלוימען... דאָס אלץ איז געווען ביז ארום דרײַ־און־צוואנציקסטן, ווען דער טאטע צוזאמען מיט די בני־באַיִס איז אריבערגעפאָרן אין א האַפן־שטאָט אפן דונײַ. קיין גרויסע גליקן האָט ער, דער טאטע, פונעם מעשאַנע־מאָקעם ניט באַקומען. איין זאַך נאָר. יאָ, איך האָב דערזען, אַנשטאָט דער היימישער שמאָלינקער ריטשקע, דעם גרויסן דונײַ... אין שטעטל נאָך האָב איך געלערנט אין א שול, וועלכע האָט געהייסן רוסיש־ייִדישע, נאָר מ׳האָט געלערנט רומעניש. קיין שאָדן איז עס ניט געווען. ייִדיש אָבער — בא דער מאַמען, צווישן כאַווערטעס, נאָך אין שול זײַענדיק. כ׳געדענק ניט, אדאנק וועמען בין איך צוגעשטאנען צו א קרײַז לייענער... א לייענער־קרײַז... ס׳איז געווען א ביבליאָטעקל. כ׳האָב א סאך געלייענט, און עפּעס באַזונדערס ליב באַקומען שריפטן, ביכער וועגן דרייסטע מענטשן, טפּיסעס, דעם סאָד און כיין פון אנטלויפענישן, מענטשן, וועלכע גייען אַף לעבן און טויט פאר א גערעכטער זאַך... עפּשער האָט איר צומאָל געלייענט דעם רוסישן בוך „ענטוזיאסטן"? מיר האָבן זיך פאַרליובעט אַט די שריפטן מער ווי אנדערע, ווײַל איבערן שטעטל איז געהאנגען, ווי א וויסטע גרויע כמארע, דער פרעמדער יאָך. איר ווייסט עפּשער, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין בעסאראביע אין מעשעך פונעם צוויי־און־צוואנציקסטן יאָר?.. ס׳האָט זיך געדאַכט, אז יעדער שריט, טראָט דײַנער ווערט נאָכגעשפּירט, ס׳גייט מיר נאָך דער וועכטער... קעמפן!.. צו אזא אויספיר קומט מען ניט אזוי פאַרשעט, כאָטש אין בוך האָסטו אזעלכע בילדער... מע קומט גאָר צו אזא אויספיר — לויפן... ניט לויפן, איז לייענען, לייענען!.. און ס׳זײַנען פאַרבליבן באַהאלטענע רוסישע ביכער. פון פאַרן זיבעצנטן... און מיך... קיין שום גרענעץ און קיין שום וואַך קאָן ניט פאַרשפּאַרן דעם וועג פון א ליד... „כ׳גיי אין דײַנע פאָרנטיקע רייען, שפּאַנענדיקע מענטשהײַט... טראָט נאָך טראָט..." און דו לויפסט מיט דײַנע באַליבטע העלדן... דאָ איז ארונטערגעקומען מײַן טאטנס לויפעניש, און איך בין שוין אין א גרויסער שטאָט. וואָס ווײַטער?.. צײַט צו זוכן א טאכלעס, נאָר ביזן טאכלעס האָב איך געפונען א ביבליאָטעקל, א לייענער־קרײַז, א ביבליאָטעק גאָר א באַ־

שיידענע אין פארגלײַך מיט דער גרויסער שטאָט. א קרײַז מערכטנס יונגע באָכערים. מיידלעך, אָרטיקע רומענער, ייִדן, איטאַליענער, א גריך, א דײַטש, א כינעזער. און אויך דאָ, ווי נאָר כ׳בין געשטאַנען פארן ביכער־שראַנק, געפין איך מײַנע באַליבטע געשיכטעס... א גורל־זאַך?.. כ׳האַלט אין דער האַנט א בוך פון א קימאַט פארגעסענעם איטאַליענישן דיכטער — פעליקאָ. לעבן מיר שטייט דער איטאַליענער סבאַקטשי... כ׳האָב נאָך ניט געוווּסט אפילו זײַן נאָמען. ער שמייכלט אזוי גוטהארציק. „נעם אי די לידער, אי די זיכרוינעס!” אין אָנהיים נײַנצנטן יאָרהונדערט האָט זיך פעליקאָ ארײַנגעלאָזט אין א שטרײַט מיט די עסטרײַכער... געוואָלט זען זײַן איטאַליע בעעמעס פרײַ... דאָס געהער ניט צו מײַן געשיכטע, נאָר א ביסל צו מײַן גורל. אין שלאָס שפּילבערג טראָגט פעליקאָ איבער שרעקלעכע יעסורים. קעדיי ניט אראָפּ פון זינען, שטעלט ער צונויף אין זיקאָרן לידער, און ווען ער באפרײַט זיך אין צען יאָר ארום, שרײַבט ער אָן א בוך לידער „מײַנע טפיסעס”...

איר הערט מיך אויס און מיינט, אז כ׳בין ניט באם פולן זינען. פעליקאָס טפיסע האָט צו טאָן מיט מײַן גורל, זי איז א צײַט אויך מײַן טפיסע, אין דעם זעלבן שפּילבערג־שלאָס, נאָר פון שפּילבערג לויפט מען ניט. א פּאָר ווערטער וועגן דעם לייענער־קרײַז, וועלכער האָט אויך עפּעס צו טאָן מיט מײַן גורל. אין אָרעמע, ניט הויכע שטוב. באם ארײַנגאנג א קארטאָנען שילדל אונטערן גלאָז: קולטור־היים „וויסן”. כ׳לייען ווערא פיגנער אין דײַטש מיט א ווערטערבוך „נאכט איבער רוסלאנד”. כ׳לייען ראָזע ליוקסעמבורגס בריוו פון טפיסע, מעדעמס זיכרוינעס אין ייִדיש, די זיכרוינעס פון א בעסאראבער קעמפער... מ׳האָט זיך צוגעקוקט צו מײַנע נייגונגען, צו מײַנע שוואכקײַטן. ניט אזוי. אָט האָסטו א ביכעלע „די לערע וועגן ווערט און מערווערט”... און מע פרעגט דיך אויס — וואָס איז דיר געבליבן אין קעפּעלע פונעם ביכעלע? און מ׳האָט מיר געפונען א טועכץ אין א ציגל־פאבריק: איבערטראָגן די פײַכטע ציגל צום אויוון און צוריק שוין די הייסע, די פארטיקע, נאָר דער איטאליענער אָטיליאָ מילין האָט זיך געבייזערט בעקאָל ראָם... געווען אין גרימצאָרן: „וויאזוי וועט זי דאָרטן אויסקומען מיט אירע קליינע הענטעלעך?” און שטרעקט אויס זײַנע לאנגע דינינקע, אָנגעשוואָלענע פון בלײַזעצערישע הענט... „צען שאָ אין טאָג טאסקען ציגל, — לאכט מען פון אים, — איז לײַכטער ווי צען שאָ באם זאץ־קאסטן”. דאָ, אין דער פאבריק, הייבן זיך אָן מײַנע דערפאָלגן. איך האָב געבראכט אין לייען־קרײַז עטלעכע לייענערנס, זינגערנס פארן כאָר — אפילע א פּאָר עלטערע ארבעטער.

נאָך אַן אָנדרהאלבן יאָר האָב איך כאסענע געהאט פאר קארעל איראָוו. זײַן נאָמען טראָג איך... ער איז געווען א שוסטער, א טשעכישער בירגער. ער פלעג קומען אין קרײַז בלויז צו זינגען. אמאָל אָף א לעקציע. מיר האָבן זי באפרײַנדעט, און ער איז מיר געוואָרן ליב. א וווּנדער פאר אונדז — דער טאטע מײַנער האָט באוויליקט פארשרײַבן זיך אין רעגיסטראציע־אמט (כ׳בין געווען מינדעריעריק), און דערנאָך געגעבן צושטײַער אָף דער כאסענע, סע זאָל זײַן לײַטיש, מיט שעפע. די מאמע איז שוין ניט געווען. דער ברודער, איבער וואָס פאר א סיבע געדענק איך ניט, איז ניט געקומען. שפּעטער פלעג ער זײַן א גאסט באַ אונדז...

מיר האָבן זיך אײַנגעאָרדנט. געלעבט. דאָס שטיקל ברויט האָט ניט געפעלט. נאקעט־באָרוועס ניט ארומגעגאנגען. די ארבעט האָט פארנומען דעם טאָג פון באגינען ביז נאכט. נאָר דער קרײַז, דאָס לייענען, זינגען האָבן באשײַנט דאָס לעבן. וואָלט איך זיך גיכער, גיכער צוגעוווינט צו קארעלס באנאכטיקע „אויספלוגן”. ווען דו הערסט זײַנע טריט, פארגעסטו די שאָען פון אומרויִקײַט, פּאכעד.

נאָר פּלוצעם — ארעסטן. אין שטאָט, אין האפן, אין פאבריקן, ארום דעם קולטור־הויז „וויסן”, אין די פּראָפּארײַנען, אין דער קולטור־ליגע... טאָמיד האָט זיך געפילט דאָס נאָכשפּירן.

אין א בולוואר־צײַטונג באווײַזט זיך דאָס וואָרט „פארשווערונג”. קארעל האָט מיך צוגעגרייט צו אלדאָס מעגלעכס: „נאָר ניט אראָפּגעלאָזט דאָס נעזעלע... כ׳ווייס פון גאָרניט, דאָס איז דער בעסטער ענטפער”.

אריבער א כוידעש האָט קארעל זיך ניט באוויזן, און גאָר־גאָר שפּעטער האָט ער מיר דערציילט, ווו ער האָט זיך אויסבאהאלטן — ערגעץ אין א פישער־דערפל איבער דער טונע. אין קרײַז איז געוואָרן שיטערלעך, טאקע גאָר שיטער. מע טראָגט זיך ארום מיט דער מוירע אין הארצן. און מאכסט שוין קימאט א סאכאקל. אָט ביסטו געבליבן עלנט. איינע אליין מיט דער מוירע...

אין א כוידעש ארום קומען צו מיר אהיים צוויי באזוכער פון אונדזער לייענער־קרײַז. איינער, דער איטאליענער אָטיליאָ, און א צווייטער, פון וועלכן מ׳האָט קיינמאָל קיין וואָרט ניט געהערט, אקוראט ער איז געקומען גאָר רייניקן די לאָמפּן, באנײַען עפּעס א בענקל און לייענען אין דער זײַט א ביכל.

זיי ווענדן זיך צו מיר אָן שום האקדאָמעס: „מירן דיך פירן צו קארעלן”. כ׳האָב פאר פרייד ניט אויסגעהאלטן. ער איז פרײַ! „ווּהין פירן?” — מע שווײַגט. איינער זאָגט: „נעם צונויף דײַנע בעבעכעס, גיך, שנעלער”.

מיר טראָגן ארויס אונדזער דאָברי מאזל, און דער באלעבאָס פון הויז מאכט זיך ניט זעענדיק. כ׳האָב טייקעף פארגעסן, וואָס פאר א שעד ס׳האָט זיך באזעצט אין מיר פאר אָט דעם כוידעש. א ניט־גוטער פרעגט דיך: „פארוואָס האָט זיך קארעל ניט באוויזן? ווּ איז זײַן העלדישקײַט”: „אָט אָ־דאָס בין איך מעכויעוו צו טאָן און טו!”

בעקיצער, מיך פירן צו קארעלן איז ניט אזוי פּאָשעט. איך ווייס אפילע ניט, אז מיר גאנוועענען

א גרענעץ, א מאשין מיט בעבעכעס. דער איטאליענער איז אראָפּגעשפרונגען, נעלעם געוואָרן. איבערגעקומען נאָך א מעסלעס, און איך מיטן שוויַיגער איציק גרויסמאַנען זיַינען אין ברנאָ. א שטוב. כ׳וואַרט, סע וואַרפט מיך ווי אין קאַדאָכעס, און דער ניט־גוטער שטעלט אַלץ קאַשעס:

— וואָס איז געווען פאַר דיר דער קריַיז? אריַינציִען מיידלעך אין קריַיז, ניט קיין גאַדלעס, וויכטיק־מאכעריַי, אַז דו האָסט נאָר קאַרעלן אין זינען?" יאָ, דאָ האָט דער שוויַיגער באַקומען לאָשן. ער לאַכט:

— הער א מיַיסע, קאַרעל וועט האָבן פון וואָס צו לאַכן... האָסט געוואָלט גיין צוריק צום טאַטן! אַמאָל גלוסט זיך צוריק אין די גוטע יאָרן!..

כ׳האָב עס דערציילט קאַרעלן גאָר־גאָר שפּעטער. קאַרעל האָט אויך געלאַכט פון מיַינע וואַקלעַנישן ביַיס ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין „דנאָ". ער האָט געלאַכט: „נאַרעלע, טיַיבעלע, האָט דען געקאָנט זיַין אַנדערש?" און געווישט מיַינע כאַראַטע־טרערן. ער איז געווען גוט ווי א גוט שטיקל ברויט... ער איז שוין ניטאָ... ניטאָ! כ׳לערן אויס גיכער די שפּראַך, וויַיל אַלץ אַרום איז טשעכיש. כ׳בין טאָמיד מיט דער יוגנטלעכער ציַיטונג. זי איז אומלעגאַל. מיר האָבן זיך יאַקאָס איַינגעאָדנט. ער איז דער אַגענט פון דער „אַלטער" ציַיטונג, דער לעגאַלער. מיר האָבן געווינט אין צוויי גרויסע צימערן אין אַרבעטער־פערטל. איין צימער איז געווען א מין סקלאַד פאַר ציַיטונגען. א זאַל פאַר באַראַטונגען אַרום דער אַלטער ציַיטונג. א גוט שטיקל ציַיט. און בא אונדז אין שטוב פלעגן מיר האָבן אָפט געסט. סטודענטן פון מיַין היים — בעסאַראַבער, פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך. ווער ס׳האָט דאָ געלערנט און ווער צוליב אַנדערע סיבעס. זיי פלעגן אונדז זיַין ליב. געקומען צומאָל פאַרברענגען אַן אָוונט, ווי אינדערהיים באַם סאַמאָוואַר... אין איַילעניש, אין איַילעניש, נאָר מיַין שוויַיגער האָט אים פאַרכאַפּט... און אַמאָל, ווען איינער איז געבליבן אָן א דאַך איבערן קאָפּ...

אזוי זיַינען געלאָפן כאַדאָשים, יאָרן. געלאָפן, געפלויגן. קריזיס־יאָרן. איבערן קאָפּ הענגט טאָמיד די מילכאָמע־סאַקאָנע. ערגעץ ברענט שוין. אויף טשעכיע שאַרפט שוין די ציין די היטלערישע ווילדע כיַיע. גאָר פאַרכמאַרעט, כמורנע איז געוואָרן דאָס 37־טע.

די דיַיטשישע געסטאַפּאָ וויַיזט שוין אירע נעגל אין טשעכיע. מע האַרגעט דיַיטשישע אַנטיפאַשיסטן. אַרום אונדז פילט זיך שטאַרקער דאָס נאָכשפּירן. די אַרבעט ווערט געשטערט, זי ווערט שווערער. סע ווילדעוועט ניט אזוי די אייגענע פּאָליציי, ווי די סודעטישע סטודענטן, זיי האָבן פאַרוואַנדלט אין א מין פעסטונג א לערן־אַנשטאַלט, געוואָרן כוצפּעדיק. אַנטקעגן די פּאָר צענדליק בעסאַראַבער גייען זיי שוין מיטן מעסער... איבער ברנאָ הענגט ווי אַן אומגעהיַיער־ריזיקער שאָטן דער שלאָס שפּילבערג. די אַמאָליקע שרעק פון דער עסטריַיכישער אימפּעריע. יענער שלאָס, וווּ דער דיכטער פּעליקאָ איז אָפּגעקומען צען יאָר יעסורים, איז דיעוּוקעס. כ׳האָב עפּעס ניט געטראַכט פון דעם, ווי כ׳זאָל געווען געהאַט פאַרגעסן דאָס איבערגעלייענטע, דאָס איבערגעלעבטע מיט טרערן און האַרץ־קלאַפּעניש... זיך ניט דערטראַכט, אַז שפּילבערג קאָן ווידעראַמאָל ווערן אַן אָסטראָג, סע קאָן געמאָלט זיַין... נאָר אַרבעט, אַרבעט לאָזט אויך ניט טראַכטן פון אַזעלכע צופעליקיַיטן... סע קאָן געמאָלט זיַין, נאָר צו וואָס? א רעגע...

איידער כ׳וועל דערציילן, וויִאַזוי כ׳האָב זיך באַקאַנט מיט שפּילבערג, וועל איך דערמאָנען וועגן א געשעעניש, וועלכע איז פאַרבונדן אי מיט אונדזער פריִערדיקער אַרבעט, אי מיט אַשווענטשים... כ׳קאָן ניט געדענקען און האָב ניט באַדאַרפט געדענקען אַלץ, אַלע, וועמען כ׳האָב געהאַט באַזאָרגט מיט א זיכערער וווינונג, א געהיימער אויף א וואָך, א טאָג־צוויי אָדער...

בקיצער, כ׳האָב געפירט איינעם א מענטשן אויף א דירע. ער האָט באַדאַרפט זיַין אין ברנאָ א פּאָר טעג. כ׳האָב אים גוט באַוואָרנט. כ׳געדענק ניט, וויִאַזוי ס׳האָט זיך פאַרקנופּט דער שמועס, וויַיזט אויס, פון דעם, אַז מע דאַרף זיַין שטרענג־קאָנספּיראַטיוו, און פון דעם, וואָס ער פרעגט מיך, צי איך וועל פאַרשטיין: «Не дремлет враг».

און איך פלאַפּל שוין, ווער און פונוואַנען כ׳בין. כ׳רייד צו אים שוין רוסיש. צו וואָס טויג זיַין טשעכיש פון א טוריסטישן ווערטערביכל. ער בליַיבט פאַרטראַכט, א ביסל אומעטיק. מיר צעשיידן זיך: „לאָמיר זיך באַגעגענען אין בעסערע ציַיטן. אין נאָך בעסערע (ער שמייכלט אזוי ליכטיק). ווען אַלץ וועט זיַין אַנדערש. גוט?.." — „גוט!" ווער האָט זיך געקאָנט פאַרשטעלן, כוישעד זיַין, וויִאַזוי?

קאַרעלן מיַינעם האָבן די דיַיטשן אַרעסטירט אין די ערשטע כאַדאָשים, זינט זיי האָבן זיך געיאָוועט פאַר אָפּעטראָפּסים איבער טשעכאָסלאָוואַקיע. זי געטראָטן מיט די פיס. מיר האָבן שוין געהאַט יעדערער א באַזונדער מאָקעם־מיקלעט. פון זיי, פון די דיַיטשן, האָבן מיר ניט געקאָנט וואַרטן קיין גוטס. און די אַרבעט איז געוואָרן גאָר קאָמפּליצירט. קאַרעלן איז אפילע געווען שווער צו קומען זיך זען מיטן קינד, מיט מיר א שאָ כאָטשבי. ס׳איז געווען א סאַקאָנע פאַר די גוטע מענטשן, וועלכע האָבן אונדז אויסבאַהאַלטן... ער איז געגאַנגען אין די ערשטע רייען פון א לאַנגער קאַלאָנע געפאַנגענע. ער און זיַינע כאַוויירים, מיַינע פריַינט. כ׳האָב צוגעקוקט פון פערטן עטאַזש... פיר, פיר, פיר. א טראָט, א טראָט, א טראָט. און יעדער טראָט זייערער אַהין אין שלאָס צעריַיסט דאָס האַרץ. דיַין לעבן, דיַין ליבע, דיַינע טרוימען גייען אַוועק געטריבן, אַרומגערינגלט פון עסעסאָווצעס, פּאָליציי און הינט. וויפל קאָרבאָנעס וועט מען דאַרפן געבן פאַר א נײַער פריַיהיַיט?

און עס קומט דער טאָג, א טאָג א ליכטיקער, מיט זילבערנע וואָלקנדלעך, און דיך ווארפט מען פּאָשעט ארײַן דורכן טויער פון שלאָס. ס׳איז נאָך עטלעכע טעג געסטאפּאָ. די פּיאַטעס ברענען. כ׳שטיי אוף. כ׳קוק זיך ארום. שווארצע עסעס־לײַט. און איך. אפצולאָכעס אלע מײַנע ווייטיקן, דערמאָן איך זיך אין פּעליקאָס בוך. שווארץ־געקליידטע האבסבורגישע וועכטער. כ׳וויל זיך עפּעס דערמאָנען. דאָ שרייט מיר איינער:

— ריווקעלע, דו ביסט אין שפּילבערג־שלאָס, דאָ קומט מען ניט אָפּ מיט אבי־וואָס.

כ׳האָב גאָרניט געענטפערט.

פּלוצעם — א שווערער קלונג. די טיר עפנט זיך, מאכט א שפּאלט צווישן האָלץ און שטיין.

— אופשטעען!

כ׳קאָן ניט. כ׳קריך צו דער האנט, וואָס דערלאנגט מיר א שיסעלע און א ריפּטל ברויט. כ׳האָב עס טייקעף דערזען, צוגעקראָכן ראטשקאָם. אויסגעשטרעקט די האנט. מוירע געהאט, אז מע וועט מיר אויסגיסן דעם זופּ. כ׳האָב געגעסן ווי א הונט, ווי א כײַע...

ס׳האָט זיך אזוי געצויגן א דרײַ וואָכן. כ׳האָב פארלוירן די צאָל פון טעג. דרײַ וואָכן. כ׳האָב געווארט אף א קלאַפּ אין די ווענט אזוי, ווי איך האָב אמאָל געלייענט אין רעוואָליוציאָנערע ביכער. צוויי מאָל אין טאָג עפנט זיך די טיר בלויז אף א ווערשקע, און ווידער: „אופשטעען!". א דריט מאָל, ווען די וועכטערן גיט איבער אירע „פיגורן" דער באנאכטיקער וואך. שפּעטער ווערט זיי נימעס דער צערעמאָניאל. א קוק דורכן אויגן־לעכל: „האָסט נאָך ניט קרעפּירט, זאו־יודין?".

אזא לאָשן באם פאָלק, וואָס האָט געהאט לעסינגן און געטען.

מע דערמאָנט זיך אין מיר. מע פירט מיך מיט פּאראד. צוויי כאמורילעס — זשלאָבעס פון פאָרנט, צוויי הינטער מיר. „שנעלער!" מ׳האָט זיך דערמאָנט אין מיר... וואָס איז געשען? וואָס האָט געקאָנט געשען? מע פירט מיך דורך אומענדלעכע קאָרידאָרן — שווארצע, אינגאנצן שווארצע, טונקעלע, ליכטיקערע, נידעריקע, העכערע, גאָר הויכע (פון אונטערשטן עטאזש אף א דריטן, נאָר שפּעטער לאָזט זיך אויס, אז ס׳איז פאראן א נאָך הינטערשטער)... מע ברענגט דיך אין א האָל, ווו די עסעסאָווצעס פארווײַלן זיך מיט טרעפּן געקרייצטע ווערטער, שפּילן אלמא. מ׳האָט מיך ארײַנגעשטויסן אין א גרויסן קאבינעט (פיר קולעקעס, ווײַזט אויס, א טייל פון פּאראד). „וואָס איז דאָרט?" — פרעגט איין הער א צווייטן (זיי זיצן בא א טישל און פראָזיטירן). זיי לאָזן מיך שטיין א היפּש ביסל צײַט. אקוראט ס׳איז גאָרניט געשען. זיי האָבן פארענדיקט מיט פראָזיטירן און מיך דערזען:

— ווער זײַט איר?.. וואָס זוכט איר דאָ?.. אהא!.. — דער ערשטער אין ציוויל האלט ניט אויס די שפּיל, פרעגט מיך אף טשעכיש, צי איך וועל ענטפערן דײַטש. — דו האָסט געלייענט דײַטש, עמעס, ניט דײַטש, נאָר די יידישע פארשמוצעניש פון דײַטש: היינע, פויכטוואנגער, צווייג...

כ׳קוק אים אָן.

— כ׳בין א טשעכישע בירגערן און רייד נאָר אף טשעכיש. און ביכלאל האָב איך ניט וואָס צו זאָגן.

דעם טשעך איז געווען פריקרע איבערצוגעבן דעם דײַטש, וואָס כ׳האָב געזאָגט. דאָך האָט ער ניט ארויסגעלאָזט קיין וואָרט. דער געסטאפּאָוועץ האָט זיך צעכאָכאָטשעט:

— זי שפּילט טעאטער! א בעסאראביש־רוסישע יידישקע אין דער ראָל פון א טשעכישער... פּאטריאָטקע... קורץ: ווו איז קארעל? אזא מענווול! ווו איז קארעל?! דרוקערײַ? פארבינדונגען? דירעס?

איך ענטפער נאָך קירצער:

— איך ווייס ניט פון דעם גאָרניט.

ער ווערט בייז, שרײַט:

— זי ווייסט ניט! דערקלערט איר, דער פּאטריאָטקע, ווו זי געפינט זיך. זייער קאָרעקט, זייער זאכלעך: ווו? ווער? ווען?

ביז די כײַע איז אינגאנצן גוויוער. א קלונג. סע קומען די פיר כאמורילעס. און איך קײַקל זיך, איך קײַקל זיך דורך די קאָרידאָרן, אריבער די טרעפּ, אראָפּ, אראָפּ. מע שטויסט מיך מיט די פיס. און דער וועג צו מײַן צעל איז לענגער און לענגער. איך כאפּ זיך אוף... כאשכעס... וואָס איז געשען מיט מײַנע ביינער? קוים־קוים שלאָגט זיך דורך א מוטנע ליכט פון יענער זײַט, ווו סע דארף זײַן די טיר. פון אריבער איר. ס׳איז א פענצטערל. פארשמירט מיט עפּעס א פארב. ס׳איז ניט מײַן צעל. כ׳ליג פּאָשעט אפן צעמענט. קיין סימען פון א ראָגאָזשקע. דאָס אייגל אין דער טיר איז אויך ניטאָ. און ניטאָ קיין צוויי און דרײַ מאָל „אופשטעען". איין מאָל אין טאָג און פאר עטלעכע רעגעס צווינגט מען דיך אָפּטאָן אלץ, וואָס איז שוין ניט צום איבערטראָגן. עסן א קלענער שטיקל ברויט, א קלענער שיסעלע קאלטן זופּ אָדער קאווע. אלץ אין דער פינצטער. קומט די וואך, ווײַזט אויס, ס׳איז שוין אָוונט — עפנט זיך א שפּאלט צווישן דער טיר און דער וואנט: זי איז דאָ, די „פיגור".

דאָ קומט מיר אפן געדאנק, אז ס׳איז פּעליקאָס צעל. נאָר פּעליקאָ איז פונדאנען ארויסגעקומען און ניט אראָפּ פון זינען. ארויסגעגעבן א בוך לידער, וואָס ער האָט דאָ צונויפגעשטעלט אין זיקאָרן. איך קאָן ניט צונויפשטעלן קיין לידער און בין אָבער מעכוייעוו ארויסגיין פונדאנען. האלט איך אין איין איבערכאזערן: קארעל, אינא, „זיי וועלן האָבן א ווייסטן סאָף" און אזוי אויך לידער, וואָס כ׳געדענק. „שטייט אוף, איר אלע!", „סלושײַ!"...

דאָס צווייטע מאָל פירט מען מיך מיטן זעלבן פּאראד. דורך אנדערע קאָרידאָרן. נאָר ס׳זײַנען שוין פיר עטאזשן, ביזן זעלבן האָל, ווו די עסעסאָווצעס פארווײַלן זיך. דאָס מאָל שטויסט מען מיך ניט ארײַן. דער דײַטש איז אליין. איך וועל אים שטעלן

די פראגע: וואָס פאר א פארברעכן האָב איך געטאָן, לייענענדיק היינען, אפילע די «Красная Бессарабия»? עפשער וועל איך אזוי זיך דערוויסן פון קארעלן? נאָר צו דעם קומט עס ניט. דער דײַטש שלאָגט מיך איבער בא א פערטל פראגע. ער וויל וויסן גאָר עפּעס אנדערש. ער רעדט קאָרעקט, זוכט ארויסצוּווײַזן מיטלײַד, אייצעט דיך זאָגן דעם עמעס. ווידעראמאָל דאָס פרײַערדיקע: פונוואנען זײַנען די אנטי־דײַטשישע פלוגבלעטלעך, אופשריפטן, געהיימע דירעס, ווער איז געבליבן אַף קארעלס אָרט (דאָ איז ער דורכגעפאלן, פרײַער האָט ער געפרעגט, ווּ איז קארעל? דאָס קינד?)? א שלאל זאכן, וואָס כ׳האָב ניט געקאָנט אנערקענען. און אנדערש, וואָס כ׳האָב פּאָשעט ניט געוווּסט. כ׳האָב זיך שיר ניט צעשמייכלט. אהאו! פלוגבלעטלעך, אופשריפטן! הייסט עס — סע טוט זיך עפּעס. „נו, נו, זײַ געהיט — דו ווייסט ניט". אָנשטאָט צו ענטפערן פרעג איך: „וואָס פאר א שלעכטס האָט מײַן קינד געטאָן דעם רײַך?" ער שווײַגט א רעגע און זאָגט: „ס׳איז א טיפּיש ייִדישער ענטפער". און גייט אריבער גאָר אַף אן אנדער סטעזשקע. „נו, אָט זעט איר, אין דײַטש קלינגט אײַער שטים... דערהויבענער, ווי אין סלאַווישן טשעכיש". כ׳בין געבליבן ווי פארטומלט... וואָס וויל ער? נאָר ער קערט זיך אום צו זײַנעם. ער סטראשעט:

„מירן זיך דערקלײַבן, וועט זײַן שלעכט. איר האָט געמיינט, אז ווײַל איר האָט אָפּגעשווירן אײַערע צעפּ, זיך אָנגעשמינקעט ווי א גאסן־פרוי, וועלן מיר אײַך ניט געפינען? מיר וועלן אלץ געפינען. אויקער זײַן... מיטן ווארצל". ער שטרײַכט אונטער אלעמאָל „מיר", ס׳הייסט ניט די טשעכן. „מיר ווילן פארענדיקן מיטן איניען קארעל איראַוו עט קומפּאַניי. רעדט! מיט אײַער אקשאָנעס טוט איר אים שלעכטס און זיך..."

ווײַזט אויס, אז ביז ער איז געוואָרן אן אויספאָרשער, איז ער געוועזן א צירקאטש. צווישן דעם צעטל נעמען רוימט ער אײַן: „שטארק געפעלן מיר שווארצע, פײַכטע אויגן!.. רעדט!".

די סיניאקעס און בלאָווע פאסן אַף מײַן קערפּער האָבן זיך טיילווײַז פארהיילט — אזוי לאנג האָט געדויערט מײַן געראנגל מיטן העפלעכן דײַטשוק.

נאָר אלץ אָפטער הער איך פון קאָרידאָר טריט, אויסגעשרייען. עמעצער שטעלט זיך דאָרט אנטקעגן, ראנגלט זיך בעעמעס. גשרייען: „געהען, שנעלער!". אן אנדער קאָל: „עס וועט אײַך באצאָלן סטאלין!"... אזוינס הערט זיך ניט אָן הארצקלאַפּעניש. דער מויעך רירט זיך אין שיידל. אָט פּלאַצט ער. דערנאָך ווערט אלץ שטום. נאָר אין כאשכעס פרעגסטו זיך: „וועמענס קאָל איז דאָס געוועזן?" ציטערסט אוף. כ׳לעב. קארעל, אינא... די מישפּאָכע... ניין, ניין, איך ווייס ניט זייער נאָמען, די גאס. און ווידעראָמאָל: „כ׳וועל בלײַבן בא מײַן זינען". כ׳וועל ארויס צו זון, לופט, צו מײַנע... וויִאזוי?

האו! האו! שרײַבן לידער... צונויפשטעלן לידער. נאָר אינדערעמעסן שטעל איך צונויף אָפּגעריסענע שורעס, פון וואָס כ׳האָב אמאָל געהערט. א מישמאש פון כאָר־לידער, פון ווערטער, וואָס קלעפּן זיך ניט איינס צום אנדערן...

ס׳עפנט זיך די טיר. א שטראל פון קאָרידאָר. „אופשטעען". צי ס׳איז טאָג, צי נאכט, ווייס איך ניט. איינס ווייס איך: מע פירט מיך, און נאָך יעדן פירעכץ קומען געשלעג, קלעפּ. איך פּרוּוו עפּעס טאָן. מע האלט מיך בא די אָרעמס. א דריטער וועג. אקוראט מע וויל מיר ווײַזן, ווי אומגעהײַער ס׳איז דער שלאָס. דרײַ אנדערע דײַטשן אוניפאָרמירטע, באבלעכלטע. הילצערנע פּענעמער.

— איר זײַט די פרוי פון קארעל איראַוו?.. מכע, מכו... מיר זײַנען באופטראָגט אײַך צו מעלדן, אז די דאָסיע קארל איראַוו עט קאָמפּאַני איז פארענדיקט. נאָך דרײַ טעג קאָנט איר אים זען... זײַן לעצטער ווונטש.

דאָס מאָל האָט מען מיך ניט געשלאָגן און ניט געקײַקלט אראָפּ... און נאָכאמאָל וואכסטו אוף, קעדיי צו פרעגן זיך: „ווּ בין איך?".

וואָס העלפט עמעצן אין מײַן לאגע דאָס שלאָגן זיך אין קאָפּ מיט די פויסטן? און פארוואָס עפּעס אן אנדער טפיסע־קאמער? א שויב. א שטראל ליכט. דו ליגסט אַף א טאָפּטשאן. פארוואָס פאר א כיין? האָסטו ניט אויסגעפלאַפּלט עפּעס? קוקסט צו דער טיר. אַף וואָס וואַרטסטו? איצטער איז אָוונט, געבליבן צוויי טעג און דרײַ נעכט. דו אײַלסט זיך גאָר! און אין מויעך ווערט דער ווירוואר פארפּלאָנטערטער. הייב אָן ווידער מיט לידער. אָפּראטעווען דעם מויעך. שווײַגן, שווײַגן, אינא...

און כ׳האָב געזען קארעלן.

געזען צווישן קאָיאָר און באגינען. איר ווייסט מיסטאמע פון אנדרייעווס „זיבן געהאנגענע" דעם גאנג פון די טאַליאָנים. זיי פּילן זיך מעכוּיעוו צו פארבלוטיקן דעם באגינען. פיר עסעסאָווצעס פירן מיך. אין א גרויסן הויף ווארפן זיך שוין שאָטנסטליִעס פון מענטשלעכע קערפּערס. קארעלן האָט מען געפירט פון אן אנדער זײַט. כ׳האָב אים דערקענט לויטן גאנג. זײַן שטאָלצן גאנג. פעסט, ווי טאָמיד. ווען כ׳האָב אויסגעשריגן „קארעל", האָט ער אומגעקערט זײַן קאָפּ, געפּרוּווט זיך אָפּשטעלן, אופגעהויבן א האנט. מ׳האָט אים געשטויסן: „פאָרווערטס!" מיך האָט מען אָנגעכאַפּט פאר די אָרעמס.

קארעל שפּאנט ארוף עטלעכע טרעפּלעך. ער דרייט אויס דעם קאָפּ אין מײַן ריכטונג... ער זעט מיך... וואָס טראכט ער וועגן דעם? „קארעל! קאַרעל!" — וויל איך שרײַען. נאָר איך בין שטום. און וואָס וויל איך זאָגן? אהאו! „כ׳בין ריין!" נאָר דאָ כאפּט מען מיך פאר די אָרעמס, כ׳זאָל ניט צוגיין נעענטער. פאר די האָר... „קוק, קוק!" און אין גרויקײַט פון באגינען זע איך זײַן פּאָנעם. כ׳הער זײַן אויסגעשריי: „טשעכיע וועט לעבן... סטא..."

איך בין ניט אראָפּ פון זינען.

נאָר אָט וואָס:

ווען מ'האָט מיך צוריקגעפירט אין קאמער, איז שוין געווען טאָג און די וועכטערן קוקט אַף מיר מיט עפּעס אַן עקל, מאכט אוועק מיט דער האנט. כ'האָב שוין ניט געקאָנט טראכטן וועגן מײַן אייגן לעבן, ווי צו נעמען אין אכט איר קרימעניש.

— צו וואָס האלט מען זי נאָך דאָ בא מיר? — פרעגט זי די עסעסאָווצעס.

כ'בין אוועקגעפאלן. אַן עקל האָט באהערשט מײַן נעשאָמע.

די שוידערלעכע אקציע האָט ניט אויסגעהאלטן א גרינער עסעסאָוועץ, ער איז אראָפּ פון זינען. און לויט זייערע מינהאָגים האָבן זיי אים דערשאָסן. די דײַטשקע נעמט נעקאָמע פאר אים. און ווי נאָר זי באמערקט, אז כ'שטיי ניט אזוי, ווי זי וויל, — באקום איך מײַנס. ביז איך בין אוועקגעפאלן. זאָל זי מיך קאטעווען, וועט עפּשער זײַן א סאָף.

נאָר טייקעף א שניט אין מויעך: שטארבן איז פאר דיר גלײַך ווי פאראט, אינאַ!

— שטראָם!

— אופשטעען!

זי גיט איבער די וואך, און די באנאכטיקע באקוקן מיך עפּעס מיט כשאד.

— ס'איז די זעלבע זאר־יודין, — זאָגט זי, — נאָר זי איז גראָוו געוואָרן, ווײַל מ'האָט ליקווידירט איר זאר־יודישן טשעך.

דאָס אלץ איז געווען ביז אָשווענטשים. און מײַן העפלעכער אויספאָרשער האָט אלץ געצויגן און געצויגן, און נאָר ווי מײַן עלטערבאָבע האָט אויסגעזען האָט ער ניט „פארפיקסירט" אין זײַנע פּאפירן. ער טוט דאָס אלץ מיר לעטויוועס. „אזעלכע אויגן, אזא שטים! און... אזא טרײַקײַט צו דער „זאכע": ווי זי זאָל ניט זײַן, די זאכע, ניט גערעכט: „וואנזיניק איז אזא געטרײַקײַט דאָך א טוגנט"... נו, ווער האָט לויט אײַער מיינונג געקאָנט בלײַבן בא אײַער יוגנטלעכער? לאָמיר ענדיקן, — כאָטש זי גייט ארויס אזוי יאָמערלעך קליין". כ'האָב זיך צוגעקוקט צום צירקאטש, געוואָלט א שפּײַ טאָן, נאָר פארביסן די ליפּן. מײַן מיינונג! ער האלט מיך אין איין שלאָגן (ניט ער — די כאמורילעס), און דאָ — מײַן מיינונג! און פּלוצעם ווײַזט ער מיר א בלעטל. גרויס, ווי א פלוגבלעטל, געדרוקט... אונדזער יוגנטלעכע! כ'בין דערציטערט געוואָרן. אויסגעשטרעקט די האנט, געוואָלט כאפּן דאָס בלעטל קושן, נאָר ס'איז טייקעף פארשווונדן אין דאָסיע, און ווײַטער זײַנע צירקאטשישע שטיק. זאָג איך אים: „איר זײַט אויסגעהאלטענער, ווען איר שלאָגט. שלאָגט! שלאָגט!"

דער סאָף איז געווען — כ'האָב זיך באקאנט מיטן טערעזינער פּאָדערצימער פון געהענעם. ביטער און שרעקלעך. נאָר זעסט א גאנצן טאָג דעם הימל, די זון, וואָלקנס. סע שמײַסט דיך דער רעגן. נאָר ביסט ניט אליין... אין טערעזין האָט מען קלוימערשט ניט געהארגעט, ניט געשאָסן, אפילע געשלאָגן — זעלטן. ניט פארברענט. נאָר מענטשן פלעגן פאלן טאקע ווי אין אָסיען פליגן. און די, וועלכע מע פלעגט פונדאנען אריבערשיקן קיין אָשווענטשים, זײַנען שוין געווען האלבע מייסים. האלבטויטע גופים. און די האלב־טויטע גופים האָט מען געצווונגען ארבעטן אוווידעס־פּערעך. “Arbeit macht Frei”, און מיר אלע האָבן אליין זיך געסטארעט באווײַזן טאָג נאָך טאָג, אז מיר זײַנען בעקויעך צו ארבעטן, מיר זײַנען ניט קראנק! אָט שטרעקן מיר זיך אויס לויטן באפעל אַף דער ערד, שטייען אויף. איין מאָל, פינף מאָל, צען מאָל. מיר שטייען שטראָם אין א ווירע, קלאפּן מיט די פיס. אלע הייבן זיך אויף ניט אבי־וויאזוי, נאָר אַף איין ריי. אלץ קעדיי ניט ארײַן מיט א טאָג פריִער אין די אויוונס.

די דײַטשן, וואָס זיי זאָלן ניט טאָן, טוען זיי סיסטעמאטיש. גאָלדענע הענט. אָרדענונג איז בא זיי אין בלוט. אפילע אין אָשווענטשים איז געווען... אָרדענונג. אַף כוויזעק א שפּאציר־אָרט! און אָט דאָ טאקע, אפן שפּאציר, ווי ער זאָל געווען ארויס פון אונטער דער ערד, אזוי פּלוצעם, שטארק נישטויעם, דערזע איך יענעם מענטשן, וועמען כ'האָב באזאָרגט מיט א געהיימער דירע אין ברנאָ. ס'זײַנען שוין אריבער קימאט פינף יאָר. איך האָב אים דערקענט. פון צווישן טויזנטער האלב־מייסים, וואָס שוועבן ווי שאָטנס פאר די אויגן, ווערן פארשווונדן קיין בירקענאו, אין די אויוונס. ווען כ'האָב אים געהאט געזען אין ברנאָ, האָט ער געהאט א מין מאָדנע קנייטש אפן שטערן, צי א פארהיילטע ווונד. אציִנד איז זי נעלעם געוואָרן צווישן אנדערע קנייטשן, קארבן. ער האָט מיך דערקענט נאָך דער... שטים. פון די ערשטע רעגעס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ער האָט ניט פארלוירן דעם מוט, דעם גלײַכגעוויכט. „וויאזוי הייסטו דאָך? וויאזוי רופט מען דיך?" — ער וויל עפּעס זאָגן מער, נאָר פארבײַסט די ליפּן... „ריווקע! ריווקע! מײַן מאמעס נאָמען!" ס'איז שוין ניט געווען וואָס צו באהאלטן, קאָנספּירירן. אזוי האָט זיך מיר געדאכט. ער האָט אָנגערופן זײַן נאָמען. און כ'דערמאָן זיך. זײַן נאָמען האָב איך געלייענט אין דער „קראסנאיא בעסאראביא". אָט זײַן עמעסער ייִדישער נאָמען — שלוימע. ס'איז שוין אפילע ניט געווען נייטיק צו באהאלטן, וויאזוי ער איז ארײַנגעפאלן אין די הענט צו די דײַטשן. מ'האָט אים ארעסטירט אין פראנקרײַך. ער איז דאָרט געווען... מיר האָט מען ניט באדארפט פארטײַטשן, אז אזא אריבערשפּרינגען פון ברנאָ קיין פראנקרײַך איז ניט פּאָשעט. ער האָט געטאָן זײַן שליכעס. צו וואָס פארפּינקטלעכן? נאָר אינגיכן דערוויס איך זיך, אז די היטלעראָווצעס רופן אים „הער פּראָפעסאָר סאָלאָמאָנוס טונקעלמאן־טיימאָף". זיי רופן אים אזוי מאכמעס זיי האָבן זיך דערוווּסט, אז ביז פראנקרײַך איז ער געווען א מיטארבעטער פון א וויכטיקן אינסטיטוט, ארויסגעגעבן א וויסנשאפטלעך ווערק... (ס'האָט זיי מיט־

געהאָלפן, וויַיזט אויס, די רומענישע סיגוראַנצע). ער איז געווען אויסגעטריקנט באַגלייַך מיט אַלע. נאָר געהאַלטן האָט ער זיך מיט גרויסער ווירדע. און דעריקער — ניט פאַרלירן די האָפענונג, דעם מוט, די איבערצייַגונג, אַז די היטלעראָווצעס וועלן כאַפּן אַזאַ מאַפּאָלע, אַז זיי וועלן קיין טכיעס־האַמייסים ניט אופשטיין.

זייַנע אַרגומענטן זייַנען געווען ווי מאַטעמאַטישע. כ׳האָב געזאָגט, אַז אין לאַגער, בישכיינעס מיט די בירקענאַוער אויוונס, איז שוין ניט געווען צו וואָס קאָנספּירירן. ס׳איז ניט אינגאַנצן אַזוי. ס׳האָבן זיך אַרומגעטראָגן קלאַנגען, געוועבט האָפענונגען, צעשפּרייט ידיעס. די רויטאַרמייער — לאַגערניקעס וועלן ניט הייַנט, איז מאָרגן געבן צו פילן די ראָצכים. זיי, וואָס מ׳האָט געמוטשעט מער פון אַלעמען, פאַרניכטעט מען אין דער ערשטער ריי. ס׳האָט זיך געהאָפט. ס׳האָט זיך געגלייבט אין דעם סאַמע אומגלייבלעכן. אין אַשוועניטשים האָבן זיך אָפּגעטאָן די שוידערלעכסטע מייַסים. כ׳רייד ניט פון גאַזקאַמערן, בירקענאַוער אויוונס. פון די ווילדע און מעשוגענע אייַנפאַלן פון די עסעסאָווצעס האָט דער מענטש באַדאַרפט פאַרלירן זייַן גלייַכגעוויכט. דאָ האָט זיך ראַש געענדערט די באַציִונג פון מענטש צי מענטש, צו די אייַנגעבוירענע מידעס, געפילן צו גלייבן.

כ׳וועל אייַך דערציילן ניט פון מיר, נאָר פון אַן אַלטן טאַלמודיסט, אַן אַרויסגעבער פון טאַלמודן — נויער־יעכעזקל ראָם. ער איז אַרייַן ווי אין קפירע, געוואָרן אַ גאָט־לעסטערער. סע שרעקן זיך פאַר אים מענטשן. און ער האַלט אײנס, לייקנט שטיין און ביין: „לעסטערט, לעסטערט! — שרייַט ער צו די האַלב־מייסים. — שפּייַט אים אין פּאַרצעף אַרייַן. פון אים וואַרט איר הילף? כאַ־כאַ־כאַ!״ אייניקע האָבן אָפּגעהיט ברעקלעך פון עמונע, אַנדערע, וועלכע האָבן קיינמאָל ניט געגלייבט, כאַפּן זיך אָן, ווי איינער, וואָס טרינקט זיך, פאַר אַ שטרוי, פאַר גאָט! ראָם האָט אָפּגעהיט אַ שטיקל שיימע אין טייַטשט: „אָפּשאַפן, אויסמעקן, אויסוואָרצלען די גאַנצע יידישע טוירע, איבערלאָזן, איבעראַנדערשן אָט אָ־די שורעס פון זייַן שיימע: ניט „טעכטער באָוולס״, נאָר מיר, „טעכטער דייַטשלאַנדס״. געבענטשט זאָל זייַן דער, וועלכער וועט דיר באַצאָלן פאַר דעם, וואָס דו האָסט געטאָן מיט אונדז, דער, וועלכער וועט דייַנע זויגקינדער צעקלאַפּן אין פעלדז״.

שלוימע טונקעלמאַן האָט אים גערעכנט פאַר אַ קלאָרן, באַם זינען. ער האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט. פאַרוואָס פאַרשפּרייט ער פאַרצווייפלונג, פריידיקט ווילדקייַט? „מיר, זאָגט ער, וועלן ניט גיין מיטן דערעך פון די טאַליאָנים. כאַיעוו זייַנען נאָר די הענקער, די היטלערס״.

ראָם לאַכט: „אַהאַ! יעכעזקל האַנאָווויס טוירע? באָבע־מייַסעס! זיי, די דייַטשן, האָבן געפּילפּלט איבערן טאַנאַך, איצטער ווילסטו זיי ריינוואַשן מיט אים? פאַר וועמען קומען אָפּ אונדזערע קינדער?.. פאַרוואָס? איך, נויער־יעכעזקל ראָם, שאַף אָפּ, אין נאָמען פון די פעלקער, יעדער געבאָט פון מענטשלעכקייַט פאַר אַלץ, וואָס עס הייסט דייַטש!״

שלוימע האָט ניט אויסגעהאַלטן: „מעשוגע, מעשוגע, אויסוואָרף״. מיר מיט שלוימען האָבן זיך געזעגן פון צייַט צו צייַט. אַמאָל רעגעס נאָר. מיר זייַנען די רעגעס געווען טייַער. צוזאַמען זיך דערמאָנען די היימישע ערטער, די צייַט, ווען דו ביסט געווען ניט קיין ציפער אָף פאַרברענט צו ווערן... „ווי פּרעכטיק, — זאָגט ער, — איז אונדזער שטאָלענער דניעסטער! די בענדערער גאַסן, די סוויווע... באַריסאָווקע. פּאַכלאַדאַנער פּאַרק״. ער פלעג זיך דערמאָנען אין לערער, פרייַנט.

און איך דערמאָן זיך מייַן איבערגעלאָזטן קאַלאַראַש. לאַכט! קיין סימען ניט פון שטוב, בלאָטעס, דאַכקעס. אַפילע די וואַרגנדיקע לופט פון דער אונטערדריקונג האָט אויסגעזען מילדער. ס׳איז צום לאַכן. דערמאָנסט זיך אין אַרקע וואַסערפירער. ער ברענגט וואַסער פון אַ קוואַל. זעסט אים און זייַן קליאַטשע. ער שרייַט: „וואַסער, וואַסער פון איזוואָר!״ און די מייַסע מיט זייַנע קליאַטשעס, זיי פאַלן אַנידער ערעוו פּייסעך און צו סוקעס. און אַרקע קומט לייַען, אויסבאָרגן לייעס אָף אַ נייַער קליאַטשע. וואַסער, וואַסער... אין לאַגער איז געווען וואַסער מיט אַ מאָס. מיט אַמפּערייַען, שטופּעניש פון איין מעס אָפּן אַנדערן... דערמאָנסט זיך בערצע ביידער... ערעוו שאַבעס גייט ער אַרום, רופט אויס: „קומץ אין מערכעץ אַראַן... אי אַ באָד, אי פּאַרע!״ וואָס צו דערציילן? אין לאַגער זייַנען געווען צוויי־ערליי בעדער. איינע מיט אַ דערשטיקעניש צום וואַשן זיך, און אַ צווייטע — פון דער האָב איך נאָר געהערט. פון דאָרטן קומט מען שוין ניט אַרויס... אַ רעגע. די שוועסטער וועט זיך ערגערן. כ׳רייד און רייד, און די מילך...

שלוימע דערמאָנט זיך זייַן בענדערי, לענינגראַד, פרייַנט זייַנע. איינעם אַ כאַווער זייַנעם, אַ מיטאַרבעטער — טימאָטיי מאַרין. דעם האָב איך באַגעגנט אין יענער האַפּן־שטאָט. ער איז געקומען לייענען לעקציעס, זיך באַקאַנען מיט יוגנט, עלטערע. נאָך דער לעקציע האָבן מיר אים אָפּגעלאָזט, אַריבערגעשיפט זיך איבערן טייַך, אין אַ פישער־קרעטשמע, געהוליעט — געבראָטענע קליינע פישעלעך אין אַ געזאַלצענער וואַסער. אַ גלעזל זויערלעכן ווייַן. ער האָט דעמלט דערציילט וועגן זיך, וועגן זייַן לערנען אין גאַלאַכישן סעמינאַר: אַ פּריווילעגיע — זייַן מוטער האָט אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן, אויס ליבע צו זייַן פאָטער. דער פאָטער איז געשטאָרבן פרי. און דערנאָך איז ער, טימאָטיי, געוואָרן איר גאָט. וועגן אַ פּראָצעס פון 270. אין שטייַגן... הונגער־שטרייַקן. דערנאָך האָבן מיר געבלאָנדזשעט פאַזע דעם ברעג, באַוווּנדערט, ווי די לעוואָנע טויוולט זיך אין דער טונע...

מיט דערינערונגען האָבן מיר אוועקגעטריבן דעם ייִאוש. איך בין עפּעס געשטאַרקט געוואָרן. דורך שלוימען. כ'וועל זאָגן דעם עמעס, געוואַרט אַף די רעגעס. מעגלעך, אַז שלוימע אויכעט. נאָר איבער אַלעמען איז געהאַנגען דער טויט. די היטלעראָווצעס האָבן אים, שלוימען, אַלץ צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן מיט אים ניט טאָן, ווי מיט אַ ליאַדע יודלעך. ער, שלוימע, זײַנס: „איך וועט באַצאָלן". און ס'איז געקומען דער שוואַרצער טאָג. כ'בין געבליבן אָן מײַן פרײַנט. דאַכט זיך, געקאָנט זיך צוגעווינען צום וואָרט „טויט". ווידעראַמאָל קלאַפּ איך זיך מיט די קולעקעס אין קאָפּ, און מע באַטראַכט מיך ווי אַ מעשוגענע. די היטלעראָווצעס האָבן געהאַלטן וואָרט, באַשטימט אַ טאַראַראַם. אַ צאָל אַנטיפאַשיסטן, שלוימען, נויעך־יעכעזקל ראָם און עפּעס אַ מיליאַנשטשיק פון פראַנקרײַך, וועלכער האָט זיך אײַנגעאַקשנט, זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זײַנע אויצרעס אין שווייץ, שוועדן, בענק לעטויוועס דעם רײַך. אַלע אַרויסגעפירט אַפן אומשלאַג־פּלאַץ, פאַר אַ כאַפּטע געסט זיי באַווייזן די אַנטיפאַשיסטן אַלס פאַרעטער פון דויטשטום, די אַנדערע אַלס הידרע, אַליאַנס אוניווערסעל פון פּלוטאָקראַטיע, יודאַיזם און באָלשעוויזם, איבער וועמען דײַטשלאַנד איז מעכויעוו צו פירן מילכאָמע, פאַרגיסן אַריש בלוט.

— געצווונגען?! — שרײַט אויס שלוימע. — עס גייט בא אײַך קאַפּויר. מע וועט דערשלאָגן!

נאָר דער טאַראַראַם גייט זײַן וועג.

— וואָס ווילן די הערן אַלס לעצטן ווונטש?

— כ'זאָל ניט בלײַבן קיין באַלכויוו, — זאָגט שלוימע, און צי האָט ער געהאַט קויעך, צי ניט, מיטן לעצטן דערלאַנגט ער דעם היטלעראָוועץ, אַז די ברילן־שיידלעך קריכן אים אַרײַן אין די אויגן.

פאַר דער רעגע נעקאָמע, ווירדע האָט דער לאַגער געצאָלט טײַער. די עסעסאָווצעס שלעפּן מענטשן צו די אויוונס. קאָלאָנעסווײַז. מענטשן פאַרלירן דעם זינען. באַהאַלטן זיך איינער הינטערן אַנדערן. אונטער די נאַרעס, אין אָפּטרעטן. אַף שריט און טריט וואַלגערן זיך מייסים. הינט בושעווען פרײַ, רײַסן שטיקער פון יענע, וואָס רירן זיך פון אָרט. דער סאָף, וועלכן ס'האָט געוואָלט פאַרגיכערן ראָם, דערנעענטערט זיך... אַלץ שווערערע לאַסטן אַף די קערפּערס, הויט און ביין. די שפּײַז אַלס שטראָף פאַרקלענערט. און ווי אַפּצולאָכעס, ווי אַ געטלעכער אָנזאָג אין דיר: „איך וועל אַרויסגיין אַף דער פרײַ. דער עמעס קומט אַרויס, ווי בוימל אַפן וואַסער! שלאָגט זיי, זייער סאָף קומט!".

איינמאָל האָט שלוימע אַ זאָג געטאָן: „דאָ איז דער צענטער קרײַז פון געהענעם". נאָר ווײַל ער האָט באַמערקט מײַן טרויער, זאָגט ער שוין: „בא דאַנטען זײַנען אין געהענעם נײַן קרײַזן, דאָ — דער צענטער. בא אים קומען אָפּ רעשאָיִם, דאָ — אומשולדיקע. נאָר ריווקעלע איז מעכויעוו צו זײַן אָן אַרויסגאַנג צו די שטערן".

אָט בין איך פרײַ, כ'זע אונדזערע שטערן.

מיט דעם פאַרענדיקט זיך די דערקלערונג פון ריווקע סאַדעגורער, וועגן אירע אָפּקומעניש, אַ פּאָר וואָכן נאָך דעם, ווי דער סאָוועטישער רויטער קרייץ האָט זי אַרויסגעפירט, אַרויסגעטראָגן פון לאַגער.

ס'איז געבליבן ניט אויפגעקלערט דער גורל פון איר קינד.

נאָר לעכאַטכילע עטלעכע ווערטער מיצאַד יענעם, וואָס וועט זיך אָנרופן מעכאַבער.

ס'האָט אין אַלטערטום אַ שאַרפזיניקער שרײַבער — לוקיאַן אַ זאָג געטאָן: „איינס ווייס איך, אַז עמעס איז נאָר יענץ, וואָס כ'האָב אויסגעטראַכט". דעם וויץ איז אַ געלונגענער. ליגן־עמעס. נאָר איבערשרײַבנדיק, דאָ און דאָרט איבערשטעלנדיק אַ וואָרט אין ריווקע סאַדעגורסקעס געשיכטע, האָב איך געצוימט די פעדער. קיין שום Licentia poetica. קיינעם ניט צוגעגעבן יענץ, וואָס ער האָט אפילע רעכט. צופעליקע פאַרשוינען אין ריווקעס געשיכטע, כאָטשבי אָטיליאַ מילין, וועלכער האָט פאַרלוירן דרײַ ברידער אַף די שלאַכטפעלדער מיטן היטלערטום... אַליין אויך גוט געצאָלט.

דער סאָף? באַשרײַבן די מאַטערנישן פון אַ מאַמען, וואָס זוכט איר קינד אין אַ לאַנד נאָך דעם, ווי איבער אים איז דורכגעגאַנגען דער דרעש־שטיין פון מילכאָמע, איז ניט לײַכטער, ווי דאָס פריִערדיקע. נאָר שוידערלעך איז, ווען די מאַמע געפינט איר קינד, זאָגט עס: „פּאַני רעקאַ, ניט איר זײַט מײַן מאַמע, מײַן מאַמע איז אירענאַ".

אַ נײַע מאַטערניש, אַ נײַער געהענעם־קרײַז — אין דער נעשאָמע. עס לויפן כאַדאָשים, כאַדאָשים, ביז אינאַ דערמאָנט זיך עפּעס: „פּאַני רעקאַ, מאַמעלע, דו רעדסט דאָך אַזוי, ווי אַמאָל, מיט אַזאַ שטים, ווען כ'האָב געהאַט אַן אַנדערן טאַטן..."

ס'וואָלט געווען פרייד, ווען ניט אַ שטענדיקע מוירע, אַ פּוסטע כאַראָטע פון אַ ניט־געטאָנענער אַווײרע. וויאַזוי זאָל זי באַהאַלטן פאַר איר קינד, אַז ס'איז געווען אַ באַגינען אין אַ טפּיסע־הויף? זי האָט געזען אַלץ, ניט געקאָנט זאָגן איר פאָטער, אַז זי שיקט מען ניט אַף דער טליִע, זי איז ריין... זי וועט ניט אַראָפּ פון זינען צוליב איר טאַטע — אינען. און זי איז ניט אַראָפּ פון זינען, נאָר ס'איז אַראָפּ פון זינען אַ טאַליען צי אַ געהילף פון אַ טאַליען.

# מעשאָלים

## דער קאָפּ און דער עק פון דער שלאַנג

דער ווײדל האָט צעשריגן זיך: „ביזוואַנען איז דער שיר,
דער קאָפּ זאָל אָנפירן? ניין, איך, דער ווײדל, פיר!"

דער קאָפּ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט: עס איז אוואַדע שלעכט,
דעם ווײדל מוז איך אָפּגעבן גערעכט.

דער ווײדל טוט א פיר. דעם קאָפּ צעשפּאָלטן אַף א שטיין...
און אין א קופּע שטעכלקעס פאַרפּלאָנטערט זיך אַליין.

## צוויי פײגל און א פוקס

אַף א סאָסנע און אַף א דעמב זיצן צוויי פײגל,
איינער — מיט א שטיק קעז, דער צווייטער — מיט א בײגל.

זאָגט צו זיי דער פוקס: „כ'האָב א קלײנעם אינטערעס,
כ'וויל דאָ גאָרנישט ניט געניסן, מײַנע ליבע פײגל:
נאָר וואָס איז דער פיסנער בײגל אָן א שטיקל קעז?
און וואָס איז דער זויערער קעז אָן א שטיקל בײגל?"

זאָגן אים די פײגל: „צווישן זיך מיר זײַנען קרויווים, —
אָבער גלייבן אײנס דעם צווייטן, פונקט ווי דעם הונט...
ווילן מיר דיך בעטן — זאָלסט אונדז זײַן געזונט, —
געבן יעדן זײַן כײלעק — טו אונדז די טויווע".

זאָגט צו זיי דער פוקס: „איך האָב א קלײנעם אינטערעס..." —
און כאַפּט אַרײַן דעם בײגל אינײנעם מיטן קעז.

## דער פּאַסטעך, דער הונט און דאָס קראַנקע שעפּסעלע

איין זאַך — וואָס דער ווײנער ווײנט,
און די צווייטע — וואָס ער מײנט...

ס'היט דער פּאַסטעך אָפּ א קלאַל:
אויב, היט גאָט, א שעפּסל פאַלט,
שענקט ער עס דעם סטרוזש — דעם הונט.
יענער דאַנקט און עסט געזונט.

אײנמאָל טרעפט, א שעפּסל גויסעט, —
און דער הונט מיט טרערן הייסע
זיך באַגיסט. „היי, גיב שוין לאָשן!"
הייסט דער פּאַסטעך. זאָגט דער ראָשע:
— ס'טוט מיר שטאַרק, מײַן אָדן, באַנג...
וואָס דאָס שעפּסל גויסעט לאַנג.

## א לײמענער טאָפּ און א מעשענער טאָפּ

א לײמענער טאָפּ און א מעשענער טאָפּ
פּאַמעלעכן שווימען צום יאַם־צו אַראָפּ.

דער לײמענער זאָגט מיט א שולדיקן טאָן:
— פונוויַיטנס זיַ, בעט איך דיך, ריר מיך ניט אָן,

א שטויס טאָן וועסט מיך, צי א ריר טאָן כ׳וועל דיך —
אַלציינס א צעבראָכענער בלײַבן וועל איך.

## דער מענטש און דער קעמל

אָנגעלאָדן שווער דעם קעמל, האָט דער מענטש געפרעגט:
„וואָס איז פאַר דיר בעסער? באַרג־אַראָפּ, צי באַרג־אַרויף?"

ענטפערט אים דער קעמל מיט א פראַגע אויף דערויף:
„וואָס זשע, באַלעבאָס, ס׳איז דען ניטאָ קיין גלײַכער וועג?"

## א פּעדאַנט

א לערער און אַלטער, א גרויסער פּעדאַנט,
דערהערט, אַז א שילער געוואָרן איז קראַנק.

אויף מאָרגן דערציילט מען — דאָס קינד איז באַם עק,
און מיטוואָך, אַז ס׳איז פון דער וועלט שוין אוועק.

צעשרויפט עס אים פלוצעם, צעגרימט ער זיך: „הער נאַר!
טערוצים, טערוצים! — און ווען וועט ער לערנען!"

## דער לײב און דאָס מײדל

א לײב זעט א מײדל און זאָגט: „זײַ מײַן ווײַב!"
„פאַרענדער דײַן אויסזען, עס גרוילט מיר דאָס לײַב!"

דער לײב שערט די נעגל און רײַסט אויס די ציין
און בלײַבט פאַר איר טיר, ווי א נעבעכל, שטיין.

א קוק געטאָן האָט זי, קיין וואָרט ניט געזאָגט —
און שטרענג מיטן בעזעם פון שטוב אים פאַריאָגט.



## ייִדיש קולטור־לעבן אין מינסק

# מיט לײַב און לעבן

(דער אינדערוואָכן פון א ייִדישער ביבליאָטעקערן)

אין מינסק איז האיאָר געשטאנען אן אויסערגעוויינלעך ווארעמער, טרוקענער און זוניקער הארבסט. עס האָבן דאָ א לענגערע צײַט ניט פארלוירן זייער גרינקײַט די פארקן און סקווערן. אין די סעדער און גערטנער ארום מינסק האָט נאָך געצײַטיקט א שעפעדיקע גערעטעניש פון עפל, בארן און פארשיידענע גרינסן. אַלץ ארום האָט געשמעקט מיט זומער־לעבן. בלויז דאָס רוישיקע קינדערווארג אין שילערישע אוניפאָרמען מיט געפאקטע רענצלעך אַף די אקסל דערמאָנט וועגן דעם אָנקומענדיקן נאטירלעכן אומבײַט צווישן זומער און הארבסט.

פאר דער ייִדישער באפעלקערונג פון מינסק איז דאָס יאָר 1989 געווען באזונדערס נײַ מיט דעם, וואָס אין פארגאנגענעם פרילינג איז באם קולטור־פאָנד פון דער ווײַסרוסישער רעפובליק געגרינדעט געוואָרן די געזעלשאפט פון ייִדישער קולטור בעראָש מיטן פארדינסטפולן קינסטלער און קונסט־טוער פון ווססר מאי דאנציג און זײַן געהילף דעם אינזשעניער יאקאָוו גוטמאן, — א געזעלשאפט, וואָס איר גרונטציל באשטייט אין מיטהעלפן דעם ווידערגעבורט פונעם ייִדישן קולטור־לעבן אין ווײַסרוסלאנד. פאר אָט דעם צײַט־אָפּשניט האָט זי שוין ניט ווייניק אופגעטאָן. עס זײַנען געשאפן געוואָרן קאָלעקטיוון פון ייִדישער זעלבסטעטיקער קונסט, קורסן אַף דערלערנען ייִדיש, און דאָס אַלץ האָט גיך צוגעצויגן די אופמערקזאמקײַט פון דער שטאָטישער באפעלקערונג. דאָס האיאָריקע לערניאָר האָט זיך אָנגעהויבן אקוראט דעם 1־טן סענטיאבער בא די קורסאנטן, וועלכע דערלערנען פאקולטאטיוו ייִדיש און איווריט אין איינער פון די שטאָטישע אָוונט־שולן.

לעצטנס איז די מינסקער ייִדישע קולטור־געזעלשאפט באַרײַכערט געוואָרן מיט א ייִדישער ביבליאָטעק, וועלכע איז געשאפן געוואָרן אַף געזעלשאפטלעכע יעסוידעס. די איניציאטיוו האָט דערפרייט דעם אוילעם, באזונדערס די ליבהאָבער פונעם ייִדישן געדרוקטן וואָרט, פאר וועלכן עס איז אין מעשך פון אזויפיל יאָרן געווען פארמאכט דער צוטריט צו די אָרטיקע ביבליאָטעקן. אין דער נײַ־געגרינדעטער ביבליאָטעק קומען צו יעדן טאָג ייִדישע, רוסישע, העברעיִשע און ווײַסרוסישע ביכער.

דערווײַל האָט מען פאר אָט דער ביבליאָטעק אויסגעטיילט צײַטווײַליק צוויי צימערן. איך בין צוגעפאָרן אהין צוזאמען מיט איינעם פון די אקטיוויסטן פון דער קולטור־געזעלשאפט, דעם אָרגאניזאטאָר פונעם טעאטראליזירטן עסטראדע־אנסאמבל אליק בעריאָזקין — א קרעפטיקן מאנצבל פון א יאָר פינף און פערציק מיט א זאפטיקן דײַטלעכן פאָלקס־ייִדיש. אגעוו, הירש בעריאָזקינס, דעם באוווסטן ליטעראטור־קריטיקערס א פלימעניק.

די אלטע, שמאָלע הילצערנע טרעפּ האָבן אונדז ארופגעפירט אפן צווייטן שטאָק. און מאָלט אײַך אויס, ווי איך בין געוואָרן פריידיק איבערראשט, ווען איך האָב דערזען פאר מײַנע אויגן אין דער ראָל פון דער ביבליאָטעקערן איזי כאריקס אלמאָנע — דינע כאריק. צוזעענדיק די באגעגעניש, האָט מײַן באגלייטער טרעפלעך באמערקט:

— שוין צוליב דעם אליין איז קעדײַ געווען די טירכע אהער צו פאָרן!

איך זיץ באם טיש און קוק זיך אײַן, ווי דינע כאריק, די נאָך פולע מיט ענערגיע ייִדישע פרוי, גלײַך ס'האָט זיך אין איר אנטפלעקט די צווייטע יוגנט, פילט אויס די ערלעכע פליכט פון א ביבליאָטעקערן. אין צימער קומען ארײַן לייענער, מע קערט אום ביכער און מע באקומט נײַע. זי באווײַזט אויסצוהערן אלעמען, פירן די קארטאָטעק, אָפּמערקן אין די פאָרמולירן. אַלץ טוט זי מיט א מילדן שמייכל, און די ענגשאפט פילט זיך ניט.

— גוטע מענטשן העלפן מיר אין דער ארבעט, — זאָגט זי, — די מיטארבעטער פון דער ביבליאָטעק פונעם שרײַבער־הויז באזאָרגן מיך מיט דיסקאָנט־ביכער, קארטלעך, פאָרמולירן...

אָט איז ארײַנגעקומען א יונגערמאן, באָריס הימלשטיין, אן אקטיווער לייענער, וועלכער העלפט דער באלעבאָסטע איבערטראָגן און פאנאנדערשטעלן די ביכער, עפעס־וואָס פארשרײַבן, צעשטעלן די פאָרמולירן לויטן אלעפבייס.

דינע כאריק איז פארוואלגערט מיט ארבעט. מענטשן שענקען דער ביבליאָטעק ביכער פון זייערע היימישע ביבליאָטעקן. עס קומען אויך אָן אויסגאבעס פון אויסלאנד, פולע קאָמפּלעקטן פון „סאָוועטיש היימלאנד". ייִדישע, רוסישע און ווײַסרוסישע צײַטונגען. לויט איר נאטור און כאראקטער א מענטש א געזעלשאפטלעכער, איז דינען אַלץ נעגייע. זינט עס עקזיסטירט דער זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" איז זי איינע פון זײַנע אקטיווסטע געזעלשאפטלעכע פארשפרייטערנס. די ארבעט טוט זי אויך איצט, פירנדיק די ביבליאָטעק. בא איר אפן טיש ליגט א העפט, אין וועלכן זי פירט די צעטלען פון די מענטשן, וואָס פארלאנגען צו לערנען ייִדיש און איווריט. אנדערע קלינגען איר אויך אהיים, ווענדנדיק זיך מיט פארשיידענע פראגעס און באקאָשעס.

אין דער יוגנט א לערערן און א דערציִערן אין א קינדער־גאָרטן, זײַנען איר אויך די איצטיקע בא־

שעפּטיקונגען נאָענט צום הארצן. ס׳קלעקט איר געדולד אלעמען אויסצוהערן, געבן אן אייצע, מיט עפּעס ארויסהעלפן.

יאָ, דינע כאריק איז נאָך שעפעריש יונג. מאמעש צו באוווּנדערן. ווען מע דערוויסט זיך אָבער, וויפל די פרוי איז אויסגעשטאנען אין איר לעבן, קאָנען זיך שטעלן די האָר קאפּויר: איבערלעבן דאָס 1937 יאָר, דעם ארעסט און דעם אומקום פון איזי כאריקן, בלײַבן יונג אן אלמאָנע מיט צוויי קליינע קינדער און שפּעטער, אָנהייב מילכאָמע, זיי אומגעלומפּערט פארלירן אף די וואָגלענדיקע וועגן פון דער עוואקואציע, און דאָך ביז הײַנט פארהיטן אין זיך דעם מענטשלעכן מוט!..

אין צימער פון דער ביבליאָטעק איז שטיל. דינע איז צופרידן, ווען עס קומען אהער וואָס מער מענטשן. זי באווײַזט דאָס קארטאָטעק־קעסטעלע מיט די פאָרמוליארן, עס זײַנען פארשריבן לייענער פון פארשיידענעם עלטער, מיט אייגענע געשמאקן צו ליטעראטור.

— די ערשטע צײַט, — דערקלערט זי, — האָבן מיר געסאָפּעקט, צי ס׳וועלן זײַן גענוג אבאָנענטן. זייער צאָל וואקסט פון טאָג צו טאָג. מיר נייטיקן זיך בלויז אין בעסערע באדינגונגען.

איך הער זיך צו צו אירע רייד און דערשפּיר עפּעס געמיינזאמס מיט דעם הויפּט־העלד פון איזי כאריקס פּאָעמע „מיט לײַב און לעבן“ — דער לערערן, וועלכע איז גרייט זיך מאקריוו זײַן לעשעם דעם גליק פון אירע דערצויגלינגען, לעשעם דעם וווילזײַן פון די מענטשן.

י. פּײַוווסאָוויטש

# „די באדערפעניש אין א נאציאָנאלער ווידערופלעבונג איז קיינמאָל ניט געשטאָרבן...“

פאראיאָרן איז אין מינסק בא דער שטאָטישער אָפּטיילונג פונעם סאָוועטישן קולטור־פאָנד געשאפן געוואָרן א פארייניקונג פון ליבהאָבער פון דער יידישער קולטור. אין דער רעדאקציע קומען אָן בריוו, וועלכע אנטהאלטן א באקאָשע צו דערציילן וועגן איר.

וואָס פאר א דערפארונג איז געלונגען אָנצוזאמלען פאר אָט דעם טערמין? ווי גרויס איז די באדערפעניש אין אזא פארייניקונג? וועלכע איז איר פּראָגראם? ווער זײַנען די מיטגלידער פון דער פארייניקונג און וואָסערע פּראָבלעמן און פּלענער זײַנען בא זיי פאראן? וועגן דעם שמועסן מיר מיטן פאָרזיצער פון דער פארוואלטונג פון דער פארייניקונג, דעם פארדינסטפולן קונסט־טוער פון דער ווײַסרוסישער רעפּובליק מ. וו. דאנציג.

— מײַ וואָלפאָוויטש, אײַער פארייניקונג האָט ניט געקאָנט אנטשטיין אף א פּוסט אָרט...

— די אידיי וועגן שאפן אזא געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציע איז געשטאנען פאר אונדז ניט איין יאָר. די באדערפעניש בא מענטשן צו פארטיידיקן זייער קולטור איז געוואקסן אין דער מאָס ווי ס׳האָבן זיך פארטיפערט די ווידערשפּרוכן אין דער נאציאָנאלער פּאָליטיק. די יידן האָבן זיך באזעצט אף דער ווײַסרוסישער ערד נאָך אין 14־טן—15־טן יאָרהונדערט. פאר דעם האלבטויזנטיאָריקן פּעריאָד האָט זיך אויסגעבילדעט א רײַכער היסטאָרישער און קולטורעלער פּלאסט בא אונדזער פאָלק. פון לאנגאָנען האָט מען געבויט אין ווײַסרוסלאנד יידישע שולן, סינאגאָגעס, הארט ביזן 1948 יאָר האָט אין מינסק עקזיסטירט א יידישער טעאטער, עס זײַנען דערשינען יידישע צײַטונגען, זשורנאלן, ביכער. אף דער ווײַסרוסישער ערד האָט דאָס יידישע פאָלק געבראכט צו קוורע זײַנע אָוועס, און אפן ערשטן הערב פון דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער סאָציאליסטישער רעפּובליק האָט מען געקאָנט איבערלייענען די באוווסטע ווערטער „פּראָלעטאריער פון אלע לענדער, פארייניקט זיך!“ אויך אף יידיש. אָבער נאָך ביז דער מילכאָמע האָט מען אָנגעהויבן פארמאכן די נאציאָנאלע שולן, אָפּשטעלן דעם צוטריט צו דער יידישער שפּראך, צו די קולטור־היסטאָרישע ווערטן. שפּעטער — די גרוילן פונעם פאשיסטישן גענאָציד, די שווידערלעכע יאָרן פונעם סטאלין־טעראָר, דער קאמף מיטן קאָסמאָפּאָליטיזם. און לעסאָף, די צײַט פון פארגליווערונג, ווען א באליביקע אנטפּלעקונג פונעם נאציאָנאלן האָט מען קוואליפיצירט אלס נאציאָנאליזם. די אָרגאנישע אנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור, פּונקט ווי פון פיל אנדערע קולטורן, איז איבערגעריסן געוואָרן. אָבער די באדערפעניש אין א נאציאָנאלער ווידערופלעבונג איז קיינמאָל ניט געשטאָרבן, זי האָט געוואָרט אף איר שאָ.

— די איבערבויונג האָט געעפנט א ברייטע מעגלעכקײַט צו אופשטעלן דאָס פארלוירענע. זאָגט, ביטע, וועלכע אופגאבן שטעלט פאר זיך די נײַע פארייניקונג?

— מיר שטעלן פאר אונדזער ציל מיטצווווירקן, אז די מיטגלידער פון דער פארייניקונג זאָלן טיפער

**באהערשן די רײַכטימער פון דער ייִדישער קולטור, ווי אויך פון דער וועלט־קולטור, אָפּהיטן און אַנטוויקלען די ייִדישע פֿאָלקס־שאַפונג, ווידערופלעבן די טעאטראלע טראדיציעס. אין קרײַז פון אונדזערע אופגאבן גייען ארײַן פראגן פון עסטעטישער, פּאטריאָטישער, אינטערנאציאָנאלער דערציִונג. די באגריפן פונעם נאציאָנאלן און אינטערנאציאָנאלן אין אונדזער טעטיקײַט וועלן קעסיידער גיין באנאנד. צווישן זיי זײַנען ניטאָ און קאָנען ניט זײַן קיין ווידערשפרוכן. פארקערט, זיי זײַנען קעגנזײַטיק פּארבונדן און אָפּהענגיק צווישן זיך. פונקט אזוי ווי אינטערנאציאָנאליזם איז ניט מעגלעך אָן פּאטריאָטיזם, אָן דעם באוווסטזײַן פון שײַכעסדיקײַט צו דער אייגענער היים, אזוי פירט די אומגעצוימטע פּארכאַפונג מיטן נאציאָנאלן צו נאציאָנאלער גײַוועס.**

**בלויז באזיניקנדיק אין דער פולער מאָס די קולטורעלע יערושע פון דײַן פֿאָלק, אָפּשאצנדיק דעם צושטײַער פון דײַנע זיידעס און טאטעס אין דער קולטור קאָן מען דורכגעדרונגען ווערן מיט דרערעכערעץ צו אנדערע פעלקער.**

— צי זײַנען די דאָזיקע קלאַלים פאַרפעסטיקט אין דער פּראָגראם? צי איז פאראן א סטאטוט פון דער פאריייניקונג?

**— די פּראָגראם און דער סטאטוט פון דער געזעלשאפט זײַנען אָנגענומען געוואָרן אַף דער גרינדונגס־פארזאמלונג דעם 11 אָקטיאבער 1988. טאקע דעמלט האָבן מיר אויסגעקליבן די פאַרוואַלטונג, וווּהין עס זײַנען ארײַן דער העלד פון סאָציאַליסטישער מי, פֿאָלקס־ארטיסט פון פססר ז. אזגור, דער העלד פון סאָוועטנפארבאנד יע. ווײַנרוב, דער ארכיטעקטאָר, לאורעאט פון דער לענין־פּרעמיע ל. לעווין, דער פֿאָלקס־ארטיסט פון דער ווײַסרוסישער רעפּובליק ל. גאָרעליק, די פארדינסטפולע ארטיסטקע פון דער ווײַסרוסישער רעפּובליק יו. אראָנטשיק, די שריפטשטעלער ה. רעלעס, פּ. כאימאָוויטש — סאַכאַל 17 מענטשן.**

— דאָס איז דער קערן פון דער געזעלשאפט, איר אָרגאניזאציאָנעלער צענטער. וויפל ציילט זי ביכלאל מיטגלידער און ווער קאָן אין איר ארײַנטרעטן?

**— בא אונדז אין פּאָרטפעל זײַנען פאראן העכער הונדערט מעלדונגען, אָבער דער אָפיציעלער אופנאם אין דער פארייניקונג איז נאָך ביז איצט ניט פּאָרגעקומען. מיר פארמאָגן ניט קיין אייגענע געבײַדע. פריער האָבן מיר זיך פארזאמלט אינעם ניט־גרויסן לאָקאל פונעם שטאָטישן קולטור־פאָנד, וואָס האָט אויך צײַטווײַליק זיך געפונען אין דעם ביניען פון דער געזעלשאפט פאר אָפּהיטן די דענקמעלער. איצט זײַנען מיר פארבליבן ביכלאל אָן א געבײַדע. מיר האָבן אין שײַכעס דערמיט זיך געווענדט אינעם אויספיר־קאָמיטעט פון דעם שטאָטראט, אין שטאָטקאָמיטעט פון דער פּארטיי. די פראגע געפינט זיך דערווײַל אין דער סטאדיע פון לייזונג. וואָס איז שײַעך דעם צווייטן טייל פון דער פראגע, איז וועגן דעם אלעם געזאָגט געוואָרן אין סטאטוט. מיטגלידער פון דער געזעלשאפט קאָנען זײַן באליביקע אײַנוווינער פון מינסק. וועגן וועלכער־ניט־איז באגרענעצונג לויט דער נאציאָנאלער אָנגעהעריקײַט קאָן אפילע קיין רייד ניט זײַן. נאָך מער, דער אָנטייל אין דער פארייניקונג פּאָרט זיך ניט מיט נאציאָנאלער פּארשלאָסנקײַט, אונדזערע טירן זײַנען אָפן פאר מענטשן פון אלע נאציאָנאליטעטן און עמונעס, וועלכע ווילן אָנטיילנעמען אין דער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער קולטור.**

— וועלכער איז דער פינאנסיעלער אספעקט פון דער טעטיקײַט פון דער געזעלשאפט? צי פארמאָגט איר א קאָנטע אין באנק?

**— די פארייינונקונג איז טעטיק לויטן פּרינציפּ פון זעלבסט־אויסהאלט, אויסניצנדיק די מיטלען פון אירע אָנטיילנעמער, פרײַוויליקע אָפּצאָלן פון פּריוואטע פערזאָנען און אָרגאניזאציעס. נו און, נאטירלעך, אויך די מיטלען, וועלכע זי באקומט פון אייגענע באצאָלטע פּראָגראמען. קיין באזונדערע קאָנטע אין באנק פארמאָגן מיר דערווײַל ניט, פונקט ווי מיר האָבן אויך ניט קיין אייגענעם שטעמפּל און קיין פירמע־בלאנקן. מע דערלויבט אונדז זיך ניצן מיט דער קאָנטע פון דער שטאָטישער אָפּטיילונג פונעם קולטור־פאָנד, די פרײַוויליקע זאמלונגען פון די דורכגעפירטע אונטערנעמונגען באטרעפן הײַנט ארום 1.000 רובל.**

— אויב מיר ריידן שוין וועגן דער דירעקטער טעטיקײַט פון דער פאריייניקונג, איז אינטערעסאנט צו וויסן, וואָס איר האָט פאר דער צײַט אופגעטאָן?

**— די געזעלשאפט האָט צוגעגרייט אן אָוונט פון דער ייִדישער ליטעראטור. צוויי מאָל, דעם 30 יאנוואר און דעם 21 מארט, האָבן מיר אים איבערגעכאזערט אין רעפּובליקאנישן ליטעראטן־הויז און אין קינאָ־הויז, ארויסגעפאָרן קיין באברויסק. אומעטום — א דערפאָלג, איבערגעפולטע זאלן. דאָס איז פּאָרגעקומען בא דער אָפּוועזנהײַט פון רעקלאמע. ניט קיין קלענערע פּאָפּולערקײַט האָט געהאט די אײַנגעאָרדנטע אינעם ליטעראטן־הויז אויסשטעלונג פון די באוווסטע ייִדישע קינסטלער: א. אי. קראָל, אי. מ. באסאָוו, ל. ס. ראן, כ. מ. ליפשיץ, ל. ב. זילבער, אי. גרימבערג. דערבײַ ווײַזן ארויס אן אינטערעס צו דער ייִדישער ליטעראטור, מאָלערײַ, מוזיק מענטשן פון אלע נאציעס, פון פארשיידענעם עלטער און פּראָפעסיעס. מיר זײַנען אלעמען זייער דאנקבאר. אָט האָבן מיר פארפלאנירט אַף הארבסט א פערסאָנעלע אויסשטעלונג פונעם גרויסן קינסטלער יו. מ. פּען, דעם גרינדער פון דער וויטעבסקער קונסט־שול. די ארבעטן פון דעם דאָזיקן מײַסטער וועלן, מיין איך, צוציִען א סאך באזוכער. די פאריייניקונג האָט דורכגעפירט א מיטינג באם דענקמאָל די קאָרבאָנעס פון דער מינסקער געטאָ, א באגעגעניש מיט די ארטיסטן פונעם מאָסקווער טעאטער „שאלאָם", וועלכע זײַנען געקומען קיין מינסק אַף גאסטראָלן. מיט גרויסער הארציקײַט איז דורכגעגאן דער אָוונט, געווידמעט דעם 130־טן געבורטסטאָג פון שאָלעם־אלייכעמען.**

— אינעם אָפּטייל פונעם סטאטוט „די צילן און די אופגאבן פון דער פארייניקונג" לייענען מיר, אז זי „אָרגאניזירט לערן־פארנעמונגען איבער פארשיידענע אספּעקטן פון דער ייִדישער קינסטלערישער

קולטור, שפראך... שאפט זעלבסטשטעטיקע קינסטלערישע קאָלעקטיוון: מוזיקאלישע, כאָרעאָגראפישע, דראַמאטישע, סטודיעס פון מאָלערײַ־קונסט, פאָלקס־געווערבן, ליטעראַרישע קרײַזלעך...״

**— דערווײַל איז דאָס אַלץ נאָך ניטאָ. מיר האָבן אָרגאַניזירט א גרופּע צו דערלערנען די ייִדישע שפּראַך. די לימודים זײַנען מיר דערווײַל געצוווּנגען דורכפירן אין א פּריוואַטער דירע. אין אַזעלכע באַדינגונגען קאָן די גרופּע נאָרמאַל ניט אַרבעטן. צום באַדויערן, אײַלט מען זיך ניט אינעם בילדונגס־מיניסטעריום קומען צו הילף, האָגאַם ס׳איז, דאַכט זיך, ניט אַזוי שווער צו אַרענדירן פאַר אונדז א באַליבּיקע ליידיקע אין די אָוונטן געבײַדע...**

— אין וואָס פאַר א צושטאַנד געפינט זיך הײַנט־צוטאָג, לויט אײַער מיינונג, די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון די ייִדן — ייִדיש? צי באַהערשן זי בלויז עלטערע מענטשן, אָדער אויך די יוגנט?

**— ניט מיר זײַנען שולדיק אין דעם, וואָס די ייִדישע שפּראַך איז אין א נאָך מער פאַרלאָזטן צושטאַנד, איידער, לאָמיר זאָגן, די ווײַסרוסישע שפּראַך. בלויז אַלטע לײַט קאָנען פרײַ שמועסן אַף אונדזער מאַמע־לאָשן. איך מיין, אַז ווען אין דער רעפּובליק וועט געשטעלט ווערן אַף א געהעריקן ניוואָ די ווײַסרוסישע שפּראַך, וועט עס אין א געוויסער מאָס העלפן דער ווידערופלעבונג אויך פון דער ייִדישער. אַזעלכע פּראָצעסן זײַנען געוויינלעך פּאַראַלעלע.**

— צי זעט פאָר די פאַרייניקונג אָן אייגענע פאַרלעגערישע טעטיקײַט?

**— מיר האָבן באַקומען א דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אַן אַלמאַנאַך. דער ערשטער נומער וועט דערשײַנען אין 1991 אַף דער ייִדישער, ווײַסרוסישער, רוסישער שפּראַכן.**

— איר שטעלט פאַר זיך אָן אויפגאַבע אָפּצוהיטן די קולטור־היסטאָרישע ווערטן און די נאַציאָנאַלע רעליקוויעס. צי באַטײַט עס, אַז איר וועט אָפּהיטן די אַלטערטימלעכע בעסאַלמענס, טעמפּלען, אַנדערע אַרכיטעקטור־ווערטן?

**— אָן שום צווייפל. ביפראַט נאָך, אַז אָט די אַלע דענקמעלער געפינען זיך אין א ביז גאָר שלעכטן צושטאַנד.**

— אַזעלכע ווי די מינסקער געזעלשאַפט זײַנען, מיסטאָמע, פאַראַן אויך אין אַנדערע שטעט פון דער רעפּובליק, פונעם לאַנד. צי האַלט איר אונטער פאַרבינדונגען מיט זיי?

**— א געזעלשאַפט, ווי אונדזערע, איז געשאַפן געוואָרן אין באָברויסק. אינגיכן וועלן געגרינדעט ווערן אַזעלכע פאַראייניקונגען אין וויטעבסק, גראָדנע. עס זײַנען פאַראַן געזעלשאַפטן אין די שטעט פון דער בײַבאַלטיק, אין קיִעוו, מאָסקווע. מיט אײַנשטעלן קאָנטאַקטן האָבן מיר דערווײַל זיך ניט פאַרנומען.**

— אין דער לעצטער צײַט האָבן זיך אין א געוויסער מאָס פאַרשאַרפט די אַנטיסעמיטישע טענדענצן. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט אַנטשטייט א דעליקאַטע פראַגע: צי האָט דער פאַקט פון דער גרינדונג פון אַזעלכע פאַראייניקונגען א פּאָליטישע באַפאַרבונג?

**— בלויז אין דער מאָס. אין וועלכער די קולטור איז א טייל פון דער אידעאָלאָגיע. עס לאָזן זיך הערן, פאַרשטייט זיך, אויך בײַ אונדז אין דער פאַראייניקונג שטימען, וועלכע פאָדערן טייקעפּדיקע ענטפערס אַף פאַרשיידענע מינים עקסטרעמיסטישע געננ, באַליידיקונגען אין אַדרעס פונעם ייִדישן פאָלק. מיר זײַנען ניט מאַסקים מיט אַזעלכע שטימונגען. אונדזער זאַך דאַרפן מיר טאָן רויִק. דער עקסטרעמיזם איז פאַרורטיילט, ער האָט קיינמאָל ניט געקאָנט זײַן לעבנספעיִק. די עצעם עקזיסטענץ פון אונדזערע פאַראייניקונגען, זייער אַקטיווע אַרבעט איז אַן ענטפער אַף די דאָזיקע אַרויסרופן.**

דעם אינטערוויו האָט געפירט
אָ. גאַרשקאָוו
(„סאָוועטסקאַיאַ בעלאָרוסיאַ״)

# ווי זײַט איר, יונגע ״ייִדישיסטן״?

איך ווייס ניט גענוי, וויאַזוי עס ווערט דערלערנט ייִדיש אין אַנדערע רעפּובליקן, נאָר בײַ אונדז אין ווײַסרוסלאַנד האַלט מיט דעם דערווײַל ווײַט ניט באַפרידיקנדיק.

אין מינסק פונקציאָנירט אינגאַנצן איין ייִדיש־קרײַז פאַר דערוואַקסענע. צוערשט איז ער באַשטאַנען פון זעכצן מענטשן, אָבער, דערפילנדיק, אַז די לערער פאָדערט גרויסע באַמיִונגען, האָט א דריטל טאַלמידים אויפגעהערט צו באַזוכן די לימודים. די פאַרנעמונגען קומען פאָר יעדן זונטיק אין א פּריוואַט הויז. כוץ צוויי טאַלמידים, האָט פון דער גרופּע קיינער ניט געוווּסט קיין וואָרט ייִדיש.

איצט וועגן די לערנביכער. פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד״ האָט מען אויסגעשניטן דעם ייִדישן אַלעפבייס, מע האָט אים פאַרמערט און לויט אים לערנט מען די בוכשטאַבן — סײַ די געדרוקטע, סײַ די שרײַבפלעכע. דער זשורנאַל איז אויך פּראַקטיש דער איינציקער קוואַל, לויט וועלכן מע לערנט זיך לייענען. דאָך האָט מען אין מעשעך פון נעם ווינטער זיך אויסגעלערנט לייענען און שרײַבן.



דינע כאריק מיט לייענער אין דער געזעלשאפטלעכער יידישער ביבליאָטעק

שווערער גיט זיך די מינדלעכע שפּראַך. די פּאָר שאָ אין וואָך איז זייער ווייניק, קעדיי צו באַנעמען און פאַרגעדענקען די נייטיקע לעקסיק און זיך אויסלערנען גראַמאַטיש ריכטיק אויסדריקן אַ געדאַנק.

אינדערהיים האָבן ניט די טאַלמידים מיט וועמען זיך קאָנסולטירן. זעלטן־ווו איז אין אַ מישפּאָכע עמעצער פאַראַן, ווער עס קען די שפּראַך. צווישן פריינט און באַקאַנטע איז אויך ניט לײַכט געפינען מענטשן, וואָס באַהערשן יידיש. דער איינציקער הילפס־מאַטעריאַל איז דער רוסיש־יידישער ווערטערבוך, וועלכער איז אַרויס אין 1984, און דער יידיש־רוסישער ווערטערבוך אין דער בײַלאַגע צום זשורנאַל. די לאַגע האָט זיך אַ ביסל פאַרבעסערט, ווען ס'איז דערשינען ש. סאַנדלערס הילפס־בוך צו אויסלערנען זיך יידיש זעלבשטענדיק. ס'פעלן אָבער אַנדערע לערנביכער, ווי אויך לערער פון יידיש.

קימאַט די זעלבע איז די לאַגע מיט דערלערנען די מוטער־שפּראַך אין וויטעבסק און באָברויסק, ווו עס פונקציאָנירן געזעלשאַפטן פון יידישע קולטור.

וואָס איז שײַעך דעם קליינוואַרג פון שול־עלטער, ווערט דערווײַל ביכלאַל גאָרנישט געטאָן, קעדיי זיי זאָלן שטודירן יידיש. ניט די בילדונגס־אינסטיטוציעס, ניט די יידישע געזעלשאַפטן פאַרנעמען זיך ניט מיט אָט דעם איניען.

די יידישע טעאַטראַלע קונסט בײַ די פאַראַנענע באַדינגונגען קאָן זיך אויך ניט אַנטוויקלען אין דער פולער מאָס. שטעלן אַ יידישע פּיעסע איז מאַמעש אוממעגלעך. ניטאָ קיין אַרטיסטן, וואָס באַהערשן די שפּראַך. און אַז זיי וואָלטן געווען, איז פאַר וועמען זאָלן זיי שפּילן? די וואָקאַליש־מוזיקאַלישע אַנסאַמבלען האָבן געפונען אַן אויסוועג. זיי לערנען אויס מעכאַניש די ווערטער און זינגען, נאָר מע ברענגט אַרויס די ווערטער אַזוי, אַז זיי דערגייען ניט אָפּטמאָל אַפילע צו די, וואָס קענען גוט די שפּראַך.

קעדיי באַהעפטן זיך פולקום מיט די קוואַלן פון דער יידישער קולטור, שעפּן פון זיי גײַסטלעכקײַט, עסטעטישן פאַרגעניגן, איז ווייניק זיך פאַנאַנדערקלײַבן אין דער שפּראַך. מע דאַרף דערלערנען די געשיכטע פונעם פאָלק, די מידעס און מינהאָגים, דעם פאָלקלאָר.

דאָס שטייגער־לעבן, די טראַדיציעס האָבן מיט דער צײַט זיך געביטן בײַ אַלע פעלקער, און איבערהויפּט בײַ אונדז, יידן. אונדזער אַלטער שטייגער איז געווען אין גרונט געבויט אויף רעליגיעזע מינהאָגים, וועלכע ס'פלעגן נאָכפאָלגן אַפילע די ניט־גלויביקע, איבערהויפּט אין שטעטל, ווו ס'האָבן געלעבט בײַ אַכציק פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג.

איצט, אויסער די עלטערע לײַט, האָט זעלטן־ווער אַן אַנונג אין יידישן נאַציאָנאַלן שטייגער. און דאָס שטערט טיף באַנעמען די ווערק, וועלכע זײַנען געשאַפן געוואָרן אין די פאַרגאַנגענע צײַטן אָדער וועלכע ווערן געשאַפן איצט אויף דער טעמאַטיק פונעם אָוואַר. דאָס איז זייער לײַכט דערווײַזן מיט אַ בײַשפּיל.

אָט ליגט פאַר מײַנע אויגן איזי כאַריקס פּאָעמע „מיט לײַב און לעבן". איך ציטיר:

לייענט מען, הערט מען, עס פאַלט צו די נאַכט,<br>
איז לייבע אַרויס, און ס'איז לייבע אַרײַן,<br>
פון ערגעץ אַ לאָמפּ אַהערצו געבראַכט:<br>
„וואָס זיצט איר אין כוישעך? — און ליכטיק זאָל זײַן!"

האָט דער אוילעם צעלאכט זיך: „איַי, לייבע דער שמיד,
עס איז דאָך נאָך שאבעס און דו ביסט א ייִד״.
איז לייבע געבליבן פארלאָרן, און הויך
האָט דער אוילעם געלאכט, און געלאכט האָט ער אויך...

די, וואָס ווייסן ניט ,אז שאבעס טאָר מען ניט לויטן דין אָנצינדן אָדער פארלעשן פיַיער, וויַיל דאָס רעכנט זיך פאר אן אווירע, וועלן ניט פארשטיין, פארוואָס האָט דער אוילעם געלאכט, און פארוואָס לייבע האָט לעכאטכילע זיך פארלאָרן און נאָכדעם האָט ער אויך געלאכט, און ס׳וועט ביכלאל ניט דערגיין, אז אין דעם דאָזיקן עפּיזאָד שילדערט דער פּאָעט דעם עצעם איבערגאנג פונעם אלטן שטייגער צום נײַעם און וויִאזוי דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אף דער פסיכאָלאָגיע פון די מענטשן פון יענעם דאָר.

איך בין ניט אף אזויפיל נאַיִוו, קעדיי מיינען, אז די ייִדישע שפּראך און קולטור קאָן מען אופלעבן ביז דעם אמאָליקן מאצעוו. דאָך איז מעגלעך אופטאָן ניט ווייניק אין אָט דעם פראט. מע דארף שאפן גינסטיקע באדינגונגען, ס׳זאָלן אין אונדזער סוויווע זיך באוויַיזן יונגע ענטוזיִאסטן, וועלכע זאָלן שטאָלצירן מיטן נאָמען „ייִדישיסטן״.

הירש רעלעס

## יידישע קולטור־נײַס

# א בריוו פון טאשקענט

נאָך אין 1988 יאָר האָט דער אופקום פון ייִדישע קולטור־צענטערס זיך ארויסגעוויזן פּראָבלעמאטיש. איצט פונקציאָנירן אזעלכע צענטערס אין פארשיידענע שטעט פונעם סאָוועטנפארבאנד. די עקזיסטענץ פון אזעלכע צענטערס רופט שוין ניט ארויס קיין כידעש, אָבער עס קומען אוף נײַע פּראָבלעמען און פראגעס, וועלכע זײַנען, מיין איך, אלגעמיינע פאר אלע צענטערס און פאָדערן ווײַטערדיקע דערלייזונגען.

איך וויל דערציילן וועגן דער ארבעט פונעם טאשקענטער ייִדישן קולטור־צענטער, ווו איך בין א מיטגליד פון דער אָנפירונג.

די באפעלקערונג אין טאשקענט ציילט אָן העכער 2 מיליאָן מענטשן, עטלעכע צענדליקער נאציאָנאליטעטן, דערין 50—60 טויזנט ייִדן, קימאט 10 טויזנט—בוכארער.

צום באדויערן, איז דער קולטור־צענטער א ניט־פאָרמעלע אָרגאניזאציע, וויַיל מע האָט אונדז נאָך ניט פארעגיסטרירט. די שטאָטישע אָנפירונג העלפט אונדז ניט. די אָפיציעלע אָרגאנען לייגן פאָר צו גרינדן אן אלגעמיינעם קולטור־צענטער פון אלע נאציאָנאליטעטן, וועלכע זײַנען פאראן אין טאשקענט, וואָס, אוודע, קאָן קיינעם ניט באפרידיקן.

אין אזעלכע באדינגונגען מוזן מיר פירן אונדזער ארבעט מיט דער הילף פון א קאָאָפּעראטיוו, וועלכער ארענדירט א שול, צאָלט אויס די שפּראך־לערער ארבעטלוין. פארשטייט זיך, ניט אומזיסט. מיר געבן דעם קאָאָפּעראטיוו א טייל געלט, וואָס עס צאָלן אונדז די טאלמידים פאר דער לער. ווען דער ייִדישער קולטור־צענטער וואָלט געווען פארעגיסטרירט, וואָלטן געקאָנט ארויסטרעטן אונדזערע קינסטלערישע זעלבסטעטיקע קאָלעקטיוון, נאָר דערווײַל איז ביטאָ אזא מעגלעכקײַט.

נאָך איין וויכטיקע פּראָבלעם: וויִאזוי פּאָרינטערעסירן די יוגנט צו דערלערנען די ייִדישע שפּראך. די דערפארונג באוויַיזט, אז ווען מע זוכט פארשיידענע פאָרמען פון דער ארבעט, קאָן מען צוביסלעך דערלייזן אויך אָט די פּראָבלעם. צום בײַשפּיל, אונדזער צענטער אָרגאניזירט באגעגענישן מיט אויסלענדער. אָפטמאָל טרעטן ארויס אף אזעלכע פארזאמלונגען די געסט אף ייִדיש, און דאָס רופט ארויס בא די מענטשן סײַ וווּנדער, סײַ פרייד. נאָך אזעלכע באגעגענישן פארשרײַבן זיך די מענטשן אף די קורסן פון ייִדיש.

מיר זײַנען ניט באפרידיקט מיט דער צאָל צוהערער, וועלכע באזוכן פארשיידענע אונדזערע אימפּרעזעס — קימאט 2 — 3 טויזנט מענטשן. אייניקע האָבן מוירע, ס׳זאָלן זיך ניט אומקערן די סטאלינצײַטן, אנדערע האָבן זיך פּאָשעט אָפּגעריסן פון ייִדישקײַט.

נאָר ניט געקוקט אף דעם, לאָזן מיר ניט אראָפּ די הענט. מיר האָבן אָנגעמערקט פארשיידענע לעקציעס אף ייִדישער טעמאטיק, קאָנצערטן, הילף די עלטערע מענטשן אאוו. צו דער ארבעט ציִען מיר צו ספּעציאַליסטן פון הויכער קוואליפיקאציע.

די ייִדישע קולטור־צענטערס וואָלטן געדארפט עפענען פאר קינדער זונטיק־שולן, ווו מע וואָלט געקאָנט דערלערנען ייִדישע שפּראך, געשיכטע, קולטור.

גאָר אן אנדער פּראָבלעם איז די פראגע פון לערנביכער, הילפביכער, אָנשוילעכע לערן־מאכשירים. א סאך אין דעם געביט האָט געטאָן דער זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד״. נאָר דאָס איז ניט גענוג. מיט א קליינעם טיראַזש איז ארויסגעגעבן געוואָרן ש. סאנדלערס „זעלבסטלערער פון ייִדיש״, וועלכער איז ביכלאל ניט דערגאנגען צו טאשקענט.

די טעג האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער פֿאַרלאַג „רוסקי יאַזיק" האָט אַרויסגעלאָזט אַ צוגאָב־טיראַזש פֿון אָט דעם לערנבוך, און מיר האָפֿן, אַז מע וועט אים קאָנען קריגן אומעטום, ווו מע דאַרף אים האָבן. מיר נייטיקן זיך אין ביכער פֿון ייִדישע שרײַבער, פֿון ייִדישער געשיכטע, מינהאָגים, קולטור סײַ אויף ייִדיש, סײַ אויף רוסיש. מע דאַרף אויך באַטראַכטן די פֿראַגע וועגן לערן־ליטעראַטור אויף איוורית.

נאָך איין פּראָבלעם: ווו נעמט מען דרוק־מאַשינקעס מיט ייִדישן שריפֿט? צופּאַסנדיק זיי צו פּערסאָנעלע קאָמפּיוטערס, קאָן מען פֿאַרמערן פֿאַרשיידענע הילף־מאַטעריאַלן און אַפֿילו טיראַזשירן אַ צײַטונג.

ס'איז שוין צײַט צו אײַנפֿירן אייניקע טראַנסלירונגען אין ראַדיאָ, טעלעוויזיע אויף ייִדיש, אָרגאַניזירן אָפֿטער סעמינאַרן פֿון ייִדישער שפּראַך (צום בײַשפּיל, אַזאַ, וואָס איז געווען אין יול אין מאָסקווע, אויף וועלכן עס זײַנען אַרויסגעטראָטן סײַ סאָוועטישע וויסנשאַפֿטלער, סײַ פּעדאַגאָגן פֿון דעם באַר־אילאַנער אוניווערסיטעט, ייִשׂראָעל), דורכקאָנטראָלירן דעם ניוואָ פֿון די ייִדיש־לימודים אין די קולטור־צענטערס. כ'מיין, אַז דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" וואָלט געקאָנט אַרויסווײַזן אין אָט דעם געביט אַ גרויסע הילף.

אַלעקסאַנדער ווישנעוועצקי

## יעדן זונטיק אין אָוונט

יעדן זונטיק אין אָוונט קומען צו דער מיטלשול נום. 91 פֿונעם פֿרונזע־ראַיאָן, וואָס אויף דער פּעדאַגאָגיטשעסקי־גאַס, צענדליקער מענטשן־יונגלינגען און מיידלעך, מאַנצבלען און פֿרויען, פּענסיאָנערן און קינדער. די מעגלעכקײַט זיך צונויפֿנעמען אײַנייגעם האָט זיי געגעבן דער טאַשקענטער ייִדישער קולטור־צענטער. מיט זײַן אַרבעט פֿירט אָן דאָס פּאַרפֿאָלק ראַביטש. ראָמאַן גריגאָריעוויטש, אַ קאַנדידאַט פֿון היסטאָרישע וויסנשאַפֿטן, עלטערער וויסנשאַפֿטלעכער מיטאַרבעטער פֿונעם אינסטיטוט פֿון געשיכטע פֿון דער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע פֿון דער אוזבעקישער ססר, איז דער פּאָרזיצער פֿונעם צענטער, און עלעאָנאָרע אַרקאַדיעוונע — אָרגאַניזאַטאָר פֿון דער מערהײַט אימפּרעזעס. דעם עמעס געזאָגט, האָט מען גענדאַרפֿט אָנהייבן פֿון גאָלע גאָרנישט. גענוג צו זאָגן, אַז אַפֿילו די פּענסיאָנערן, ווען זיי הערן די ייִדישע שפּראַך, נייטיקן זיך אין אַן איבערזעצער. וואָס איז שייך ייִדישער געשיכטע און קולטור — האָט מען בכלל וועגן דעם פֿאַרגעסן.

די מערהײַט באַגעגענישן גייען דורך אויף רוסיש, וואָס איז געוואָרן פֿאַר ייִדן אין דער איצטיקער סיטואַציע ניט בלויז אַ מיטל פֿון צווישנפֿאַציאָנאַלן פֿאַרקער, נאָר האָט פֿאַרביטן אַפֿילו דאָס מאַמע־לשון. בײַ הײַנטיקן טאָג שטודירן ייִדיש און איוורית קימאַט פֿיר הונדערט מענטשן. עס ווערט קאָמפּלעקטירט דער ביכער־פֿאָנד פֿון אַ ביבליאָטעק אויף ביידע שפּראַכן. אַ ציקל לעקציעס, וועלכע עס האָט געלייענט ר. ראַביטש, האָט באַקאַנט די צוהערער מיט דעם היסטאָרישן וועג, וועלכן עס זײַנען דורכגעגאַנגען די ייִדן פֿון די אוראַלטע צײַטן ביז דער רוימישער הערשאַפֿט, מיט דעם אויפֿקום פֿון אַנטיסעמיטיזם, מיט דער טעטיקייט פֿון די ייִדישע געמיינדעס אין פֿאַרשיידענע לענדער. דער עלטערער וויסנשאַפֿטלעכער מיטאַרבעטער פֿון דעם אינסטיטוט פֿאַר מיזרעך־קענטעניש פֿון דער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע פֿון דער רעפּובליק ס. מאַרטינאָוו האָט באַקאַנט די צוהערער מיט דער געשיכטע פֿון שאַפֿן דעם תּלמוד, מיט זײַן אינהאַלט. דער פּאָדפּאָלקאָווניק מ. שטיינבערג האָט דערציילט וועגן דעם אָנטייל פֿון די ייִדן אין דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מלחמה, וועגן דעם אָנטייל פֿון די ייִדן אין פּאַרטיזאַנישן ווידערשטאַנד האָט געלייענט אַ לעקציע דער דאָקטער מ. שאַמעס.

גרויס אויפֿמערקזאַמקייט גיט מען אָפּ די נײַס פֿון ייִדישן קולטור־לעבן אין פֿססר. אויף אָט דער טעמע האָבן גערעדט א. ווישנעווסקי, א. קאָזינעץ, מ. אָסטאַנאָווסקי. אין צענטער קאָן מען קויפֿן די צײַטונג „וועסטניק יעוורייסקאָי סאָוועטסקאָי קולטורי", וואָס ווערט אַרויסגעגעבן אויף רוסיש אין מאָסקווע.

אַ גרויס אָרט אין דער אַרבעט פֿונעם צענטער פֿאַרנעמען ליטעראַריש־מוזיקאַלישע, יוגנטלעכע, טעמאַטישע אָוונטן, קאָנצערטן פֿון די קינסטלערישע זעלבסטטעטיקע קאָלעקטיוון, פּראָפֿעסיאָנעלע אַרטיסטן. מיט שטענדיקן דערפֿאָלג טרעט אַרויס אויף די קאָנצערטן די אויספֿילערן פֿון ייִדישע פֿאָלקסלידער — די פּענסיאָנערקע לייע סאָראָקינע, דער קאַנדידאַט פֿון כעמישע וויסנשאַפֿטן אוויווע גאָראַכאָווסקאַיאַ.

אַ גרויסן אינטערעס האָט בײַ די באַזוכער אַרויסגערופֿן דער ליטעראַריש־מוזיקאַלישער אָוונט אויף דער טעמע „ייִדישע מאָטיוון אין דער רוסישער פּאָעזיע" (פּושקין, לערמאָנטאָוו, בונין, מיי, אַכמאַטאָוואַ און אַנדערע). בײַם צענטער פֿונקציאָנירט אַ שאַדכאָנעסקלוב, אײַנגיכן וועלן געגרינדעט ווערן אַ געזעלשאַפֿט „ראַכאַמים", אַ ייִדישע זונטיק־שול פֿאַר קינדער אין עלטער פֿון 7 ביז 14 יאָר. די קינדער וועלן האָבן אַ מעגלעכקײַט צו באַזוכן אַ שווימבאַסיין, די ביבליאָטעק, אַ דיסקאָטעקע.

דער טאַשקענטער ייִדישער קולטור־צענטער טיילט זיך גערן מיט זײַן דערפֿאַרונג, נעמט אויף פֿרײַנט און מיטדענקער פֿון אַנדערע שטעט פֿון פֿססר, האַלט אָן פֿרײַנטלעכע פֿאַרבינדונגען מיט אַנדערע נאַציאָנאַלע צענטערס פֿון טאַשקענט.

(„טאַשקענטסקאַיאַ פּראַוודאַ")

צו אונדזער מעמאָריאַל

# דאָס לעבן און שאַפונג פון די יידישע סאָוועטישע שריפטשטעלער-קאָרבאַנעס פונעם סטאַלין-טעראָר

## כאַים האָלמשטאָק

(1942 — 1882)



ווישן די סאָוועטישע לינגוויסטן, וועלכע האָבן אריינגעטראָגן א היפשן צושטייער אין דער פאָרשונג פון דער יידישער שפראַך, איז כאַים האָלמשטאָק געווען א גאַנץ אָנגעזעענע פיגור. געבוירן אין מינסק, האָט ער צוויי יאָר, פונעם 1916 ביזן 1918, געלעבט אין אמעריקע, געווען טעטיק אין דעם אַרבעטער-אוניווערסיטעט באַם פאָלקס-אינסטיטוט אָף שאָלעם-אליי כעמס נאָמען אין ניו-יאָרק און נאָך דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע זיך אומגעקערט אהיים, ווו ער ווערט א לערער און הייבט אָן זיך פארנעמען מיט וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. קיין פּעטאָ האָט זיך ניט פארהיט.

שאפט, דאָרט דערשיינט דער וויסנשאפטלעכער אלמאנאך „צייטשריפט", דער ליטעראריש-קינסטלערישער זשורנאל „שטערן", עטלעכע צייטונגען, עס ווערן ארויסגעגעבן לערנביכער, ס'זיינען טעטיק יידישע שולן, א פעדאגאָגישער טעכניקום און אן אינסטיטוט, וועלכע גרייטן יידישע לערער.

כ. האָלמשטאָק אלס פעדאגאָג-פילאָלאָג האָט א ברייטן דיאפאזאָן פאר זיינע פאָרשונגען און פראקטישער ארבעט. אין אינסטיטוט פאר יידישער פראָלעטארישער קולטור בא דער ווייסרוסישער וויסנשאפט-אקאדעמיע ווערט געשאפן א ספעציעלע קאָמיסיע, וועלכע פארנעמט זיך מיט שאפן א גרויסן אקאדעמישן יידישן אויסטייטש-ווערטערבוך, וועלכער גרייט זיך אין מעשעך פון פיל יאָרן, און כ. האָלמשטאָק שטעלט זיך בעראָש פונעם קאָלעקטיוו מיטארבעטער פונעם אינסטיטוט. אָף דער אוקמען מיט וויסנשאפטלעכער ארבעט אין געביט פון לינגוויסטיק.

מינסק איז אין די צוואנציקער-דרייסיקער יאָרן געווען א צענטער פון דער יידישער שפראַך-וויסנ-

־אינישער ייִדישער שפּראַך־באַראַטונג אין מײַ 1934 טרעט האָלמשטאָק אַרויס מיט אַ פֿאָרטראָג „וועגן דעם ייִדישן אויסטײַטש־ווערטערבוך". אין 1935 דערשײַנט אין מינסק דער ערשטער פּראָבע־העפֿט פֿונעם ווערטערבוך אונטער זײַן רעדאַקציע.

נאָך פֿריִער, אין 1925, שטעלט ער צונויף אַ כרעסטאָמאַטיע „אַקטיאַבער־קינדער" (פֿאַר שילער פֿונעם ערשטן לערניאָר) צוזאַמען מיט די קורסאַנטן פֿונעם מינסקער ייִדישן פּעדאַגאָגישן טעכניקום, וווּ ער אַרבעט אַלס לערער פֿון שפּראַך און ליטעראַטור.

כ. האָלמשטאָק דרוקט אין די צוואַנציקער־דרײַסיקער יאָרן אַרטיקלען אויף פּעדאַגאָגישע און לינגוויסטישע טעמעס אין אַ ריי צײַטונגען און זשורנאַלן, רעדאַגירט די „לינגוויסטישע זאַמלונגען", וועלכע דערשײַנען אין מינסק אין 1933, פֿאַרנעמט זיך מיט איבערזעצונגען פֿון רוסיש אויף ייִדיש. אין 1924 דערשײַנט אין מאָסקווע זײַן איבערזעצונג פֿונעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט" (אין 1931 און 1932 גייט די דאָזיקע איבערזעצונג אַרויס אין וואַרשע).

ווען ביראָבידזשאַן ווערט דערקלערט פֿאַר אַ ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט, פֿאָרט האָלמשטאָק אַהין אַריבער. אין 1935 הייבט זיך אָן אין ביראָבידזשאַן די צוגרייטונג פֿון אַן אַלפֿאַרבאַנדישער שפּראַך־קאָנפֿערענץ, און כ. האָלמשטאָק שטעלט זיך בעראָש פֿון דער וויסנשאַפֿטלעכער קאָמיסיע בײַם געגנטלעכן אויספֿירקאָם, שליסט אײַן אין דער אַרבעט די לערער פֿון דער געגנט.

אינטערעסאַנט זײַנען כ. האָלמשטאָקס באַאָבאַכטונגען און פֿאָרשונגען, וועלכע ער פֿאַרסאַכאַקלט אין זײַן אַרטיקל „אוניפֿיצירונג פֿון די ייִדישע דיאַלעקטן" (פֿאַרעפֿנטלעכט אין זשורנאַל „פֿאָרפּאָסט", נומ. 1 פֿאַרן 1937).

כ. האָלמשטאָק האָט געטרוימט וועגן אַ פֿאַרצווײַגטער שפּראַך־אַרבעט אין דער געגנט, וווּהין ער איז געקומען לויטן באַרוף. די פּלענער האָבן אָבער אײַנגיכן געפּלאַצט. די פּלאַנירטע שפּראַך־קאָנפֿערענץ אין ביראָבידזשאַן איז אָפּגעשאַפֿן געוואָרן. האָלמשטאָקן האָט מען אַרעסטירט. וועגן זײַן ווײַטערדיקן גורל ווייסן מיר ניט. לויט ניט קיין פּינקטלעכע ידיעות, איז ער אומגעקומען אין פֿאַרשיקונג אין 1942.

---



## עליע וואַטענבערג

(1952 — 1887)

ווישן די נעמען פֿון די אומגעקומענע טוער פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, וועלכע זײַנען פֿאַרמישפּעט געוואָרן צום טויט לויטן אורטייל פֿון דער מיליטערישער קאָלעגיע פֿונעם 11 — 18 יולי 1952, געפֿינען מיר אויך עליע וואַטענבערגן. צוזאַמען מיט ס. לאָזאָווסקין, אי. פֿעפֿערן, אי. יוזעפֿאָוויטשן, ב. שימעליאָוויטשן, ל. קוויטקאָן, פּ. מאַרקישן, ד. בערגעלסאָנען, ב. זוסקינען, ל. טאַלמי, ע. טעומינען זײַנען דערשאָסן געוואָרן דעם 12־טן אויגוסט 1952 עליע וואַטענבערג און זײַן פֿרוי טש. וואַטענבערג־אָסטראָווסקאַיאַ. ווי באַוווּסט, האָט די מיליטערישע קאָלעגיע פֿונעם אויבער־געריכט פֿון ססר דעם 22 נאָיאַבער 1955 אָפּגעשאַפֿן דעם אורטייל בנוגע די אומגעבראַכטע און פֿולשטענדיק זיי רעאַביליטירט.

ווער איז געווען עליע וואַטענבערג? צום באַדויערן, ווייסן מיר זייער ווייניק וועגן זײַן לעבן און טעטיקייט, אָבער עפּעס־וואָס האָט אונדז זיך אײַנגעגעבן אויסקלאָרן. אָט זײַנען די קאַרגע ידיעות.

עליע וואַטענבערג איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט סטאַניסלאַוו (איצט איוואַנאָ־פֿראַנקאָווסק), אין אוקראַיִנע. פֿאַרענדיקט אַ מעלוכע־גימנאַזיע, זיך געלערנט אין דעם ווינער און לעמבערגער (לוואָווער) אוניווערסיטעטן, באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר פֿון עקאָנאָמישע און יורידישע וויסנשאַפֿטן. ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַן אַדוואָקאַט אין סטאַניסלאַוו. פֿונעם 1914 ביזן 1920 געלעבט אין ווין, אַריבערגעפֿאָרן קיין אַמעריקע אין 1922, אַרײַנגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, באַשטימט געוואָרן אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פֿונעם „איקאָר" (אַ געזעלשאַפֿט, וועלכע האָט זיך פֿאַרנומען מיט אַרויסווײַזן הילף דער ייִדישער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד), געווען אַן אַקטיווער טוער אויך אין אַנדערע קאָמוניסטישע אינסטיטוציעס אין ניו־יאָרק. אין סוף 1925 געקומען קיין ססר.

אין משך פֿון פֿיל יאָרן האָט ע. וואַטענבערג געדרוקט פּובליציסטישע אַרטיקלען אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע אין אַמעריקע, אין די סאָוועטישע צײַטונגען „דער עמעס", „דער שטערן" און אין אַנדערע אויסגאַבעס. ער איז געווען באַקאַנט אויך אַלס איבערזעצער פֿון דײַטש, ענגליש און אַנדערע שפּראַכן. צוזאַמען מיט כ. קאַנטאָראָוויטשן איבערגעזעצט אויף ייִדיש דעם ערשטן באַנד פֿון קאַרל קאַוטסקיס „געשיכטע פֿונעם סאָציאַליסטישן געדאַנק" (דערשינען אין ניו־יאָרק אין 1921) און אַ ריי אַנדערע ווערק פֿון פֿאַרשיידענע אויטאָרן וועגן

---

קיין פֿאָטאָ האָט זיך ניט פֿאַרהיט.

דער סאָציאַליסטישער און קאָמוניסטישער באוועגונג.

מיר האָבן ניט קיין ידיעס וועגן ע. וואטענבערגס טעטיקײַט אין דער צווייטער העלפט פון די צוואנציקער און אין לעצטן יאָרצענדליק ביז דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. פון פריוואטע קוואלן גיט מען איבער, אז ער האָט געאַרבעט אלס וויסנשאפטלער און פעדאגאָג. ווען עס האָט זיך געגרינדעט דער ייִדישער אנטיפאשיסטישער קאָמיטעט, האָט ער ווידער זיך באוויזן אף דער פּאָליטישער ארענע און איז ארײַן אין באַשטאנד פונעם קאָמיטעט. אין דער צײַטונג „אייניקײַט" דרוקן זיך זײַנע שארפע פובליציסטישע ארטיקלען. אין נום. 12 פארן 25 סענטיאבער 1942 עפנט זיך די צווייטע זײַט מיט זײַן ארטיקל „ייִדן שטארבן צו לאנגזאם". דאָס קעפל איז גענומען פון הימלערס אן ארויסזאָגונג בײַס זײַן „אינספעקציאָנס־רײַזע" איבער די אָקופּירטע ראיאָנען פון פוילן. אין רעזולטאט פון אָט דער רײַזע האָבן די פאשיסטן אָנגענומען דעם באשלוס צו ליקווידירן די געטאָס, ווײַל זיי פארשאפן דער אדמיניסטראציע צופיל דײַגעס. אין די ווײַטערדיקע נומערן פארעפנטלעכט די „אייניקײַט" ע. וואטענבערגס ארטיקלען וועגן דעם, וויאַזוי די נאציס פארווירקלעכן זייער טײַוולאָנישן פּלאן.

די קענטעניש, וועלכע וואטענבערג האָט באַקומען נאָך אין דער יוגנט, שטודירנדיק יוריספּרודענץ, זײַנען אים צוניץ געקומען בײַס דער ארבעט אין ייִדישן אנטיפאשיסטישן קאָמיטעט. אין נומער פון דער „אייניקײַט" פארן 21 דעקאבער 1944 באַווײַזט זי זײַן ארטיקל „ווער וועט מישפּעטן די היטלערישע מילכאָמע־פארברעכער". די מילכאָמע האָט נאָך געדויערט, נאָר די פעלקער האָבן שוין אָנגעמערקט, וויאַזוי צוציִען צו פאראנטוואָרטלעכקײַט די שולדיקע אין אומברענגען מיליאָנען מענטשן.

עליע וואטענבערגס פובליציסטישע ארויסטרעטונגען אף פּאָליטישע, יורידישע, צווישנפעלקערלעכע טעמעס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט טיפע קענטעניש. דער טראגישער טויט האָט איבערגעריסן זײַן שעפערישע טעטיקײַט אין איר פולן אויפבלי.

---

די נײַע טעמאטיק, די פּראָלעטארישע וועלט־אָנשויונג, וואָס דרינגט דורך אלץ מער און מער די שאפונגען פון אונדזערע קינסטלער, פאָדערן פון זיי אויך א נײַע לעקסיק און א נײַעם וואָרט־באנוץ סײַ באם שילדערן דאָס נײַע לעבן, דעם נײַעם מענטשן מיטן נײַעם לעבנשטייגער, סײַ באם ווענדן זיך צו דער אלטער אָפּגייענדיקער וועלט.

די נײַע לעקסיק — אָט די אלע נײַ־ארײַנגעבראכטע אינטערנאציאָנאליזמען, אנטלײַונגען, נײַבילדונגען אאוו. איז א דערשײַנונג ביז גאָר א קאָמפּליצירטע אי לויט די אורזאכן, וואָס רופן זי ארויס, אי לויט דעם כאראקטער גופא פון די נײַע ווערטער. נײַע זאכן, געענדערטע באציִונגען צו פאראנענע זאכן, געענדערטע קלאסן־באציִונגען רופן ארויס צום לעבן נײַע ווערטער. די ווערטער גופא קענען זײַן: טערמינען פון וויסנשאפט, טעכניק, פּאָליטיק אאוו.; נעמען פאר נײַ־געשאפענע זאכן, נײַע דערשײַנונגען, פּראָצעסן; אריבערטראָגונגען פון אנדערע שפּראכן, אָפט פון גאָר א קאָמפּליצירטן כאראקטער, ווו עס קומט אויס אין א נײַ וואָרט איבעצוגעבן דעם עקוויוואלענט פון אן אינהאלט, וואָס האָט זיך געשאפן און אָנגעזאמלט אין רעזולטאט פון א היסטאָרישער אנטוויקלונג אין אן אנדער שפּראך־סוויווע, נײַע באַטײַטן אָדער נײַע מאָמענטן אין די באַטײַטן פון אלטע ווערטער אאוו.

די דאָזיקע שפּראך־בויערישע ארבעט איז זייער א פאראנטוואָרטלעכע, און ניט אלעמאָל קענען מיר זיך דאָ בארימען מיט זיגן... אָבער ניט געקוקט אף דעם, איז שוין דאָ זייער פיל אויפגעטאָן געוואָרן. מיר האָבן א גרויסע צאָל נײַבילדונגען, וואָס זײַנען ארײַן אין דעם אינווענטאר פונעם סאָוועטישן ייִדיש ווי זײַנער אן אָרגאנישער טייל.

כאַיִם האָלמשמאָק. וועגן דעם ייִדישן אויסטײַטש־ווערטערבוך (פון דער ארויסטרעטונג אף דער אוקראַיִנישער ייִדישער שפּראך־בארטונג אין מײַ 1934)

* * *

די צײַטן, ווען מעלוכעס און פעלקער האָבן געלעבט איזאָלירט איינער פון צווייטן, זײַנען שוין לאנג פארבײַ. הײַנט עקזיסטירט א שטענדיקע און ענגע צווישנפעלקערלעכע פארבינדונג. ווי קעגנזעצלעך עס זאָלן ניט זײַן די אינטערעסן פון פארשיידענע לענדער, ווי פארשיידן עס זאָל צומאָל ניט זײַן די פּאָליטישע אָרדענונג אין די מעלוכעס, נאָר די דאָזיקע צווישנפעלקערלעכע פארבינדונג, די מאגעמאסע צווישן די פעלקער, די פילצאָליקע פעדעם, וואָס פארבינדן פעלקער און מעלוכעס, שטעלן מיט זיך פאָר א גרויסן פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן אויצער. ווער עס הייבט אויף א האנט אף אָט דער וויכטיקסטער דערגרייכונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאפט, ווער עס גרײַפט אָן אף דער פארבינדונג צווישן פעלקער און מעלוכעס, ווער עס שטעלט אָפּ דעם אומופהערלעכן שטראָם אײַזנבאנצוגן, שיפן, מענטשן, סכוירעס, וואָס ציט זיך פון לאנד צו לאנד, — דער באגייט א צווישנפעלקערלעכן פארברעכן.

עליע וואטענבערג, צײַטונג „אייניקײַט" פארן 21 דעקאבער 1944

*

קאָנסטאַנטין מאַטוויִיעוו,
דאָקטאָר פון פילאָסאָפישע וויסנשאַפטן

אַנאַטאָלי סאַזאָנאָוו,
קאַנדידאַט פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן

# געשיכטעס. מיפן. לעגענדעס

## הערשער פון פיר לענדער אין דער וועלט

ווען פאָרשער האָבן זיך אויסגעלערנט לייענען די „ליימענע ביכער", האָבן זיי אָנגעהויבן שטודירן די שפּראַך, ליטעראַטור, געשיכטע פון די אַשורער, וואָס געהערן צו דער מישפּאָכע סעמיטן, זיך פאַראינטערעסירט מיט זייער אור־היימלאַנד.

די פראַגע וועגן דעם אור־היימלאַנד פון די אַשורער בלײַבט דערווײַל אין דער וויסנשאַפט אָן אָפענע. אייניקע געלערנטע האַלטן, אַז דאָס איז צאָפן־אַפריקע, אַנדערע זאָגן אַרויס אַ השערה וועגן דעם אַראַווישן האַלב־אינדזל.

די אָנהענגער פון דער ערשטער מיינונג באַהויפּטן, אַז אַן ערך צען טויזנט יאָר ביז אונדזער ערע האָט זיך געענדערט די ריכטונג פון די ווינטן, וועלכע האָבן ביז דעמאָלט געבלאָזן פונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן און געבראַכט מיט זיך אַ שפע מיט רעגנס און פײַכטקייט אין די ראַיאָנען פון צאָפן־אַפריקע. צוביסלעך האָבן אָנגעהויבן אויסטרוקענען ווערן די געוויקסן, וועלדער, טײַכן, און צוזאַמען דערמיט דער נייטווענדיקער פיטער פאַר דער פי, — דעם לעבנס־קוואַל פון די פאַסטעך־שוואַטים, וועלכע האָבן פאַרלאָזט די פון דורות באַלעבטע ערטער און אַוועקגעגאַן מיט זייערע סטאַדעס דורכן שמאָלן לאַנדפּאַס, וואָס האָט פאַרייניקט, ווי מע האַלט, צוויי קאָנטינענטן — אַפריקע און אַזיע, אויפן אַראַ־ווישן האַלב־אינדזל.

דער קלימאַט האָט זיך געביטן אויך דאָרט. פאַר די סטאַדעס האָט געפעלט פאַשע, פיטער, און די וואַנדערנדיקע סעמיטישע שוואָטים זײַנען געווען געצוווּנגען פאַרלאָזן אויך די דאָזיקע ערטער און אַוועקגיין ווײַטער אויף צאָפן אינעם סירישן מידבער און דורך אים אין מעסאָפּאָטאַמיע.

זיי האָבן באַזעצט דאָס לאַנד פונעם ראַיאָן ניפּור אויף צאָפן ביז דער איצטיקער שטאָט סאַמאַרע. דער גאַנצער ראַיאָן האָט געטראָגן דעם נאָמען „לענדער פון אַקאַד" און די סעמיטן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין אָט דעם לאַנד, האָבן זיך אָנגעהויבן רופן אַקאַדצעס.

אָבער בלויז אין אַקאַד זײַנען די סעמיטן ניט געבליבן. זיי האָבן מיגרירט אויך אויף דאָרעם פון מעסאָפּאָטאַמיע און אויף צאָפן. אויף צאָפן פון די טײַכן טיגער און אונטערשטער זאַב און פון די בערג זאַגראָס האָבן זיי געגרינדעט זייערע יישובים און שטעט. די גרעסטע שטאָט איז בײַ זיי געווען אַשור. פונעם לאַנד אַקאַד האָבן די אַשורער אַרײַנגעבראַכט אינעם לאַנד אַשור פיל לע־גענדעס און מיפן, טראַדיציעס און מינהגים.

איינע פון די טראַדיציעס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די אַשורישע קיסאָרים האָבן זיך אָנגערופן „קיסאָרים פון פיר לענדער אין דער וועלט" — צאָפן, דאָרעם, מיזרעך און מײַרעוו.

גאַנץ מעגלעך, אַז גראָד פון אָט דער צײַט ציט זיך די קאָנצעפּציע וועגן וועלט־הערשאַפט, „וואָס איז אַנשטאַנען אויפן באָדן פון דער אידיי פון אַ מאָנאַרכיע, וועלכע גייט אַרויס אויסער די גרענעצן פון איין פאָלק און פון איין לאַנד און פאַרמאָגט אוניווערסאַלע שטרעבונגען" (אַזוי האָט געשריבן וועגן דעם דער אַקאַדעמיקער ב. טורײַעוו).

ס אָ ף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד", נומ. 9 — 12, 1988 און נומ. 10, 1989.

אין סאָף III און אָנהייב II יאָרטויזנט ביז אונדזער ערע האָבן די הערשער פון אשור באקומען די מאכט בעירושע, און זיי האָבן הויפּטזאכלעך זיך פארנומען מיט פראגן פון רעליגיע. זייער פּאָליטישע מאכט איז געווען א שוואכע, און מיטן לאנד האָט אין טאָך אָנגעפירט דער ראט פון די עלטסטע. אין מעשעך פון איין יאָר איז דער אָנפירער געווען א געוויסער מיטגליד פונעם ראט, דאָס צווייטע יאָר — דער פאָלגנדיקער אאוו. אָבער די הערשער — די אישאקומען — האָבן ניט געוואָלט שאָלעם מאכן מיט זייער קנאפּער ראָליע אין די איניאָנים פון דער מעלוכע און האָבן צוביסלעך אוזורפּירט די מאכט. דאן האָבן זיי גענומען דורכפירן מארשן אף דאָרעם פון מעסאָפּאָטאמיע, אף מיזרעוו, אף צאָפן; ווען סע קומט אָבער צו דער מאכט אין באָוול כאמוראפּי, מאכט ער א סאָף צו די דאָזיקע אגרעסיווע מארשן פון די אשורער. נאָך מער, אינעם וויַיטערדיקן פעריִאָד איז אשור ארונטערגעפאלן אונטער דער מאכט פון באָוול, פון די כעטן, קאסיטן.

אין די ציַיטן פונעם קייסער אשורובאליט (XV יה. ביז אונדזער ערע) האָט אשור פארשטארקט זיַינע פּאָזיציעס. דער אשורישער קייסער סאלמאנאסאר I האָט אינעם אָנהייב פונעם XIII יה. ביז אונדזער ערע אָנגעהויבן א מילכאָמע קעגן די פעלקער מיטאני און כעטן, וועלכע האָבן געלעבט אף דער טעריטאָריע פונעם איצטיקן טערקיַי, זיי צעשמעטערט און אונטערגענומען קריגס־אקציעס קעגן באָוול.

אין א יאָרהונדערט ארום איז דער אשורישער קייסער טיגלאטפּאלאסאר I דערגאנגען מיט זיַין כאַיל ביזן טיַיך טשאָראָך און דעם שווארצן יאם, צעקלאפּט דאָס כאַיל פון דער מעלוכע נאַירי, וועלכע האָט זיך געפונען אינעם צאָפן־מיזרעכדיקן טייל פונעם איצטיקן טערקיַי. אף מיַירעוו איז ער דערגאנגען ביז דעם מיטללענדישן יאם און פארכאפּט דעם צאָפן־טייל פון פיניקיִע.

אָבער די וויַיטערדיקע דעראָבערישע מארשן פון די אשורישע קייסאָרים זיַינען אָפּגעשטעלט געוואָרן, ווען פון אראוויע האָבן זיך באוויזן וואנדער־שוואָטים — די אראמעיער. זיי האָבן זיך באַזעצט אין סיריע און מעסאָפּאָטאמיע, אָנגעהויבן אָנפאלן אף אשור, בארויבט זיַינע שטעט און דערפער. אף וויפל אינגאנצן פארניכטן אשור האָט זיך די אראמעיער ניט איַינגעגעבן, האָט אשור זיך אפּסניַי פארפעסטיקט אין X יה. ביז אונדזער ערע. ער פארמאָגט דאן איינע פון שטארקסטע באַוואָפנטע ארמייען, וועמענס צאָל האָט דערגרייכט אין IX יה. ביז אונדזער ערע 120 טויזנט מענטשן. דער סאָוועטישער געלערנטער ד. רעדער האָט געשריבן וועגן דער קריגס־מעכטיקיַיט פון אשור:

„באגליַיך מיט די קעמפערישע ריַיטוואָגנס האָט מען אָנגעהויבן אָנווענדן קאוואלעריסטישע אָטריאדן, באזונדערס רעזולטאטיווע בייסן פארפאָלגן דעם צעקלאפּטן קעגנער. פיל גיכער, איידער אין די שכיינישע לענדער, איז אין אשור פאָרגעקומען (אינעם I־טן יאָרטויזנט ביז אונדזער ערע) דער איבערגאנג צו איַיזן־געווער. ספּעציִעלע אָטריאדן האָבן אופגעשטעלט ציַיטוויַיליקע בריקן, קעדיי אריבערגיין איבער די טיַיכן, אָנווענדנדיק דערביַי אָנגעפּילטע מיט לופט לאָגלען און הילצערנע דעקן. די אשורער האָבן אויך מיט דערפאָלג באלאגערט פיַינטלעכע פעסטונגען. די ווענט פון די פעסטונגען און די טורעמס האָבן זיי דורכגעבראָכן מיט טאראנען, וועלכע מע האָט צוגעקיַיקלט אונטערן צודעק פון ספּעציִעלע שוצטאָוולען. שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן צום ערשטן מאָל אין דער וועלט־געשיכטע אָנווענדן ווענטברעכנדיקע קאָנסטרוקציעס און ווארף־הארמאטן (וועלכע די גריכן האָבן שפּעטער אָנגערופן באליסטעס און קאטאפּולטעס). העזויס אופריַיס־שטאָפּן זיַינען נאָך אין יענער ציַיט ניט געווען באוווּסט, האָט מען שטיינערנע קוילן און געפּעסן מיט ברענענדיקער סמאָלע געוואָרפן מיט דער הילף פון הייבערס, וועלכע מע האָט געבראכט אין באוועגונג מיט שטארק פארדרייטע און שנעל זיך פאנאנדערוויקלענדיקע לעדערנע רימענס.

גרויסע זאָרג האָט ארויסגערופן בא די אוראלטע פעלקער די זאָרגזאם דורכגעטראכטע צעשטעלונג פון די קאמפס־אָטריאדן פונעם אשורישן כאַיל. אוניקאל איז געווען אויך די דיסציפּלין פון די אשורישע סאָלדאטן”.

מיט אזא ארמיי האָבן די אשורישע קייסאָרים ווידער דעראָבערט די פארלוירענע מיט א ציַיט צוריק טעריטאָריעס, פארכאפּט די גאנצע צאָפנדיקע אוראלטע מעסאָפּאָטאמיע און נאָכדעם דורכגעפירט שנעלע מארשן קיין סיריע, פיניקיִע און אנדערע ראיאָנען. א באזונדערס שטארקן ווידערשטאנד קעגן די אשורער האָט געשטעלט דאָס דאמעסקער קיניגריַיך. דאמעסק האָט צוגעצויגן צו זיך אלס פארבינדעטע א ריי אנדערע מעלוכעס, און זיי אלע האָבן זיך קעגנגעשטעלט א לענגערע ציַיט דעם אשורישן קייסער סאלמאנאסאר III (859 — 824 יאָרן ביז אונדזער ערע). דער אשורישער דיפּלאָמאטיע האָט זיך אָבער איַינגעגעבן אריַינטראָגן א שפּאלטונג אין דער אנטיאשורישער קאָאליציע, און דאָס האָט געגעבן א מעגלעכקיַיט איינציקוויַיז באהערשן אירע צעשפּליטערטע טיילן. נאָך דעם ניצאָכן איבער דאמעסק און זיַינע פארבינדעטע האָט סאלמאנאסאר א קער געטאָן זיַין געווער קעגן באָוול און די פעלקער, וועלכע האָבן געלעבט הינטער די בערג זאגראָסא אין איראן און אף צאָפן אין אורארטו.

די פּאָליטיק פון קריגס־עקספּאַנסיע האָט זיך פאַרברייטערט בייס דער הערשאַפט פונעם אַשורישן קייסער טיגלאַטפּאַלאַסאַר III, וועלכער איז געקומען צו דער מאַכט אין רעזולטאַט פון אַ מעלוכישער איבערקערעניש. טיגלאַטפּאַלאַסאַר III (745 — 727 יאָרן ביז אונדזער ערע) האָט דורכגעפירט אַ ריי מיליטערישע, עקאָנאָמישע און אַדמיניסטראַטיווע רעפאָרמען, געמאַכט בייגעוודיקער דעם מעלוכישן אַפּאַראַט, קאָנצענטרירט די גאַנצע מאַכט אין זיינע הענט. ער האָט געגרינדעט אַ מעכטיקע אַשורישע מעלוכע, צוליב דעם האָט זיך געפאָדערט דורכפירן זיגרייכע מאַרשן קעגן אוראַרטו. אַ ריי אַנטשיידנדיקע מאַפּאָלעס האָט ער דערלאַנגט די אַראַמעישע מעלוכעס אין סיריע און אויפגעשטעלט די אַשורישע הערשאַפט אין פיניקיע און פּאַלעסטינע, אַרויסגייענדיק צו די ברעגן פונעם מיטללענדישן יאַם. עס וואַרפן אים זיך אונטער דער קייסער פון טיר, דער פירשט פון ביבלאַ און דער קייסער פון יִשׂראָעל. די וואַסאַלישע אָפּהענגיקייט און די מאַכט פונעם אַשורישן קייסער אַנערקענען יעהודע, גאַזאַ אין פּאַלעסטינע.

שפּעטער דעראָבערט טיגלאַטפּאַלאַסאַר אין 732 יאָר ביז אונדזער ערע דאַמעסעק און דעם גאַנצן דאָרעם־טייל פון מעסאָפּאָטאַמיע ביז דעם פּערסישן אייַנגוס (דעם אונטערשטן יאַם). וועגן דעם האָט ער אַליין געשריבן אָט וואָס:

„דאָס ברייטע לאַנד קאַרדוניאַש (קאַסיטישער באָוול) ביז דער וויַטסטער גרענעץ האָב איך אונטערגעוואָרפן מיין מאַכט און אָנגעהויבן הערשן איבער אים... מעראָדאַך־באַלאַדאַן, דעם זון פון יאַקינאַ, דעם קייסער פון דער יאַם־געגנט, וועלכער האָט זיך ניט באַוויזן פאַר די קייסאָרים, מיינע אָוועס, און ניט געקושט זייערע פיס, האָט אַרומגעכאַפּט אַ גרויל, פאַר דער גרויזאַמער מעכטיקייט פון אַשור, מיין האַר, און ער איז געקומען אין דער שטאָט סאַפּיאַ און, געפינענדיק זיך אַנטקעגן מיר, אַ קוש געטאָן מיינע פיס. גאָלד — דעם שטויב פון די בערג אין אַ גרויסער צאָל, כּפּייצים פון גאָלד, גאָלדענע האַלדז־שנורן, ווערטפולע שטיינער, פאַרביקע מאַלבושים, פאַרשיידענע גראָזן, פּי און שאָף האָב איך אָנגענומען אַלס צינש”.

אין 729 יאָר ביז אונדזער ערע האָט טיגלאַטפּאַלאַסאַר פאַרכאַפּט די הויפּט־שטאָט פון וואַווילאָניע באָוול און נאָכדעם געווענדט זיין בליק אויף צאָפן־מיירעוו צו די בערג פון אַמאַן. די באַהערשטע פעלקער האָבן אָבער ניט שאָלעם געמאַכט מיט זייער גורל — אָפט געמאַכט אויפשטאַנדן, אַרויסגעטראָטן קעגן דעם אַגרעסאָר.

צום פּעריאָד פון טיגלאַטפּאַלאַסאַרס הערשאַפט געהערט די ביבלישע לעגענדע וועגן דעם נאָווי יוינע, וועלכער איז אַריינגעפאַלן אין בויך פון אַ וואַלפיש. אין דער לעגענדע איז אָפּגעשפּיגלט דער גאַנג פונעם קאַמף אין דער אַשורישער מעלוכע, די אויפרודערונגען, די אַרויסטרעטונגען פון די שקלאַפן, פון די אונטערדריקטע ברייטע פאָלקסמאַסן. אין דער הויפּט־שטאָט פון אַשור נינעוויע, ווו ס'האָט זיך באַוויזן דער לעגענדאַרער נאָווי יוינע, זיינען געווען אַ סאַך פרעמדשוואָטימדיקע שקלאַפן, און גערעדט האָבן זיי אויף פאַרשיידענע שפּראַכן, ניט פאַרשטייענדיק איינע די אַנדערע. דער נאָווי האָט באַצייכנט זייער ניט־פאַרשטיין, ווי ניט קאָנען אונטערשיידן די לינקע האַנט פון דער רעכטער.

לאָמיר אָבער אַלץ אָנהייבן לויט דער אָרדענונג. די פּאַסירונג פונעם נאָווי יוינע, וועלכע דער טאַנאַך טראָגט אונטער ווי אַ הונדערטפּראָצענטיקן עמעס, איז ניט קיין אַנדערס, ווי אַן אַלעגאָרישע איבערדערציילונג מיצאַד די צוניפשטעלער פונעם טאַנאַך פון די געשעענישן פון יענער שטורמישער צייט. אין דער לעגענדע ווערט דערציילט: דער נאָווי יוינע האָט דערהערט אין שלאָף, אַז דער אייבערשטער האָט אים איינגעלאַדן באַזוכן די הויפּט־שטאָט פון אַשור נינעוויע, ווו ער האָט געדאַרפט פּריידיקן גאָטס וואָרט. יוינע האָט באַשלאָסן שווימען מיטן יאַם קיין נינעוויע דורך דער שטאָט פּאַרסיס, און אין וועג האָט אים געטראָפן אַ שטאַרקער שטורעם.

אַלע אויף דער שיף האָבן זיך איבערגעשראָקן, אויסער יוינען, וואָס האָט לאַכלוטן ניט רעאַגירט אויף דעם שטורעם. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין טריום פון דער שיף און איז רויִק איינגעשלאָפן. אָבער די שיפליַיט האָבן געהאַלטן, אַז גראָד יוינע איז שולדיק אינעם שטורעם. זיי באַשליסן אים אַריינוואַרפן אין יאַם און טוען עס מיט זיין האַסקאָמע.

ווי נאָר מע האָט יוינען אַריינגעוואָרפן אין יאַם, האָט דאָס וואַסער זיך אָנגעהויבן באַרויִקן און אינגיכן איז דער יאַם איינגעשטילט געוואָרן. אין טאַנאַך ווערט וועגן דעם געזאָגט אַזוי: „און גענומען האָט מען יוינען און אַריינגעוואָרפן אין יאַם, און שטיל איז דער יאַם געוואָרן אין דער רעציכע זיינער”.

ווען יוינע איז אַריינגעפאַלן אין וואַסער, האָט דער ריבוינעשעלוילעם באַפוילן אַ ריזיקן וואַלפיש אָנפאַלן אויף אים און אים איינשלינגען. דער וואַלפיש האָט איינגעשלונגען יוינען, און יענער איז אין זיין בויך געלעגן דריי טעג און דריי נעכט.

יוינע האָט זיך געווענדט צום אייבערשטן, וועלכער האָט דערהערט די טפילע, און באַפוילן דעם וואַלפיש אַרויסוואַרפן יוינען אויף דער יאַבאָשע. זייענדיק שוין אויפן ברעג, האָט יוינע זיך אַוועקגעלאָזט אין דער הויפּט־שטאָט פונעם אַשורישן קיניגרייך. דאָס איז געווען לויט יענער צייט אַ קאָלאָסאַלע שטאָט מיט אַ באַפעלקערונג פון 120 טויזנט מענטשן. יוינע איז זי אַרומגעגאַן, פאָרויסזאָגנדיק, אַז פאַר אירע

זינד וועט נינעוויִע רויִנירט ווערן אין 40 טעג ארום. די איַנוווינער האָבן דערהערט וועגן דעם און באַשלאָסן זיך ראַטעווען מיט פאַסטן. בייסן פאַסטן האָבן זיי זיך אָנגעטאָן אין טראַנטעס. דער קייסער גופא האָט לויטן מינהעג פון זיַין לאַנד זיך אוועקגעזעצט אַף אַש און אָנגעטאָן אַף זיך טראַנטעס.

גאָט האָט דערהערט די טפילעס פון די נינעוויִער, דערזען, ווי זיי פאַסטן, האָט ער ארויסגעוויזן גנאָד און זיי מויכל געווען די זינד.

געלערנטע האָבן לאַנג געזוכט דעם היסטאָרישן אונטערגרונט פון דער דאָזיקער לעגענדע און זיַינען געקומען צום אויספיר, אַז זי האָט זיך באַוויזן אומגעפער אין 800 יאָר ביז אונדזער ערע, פאַר דעם, ווי טיגלאַטפאַלאַסאַר III איז געוואָרן קייסער, ווען די ארויסטרעטונגען פון די פעלקער קעגן אשור האָבן געקאָנט צעגראַמירן נינעוויִע.

דעם אשורישן קייסער האָט זיך איַינגעגעבן זיך צערעכענען מיט די אופשטענדלער, און דער נאָווי זאָגט, אַז אין דעם האָט געהאָלפן די איַינוווינער פון נינעוויִע דער אייבערשטער. דער רוסישער אשוראָלאָג ז. ראַגאָזינאַ, וועלכע האָט אויסגעפאָרשט דעם היסטאָרישן און פילאָלאָגישן אונטערגרונט פון דער לעגענדע וועגן יוינען אין דעם בוך „די געשיכטע פון אשור", איז געקומען צום אויספיר, אַז די דערציילונג וועגן דעם, וויאַזוי דער נאָווי יוינע איז אריַינגעפאַלן אין בויך פון דעם וואַלפיש, קאָן מען דערקלערן דערמיט, וואָס דאָס וואָרט „נינעוויִע" (נינווי) אנטשטייט פונעם וואָרט „פיש" — „נונו" אַף אשוריש־באַווליש.

די אשוריש־באַוולישע מיפן טיילן מיט, אַז דער פיש איז אַ הייליקע באַשעפעניש. דערפון דרינגט, אַז „דער וואַלפיש, וועלכער האָט איַינגעשלונגען יוינען, איז ניט עפּעס אנדערס ווי אַליין די שטאָט נינעוויִע, — שריַיבט ז. ראַגאָזינאַ, — ווו דעם נאָווי האָבן שוין, פאַרשטייט זיך, ארומגערינגלט אַזויפיל געפאַרן, אַז די פאַרצווייפלטע טפילע וועגן אויסלייזן אים האָט גאַנץ נאַטירלעך געדאַרפט זיך ארויסרייַסן פון זיַין האַרצן".

דער באַוווּסטער פראַנצויזישער קריטיקער פון דער ביבל ל. טאַקסיל האָט געשריבן, אַז דער נאָווי יוינע איז געבוירן געוואָרן אין גאַליל און האָט ניט געקענט די אשורישע שפּראַך, דעריבער האָט ער ניט געקאָנט פריידיקן אין דער הויפּטשטאָט פון אשור אַף העברעיִש. אַכוץ דעם, איז דער עצעם מאַרשרוט פון יוינען קיין נינעוויִע ניט קיין נאַטירלעכער. אָנשטאָט גיין מיט אַ גליַיכן וועג איבער דער יאַבאָשע, לאָזט ער זיך אוועק מיט אַן ארומיקן וועג איבערן יאַם קיין פאַרסיס (שפּאַניע). און, לעסאָף, אַליין די דערציילונג וועגן דעם וואַלפיש דערמאָנט, לויט ל. טאַקסילס מיינונג, אין די אוראַלטע גריכישע לעגענדעס. ער האָט געשריבן, אַז „האָמער דערציילט אין זיַין צוואַנציקסטן בוך וועגן אַ יאַמישער מעשונעדיקער בריִע, וואָס האָט זיך ארופגעוואָרפן אַף הערקולעסן. הערקולעס האָט פאַרבראַכט דריַי טעג און דריַי נעכט אין איר בויך, שפּיַיזנדיק זיך מיט איר לעבער, וועלכן ער האָט פאַר זיך אונטערגעפרעגלט, און אין דריַי טעג ארום האָט ער אַליין זיגרייַך זיך ארויסגעריסן פון זיַין ניט־געוויינלעכער טפּיסע. די דאָזיקע מיַיסע וועגן הערקולעסן איז אַף קיין ביסל ניט ערגער פון דער מיַיסע וועגן יוינען.

אין דער געצנדינערישער מיפּאָלאָגיע איז פאַראַן אַ געשיכטע וועגן אריאָנען. ווען מאַטראָסן האָבן אים אריַינגעוואָרפן אין יאַם, האָט אַ דעלפין אים דערשלעפּט אַף זיין פּלייצע ביז לעסבאָס. די דאָזיקע פּאַסירונג איז אָבער בלאָס אנטקעגן די פּאַסירונגען פון יוינען און הערקולעסן".

מיר ווילן אויך אָנוויַיזן די לייענער, אַז מיר האָבן אנטליִען די אידיי וועגן פאַסטן איז די קיַילשריפטלעכע שילדלעך פון די ציַיטן, ווען ס'האָט געהערשט טיגלאַטפאַלאַסאַר III. גראָד ער האָט באַפוילן די הערשער פון אַלע דעראָבערטע און אייגנטלעך אשורישע געגנטן דורכפירן אַ טאָנעס צווישן דער באַפעלקערונג. ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז אין יִסראָעלדיקן קיניגרייַך האָט מען אין דער צווייטער העלפט פונעם VIII יה. ביז אונדזער ערע, אין פעריִאָד, ווען עס שווימט אויף דאָס געשטאַלט פונעם נאָווי יוינע, געוווּסט וועגן דעם און אויסגעניצט די אידיי באַם צונויפשטעלן אָט דעם מיף.

אָבער אַליין דער בוך פונעם נאָווי יוינע, ווי עס האַלטן געלערנטע, האָט געקאָנט זיך באַוויַיזן ניט פריִער פונעם VI יה. ביז אונדזער ערע און ניט שפּעטער פונעם 200 יאָר ביז אונדזער ערע. שפּעטער איז שוין די אידיי וועגן דעם, אַז יוינע איז דריַי טעג און דריַי נעכט געווען אינעם בויך פונעם וואַלפיש, צוגעפּאַסט געוואָרן צום מיף וועגן דעם לעגענדאַרן יעזוס קריסטוס. אין דער עוואַנגעליִע פון מאַטפייען זאָגט יעזוס פאָרויס זיַין טויט און זיַין אופשטיין טכיִאַס־האַמייסים אַפן דריטן טאָג. אַזוי האָבן די אָדער אנדערע לעגענדעס, מיפן אָדער אידייען געוואַנדערט פון איין פאָלק צום אנדערן.

אין די ציַיטן פון טיגלאַטפאַלאַסאַר דעם דריטנס זון, סאַלמאַנאַסאַר V (727 — 722 יאָרן ביז אונדזער ערע), האָט זיך די פאַרשטאַרקונג פון דער צענטראַליזירטער מאַכט פאָרגעזעצט, אָנשטויסנדיק זיך אַף אַ ווידערשטאַנד מיצאַד דער אריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט אָנגעווירן אירע

פּריווילעגיעס. אין רעזולטאַט פון אַ פאַרשווערונג איז סאַלמאַנאַסאַר אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן און אויף זײַן אָרט האָט מען אַוועקגעזעצט אַ נײַעם קייסער — סאַרגאָן I, וועלכער האָט פאָרגעזעצט די דעראָבערונגס־פּאָליטיק פון זײַנע פאָרגייער, פאַרכאַפּט סיריע און פּאַלעסטינע אויף מיזרעך און דורכגעפירט אייניקע קאַמפּסמאַרשן אויף צאָפן, קיין אוראַרטו. דער זון און יורש פון סאַרגאָן II סינאַכעריב (705 — 681 יאָרן ביז אונדזער ערע) האָט אונטערגענומען אַ ריי קאַמפּסמאַרשן קעגן וואַווילאָניע און אין 689 יאָר ביז אונדזער ערע פאַרכאַפּט און צערויִנירט באָוול.

אַסאַרכאַדאָן (680 — 669 יאָרן ביז אונדזער ערע), וועלכער איז געקומען אָנשטאָט סינאַכעריבן, האָט אופגעשטעלט דעם כאָרעוון באָוול, ווילנדיק פאַרווייכערן די אַשוריש־באָוולשע באַציִונגען און דעראָבערן סימפּאַטיע בײַ די באָוולער. די ביידע קייסאָרים האָבן געפירט אַ פאַרביטערטע מילכאָמע קעגן עגיפּטן. אָבער בלויז אַסאַרכאַדאָנען איז געלונגען אין 671 יאָר ביז אונדזער ערע באַהערשן אים.

זינט אָט דער צײַט איז אַשור געוואָרן די מעכטיקסטע מעלוכע אין דער אוראַלטער וועלט. אויף מיזרעך זײַנען אירע גרענעצן דערגאַנגען ביז די בערג זאַגראָס, און אויף מײַרעוו ביזן מיטללענדישן יאַם, אײַנגעשלאָסן עגיפּטן. אויף דאָרעם האָבן די טעריטאָריעס פון אַשור זיך פאַרשפּרייט ביז די ברעגן פונעם אונטערשטן יאַם (פּערסישן אײַנגוס), און אויף צאָפן — שיר ניט ביז טראַנסקאַווקאַז. אָט פאַרוואָס די אַשורישע קייסאָרים האָבן זיך געהאַלטן פאַר הערשער פון „פיר לענדער אין דער וועלט". צווישן זיי האָט זיך אין סאַרגאָן דעם צווייטנס דינאַסטיע אויסגעטיילט אַשורבאַניפּאַל (669 — 630 יאָרן ביז אונדזער ערע).

ער איז געווען דער אייִנציקער, וועד עס האָט געקענט לייענען און שרײַבן, גוט זיך פאַנאַנדערגעקליבן אין דער וויסנשאַפט, ליטעראַטור, קונסט. מע האַלט אים פאַר אַ געניטן דיפּלאָמאַט און פאָלקנפירער. אָבער זיך פאַרנעמען מיט וויסנשאַפטן און קונסט האָבן אים געשטערט די אומענדלעכע מילכאָמעס קעגן די פעלקער, וועלכע האָבן ניט געוואָלט שאָלעם מאַכן מיטן אויסלענדישן יאָך. אפילע זײַן אייגענער ברודער שאַמאַשומוקין, וועלכער האָט געהערשט אין וואַווילאָניע, אויך ער האָט געשטרעבט צו אומאָפּהענגיקײַט און איז אָפּט אַרויסגעטראָטן קעגן אים, פאַר דער פרײַהײַט פונעם לאַנד. אַשורבאַניפּאַל האָט באַשלאָסן אַ סאָף מאַכן צו דער צעבונטעוועטער וואַווילאָניע און אָנגעהויבן קעגן איר אַ מילכאָמע. דאָס כאַיִל פון דעם אַשורישן קייסער האָט אַרומגערינגלט און אײַנגענומען באָוול.

ניט ווילנדיק אַרײַנפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, האָט שאַמאַשומוקין זיך אַראָפּגעוואָרפן פון דער וואַנט אינעם ברענענדיקן פּאַלאַץ.

דער בײַשפּיל פונעם אופשטענדלערישן באָוול האָט באַגײַסטערט אַנדערע פעלקער, איבער וועלכע אַשור האָט געהערשט. דאָ און דאָרט האָבן זיך צעפלאַקערט אופשטאַנדן. ווען אַשורבאַניפּאַל איז געשטאָרבן, האָט עס דערוועקט נײַע האָפענונגען בײַ די פעלקער, וועלכע אַשור האָט באַהערשט, און זיי האָבן זיך אופגעהויבן אויף אַ באַפרײַונגס־קאַמף.

עס זײַנען אופגעשטאַנען די פעלקער פון סיריע, פיניקיִע, יעהודע, עגיפּטן, עלאַם און פון אַנדערע לענדער, און די אַשורישע קייסאָרים האָבן געשטרעבט אין אַזאַ אומגעבונג בלויז פאַרהיטן זייער צעשאָקלטן טראָן.

דער לעצטער פּעריאָד פון דער עקזיסטענץ פון אַשור צייכנט זיך אויס דערמיט, וואָס באָוול האָט זיך אָפּגעטיילט און אויפן טראָן האָט זיך דאָרט אַוועקגעזעצט דער געוועזענער יורש פון דער באָוולשער יאַם־געגנט נאַבאָפּאַלאַסאַר (626 — 605 יאָרן ביז אונדזער ערע).

נאַבאָפּאַלאַסאַר איז געווען אַ כאַלדייער. צוליב אַ דערפאָלגרײַכן קאַמף קעגן אַשור האָט ער געשלאָסן אַ בונד מיטן מידישן קייסער קיִאַקסאַר. אָט דער בונד איז פאַרפעסטיקט געוואָרן דורך דעם כאַסענע־בונד פון נאַווּכאָדנעצערן — נאַבאָפּאַלאַסאַרס זון — מיט קיִאַקסאַרס טאָכטער אַמיטאַ. די מידיִער, בעראָש מיט זייער קייסער פראַאָרט, אינספּירירטע מיצאַד די באָוולער און שטרעבנדיק צו פאַרכאַפּן די רײַכטימער פון אַשור, האָבן געמאַכט אַ פּרוּוו נאָך בײַ אַשורבאַניפּאַלס לעבן אײַנעמען די הויפּט־שטאָט פון דער אַשורישער מעלוכע נינעוויִע.

העראָדאָט האָט געשריבן: „האַגאַם אַלע פאַרבינדעטע האָבן זיך אָפּגעקערט פון די אַשורער און איבערגעלאָזט זיי אַליין, פונדעסטוועגן האָבן די אַשורער ביכלאַל זיך געפונען אין אַ גוטער לאַגע. בײַם דעם קריגסמאַרש קעגן זיי איז פראַאָרט אומגעקומען, הערשנדיק 22 יאָר; מיט אים צוזאַמען איז אומגעקומען אויך אַ גרויסער טייל פון זײַן כאַיִל".

דאָס מאָל האָט די שטאָט איבערגעטראָגן אַלע אַטאַקעס און שטורעמס פונעם קעגנער. אירע פאַרפעסטיקונגען האָבן אויסגעהאַלטן.

די שטאָט נינעוויִע איז געווען אַ מעכטיקע פעסטונג. די לענג פון די שטאָטישע ווענט האָט דערגרייכט 150 סטאַדיִעס, און די ברייט — 90 סטאַדיִעס. איבער דער שטאָט האָבן געקאָנט דורכ־

פֿאַרן דרײַ קאַמף־וואָגנס, אויפֿגעשטעלטע אין איין ריי. אויף דעם אויסערלעכן רינג פֿון די ווענט זײַנען געשטאַנען 1500 טורעמס מיט א הייך פֿון 7 מעטער יעדערער.

דער גאַרניזאָן פֿון דער שטאָט איז געווען גוט באַוואָפֿנט, די באַפֿעלקערונג איז געווען א גאַנץ היפּשע (120 טויזנט נעפֿאַשעס), קעדיי שטעלן א ווידערשטאַנד די אָנפֿאַלנדיקע. די מידיער האָט מען צעקלאַפּט, און זיי זײַנען אָפּגעטראָטן.

לעגענדעס דערציילן, אז נינעוויע האָט געראַטעוועט דער הונדערט־טאָגיקער טאַנעס, וועלכן דער קייסער האָט געמאָלדן אין די טעג פֿון דער באַלאַגערונג.

דעם פֿאָלגנדיקן פּרווו צו צעגראַמירן אשור, אויך דאָס מאָל א דערפֿאָלגרײַכער, האָט געמאַכט פּראַאָרטס זון קיאַקסאַר. העראָדאָט האָט געשריבן, אז „ער איז געווען נאָך מער קריגערישער, איידער זײַנע אָוועס, און האָט דער ערשטער צעטיילט די אונטערטעניקע קריגער פֿון אזיע אויף באַזונדערע קריגס־אָטריאַדן, זיי אָרגאַניזירט לויטן קלייזײַען: שפּיזן־וואַרפֿער, בויגן־שיסער, רײַטער; פֿריער זײַנען זיי אַלע געווען צונויפֿגעמישט אָן אן אונטערשייד. ער האָט אויך פֿאַרייניקט אונטער זײַן אָנפֿירונג די גאַנצע פֿאָדערשטע אזיע אויף יענער זײַט פֿון דעם טײַך גאַליס; נאָכדעם האָט ער צונויפֿגעזאַמלט אַלע אונטערטעניקע פֿעלקער און האָט אָנגעהויבן א מילכאָמע פֿאַר נין (נינעוויע. — אוועקאָרן). שטרעבנדיק נעקאָמע נעמען פֿאַרן פֿאָטער און דעראָבערן די דאָזיקע שטאָט”.

אָבער איינער אליין וואָלט זיך אים ניט אײַנגעגעבן אײַנצוברעכן די מעכטיקײַט פֿון אשור. ווען ער וואָלט ניט געשלאָסן א בונד מיט וואַווילאָניע.

די דערפֿאָלגן פֿון די באַוולער, און שפּעטער אויך פֿון זייערע פֿאַרבינדעטע — די מידיער אינעם קאַמף קעגן אשור, דערקלערן זיך קוידעמקאָל מיט דער גלײַכגילטיקײַט פֿון די ברייטע אשורישע פֿאָלקסמאַסן, וועלכע האָבן געליטן פֿון זייערע קייסאָרים, פּריסטערס און שקלאַפֿנבאַזיצער.

„דאָס פֿויערטום פֿון אשור, — האָט געשריבן דער פּראָפֿעסאָר אי. דיאַקאָנאָוו, — האָט זיך געפֿונען אין א קלאָגעדיקער לאַגע און געליטן פֿון צינשן, אָפּקומענישן און רעקרוט־אויפֿנאַמען”.

נאָך מער, פּראָפֿעסאָר אי. דיאַקאָנאָוו האַלט, אז דער אָנגריף פֿון באַוול און מידיע האָט באַקומען אן אַלפֿאָלקישע שטיצע אין אשור, ווײַל די אשורישע מאַסן האָבן געשטרעבט אראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דעם קייזערלעכן יאָך, און זיי האָבן דערבײַ צוגעגעבן א גרויסע ראָליע דעם באַוולשן און מידישן כאָיל.

די מילכאָמע פֿון די מידיער, באַוולער און אַנדערע אויפֿגעשטאַנענע פֿעלקער, וועלכע האָבן מער ניט געוואָלט זײַן אונטערטעניק אשור, איז געפֿירט געוואָרן מיט א וואַקלדיקן דערפֿאָלג העכער צען יאָר. דער זיג איז געווען אויף דער זײַט פֿון די קרעפֿטן, וועלכע האָבן געפֿירט א באַפֿרײַונגס־קאַמף.

אין 605 יאָר ביז אונדזער ערע האָט צו אשור ווי א מעלוכע גענומען א סאָף. די פֿאַרבינדעטע — מידיע און וואַווילאָניע — האָבן צעטיילט איר טעריטאָריע.

אָבער די אשורער זײַנען אין רעזולטאַט פֿון דער פֿאַלונג פֿון זייער מעלוכע ניט אויסגעראָטן געוואָרן. די מידיער האָבן אוועקגעפֿירט אין געפֿענקעניש א סאַך באַלמעלאָכעס פֿון נינעוויע, וועלכע האָבן באַפּוצט די שטעט פּערסעפּאָליס און עקבאַטאַנו. די קונסט פֿון שניצן אויף שטעמפּלען האָבן די מידיער איבערגעגעבן זייערע אשורישע שקלאַפֿן.

אין שײַכעס דערמיט האָט דער אַלטגריכישער היסטאָריקער דיאָדאָר דער סיציליער געשריבן אין זײַן ווערק „די היסטאָרישע ביבליאָטעק”, אז דער קייסער פֿון מידיע האָט ניט פֿאַרניכטעט די אײַנוווינער פֿון נינעוויע, נאָר זיי באַזעצט אין די אָרומיקע דערפֿער און „...יעדן זײַן גוט אָפּגעגעבן...”.

דער אשורישער שריפֿטשטעלער און היסטאָריקער ב. ארסאַניס האָט אָפּגעמערקט, אז בײַם דעם קראַך פֿון אשור „האָבן די אָרטיקע אײַנוווינער זיך געראַטעוועט אין די ניט־צוטריטלעכע בערג פֿון אשור (אינעם איצטיקן קורדיסטאַן) און דאָרט געפֿונען פֿאַר זיך א מאָקעם־מיקלעט אויף לאַנגע יאָרן...”

אין אן אַנדער בוך פֿאַרפֿינקטלעכט ער: „נאָך דער פֿאַלונג פֿון דער אשורישער מעלוכע האָט מען די אשורער ניט פֿאַרניכטעט, א טייל פֿון זיי איז געלאָפֿן אין די בערג, אין מאַקלוב, סינדזשאַר. צען פֿאָלקנפֿירער זײַנען מיטן אשורישן כאָיל אוועק אין דער זײַט פֿון דער שטאָט נאַסיבינא און דאָרט, אויפֿן אָרט פֿון דער איצטיקער שטאָט אורפֿא, געגרינדעט א נײַע מעלוכע איסראַיא. שפּעטער האָט מען זי אָנגעהויבן רופֿן אָסראָיענא”.

אן אַנדער אשורישער היסטאָריקער, א. מנאַשי, באַשטעטיקט דעם דאָזיקן געדאַנק און מערקט אָפּ, אז בײַס די שלאַכטן מיט די קעגנער האָט א טייל פֿונעם אשורישן כאָיל זיך דורכגעריסן דורך דער אַרומרינגלונג און איז אוועק אין דעם באַרגיקן אשור, ווו עס זײַנען געווען א סאַך פֿאַרשטאַרקטע פֿעסטונגען. עס זײַנען פֿאַרבײַ יאָרן, און די אשורער האָבן אָנגעהויבן זיך אומקערן צו זיך אַהיים און זיך באַזעצן אויף זייערע היסטאָרישע ערטער.

דער ענגלישער היסטאָריקער און ארכעאָלאָג ס. לאָיד האָט געשריבן אין שײַכעס דערמיט, אַז אין פיל יאָרן ארום נאָך דער פאַלונג פון נינעווי̇ע האָבן די רעשטלעך פון איר באַפעלקערונג זיך אומגעקערט אױף די ברעגן פונעם טײַך טיגער.

צום שלוס ווילן מיר אָפּמערקן, אַז די אשורער זײַנען בײַגעשטאַנען דער אסימיליאַציע, פאַרהיט זייער שפּראַך און טראַדיציעס, זייער קולטור און אייגנאַרטיקײַט.

# די אשורישע וועלקערשאַפט נאָך דער פאַלונג פון אשור און ביז אונדזערע טעג

די עטנישע קאָנסאָלידאַציע פון די אשורער אין די ראַמען פון איין מעלוכע איז פאָרגעקומען אין פאַרלויף פון קימאַט צוויי יאָרטויזנטער. די דויערהאַפטיקײַט פון איר עקזיסטענץ האָט געגעבן אַ מעכטיקן אימפּולס די אינטעגראַציע־פּראָצעסן און, ווי מע קאָן האַלטן, געשאַפן די ערשטע פאָראַנאָכעס פאַר דער ווײַטערדיקער שטאַנדהאַפטיקײַט פונעם אשורישן עטנאָס.

די אשורישע פעלקערשאַפט אין דער שקלאַפנבאַזיצערישער געזעלשאַפט האָט זיך געשאַפן פון עטלעכע גרונט־פעלקער — אשורער, כוריטן, סובאַרעיער און אַראַמעיער, וועלכע האָבן זיך צונויפגעגאָסן און געגרינדעט אַ נײַעם עטנאָס, אין וועלכן ס'האָט פּרעוואַלירט די מער אוראַלטע און מעכטיקערע אשורישע קולטור. צו דער צײַט פון דער פאַלונג פון דער אימפּעריע איז יענע פעלקערשאַפט שוין געווען אַ געמיינשאַפט מיט כאַראַקטערישע פאַר איר קלאַסן־באַצי̇ונגען. זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער געמיינזאַמקײַט פון טעריטאָריע, מיט שטריכן פון קולטור, מיט אַ גאַנץ שטאַרקער פאַר יענער צײַט געמיינזאַמקײַט פון דער שפּראַך, מיטן עטנישן זעלבסטבאַוווּסטזײַן, מיט אַ באַדײַטנדיקער אָפּשוואַכונג פון דער ראָליע פון די קרוויווישע פאַרבינדונגען, און אין אַ סך פאַלן אויך מיט זייער אַרויסשטויסונג. אָט פאַרוואָס, ווען אשור איז אין 605 יאָר ביז אונדזער ערע, אונטער די קלעפּ פון מידי̇ע און וואַווילאָניע, געפאַלן, האָט עס ניט געבראַכט צו דער פאַרניכטונג פון די אשורער און צו זייער אסימיליאַציע מיט די באַצווינגער.

די ווײַטערדיקע געשיכטע פון די אשורער איז ענג פאַרבונדן מיט די גורלעס צוערשט פון דער רוימישער אימפּעריע, און שפּעטער פון ביזאַנט, פון דעם אַכעמענידישן, פּאַרפּיאַנישן, סאַסאַנידישן איראַן, פונעם אַראַבישן כאַליפאַט און פון דער אָסמאַנישער אימפּעריע. זײַענדיק אײַנגעשלאָסן ווי אַן עטנישע געמיינשאַפט אין די ראַמען פון פּאָליטישע, מעלוכישע אויסבילדונגען, באַקומען די אשורער שטריכן פון אַ קליינער פעלקערשאַפט. גלײַכצײַטיק זײַנען ווי אַרײַנגעפאַלן אין אַ מאַצעוו פון אַן אונטערדריקטער עטנישער, און אױף ווײַטער אויך רעליגי̇עזער מינדערהײַט, וועלכע מע האָט ניט בלויז עקספּלואַטירט, נאָר אויך פיזיש פאַרניכטעט. די ספּעציפישע לאַגע פון די אשורער האָט זיי געצוווּנגען זוכן פאָרמען און מיטלען פון אַ ווידערשטאַנד בענעגייע די אונטערדריקער. אין I יה. האָט אָנגעהויבן זיך פאַרשפּרייטן אין סיריע, מעסאָפּאָטאַמיע, איראַן דאָס קריסטנטום, און די אשורער האָבן עס אויפגענומען צווישן די ערשטע.

די כאַראַקטערישע באַזונדערקײַט פון דער אויספורעמונג פונעם אשורישן עטנאָס אַלס קליינע פעלקערשאַפט אין אָט דעם פּעריָאָד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ניט דער מעלוכישער פאַקטאָר האָט געשפּילט די ראָליע פון אַן עטנאָ־אויסבילדערישן עלעמענט, נאָר דער רעליגי̇עזער אינסטיטוט — די קריסטלעכע קירך. ניט פאַרמאָגנדיק קיין מעלוכישקײַט, קיין וועלטלעכע אָנפירער, האָבן די אשורער פאַרייניקט די קירך, די רעליגי̇עזע אָנפירערשאַפט, און די וועלטלעכע געשיכטע פונעם אשורישן פאָלק האָט פון אָט דער צײַט זיך ענג איבערגעפלאָכטן מיט דער געשיכטע פון דער אשורישער קירך. אַזויאַרום, איז דאָס קריסטנטום געווען אַ פאַקטאָר, וואָס האָט מיטגעהאָלפן צו פאַרפעסטיקן דעם דערגרייכטן ניוואָ פון דער עטנישער קאָנסאָלידאַציע פון די אשורער.

די פאַרוואַנדלונג פונעם קריסטנטום אין אָנהייב פונעם IV יה. אין אַ מעלוכישער רעליגיע פון ביזאַנט, אין וועמענס באַשטאַנד עס זײַנען טיילווײַז אַרײַן אויך די טעריטאָריעס, וווּ ס'האָבן געלעבט די אשורער, האָט ניט אָפּגעשוואַכט דעם נאַצי̇אָנאַלן, סאָצי̇אַלן און עקאָנאָמישן יאָך פון די אשורער, וועמענס אומצופרידנקײַט מיטן לעבנס־מאַצעוו האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאַמף קעגן דעם ביזאַנטישן אָרטאָדאָקסאַלן קריסטנטום — אין דער פאָרם פון נעסטאָרי̇אַנישער אפּיקאָרסעס (V יה.), פון מאָנאָפיזיטנטום (יאַקאָוויטן, VI יה.) און מאַראָניטנטום (IV יה.). אין XVI יה. איז געשאַפן געוואָרן צווישן די אשורער אַן אשוריש־כאַלדיי̇ישע קירך, וואָס האָט זיך געפונען אין אַן אוני̇ע מיט דער רוימישער קאַטוילישער קירך, און שפּעטער אויך מיט דער קאַטוילישער.

אין רעזולטאַט פון די דאָזיקע און פון אַנדערע רעליגי̇עזע שפּאַלטונגען האָט דער עטנישער זעלבסטבאַוווּסטזײַן פון די אשורער אָנגעהויבן אַלץ אָפטער באַקומען רעליגי̇עזע באַפאַרבונג, אין דער

אָפּהענגיקײַט פון וועלכער זיי האָבן אָנגעהויבן זיך רופן נעסטאָריִאַנער, יאַקאָוויטן, מאַכאַניטן, פּאַלדייער, קאַטאָליקער, סיריער. אַזוי האָבן אויך אַנדערע פעלקער אָנגעהויבן זיי רופן.

די פּראָפּאַגאַנדע פונעם קריסטנטום האָט זיך געפירט אַפן מײַרעווודיקן דיִאַלעקט פון דער אַשורישער שפּראַך, וועלכער איז געווען ברייט פאַרשפּרייט אין סיריע, און אַלעמען, ווער עס האָט אָנגענומען דאָס קריסטנטום, האָט מען אויך גערופן סיריער. די אַשורער פון איראַק ניצן נאָך אַדהײַנט דעם טערמין „סיריער" (סוראַיאַ), קעדיי אָפּצייכענען אַלע קריסטלעכע ביכלאַל.

די רוסן האָבן צום ערשטן מאָל זיך באַקאַנט מיט די אַשורער דורך די אַרמענער און אָנגעהויבן רופן די אַשורער „אײַסאָרן". אָבער דעם דאָזיקן נאָמען האָט מען געהאַלטן פאַר אַ פאַראַכטלעכן. דער טערמין „אַשורער" ווערט אָפיציִעל אויסגעניצט אין דער פאָלקסציילונג פון פססר, אָנהייבנדיק פונעם 1969 יאָר.

בורזשואַזע פּאָליטאָלאָגן סטאַרען זיך דערווײַזן, אַז די הײַנטצײַטיקע אַשורער האָבן ניט זייער אייגענע געשיכטע, פילאָסאָפיע, ליטעראַטור, שפּראַך. האָבן ניט קיין שום געמיינזאַמס מיט די אוראַלטע אַשורער. דער ציל פון אַזעלכע טעאָריעס איז — אָפּשוואַכן בא די הײַנטיקע אַשורער דעם ווידערשטאַנד קעגן דער עקספּאַנסיע פונעם מײַרעוו, אונטערײַסן דעם גלויבן אין זייערע קויכעס, צווינגען זיי זיך בוקן פאַר דער פּסעוודאָ־קולטור. די היסטאָרישע ווירקלעכקײַט וואַרפט לאַכלוטן אָפּ די דאָזיקע אויסטראַכטענישן.

פאַרן גרינדער פון דער אַשורישער ליטעראַטור און פילאָסאָפיע אינעם מיטלאַלטער האַלט מען טאַטיִאַנען, וועלכער האָט אָנגעשריבן דעם באַוווּסטן „דיִאַטעסאַראָן" — דערציילונגען אויף דער טעמע פונעם עוואַנגעליִום — און „די רעדע צו די עלינען".

די איצטיקע אַשורער, יאָרשים פון דער אוראַלטער קולטור, געדענקען דעם קאַמף פון זייערע אָוועס פאַר פרײַהײַט און פּראָגרעס.

די אַשורער האָבן ניט איין מאָל זיך אויפגעהויבן צום קאַמף פאַר פרײַהײַט און אומאָפּהענגיקײַט. אַ באַווײַז דערפון זײַנען די פילצאָליקע אויפשטאַנדן פון אָט דעם פאָלק אין דער נײַער און נײַסטער צײַט, דערונטער דער אַנטיִאָסמאַנישער אויפשטאַנד אין די יאָרן 1914 — 1918, ווען עס זײַנען אומגעקומען העכער 500 טויזנט אַשורער.

די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג אויף דער אַשורישער באַפרײַונגס־באַוועגונג, וועלכע האָט אויפגענומען די אידייען פונעם קאַמף פאַרן רעכט פון די נאַציעס אויף זעלבסטבאַשטימונג.

דער זיג פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד אין דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף דער נאַציִאָנאַלער באַפרײַונגס־באַוועגונג פון די פעלקער אין דער וועלט, דערונטער פונעם אַשורישן פאָלק. אַזוי, למשל, האָבן די אַשורער אַקטיוו אונטערגעשטיצט אין 1945 די באַוועגונג פון די אַזערבײַדזשאַנער און קורדן, וועלכע לעבן אין איראַן, פאַר געבן זיי אַווטאָנאָמיע. דער אָנטייל אין דער באַוועגונג פון די אַשורער אין איראַן איז דורכגעגאַן אונטער די לאָזונגען — געבן זיי דאָס רעכט צו לערנען זיך אין די שולן אויף דער אַשורישער שפּראַך, אַרויסגעבן נאַציִאָנעלע צײַטונגען, זשורנאַלן, ביכער.

די פילפײַנלעכע געשיכטע פון די אַשורער האָט אויך באַווויזן, אַז, זײַענדיק ניט איין מאָל פאַראַטן, זײַנען זיי אַרײַנגעפאַלן אין אַ לאַגע פון פאַרשטויסענע מענטשן. די פאַרוואַנדלונג פון אָט דעם פאָלק מיט אַן אוראַלטער און רײַכער געשיכטע און קולטור אין אַן „איבעריק" פאָלק וועט אויף אייביק פאַרבלײַבן אַ שוואַרץ בלעטל אין דער געשיכטע פונעם נאָענטן מיזרעך, דעם רעגיִאָן פון קאָלאָניִאַליזם און נעאָקאָלאָניִאַליזם.

אין די האַרבע יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע האָבן די אַשורער געקעמפט צוזאַמען מיט אַנדערע פעלקער פון אונדזער פאָטערלאַנד קעגן דעם דײַטשישן פאַשיזם. לויט דער נאָכמילכאָמעדיקער פאָלקסציילונג האָבן פון 20 טויזנט אַשורער, וועלכע האָבן געלעבט אין פססר, אָנטיילגענומען אין דער מילכאָמע העכער 2 טויזנט. צוויי אַשורער זײַנען געוואָרן העלדן פון סאָוועטנפאַרבאַנד.

די אַשורער לעבן אין דער מישפּאָכע פון גרויסע און קליינע פעלקער פון אונדזער לאַנד.

ייִדיש — ב. גערשמאַן

## פון דער קולטור-געשיכטע

**אלעקסאנדער קאנצעדיקאס,**

**קאנדידאט פון קונסט־קענטעניש**

# יִדישע פאָלקס-קונסט

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז אין איינעם א גאָר רעספעקטאבעלן מאָסקווער קונסט־קענטעניש־הויז געגאנגען א שמועס וועגן יִדישער פאָלקס־קונסט. דער שמועס האָט זיך אָנגעהויבן מיט א פראגע, וועלכע עס האָט מיט דערשטוינונג געשטעלט דער באַלעבאָס פונעם הויז: „צי דען עקזיסטירט ווירקלעך אזא קונסט?”

ביינע לעביינע פארמאָגן, ווארשיַנלעך, די זאפאסניקעס פון אונדזערע מוזייען די גרעסטע קאָלעקציעס, וועלכע ווערן זייער זעלטן און קארג ארויסגעשטעלט און זיַנען ניט באוווּסט אפילע די ספעציַאליסטן. פאר הונדערט יאָר, וואָס זיַנען פארבײַ נאָך די ערשטע פּובליקאציעס פון וו. וו. סטאסאָוון, געווידמעט דעם גורל פון דער יִדִישער קונסט אין אונדזער לאנד[1], האָט מען דעם רוסיש־שפּראכיקן לייענער ווייניק־וואָס צו־געגעבן אין דעם געביט.

ניט האָבנדיק קיין בוילעטע און קאָנקרעטע פאָרשטעלונג וועגן דער טראדיציאָנעלער קונסט־שאפונג· פון די יִדן אין רוסלאנד, קאָן מען ניט באנעמען, וויִאזוי האָט זיך אויסגעפורעמט די הײַנטצײַטיקע יִדישע פּראָפעסיאָנעלע קונסט אין אָנהייב פונעם צוואנציקסטן יאָרהונדערט.

מ. שאגאל, ז. אלטמאן, ע. ליסיצקי, י.־ב. רי־באק, י. טשײַקאָוו, ס. יודאָווין האָבן זאָרגזאם דערלערנט די דענקמעלער, וועלכע עס האָבן גע־שאפן זייערע אומבאווּסטע פאָרגייער; זיי האָבן פּובליקירט און אינטערפּרעטירט די דאָזיקע דענק־מעלער פּונקט אזוי, ווי עס האָבן עס געטאָן זייע־רע מיטצײַטלער מ. לאריאָנאָוו, ק. מאלעוויטש, ג. נארבוט, מ.־ק. טשיורליאָניס בענגעייע דער טראדיציאָנעלער קונסט פון זייערע פעלקער. אזוי־ארום, האָט זייער שאפונג באקומען אן אויסגע־דריקטע נאציאָנאלע אייגנארטיקײַט, אין אונטער־שייד פון דער קונסט פון די מאָלער־יִדן פון די פריִערדיקע דורעס, וועלכע האָבן זיך אָריִענטירט אוף די אלגעמיינע אייראָפּעישע טראדיציעס, — אי. לעוויטאנען, מ. אנטאָקאָלסקין, י. אסקינאזי, ל. פּאסטערנאקן, י. גינצבורגן און אנד. די שאַ־פונג פון מארק שאגאלן, נאטאן אלטמאנען, ע. לי־סיצקין, פון אנדערע קינסטלער פון דעם דאָזיקן קרײַז האָט שוין פון לאנג געקריגן א ברייטע אנערקענונג; דער קולטור־באָדן, אוף וועלכן זי האָט זיך אויסגעפורעמט און זיך אנטוויקלט, בלײַבט אדהײַעם אומבאווּסט דעם מאסן־צוזעער.

די יִדישע געשיכטע אנטהאלט ניט ווייניק פראגן, וועלכע בלײַבן ביז הײַנטיקן טאָג אָן אויס־שעפלעכע, באפרידנדיקנדיקע ענטפערן, און פונ־דעסטוועגן קלאָרן זיי אליין אויס מיט זייער פרעגנ־דיקן טאמציס די באשײַמפערלעכע ווידערשפּרוכן פון די וועגן פון דער אנטוויקלונג פון דער יִדי־שער קינסטלערישער קולטור. אָט זײַנען אייניקע פון זיי. וויִאזוי האָט זיך געקאָנט פארהיטן א פאָלק, וואָס איז אין מעשך פון צוויי טויזנט יאָר אָפּגעריסן פון זײַן ערד, וואָס האָט אָט די גאנצע צײַט געלעבט אין וואָגלענישן, צעזייט צווישן אנ־דערע פעלקער? וויִאזוי האָט זיך געקאָנט פארהיטן און אייגנארטיק זיך אנטוויקלען זײַן קולטור, וועל־כע האָט זיך שטענדיק געפונען אין א באַרירונג מיט אזעלכע פארשיידענע קולטורן, ווי די אראַ־בער־מוסולמענישע, מיטלאלטערלעכע שפּאנישע, שפּעטער — די דײַטשישע, מיזרעך־אייראָפּעִישע און, צום סאָף, די פילנאציאָנאלע קולטור פון דער רוסלענדישער אימפּעריע אין 19־טן — אָנהייב 20־טן יה.? וואָס פאר א באָדן און וואָס פאר א נאטור האָט געשפּײַזט מיט זייערע זאפטן זײַן אָר־נאמענט און זײַן טראדיציאָנעלע קאָלאָריסטיק? צי קאָן ביכלאל ריידן וועגן א פאָלקס־קונסט פון אן

[1] וו. וו. סטאסאָוון געהערן א ריי ארטיקלען, גע־ווידמעט די פראגן פון יִדישער קינסטלערישער קולטור; זיי זײַנען געוועזן פארעפנטלעכט אין די 70־קער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט אין זשור־נאל „יעווריייסקאיא ביבליאָטעקא” און דערנאָך אין דער דרײַבענדיקער זאמלונג פון זײַנע ווערק; סאנקט־פּעטערבורג, 1894, אין 1905 האָט ער צוזאמען מיט ד. גינזבורגן ארויסגעגעבן אין בערלין א פּרעכטיקן אלבאָם „יִדישער אָרנאמענט”, וועלכער באזירט זיך אוף די מאטעריאלן פונעם קסאוויאד־פאָנד פון דער פּעטערבורגער עפנטלעכער ביבליאָטעק.

עטנאָס, בא וועלכן אין מעשעך פון פיל יאָרהונדערטער איז געווען אָפּגענומען דער פויערישער באָדן? און, צום סאָף, וויִאזוי אנטשפּרעכט די מעגלעכקײַט פון דער אויספורעמונג און פון דער אנטוויקלונג פון דער קונסט, דער קולטור, אין די אויסקוואלן פון וועלכער ס'איז געשטאַנען א בוילעטער און ניט־געוואקלטער פארבאָט: „מאכט זיך ניט קיין אָפּגעטער און סקולפּטורן”.

לאָמיר אָנהייבן פונעם סאָף — דער פארבאָט צו שילדערן לעבעדיקע באשעפענישן. באזונדערע פאָרמען פון געמעל־קונסט האָבן עקזיסטירט אין א געוויסער מאָס בא אלע פעלקער. עס איז ברייט פארשפּרייט די מיינונג, אז די אדאטן פונעם איסלאם האָבן, נאָכפאָלגנדיק די ביבלישע נאָרמעס, ארופגעלייגט א טאבו אויף געמעלן פון חיות און מענטשן. לויט דעם בוכשטעבלעכן באטײַט פונעם געשריבענעם געזעץ איז דאָס טאקע אזוי, אָבער די פּערסישע און אראבישע מיניִאטיורן, געדיכט באזעצטע מיט לעבעדיקע באשעפענישן, זײַנען געווען זייער ברייט פארשפּרייט און געהערן צו די העכסטע אנטפּלעקונגען פון דער וועלט־קונסט. די פּראוואָסלאווישע קירך האָט אין איר קאמף מיט דער געצנדינערײַ נעגאטיוו זיך באצויגן צו דער סקולפּטור־קונסט. די פאָלקס־בילדער פלעגן פארפאָלגט ווערן און אײַנצײַטיק פלעגן זײַן אָן א שיר פּרימיטיווע בילדלעך (לובאָקעס). די ריִע פון א מענטש, די פאקטישע און גײַסטיקע, איז לויט איר נאטור ניט קיין סעלעקטיווע — מיר זעען אלץ, וואָס עס געפינט זיך ארום אונדז. אין די מאָזאיִקעס און אויף די פרעסקעס פון דער אוראלטער פּאלעסטינע געפינען מיר שוין בילדער פון לעבעדיקע באשעפענישן, האגאם די באזע פון דער אוראלטער יידישער קונסט שטעלט מיט זיך פאָר געאָמעטרישע און געוויקסן־אָרנאמענטן.

אין פארלויף פון דוירעס, העיויס די יידן האָבן פארלאָרן זייער פארבינדונג מיט דער ערד און מיט דער לאנדווירטשאפטלעכער ארבעט, שפּילט דער געאָמעטרישער אָרנאמענט אין דער קונסט וואָס מער א קלענערע ראָל און סאָפקאָלסאָף ווערט ער אינגאנצן פארשוווּנדן, ווי ס'זאָל באשטעטיקן די ריכטיקײַט פון די טעאָרעטישע פאָרשטעלונגען וועגן דער אינהאלטרײַכקײַט פונעם פאָלקס־אָרנאמענט, פון זײַן פארבינדונג מיט דער ארבעט און מיט די לעבנס־באדינגונגען פונעם קאָלעקטיוו. אויך מיט אזא אומפארמײַדלעכקײַט גייען אוועק פונעם רעפּערטואר פונעם פאָלקס־שאפן די קעגנשטאנדן פונעם פארלוירענעם פויערישן לעבנשטייגער: די מערהײַט ווערק פון דער יידישער דעקאָראטיווער קונסט קריגט א הייליק־ריטועלן כאראקטער, זיי ווערן פארבונדן מיטן אָפּמערקן רעליגיעזע יאָמטויווים, אין וועלכע, מאכמעס דער אָפּגעזונדערטקײַט פון דער יעהודישער רעליגיע, עס ווערט בוילעט אָפּגעשפּיגלט די אידיי פון אן אומופהערלעכער נאציאָנאלער זעלבסטבאשטעטיקונג.

דאָ איז ווײַט ניט אלץ פארשטענדלעך פאר א זײַטיקן בליק: אינעם קאטאלאָג „באלײַכט־אפּאראטן אין דעם 16־טן — 20־טן יה.”, וואָס עס האָט אין 1980 ארויסגעלאָזט דער היסטאָריש־עטנאָגראפישער מוזיי פון ליטע, זײַנען פאראן יידישע לײַכטער פאר פינף און זיבן ליכטלעך און עפּעס מאָדנע לײַכטער, וועלכע פארמאָגן אכט געפעסן פאר בוימל און ליכט און זײַנען אויסערלעך ענלעך אויף בענק. פאר א מענטש, וואָס איז באקאנט מיט די יידישע ריטואלן, איז דאָס אלץ אבסאָליוט פארשיידענע זאכן: לײַכטער פאר פינף ליכט (עס פלעגן אויך זײַן לײַכטער פאר איין און דרײַ ליכט) זײַנען ווירקלעך באלײַכט־אפּאראטן; א לײַכטער פאר זיבן ליכט — „מענוירע” איז אן אוראלטסטער הייליקטום פון שלוימע־האמעלעכס ביים־האמיקדעש, א סימבאָל פון דער יידישער מעלוכעשאפט און א דערמאָנונג וועגן די זיבן טעג, אין מעשעך פון וועלכע עס איז באשאפן געוואָרן די וועלט; א לײַכטער מיט אכט געפעסן — „כאנוקיא”, אָדער „כאנעקע־לעמפּל” — ווערט אויסגעניצט איין מאָל א יאָר אינעם אכט־טאָגיקן הארבסט־יאָמטעוו און דארף דערמאָנען די יידן וועגן דעם העראָאישן קאמף פונעם פאָלק בעראָש מיט די מאקאבייער קעגן דער גריכיש־סירישער הערשונג. זײַענדיק איינער פון די אנטוויקלסטע געביטן פון דער יידישער דעקאָראטיווער קונסט, קאָנען די לײַכטער דינען אלס א מאטעריאל, וועלכער אנטפּלעקט אין א גאנץ פולער מאָס די אייגנארטיקײַט פון זײַן סטיליסטישער פילארטיקײַט און פּליוראליזם.

לויט דער טראדיציע טיילן זיך די בראָנזענע „מענוירעס” אויס מיט זייער מאסיווקײַט און, איבערכאזערנדיק, אלס קלאל, די פאָרם פון דער אלט־יידישער מענוירע פונעם ביים־האמיקדעש, פארהיטן זיי די באשײַמפּערלעכע פארבינדונג מיט די שטייגערישע לײַכטערס, וואָס זײַנען געווען פארשפּרייט צווישן דער פילנאציאָנאלער באפעלקערונג פון מײַרעוו־אוקראַינע — דעם הויפּט־צענטער פונעם יידישן בראָנזענעם גוס אין צענטראל־ און מיזרעך־אייראָפּע אין מעשעך פונעם 20־טן יאָרהונדערט. דאָס איז זייער א באווײַזלעכער בײַשפּיל, וויִאזוי די יידישע האנטווערקערישע צענטערס האָבן זיך אָפּגעטיילט פון די אנטוויקלטע קונסט־נעסטן פון דער אָרטיקער באפעלקערונג. צום באדויערן, האָבן מיר קימאט ניט קיין בײַשפּילן פון אזא אלגעמיינעם אנאליז, פון פארגלײַכן די דענקמעלער. אונדזערע געלערנטע אין געביט פון יידישער קונסט פאָרשן דאָס פּראקטיש ניט אויס; די אויסלענדישע ספּעציאליסטן קענען שלעכט די אוקראַינישע, ווײַסרוסישע, מאָלדאווישע, ליטווישע טראדיציאָנעלע פאָלקס־שאפונג.

מע דארף אָבער ניט פארייִנפאכן די דאָזיקע פּראָבלעם און זען אין די ווערק פון די יידישע מײַסטערס נאָר אן אָפּקלאנג פון דער אנטוויקלטער אָרטיקער האנטווערקערײַ. פונעם מעטאָדאָלאָגישן שטאנדפּונקט איז אינטערעסאנט דאפקע דאָס, וואָס אין די טיפּענישן פון דער דאָזיקער האנטווערקערײַ בילדעט זיך אויס אן אנדערשדיקע לויטן סטיל דערשײַנונג, וועלכע צייכנט זיך אויס מיט אן אויסגעדריקטער נאציאָנאלער באשטימטקײַט. צווישן די בראָנזענע לײַכטער דארף מען קוידעמקאָל די „כאנוקיעס”, וועלכע טיילן זיך אויס מיט א גאנץ היפּשער פארשיידנארטיקײַט פון פאָרמען און פון אָרנאמענטאלער רײַכקײַט.

די אוטאָרן, וועלכע שרײַבן וועגן דער פאָלקס־בויקונסט אין אוקראַינע, מאָלדאוויע, ווײַסרוסלאַנד און ליטע, ווענדן ניט זעלטן זייער אופמערקזאַמקײַט אַף די פּראָווינציעלע הילצערנע סינאַגאָגעס, וואָס האָבן נאָך אין אָנהייב פונעם 20־טן יה. פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ היפּשן עלעמענט פון דער קולטור־לײַדנשאַפט פון די דאָזיקע ערטער. אין אַכטן העפט פון אי. גראַבאַרס „געשיכטע פון דער רוסישער קונסט" איז פאַראַן אַ קאַפּיטל „אַלטע הילצערנע סינאַגאָגעס אין מאַלאָראָסיע", ווו עס ווערט אָנגעוויזן אַף זייער סטיליסטישער פאַרבינדונג מיט געוויסע טיפּן פון אָרטיקע געבײַען, ביפּראַט מיט די „שליאַכטישע כאָראָמעס" און פאַרשיידענע באַהילפיקע לאַנדווירטשאַפטלעכע געבײַען. דעם אוטאָרס באַאָבאַכטונגען זײַנען אָבער נאָר טיילווײַז גערעכטע: די קאָמפּליצירטע פּיראַמידאַלע דעכער און די רײַכע פּלאַסטיק פון די פאַרנעמען פון די הילצערנע סינאַגאָגעס קאָרעספּאָנדירן, וואָרשײַנלעך, מיט דער בויקונסט פון מײַרעוו־אוקראַינע, אָבער שטעלן מיט זיך פאָר אַן איבעראַשנדיקן קאָנטראַסט צו דער פאָלקס־אַרכיטעקטור פון ווײַסרוסלאַנד און ליטע, אויסטיילנדיק זיך מיט זייער בוילעטער „מיזרעכדיקײַט". ניט אומזיסט איז אַדאַם מיצקעוויטש געווען אַנציקט פון זייער אייגנאַרטיקײַט, ווען ער האָט זיי באַשריבן אין זײַן פּאָעמע „פּאַן טאַדעוש".

דאָס איז באַוווּסט, אַז אין דער בויִונג פון די הילצערנע סינאַגאָגעס האָבן מיט די ייִדן ברייט זיך באַטייליקט אָרטיקע טעסלער פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. אַזאַ איז געווען ניט דער ערגסטער שטריך פון דער דעמאָלטיקער קינסטלערישער פאָלקס־קולטור — די ייִדן פלעגן דאַוונען אין געבײַען, וועלכע עס האָבן אופגעשטעלט זייערע אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע, פּוילישע, ליטווישע שכיינים; און פון זייער זײַט, האָבן ווײַסרוסישע, פּוילישע, ליטווישע קאַלעס ניט זעלטן צונויפגעלייגט זייער נאַדן אין כאַסענע־קאַסטנס, וועלכע עס האָבן באַפּוצט מיט געמעלן די שטעטלדיקע ייִדן — קינסטלער. מע קאָן זיך מעשאַער זײַן, אַז אין דער פאַרגאַנגענהײַט זײַנען אין געברויך פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג געווען זאַכן, וועלכע האָבן געהאַט כאַראַקטעריסטישע סימאָנים פון דער ייִדישער קולטור. מיט צוואַנציק יאָר צוריק איז מיר אויסגעקומען צו זען בײַ אַ הוצולישן טעסלער אַ לעדערן רענצל, באַפּוצט מיט אַ מעטאַלענעם אײַנזאַץ, אַף וועלכן עס זײַנען געווען אָנגעמאָלט געקרוינטע לייבן בײַ די זײַטן פונעם באַרג סינײַ — איינער פון די בעקאַוועדיקסטע מאָטיוון פון דער ייִדישער קונסט. איינער פון די זעלטענע צו יענער צײַט מײַסטערס — לעדערמאַכערס אין דער אומגעגנט פון קאָסאָווע האָט פעסטגעשטעלט, אַז צווישן זײַנע כאַווײַרים — האַנטווערקער זײַנען געווען ניט ווייניק ייִדן. און כאָטש זייער פּראָדוקציע פלעג ניט אַרויסגיין פון די ראַמען פונעם טראַדיציאָנעלן רעפּערטואַר פון דער אָרטיקער פאָלקס־קונסט, באַשטעטיקט דער דערמאָנטער בײַשפּיל, אַז אין איר זײַנען פאַראַן געוויסע נאַציאָנאַלע וואַריאַנטן. אין אונדזערע טעג, ווען עס מאַכן זיך די פאַקטן פון קולטור־צווישנווירקונגען, גיט דער פאַר־

פולקומטער אַף דער דאָזיקער באַזע אינסטרומענטן־קאָמפּלעקט פון דער וויסנשאַפט נײַע מעגלעכקײַטן צו אַנאַליזירן די ייִדישע טראַדיציאָנעלע קינסטלערישע שאַפונג, פאַר וועלכער די דאָזיקע פּראָצעסן האָבן אָן שום סאָפעק געהאַט אַ באַזונדערע באַדײַטונג.

אַלס אַ בוילעטער באַווײַז דערפון קאָן דינען דער מערקווירדיקער געביט פון דער ייִדישער פאָלקס־קונסט — אויסשניטן פון פּאַפּיר, וועלכע זײַנען ברייט פאַרשפּרייט געווען אין די זעלבע קאַנטן און מיט וועלכע עס פלעגן זיך פאַרנעמען די אָרטיקע מײַסטערס. דער פּוילישער עטנאָגראַף פּ. בורהאַרד באַווײַזט אין זײַן ניט לאַנג דערשינענעם בוך „נאָך דעם לעצטן אָפּשטעל" (וואַרשע, 1985), אַז צוערשט איז דער דאָזיקער טיפּ פון דער אייגנאַרטיקער האַנטווערקערײַ, וועלכער איז ענג פאַרבונדן מיטן באַפּוצן דעם שטייגער און שטעלט מיט זיך פאָר דערפאַר ניט קיין פּוסטע דערשײַנונג, אופגעקומען דאַפקע בײַ די ייִדן. עס איז שווער צו אורטיילן, צי עס איז טאַקע אַזוי, און ביכלאַל האָט עס ניט קיין באַדײַטונג. פאַר אונדז איז וויכטיק דאָס, וואָס די ייִדישע אויסשניטן פון פּאַפּיר זײַנען אין זייער אָרנאַמענטאַליסטיק נאָענט צו די אויסאַרבעטונגען פון מעטאַלן, צו די האַנט־געמעלן פון די טראַדיציאָנעלע כופּע־קידושן־קאָנטראַקטן „קעטובּ", צו די מאַצייוועס און, לעסאָף, צו די פרעסקעס פון די סינאַגאָגעס, גלענצנדע מוסטערן פון וועלכע זײַנען געווען אין ווײַסרוסלאַנד, ליטע, אַף אוקראַינע.

ס'איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען, אַז די פּרעכטיקע האַנט־געמעלן פון דער מאָהילאָווער סינאַגאָגע האָט אויסגעפילט אין 18־טן יה. מאַרק שאַגאַלס אורפאָטער — אײַזיק סעגאַל. קאָפּיעס פון די דאָזיקע געמעלן האָט אין 1916 געמאַכט עליע ליסיצקי, וועלכער האָט שפּעטער געווידמעט זיי אַן עמאָציאָנעלן אַרטיקל אין בערלינער זשורנאַל „רימאָן" (1923, נומ. 3). ער האָט אָנגעוויזן אַף דער פאַרבינדונג פון די האַנט־געמעלן מיט די מיניאַטיורן פון די מיטלאַלטערלעכע געשריבענע און אַלטגעדרוקטע ביכער, ווי אויך מיט דער קונסט פונעם אייראָפּעיִשן רענעסאַנס. דערמיט שטעלט ליסיצקי פעסט דעם הויפּט־שטריך פון דער ייִדישער פאָלקס־קונסט, וועלכער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דאָזיקער קונסט נאָך מער, ווי פאַר דער ניט־פּויערישער קינסטלערישער האַנטווערקערײַ פון אַנדערע פעלקער, — די צײַט האָט זיך אין איר ווי אָפּגעשטעלט, זי טיילט זיך אויס מיט אירע קאָנסערוואַטיווע פאָרמען און אַפילע אין סאָף פונעם 19־טן יה. אַנטהאַלט זי סימאָנים פון דער קונסט פונעם מיטלאַלטער, פונעם רענעסאַנס, באַראָקאָ און ראָקאָקאָ. נאָר אין זייער ווייניק ווערק פון די מײַסטערס, איבערהויפּט אינעם קינסטלערישן זילבער, וועלכער איז געווענדט צום רײַכן שטאָט־געברויכער, געפינען מיר אייניקע שטריכן פונעם קלאַסיציזם, וואָס רופן זיך איבער מיט די רײַכע אָרנאַמענטירטע ביכער־טיטלען פון יענער צײַט. און דערפאַר, וואָס די מערהײַט אויסגעאַרבעטע האַנטווערקערישע זאַכן פלעגן זײַן אין געברויך ניט בײַ די דאָרפישע אײַנוווינער, נאָר אין די שטעט און



כאנעקע־לאַמפּ

א בימע



שטעטלעך, זעען זיי אויס אין פארגלייך מיט די ווערק פון די מייסטערס פון אנדערע נאציאָנאַליטעטן זייער ארכאיסטיש און ווערן ניט זעלטן דאַטירט אין די מוזיי־קאָלעקציעס אלס א סאך עלטערע דענקמעלער, איידער אינדערעמעסן.

עס איז שווער אופצושטעלן א יעראַרכיע פון די ווערק פון יידישער פאָלקס־קונסט לויטן פרינציפ — וואָס פאר א מאטעריאל ווערט אויסגעניצט, מיט וואָס פאר א טעכניק זיינען זיי אויסגעפילט. האָלץ פלעג אויסגעניצט ווערן אין א פארשיידענער און ניט נאָר אין דער קולט־ארכיטעקטור. די לעבנשטייגערישע געביידען טיילן זיך ווייניק אויס פון די, וואָס געהערן צו אנדערע איינוווינער; מע דארף נאָר אָפּמערקן, אז זיי פארמאָגן פראקטיש ניט קיין דעקאָר, שניצערייַ און האנט־געמעלן. מיר האָבן קימאט ניט קיין מוסטערן פון ספּעציפישע יידישע שטייגערישע הילצערנע שטוב־זאכן און געפעס. דערפאר האָבן געהאט א גרויסע פארשפּרייטונג שטוב־זאכן און געפעס פון רויטן קופּער, וועלכע טיילן זיך אויס מיט זייערע אייגנארטיקע, ענלעכע אויף די מיזרעכדיקע, פאָרמען. א רייכע קאָלעקציע פון אזעלכע זאכן געפינט זיך ביפראט אין מוזיי פון עטנאָגראפיע פון די פעלקער פון פססר אין לעניגראד. קימאט אין יעדן הויז זיינען נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק געווען די אויבנדערמאָנטע ריטועלע לייכטער. אפילע אָרעמע מישפּאָכעס האָבן געהאט, אלס קלאל, א זילבערנעם ריטועלן קעלישעק פארן יאָמטעוודיקן טיש; שאבעס פלעג ער געבענטשט ווערן בייסן קידעש. אויף די טראדיציאָנעלע קעלישעקלעך און גלעזלעך פון זילבער באגעגענען זיך כאראקטעריסטישע אָרנאמענט־מאָטיוון און יידישע אופשריפטן — פראגמענטן פון טפילעס, ווונטשן, פאמיליע־נעמען פונעם באזיצער, זעלטענער — פונעם מייסטער, וועלכער האָט אויסגעארבעט די זאך.

זילבער פארנעמט אין דער יידישער דעקאָראַטיווער קונסט אן אָנגעזעען אָרט. עס איז באוווּסט, אז נאָך פאר דעם, ווי מע האָט ארויסגעטריבן די יידן פון פאלעסטינע, איז זילבער געווען זייער פּאָפּולער. טראדיציאָנעלע זילבערנע כפייצים באַגלייטן דעם סינאגאָגע־ריטואל איינייִנעם מיט דער הויפּט־הייליקייט פונעם פאָלק — דער סייפערטוירע. די סייפערטוירע ווערט באקרוינט מיט רייכע לויט זייער פאָרם און אָרנאמענטיק רימאָנים; אויף איר ווערט אופגעהאנגען אויף א קייט א ספּעציעלע זילבערנע פלאסטינע מיט רעליעפן פון לייבן, גריפן, הענגלעך ווייַנטרויבן, פאלמעס — „טוירע־שילד". באם לייענען די טוירע, צו וועלכער מע טאָר זיך ניט צורירן מיט „זינדיקע" הענט, ניצט מען אויס ספּעציעלע טייַטלען — „יאד", אלס קלאל, אויך געמאכטע פון זילבער; אפן עק פונעם טייַטל געפינט זיך א שיין אויסגעטאָקטע האנט מיט אן אויסגעשטרעקטן ווייַזפינגער. אין פארמעגלעכע הייַזער פלעגט מען אויסניצן זילבערנע לייַכטער מיט לויפנדיקע איבערן טול הענגלעך ווייַנטרויבן, בלעטער, טראָלדן. לויט דער מיזרעכדיקער טראדיציע, זיינען צווישן די זילבערנע קולט־כפייצים ברייט אויסגעניצט געוואָרן קיילים פאר ווילגערוכן אין א פאָרם פון פיליגראנע טורעמלעך, וועלכע פלעגן זיך פארענדיקן מיט בוטאָנען און פייערס פון בלומען, פיש. מיט א באזונדערער ראפינירטקייט פלעגן זיך אויסטיילן די גראווירטע און פיליגראנע „כאנוקיעס" פון זילבער.

דאָ גייען מיר ניט זעלטן אריבער די גרענעץ פון דער פאָלקס־קונסט און קומען אריין אין קינגרייך פון דער פרעכטיקער פראָפעסיאָנעלער מייסטערשאפט. אויך ווי אין דער אלטרוסישער קינסטלערישער שאפונג, ווו, לויט וו. מ. וואסילענקאָס טרעפלעכער באמערקונג, כאזערן איבער די זילבערנע שעפן און בראטינעס די פאָרמען פון ענלעכע הילצערנע זאכן, וועלכע זיינען געווען ברייט פארשפּרייט צווישן פאָלק. אין די דאָזיקע ווערק שפּירט זיך בוילעט נאָך אן אומיטלבארע העמשעכדיקייַט פון די פאָרמען. מע דארף אָבער בוילעט אונטערשיידן דעם זעלבסט־יידישן קינסטלערישן זילבער פון פארשיידענע אויסארבעטונגען פון יידן־זילבערמאכער, וואָס פלעגן זיך אָריענטירן אויף א ניט־יידישן מארק. עס איז באוווּסט, אז יוּוועלירן — יידן זיינען געווען זייער א סאך אין פארשיידענע געגנטן פונעם צארישן רוסלאנד. ארבעטנדיק אין די הויפּט־שטעט און אין גרויסע שטעט, פארדינענדיק מיט זייער בעריעשאפט די רעכט צו לעבן מיכוץ דעם טכום־האמושעוו, פלעגן זיי שאפן גאנץ פארשיידענע זאכן — פון עס־לעפלען און גאָפּלען ביז פאסכע־אייער און ראמען פאר איקאָנעס. די קלינגענדיקע נעמען פון אזעלכע יוּוועלירן, ווי פ. לאָריע, י. מארשאק, ק. גאן, יו. ראַפּאָפּאָרט (דער הויפּט־„זילבערמאכער" פון דער פירמע „פאבערזשע") האָבן, פארשטייט זיך, גאָרניט אָדער קימאט גאָרניט אלגעמיינס מיט דער יידישער דעקאָראטיווער און, ביפראט, מיט דער פאָלקס־קונסט. די אבסאָליוטע מערהייַט פון די טראדיציאָנעלע זאכן, וועלכע מיר האָבן דאָ דערמאָנט, זיינען, ווי עס פירט זיך אין דער פאָלקס־קונסט, אנאָנימע אָדער זיי זיינען אָפּגעמערקט מיט גאָרניט אָנזאָגנדיקע הייַנט איניציאַלן.

נאָך אין א קלענערער מאָס זיינען באוווּסט די נעמען פון טעפּער, מייַסטערס פון פאיאנס־געמעלן, גלאָזבלאָזער, וועלכע פלעגן שאפן כפייצים פונעם יידישן לעבנשטייגער, איבערהויפּט אין די גרויסע טראדיציאָנעלע צענטערס פון דער דאָזיקער קונסט אויף אוקראינע. עס האָבן זיך פארהיט באווייַזן, אז אין 18־טן — 19־טן יה. זיינען געווען ניט ווייניק אזעלכע צענטערס אויף פּאָדאָליע, אין מיירעוו־אוקראינע, אין די בייַגרענעצדיקע ראיאָנען פון פוילן, וועלכע זיינען דאן געווען א טייל פון דער רוסלענדישער אימפּעריע. מע דארף אָפּמערקן, אז אין געביט פון פאָלקס־קונסט האָבן זיך באנאנד מיט איינצלנע, באזונדער ארבעטנדיקע מייַסטערס אייַנגעשטעלט אויך פארהעלטניסמעסיק גרויסע געווערבן, אזעלכע ווי, צום בייַשפּיל, פאיאנסאָווע געווערבן אין ליוביטש; זייערע גלענצנדיקע מוסטערן פון שטייגערישן און קולט־געפעס פארהיטן זיך אין די לוואָווער מוזייען און אין פריוואטע קאָלעקציעס. מיט דער גרעסטער אייגנארטיקייַט טיילן זיך אויס די אזויגערופענע „סיידער־טעלער" — צילינדרישע קיילים, אומגעוויינלעכע לויט זייער פאָרם און מיט רייַכע פּאָליכראָמישע געמעלן; די





הילצערנע סינאַגאָגעס

אויבערפלאך פון די דאָזיקע קיילים פלעגט מען אויסניצן אלס ריטועלע טעלער פאר דער פייסעכדיקער סודע. מע דארף אויך אָפּמערקן די פאיאנסאָווע „כאנוקיעס”, וועלכע טרעפן זיך זעלטן מיכוץ דעם דאָזיקן צענטער. א היפּשן אומגאנג אין יענער זײַט פון די קארפּאטן האָבן געהאט פאיאנסאָווע טעלער מיט אויפשריפטן און א קווייטן־אָרנאמענט, וועלכער קאָרעספּאָנדירט, ווארשײַנלעך, מיט די אוזאָרן און דער סטיליסטיק פון דער אָרטיקער פאָלקס־קונסט.

עס איז כאראקטעריסטיש, אז דאפּקע פאיאנס איז געוואָרן דער הויפּט־מאטעריאל פון דער ייִדישער נאציאָנאלער קעראמיק: ווי מע קאָן אורטיילן לויט די פארהיטע דענקמעלער, האָבן זיך דאָס ליימענע געפעס און די שטוב־זאכן, וועלכע מע פלעג אויסניצן אין טאָגטעגלעכן שטייגער־לעבן, ניט אונטערשיידט פון ענלעכע זאכן פונעם ניט־ייִדישן דאָרפישן שטייגער; פארפאָר זשע איז געווען פארשפּרייט גאנץ קנאפּ, אים פלעגט מען מאכן מערסנטייל אין פארשיידענע פּרעס־פאָרמען און ער האָט ניט פארמאָגט וועלכע־ניט־איז קינסטלערישע מײַלעס.

אן אמערסטן רײַכן און אייגנארטיקן געביט פון דער ייִדישער פאָלקס־קונסט שטעלן מיט זיך פאָר, בעלי־סאָפעק, די שטיינערנע מאצייוועס. די אלטע ייִדישע בעסוילעמס, וואָס האָבן אזוי דערשטוינט גרעקאָ, האָבן זיך פארהיט ביז אונדזערע טעג אין פיל שטעטלעך און קליינע שטעט אַף אוקראַיִנע, אין מאָלדאוויע, ווײַסרוסלאנד, בײַבאלטיק. זייער גוירל איז ניט קיין גלײַכבאטײַטיקער — ס׳רײַסט באַם הארצן, ווען איך דערמאָן זיך וועגן די ברוכשטיקער פון די מאצייוועס מיט ייִדישע אויפשריפטן און אָרנאמענטן, מיט וועלכע עס איז געווען ברוקירט אין די נאָכמילכאָמע־יאָרן א גאס פון איינעם א ליטוויש שטעטל. עס האָט מיך איבעראשט מיט זײַן פולשטענדיקער אָרדענונג דער וווּנדערשיינער בעסוילעם אין א טראנסקארפּאטישן דאָרף נערעסניצע, מיט אקוראט אויסגעקאָסעטן גראָז און באַנײַטע מיט בראָנזענער פארב מאצייווע־אויפשריפטן. דאָס זײַנען נאָר פאקטן, וואָס שליסן אויס א וועלכע־ניט־איז פאראלגעמיינערונג: אין דער זעלבער מײַרעוו־אוקראַיִנע, ניט ווײַט פון לוואָוו, אין זשידאטשעוו, איז ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק פולשטענדיק אײַנגעפאלן א שטיינערנע סינאגאָגע מיט אבסאָליוט אומגעוויינלעכע וועלטלעך־הײַנטצײַטיקע געמעלן. אין דער זעלבער צײַט האָבן די מיטארבעטער פונעם ליטווישן מוזיי אונטערן אָפענעם הימל אין רומשישקיס, ווארשײַנלעך, די ערשטע אין אונדזער לאנד אָנגעהויבן צונויפקלײַבן מאטעריאלן פון דער ייִדישער שטעטל־קולטור.

די ייִדישע שטיינערנע מאצייוועס איז געווידמעט א גאנץ היפּשע ליטעראטור. מיט גרויס דערעכערעץ האָט וועגן זיי געשריבן, ביפראט, דער באוווּסטער דײַטשישער היסטאָריקער פון קונסט מ. קאָן־ווינער: זײַן „געשיכטע פון סטילן” איז געווען אן עמעסער האנטבוך ניט פאר איין דאָר קונסטפאָרשער. אין זײַן מאָנאָגראפיע „די ייִדישע קונסט” פּרעוואלירן, פארשטייט זיך, ווערק פון דער העכסטער מאדרייגע. אזוי, צום בײַשפּיל, ברענגט ער א פראגמענט פון אן אלטן פּראָגער ייִדישן בעסוילעם. אָבער אין די סאָלידע, שווערע מאצייוועס פון דעם דאָזיקן בעסוילעם, וועלכע זײַנען פארעפנטלעכט, אגעוו, אויך אין א באזונדערן אלבאָם (פּראָג, 1960), איז ניטאָ די הויכע אייגנארטיקײַט, די שארפקײַט פון די געפילן, די אויסטערלישקײַט פונעם פאָלקס־קינסטלערישן דענקען, מיט וואָס עס איבעראשן די דענקמעלער פון די ייִדישע בעסוילעמס אין די אוקראַיִנישע שטעטלעך. דער גליווערדיקער טריִומף פונעם טויט ווערט דאָ גויווער אין די לעבנס־באשטעטיקנדיקע פּלאסטישע געשטאלטן, גענומענע פונעם טראדיציאָנעלן ארסענאל פון דער ייִדישער אָרנאמענטיק. אין 1926 האָט די אָרטיקע קאָמענעץ־פּאָדאָלסקער קינסטלעריש־אינדוסטריעלע שול, צווישן די לערער און טאלמידים פון וועלכער עס זײַנען געווען ניט ווייניק ענטוזיאסטן פון דער ייִדישער קולטור, ארויסגעלאָזט ק. קריזשעמינסקיס א בראָשור, געווידמעט ייִדישע מאצייוועס. דאָס, וואָס עס איז געווען בעקויעך צו מאכן א שול פון א קליינער פּאָדאָליער שטאָט, איז אַף לאנגע יאָרן געוואָרן אומעגלעך פאר די גרעסטע הויפּט־שטאָטישע פארלעגער. אין משעך פון עטלעכע יאָרצענדליקער פאָרשט אויס ייִדישע פּראָווינציעלע בעסוילעמס דער באוווּסטער לענינגראדער קונסט־פאָרשער ד. גאָבערמאן. אדאנק זײַנע גלענצנדיקע פאָטאָגראפיעס איז ער געוואָרן א באזיצער פון אן אוניקאלער לויט איר פולקײַט און פארשיידנ־ארטיקײַט פאָטאָטעק פון ייִדישע מאצייוועס. ער האָט אויך וויסנשאפטלעך סיסטעמאטיזירט און געגעבן אן אנאליז פון דעם דאָזיקן מאטעריאל. צום באדויערן, פּובליקירן אים גיט זיך ניט אײַן, האגאם גאָבערמאן קאָן זיך, כאָלילע, ניט זשאלעווען אַף די פארלעגער: עס גייען בא אים ארויס רײַך איליוסטרירטע אויסגאבעס וועגן דער קונסט פון מײַרעוו־אוקראַיִנע און מאָלדאוויע.

ס׳קאָן זײַן, אז גראָד דאָ, ריידנדיק וועגן מאצייוועס, וועגן דער גרענעץ־ליניע, הינטער וועלכער מענטשן לעבן, זאָל זײַן אין זיקאָרן פון דוירעס אָן ראסעווע, עטנישע און נאציאָנאלע אונטערשיידן, דארף מען זיך אָפּשטעלן אַף די פּראָבלעמען פון דערלערנען די ייִדישע קינסטלערישע קונסט אין אונדזער לאנד. איך האָף, אז דאָס, וואָס כ׳האָב אויבן געזאָגט און וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר בלויז א קליינינקן טייל פון דער טראדיציאָנעלער ייִדישער יערושע (אין ארטיקל זײַנען ניט דערמאָנט, צום בײַשפּיל, פארשיידענע פרויִשע האנטווערקערײַען), איז גענוג, מע זאָל באנעמען, אז מיר האָבן צו טאָן מיט א פּלאסט פון אונדזער פאָטערלענדישער קינסטלערישער יערושע, וואָס פארדינט אן ערנסטע אויפמערקזאמקײַט. דאָס איז מען אין רוסלאנד מאסיג געווען שוין פיל יאָרצענדליקער צוריק. נאָך וו. סטאסאָוון האָבן זיך צום דערלערנען די ייִדישע קונסט געווענדט ייִדישע, רוסישע, אוקראַיִנישע און אנדערע קולטור־פאָרשער, עטנאָגראפן, קונסט־קענער, מאָלער. וועגן איר האָבן געשריבן א. בענוא, ג. לוקאָמסקי, נ. אלטמאן, ב. אראָנסאָן און אנד.

די אָרגאניזירטע אין פּעטערבורג אין 1908 ייִדישע היסטאָריש־עטנאָגראפישע געזעלשאפט האָט

דורכגעפירט א גרויסע ארבעט אַף אויסצופאָרשן די ייִדישע טראַדיציאָנעלע קולטור אין רוסלאַנד. זי ארויסגעגעבן א פּרעכטיקן זשורנאַל «Еврейская старина»; זײַן לעצטער נומער איז דערשינען אין 1930. דאָס איז, קאָן מען זאָגן, א געוויסער יובילײ: קימאַט מיט 60 יאָר צוריק האָט פּראַקטיש אויפגעהערט די סיסטעמאַטישע פאָרשונג פון דער ייִדישער קולטור־ירושע אין אונדזער לאַנד. דאָס באַטײַט ניט, אז מע האָט זי אינגאַנצן פאַרגעסן: וועגן די ווערק פון ייִדישע מײַסטערס לייענען מיר אין פּ. זשאַלטאָווסקיס, מ. קאַצערס, וו. טשאַנטוריעס, פּ. גאַלאָונס מאָנאָגראַפיעס, געווידמעט דער אוקראַיִנישער, ווײַסרוסישער, ליטווישער פאָלקס־קונסט. צום באַדויערן, זײַנען דאָס בלויז באַזונדערע זײַטלעך, צומאָל אפילע בלויז איינצלנע אבזאַצן.

דאָ איז ניט דאָס אָרט צו גריבלען זיך אינעם פּילפּלאַסטישן אונטערגרונט פון דער סיטואַציע, וואָס האָט זיך אזוי טרויעריק געשאַפן. לאָמיר האָפן, אז די בייזע פאַרגאַנגענהײַט, ווי מע זאָגט אין פאָלק, וועט פאַרוואַקסן ווערן מיט גראָז. עס זײַנען פאַראַן רעאַלע הײַנטצײַטיקע פּראָבלעמען. עס וואַקסט דער נאַציאָנאַלער באַוווּסטזײַן פון די פעלקער פון אונדזער לאַנד; אין קאָווגע, ווילנע, לוואָוו און אין אנדערע שטעט זײַנען אין דער לעצטער צײַט פאָרגעקומען אויסשטעלונגען פון ייִדישער קונסט. די רעגירונג פון דער ליטווישער סט״ר האָט אָנגענומען א באַשלוס וועגן אופשטעלן אין ווילנע א מוזיי פון ייִדישער קולטור. אין עטנאָגראַפישן אינסטיטוט אַף מיקלוכאָ־מאַקלאַיס נאָמען האָט א גרופּע געלערנטע אָנגעהויבן פאָרשן די טראַדיציאָנעלע ייִדישע קולטור, אין לענינגראַד ארבעטן, צוזאַמען מיטן קולטור־פאָנד, יונגע ענטוזיאַסטן, וועלכע ניט נאָר זיי פאָרשן, נאָר באַטייליקן זיך אין דער רעסטאַווראַציע פון אַלטע ייִדישע דענקמעלער אַף אוקראַיִנע און אין ווײַסרוסלאַנד...

---

# א בריוו פון דער שווייץ

איך באַקום פון מײַן כאַווער פון ריגע דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", וועלכן איך לייען מיט גרויס כיישעק און האָב האַנאָע פון דעם גרעסטן טייל דערציילונגען און אינפאָרמאַציעס. אָפן נײַעם 1990 יאָר האָב איך זיך אונטערגעשריבן אָפן מאָסקווער זשורנאַל און קימאַט אַלע מײַנע שילער האָבן געטאָן דאָס זעלבע.

גאַנץ קורץ וועגן זיך:

איך בין געבוירן געוואָרן אין ריגע אין אווגוסט 1919. בעשאַס דער מילכאָמע בין איך געווען אין מיליטער און נאָכן קריג זיך אומגעקערט אהיים. איך האָב זיך געלערנט אין א ייִדישער שול, ווו דער דירעקטאָר איז געווען מענדל מאַרק. אין 1981 זײַנען מיר מיט דער מישפּאָכע אוועקגעפאָרן מיט א ייִסראָעלדיקער וויזע קיין איטאַליע. אזויווי מײַן פרוי איז קראַנק און פאַרטראָגט ניט קיין היץ, זײַנען מיר צוזאַמען מיט דער טאָכטער אריבערגעפאָרן צו מײַן שוועסטער אין דער שווייץ. מײַן שוועסטער לעבט דאָ פונעם 1930 יאָר. איצט בין איך און אויך מײַן פרוי אַף פּענסיע. מיר זײַנען אין א נאָענטער פאַרבינדונג מיט דער ייִדישער ליבעראַלער געמיינדע אין צוריך. ענדע 1984 איז בא אונדז דורכגעפירט געוואָרן אן אינטערנאַציאָנאַלער פעסטיוואַל פון כאַזאָנעס און פון דער ייִדישער ליד. דער פעסטיוואַל האָט געהאַט א גרויסן דערפּאָלג. וועגן דעם האָבן געשריבן אַלע ייִדישע צײַטונגען אין אייראָפּע, אמעריקע און אַווסטראַליע. אזויווי דאָס האָט אופגעוועקט א גרויסן אינטערעס צו ייִדיש ביכלאַל, האָט אונדזער געמיינדע געזוכט א לערער פאַר א ייִדישן קורס. איך האָב זיך ארויסגעוויזן אַלס דער איינציקער, וואָס רעדט און פאַרשטייט ייִדיש.

כ׳האָב צונויפגעזאַמלט לערנביכער פון אמעריקע, געקראָגן אויך ביכער פון אַווסטראַליע און אָנגעהויבן אין 1985 אונטעריכטן ייִדיש. אין אָנהייב זײַנען בא מיר געווען בא 30 שילער. נאָר ווי עס פירט זיך, האָט זיך א טייל אָפּגעשאָקלט, ווײַל זיי האָבן דערזען, אז מע דאַרף עפּעס לערנען. נו, מיילע. איצט האָב איך א גרופּע פון אומגעפער 10 שילער, וואָס שטודירן פלײַסיק, דה. זיי זײַנען אופמערקזאַם אַף די לימודים, אָבער אין שטוב לערנט מען ניט, עס איז ניטאָ קיין צײַט. מיר לערנען אין דער וואָך 2 שאָ. מײַנע שילער קענען שוין שרײַבן, לייענען און א ביסל ריידן.

אונדזער געמיינדע האָט א ביבליאָטעק, און אין דער ביבליאָטעק זײַנען פאַראַן אן ערעך 500 ייִדישע ביכער. מיר לייענען אין קלאַס צוזאַמען אונדזערע קלאַסיקער. אין 1986 האָבן מיר דורכגעפירט אן אָוונט, געווידמעט דעם 70־טן יאָרטאָג נאָך שאָלעם־אלייכעמס טויט.

איך בעט אײַך זייער, אויב ס׳איז מעגלעך, מיר ארויסשיקן די נומערן פון „סאָוועטיש היימלאַנד", אין וועלכע עס איז פאַראַן דער אָנהייב פון שאָלעם־אלייכעמס ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס". איך האָב דאָס ווערק בלויז אין די זשורנאַלן פאַרן 1989.

מיט אכטונג, א. מ אָ ר ק אָ ווי ק אָ וו,
רעגענסדאָרף, שווייץ

# וועגן דעם נאָכפרעג אף ייִדיש

שימען סאנדלערס בוך „ייִדיש. לערנבוך פאר אויסלערנען זיך ייִדיש זעלבשטענדיק" איז טכילעס, ווי באוווסט, ארויס מיט א טיראזש פון 20 טויזנט עקזעמפליארן און איז גלײַך געוואָרן א ביבליאָגראפישע זעלטנהײַט. אין עטלעכע כאדאָשים ארום איז אָפגעדרוקט געוואָרן א צוגאָב־טיראזש פון 75 טויזנט עקזעמפליארן. אינטערעסאנט, איז דער ערשטער טיראזש, אין א הארטער הילע, האָט געקאָסט א רובל מיט נײַנציק קאָפיקעס און דער צווייטער טיראזש, אין א ווייכער הילע, — שוין דרײַ רובל. ס'לאָזט זיך אויס, אז בא אונדז אין לאנד לעבן נאָך אזעלכע מענטשן, וועלכע ווייסן, אז דער נאָכפרעג רופט ארויס אָן אָנבאָט. איז לאָמיר באהאנדלען אייניקע סימאָנים פון אָט דעם נאָכפרעג.

אונדזער זשורנאל האָט שוין דערציילט וועגן די שעפערישע קאָנטאקטן צווישן דער רעדאקציע און דעם מיניסטעריום פאר פאָלקסבילדונג פון דער רוסלענדישער פעדעראציע. מיט א האלב יאָר צוריק איז לויט א רעקאָמענדאציע פון „סאָוועטיש היימלאנד" צוגעגרייט געוואָרן א רעשימע פון די ערשטרייִקע הילפסביכער פאר דערלערנען ייִדיש אין די לערן־אנשטאלטן פונעם לאנד. דאָס מיניסטעריום האָט צעשיקט די דאָזיקע ליסטע אין אלע געגנטן, קאנטן און אווטאָנאָמע רעפובליקן פון רספסר, קעדיי אויסקלאָרן די פערספעקטיוון פון ייִדיש אלס לערן־דיסציפלין און אפן סמאך פון אָט די אָנגאבן באשטעלן די נייטיקע צאָל לערן־ און מעטאָדישע מאטעריאלן.

איצט[1] קאָן מען לויט די בריוו־ענטפערס פון די אָרטיקע פארוואלטונגען פאר פאָלקסבילדונג אָפשאצן אין א געוויסער מאָס דעם מאצעוו פון ארײַנפירן ייִדיש אין די לערן־פראָגראמען פון די שולן.

די סאמע גרויסע צאָל ייִדישע לערן־מאטעריאלן (צו 1000—2000 עקזעמפליארן) האָבן באשטעלט דער מאָסקווער שטאָט־קאָמיטעט פאר פאָלקסבילדונג און די כאבאראָווסקער קאנט־פארוואלטונג. אָט וואָס עס האָט אונדז דערציילט לעאָניד פעטראָוויטש שילאָ (אינעם מאָסקווער קאָמיטעט פאר פאָלקסבילדונג איז ער פאראנטוואָרטלעך פאר אונטעריכטן נאציאָנאלע שפראכן): „גרופעס צו דערלערנען ייִדיש זײַנען איצט געשאפן געוואָרן אין פיר ראיאָנען פון דער הויפט־שטאָט — באומאנסקי, טשעריאָמושקינסקי, סאָוועטסקי און סאָקאָלניטשעסקי. הײַנטצוטאָג קאָמפלעקטירן מיר אזעלכע גרופעס נאָך אין דרײַ ראיאָנען — לענינגראדסקי, קויבישעווסקי און פערוואָמײַסקי". די שטעלונג פונעם מאָסקווער קאָמיטעט האָט זיך טאקע פרינציפיעל געביטן. אויב מיט א פאָר יאָר צוריק פלעג דער זעלבער קאָמיטעט נאָך קווענקלען זיך צו אנערקענען די נויטווענדיקײַט פון אונטעריכטן די ייִדישע שפראך, האָט ער שוין הײַנטיקס יאָר געפאָדערט פון די ראיאָן־פארוואלטונגען, זיי זאָלן שאפן וואָס מער גרופעס פאר דערלערנען די נאציאָנאלע שפראכן, בעסויכעם ייִדיש.

וואָס איז שײַעך דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט — און גראָד פאר איר זײַנען אין גרונט באשטימט די לערן־מאטעריאלן, וועלכע ס'באשטעלט כאבאראָווסק — וועלן דאָרט די ייִדיש־לימודים ארומכאפן שוין הײַאָר קאָרעוו 300 קינדער. אזוי איז לעכאָלהאפאָכעס געמאָלדן אף דער סענטיאבער־סעסיע פונעם געגנטלעכן סאָוועט פון די פאָלקס־דעפוטאטן.

א היפשע צאָל לערנביכער האָבן באשטעלט די אָרגאניזאציעס פון דער מאָסקווער, אירקוטסקער, פענזער, נאָווגאָראָדער און סווערדלאָווסקער געגנטן, ווי אויך פון דרײַ אווטאָנאָמע רעפובליקן — דער טאָטערישער, באשקירישער און צאָפן־אָסעטינער. די באשטעלונגען זײַנען אָנגעקומען אויך פון דער סאראטאָווער און פון דער וואָראָניעזשער געגנטן. אנדערע טעריטאָריִעלע בילדונגס־אינסטיטוציעס (פון די, וועלכע האָבן שוין געענטפערט אף דער באקאָשע פונעם מיניסטעריום) האלטן, אז אין זייערע שולן איז קימאט ניטאָ, ווער עס זאָל דערלערנען די ייִדישע שפראך. אזא נעגאטיווער ענטפער קומט אָן פון געגנטן, וואָס זײַנען קיינמאָל ניט געווען קיין „ייִדישע מעקוימעס". די ייִדן, וועמען דער גוירל האָט פארוואָרפן אף סאכאלין אָדער אין יאקוטיע, קאָנען טאקע שוין זײַן אזוי אָקולטורירט מיט דער ארומיקער ניט־ייִדישער באפעלקערונג, אז די אָרטיקע בילדונגס־נאטשאלסטווע האָט געהאט רעכט צו מאכן איר אויספיר. אייניקע האָבן גערופן צו הילף סטאטיסטישע אָנגאבן, קעדיי דערווײַזן, אז די עצעם פראגע מיקויעך דערלערנען ייִדיש אין זייערע ערטער פאלט אָפ. אשטייגער, אין דער וולאדימירער געגנט וווינען 1938 ייִדן, צווישן זיי בלויז 200 אין עלטער פון 7—17 יאָר. צי דען איז דאָס ניט קיין קלאָרער באווײַז? און דאָך...

ס'בלײַבט סײַווי עפעס א געפיל פון ניט־באפרידיקטקײַט, ווײַל קיין איין בריוו דערציילט ניט, וואָס די בילדונגס־נאטשאלסטווע האָט פירגענומען, קעדיי אויסקלאָרן, צי די אָרטיקע באפעלקערונג דארף טאקע ייִדיש, צי ניט.

ווען דער פארטרעטער פונעם מיניסטער פאר פאָלקסבילדונג פון רספסר איוואן מיכײַלאָוויטש קאָסאָנאָזשקין האָט זיך באקאנט מיטן ארגומענט פון דער טשעליאבינסקער געגנט: „...מיר טיילן מיט, אז ס'פלאנירט זיך ניט אין דער נאָענטסטער צײַט דערלערנען ייִדיש אין די שולן פון אונדזער געגנט, וואָרעם די ייִדישע באפעלקערונג צייל אָן 13.800 נעפאשעס, דערין אָן ערעך 2 טויזנט שילער. קיין אָנפראגעס בענעגייע דערלערנען ייִדיש זײַנען מיצאד דער באפעלקערונג ניט אָנגעקומען", האָט ער אָנגעשריבן אפן בריוו א רעזאָליוציע: „פארוואָס פלאנירט זיך ניט?", און ער האָט אונטערגעשטראָכן די ווערטער „דערין אָן ערעך 2 טויזט שילער".....

ווירקלעך, פארוואָס? אויב מיר ווייסן, אז אין טשעליאבינסק האָט די אָרטיקע ייִדישע געזעלשאפט נאָך מיט א יאָר צוריק אָרגאניזירט לימודים פון ייִדיש און איווריט. און ווער ווייסט, עפשער זײַנען

[1] אין אָנהייב אָקטיאבער. ה.ר.

צווישן די 200 ייִדישע קינדער — שילער פון דער וולאדימירער געגנט אויך פאראן 10—20, צי מערער אזעלכע, וואָס ווילן קענען זייער מוטער־שפּראַך? פון אופא, לעמאָשל, ווו די ייִדישע באפעלקערונג איז אפּאָנעם ניט גרעסער, איידער אין וולאדימיר, שרײַבט מען וועגן א קלאס בא דער מיטלשול נומ. 106, אין וועלכן מע וועט לערנען ייִדיש.

אפילע לענינגראד מיט אריבער 100 טויזנט ייִדן „פלאנירט ניט" לערנען ייִדיש. אינטערעסאנט, וואָס פאר א יעסאָד עס ליגט אונטער אזא ענטפער, וועלכן עס האָט אין נאָמען פונעם שטאָט־קאָמיטעט פאר פאָלקסבילדונג אונטערגעשריבן ג. אי. אומאנסקאיא? מיט וויפל ייִדן האָט זי גערעדט וועגן דעם? מיר ווייסן, אז מיט אָנדערהאלבן כאדאָשים צוריק האָט דאָס רעפּובליקאנישע מיניסטעריום באזוכט א גרופּע לענינגראדער ייִדן, וועלכע האָבן געפאָדערט אָרגאניזירן ייִדיש־לימודים אין זייער שטאָט...

די בריוו, וועלכע זײַנען אָנגעקומען אין מיניסטעריום, זאָגן איידעס, אז אין פיל געגנטן גייט די אָרטיקע בילדונגס־נאטשאלסטווע לויט דער ליניע פונעם קלענסטן ווידערשטאנד, און די ייִדישע געזעלשאפטלעכקײַט אין אָט די ערטער איז אפּאָנעם אָדער שוואך, אָדער זי איז נאָך ניט ארויס פונעם פיליאָריקן ווינטער־שלאָף, אָדער זי האָט זיך ארײַנגעלאָזט אין עפּעס א מעליצעדיקער קלאל־טעטיקײַט און וויל ניט פארשטיין, אז די פּראָבלעם פון אונדזער שפּראך איז אן ערשטרייִקע פארן גוירל פון דער ייִדישער נאציִאָנאלער קולטור.

ג ע נ א ד י  ע ס ט ר ײַ ך

# פאָלקלאָר און קלאסיק

פון דער זײַט קאָן זיך דאכטן, אז אינעם לעבן פון אָט דער יונגער פרוי — איר נאָמען איז מאשע איטקינע — האָט אלץ זיך צונויפגעלייגט גלאט און אָן וואָלקנס. געארבעט האָט זי אין דראמאטישן טעאטער אף סטאניסלאַווסקיס נאָמען, ווו זי האָט אויסגעפילט אין דער פּיעסע „נויעך און זײַנע ברידער" עטלעכע לידער. דערנאָך איז זי אָנגעקומען אין דער טעאטער־סטודיע „בא די ניקיטסקע־טויערן", מיט וועלכער עס פירט אָן מארק ראָזאָווסקי. אין ספּעקטאקל „גאמברינוס" גייט זי ארויס אף דער בינע, קעדיי אף פראנצויזיש זינגען די „מארסעליעזע", און זי טוט עס אזוי לײַדנשאפטלעך, אז צוליב איין אופטריט מיט איין־איינציקער ליד נעמט זי דער טעאטער אף זײַנע גאסטראָלן איבערן גאנץ לאנד.

הײַנט, ווען איר קאָנצערט־פּראָגראם „לידער פון אונדזער הויף" איז גרייט און איז געוואָרן א געשעעניש אינעם מאָסקווער טעאטראלן לעבן, קומט די זינגערן נאָכאמאָל און ווידעראמאָל אין די פרײַעשאָען אף רעפּעטיציעס אין פוסטן צושויער־זאל פון דער טעאטער־סטודיע „בא ניקיטסקע־טויערן", קעדיי אלץ אָנהייבן פון אָנהייב, דערשלאָגן זיך בעסערע אויסדריקלעכקײַט אין דער אויספילונג פון די לידער פונעם ייִדישן מוזיקאלן פאָלקלאָר.

ס'איז שווער זיך פאָרשטעלן ייִדישע פאָלקסלידער אָן דער כאראקטערישער פאר זיי רייד־אינטאָנאציע. מאשע איטקינע זינגט די פאָלקלאָר־ווערק, ווי אָפּערע־אריעס. די ייִדישע לידער פארוואנדלען זיך אין אקאדעמישע, די באזונדערקײַט פון וועלכע באשטייט אין דעם, וואָס די זינגערן האָט געפונען א גאָלדענע מיט, פארייניקנדיק דעם פאָלקלאָר מיט דער קלאסיק. יעדע ליד איז פאר מאשע איטקינע א מאָנאָלאָג וועגן אייביקע ווערטן, און דעריבער קאָן אין דער מעלאָדיע פון „פריילעכס", לעמאָשל, אײַנגעשלאָסן ווערן דער קלאנג פון א באיאן, און אין דער ליד וועגן דער מאמען פון דער ייִדישער געטאָ דערזעען מיר דאָס געשטאלט פון מוטערשאפט, ווייטיק און מיטגעפיל.

אין דער פּראָגראם גייען ארײַן די לידער „יערושאָלאַים" און „שאלאָם", וועלכע קלינגען ביבליש



לײַדנשאפטלעך און איינציײַטיק צארט, פּונקט ווי די פאָלקסליד „צען זײַנען מיר געוועזן", מיט וועלכער מאשע איטקינע שליסט געוויינלעך איר פּראָגראם. זי שפּילט דאָ פאנאנדער אין פערזאָנען א קלייניקן ספּעקטאקל, דערציילנדיק, וויִאזוי עס זײַנען אומגעקומען צען יאטן, איבערלאָזנדיק וועגן זיך א רירנדיק לידעלע, ווו טרויעריקס און פריילעכס גייען באנאנד. אָרגאניש ווערן אופגענומען אויך די לידער, וועלכע זי זינגט אף רוסיש, אָבער געשאפן זײַנען זיי לויט די מאָטיוון פונעם ייִדישן פאָלקלאָר און טראָגן א נאציִאָנאלן כאראקטער.

איליא אבעל




פראָפ. נ. מ. ניקאָלסקי

# דאָס אוראַלטע פאָלק יִסראָעל

## 17. דער אונטערגאַנג פון ציִען

אין צאָפן־טייל פון גאַליל איז געווען א וויסטע און זומפיקע געגנט ארום דער אָזערע מירום. ווילד און ניט היימלעך איז דאָ געווען, נאָר אין די ערשטע צענדליקער פון ערשטן יאָרהונדערט פון דער קריסטלעכער צייַטרעכענונג פלעגט דאָ אָפט הערשן א גרויסע אופלעבונג, אהער פלעגן טאָמיד אנטלויפן די, וואָס האָבן ניט געקענט איבערטראָגן דעם שווערן יאָך: אָנהייבנדיק פון האָרדאָס דעם גרויסנס צייַטן, קומען אהין אָן אנטלאָפענע, היציקע קעפּ, גרייטע אף רעציכעס און אף אופצוהייבן א רעוואָליוציע. מער פאר אלץ זייַנען דאָ געווען אנטלאָפענע פויערים, נאָר גאַנץ גענוג זייַנען דאָ אויך געווען זעלאָטן. זיי האָבן דאָ געפירט א לעבן, וואָס איז ענלעך צו דעם לעבן פון אמאָליקע אוקראַיִנער און דאָנער קאזאקן: געלעבט האָבן זיי פון רויבערייַ און רעציכע, און ווען זייערע קריגס־אָפּטיילונגען פלעגן זיך באַווייַזן אין גאַליל און יעהודע, פלעגן ראבירן די הייַזער פון די רוימער און פון די רייַכע בניי־יעהודע, פלעגן גלייַך צו די דאָזיקע אָפּטיילונגען צושטיין פיל פון די האָרע־פאשנע און אונטערדריקטע מאסן. די רוימער פלעגן ארויסשיקן קעגן זיי מיליטער־אָפּטיילונגען, נאָר ניט שטענדיק פלעגן זיי בייַקומען די רויבער, און ניט שטענדיק פלעגן זיי פארכאפּן זייערע אָנפירער.

די אָנפירער פון די דאָזיקע אופשטאנדן פלעגן זיך געווייַנלעך אָנרופן קיניגן פון יעהודע, דאָס הייסט, זיי פלעגן זיך ארויסגעבן פאר מאָשיִעכן. דער ערשטער קיניג פון יעהודע איז געווען אין האָרדאָסעס צייַטן יעהודע פון גאַליל, צוויי מאָל האָט יעהודע אופגעהויבן א מערידע, און ביידע מאָל איז ער ארויסגעטראָטן אונטער איינעם און דעם זעלבן רוף: גענוג צו זייַן קנעכט בא די רוימער און טראָגן אף זיך זייער יאָך, שוין צייַט זיך אויסקעמפן פרייַהייַט און פארבעסערן אונדזער לאַגע דורך דעם, וואָס מיר וועלן צעטיילן צווישן זיך דאָס פארמעגן פון די רייַכע, ביפראט אופגערעגט דאָס פאָלק האָט אין יענע צייַטן די ציילונג, וועלכע ס'האָט דורכגעפירט דער רוימישער פארוואלטער קוויריניאוס מיטן צוועק קלאָר צו מאכן די צאָל פון דער באפעלקערונג און פון דער ערד, קעדיי פאנאנדערצוטיילן די אָפּצאָלונגען. האָרדאָסן האָט זיך דאַן קוים אייַנגעגעבן מיט דער הילף פון רוימישע זעלנער צו דערשטיקן יעהודעס אופשטאנד. אים אליין צו פארכאפּן איז זייער שווער געווען, ווייַל אומעטום האָט ער געהאט גוטע און איבערגעגעבענע פרייַנט. האָט מען אים געזוכט בא דער אָזערע מירום, פלעגט ער זיך גאָר באהאלטן אין גאַליל בא די זעלאָטן אָדער סאָכרים. נאָך יעהודען זייַנען אופגעשטאנען אנדערע קיניגן פון יעהודע. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט געהאט א ביטערן סאָף — זיי פלעגן געקרייצט ווערן. נאָר די רעציכעס פלעגן אלץ וואקסן. דער פראָקוראטאָר פעליקס, וועלכער האָט פארוואלטעט מיט יעהודע אינקורצן נאָך יעשוען, האָט געשריבן אין רוים, אז אלע וועגן פון פאלעסטינע זייַנען פול מיט רויבער. די רויבער ראבירן און צינדן אונטער די הייַזער פון די „ערשטע מענטשן" און די מער פארהאסטע פלעגן זיי דערהארגענען. מיט א קליינעם שטאָך־מעסער, סיקרא, וועלכן ס'איז לייַכט געווען צו באהאלטן אונטער די בגאָדים, פלעגט זיך דער רעצייִעך אונ־

פאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד", נום. 1—11, 1989.

טערגאַנווענען צו זײַן קאָרבן, פֿלעגט פּלוצלינג אָנפֿאַלן אױף אים און גלײַך פֿאַרשװוּנדן װערן. אָט פֿאַר די דאָזיקע סיקריקן האָט מען מער געהאַט מורא װי פֿאַר פּאָשעטע רויבער; זײ פֿלעגן אַרײַנדרינגען אומעטום, אַפֿילו אין בית־המקדש, װוּ ס'איז דערהאַרגעט געװאָרן דער כּהן־גדול יונתן.

אין די שטעט גופֿא איז אױך געגאַנגען אַ פֿאַרביטערטער קאַמף. די שׂינאה צװישן די בני־יהודה און די געצנדינער איז אין די שטעט מיט אַ געמישטער באַפֿעלקערונג דערגאַנגען ביז דער העכסטער מדרגה און אין קיסריה, װוּ ס'האָט זיך געפֿונען דער רױמישער פּראָקוראַטאָר, האָט זיך אױף די גאַסן אָנגעהױבן אַן עמעסער בירגער־קריג. די בני־יהודה האָבן מיט געװאַלד זיך געװאָלט דערשלאָגן דאָס רעכט צו נעמען אַן אָנטײל אין דעם שטאָטראַט, זײ זײַנען געװען אין אַ גרעסערער צאָל, זײ זײַנען געװען רײַכער, און װען אין די גאַסן האָבן זיך אָנגעהױבן בלוטיקע געשלעגן, איז די איבערהאַנט גלײַך אַריבערגעגאַנגען צו זײ. דער פּראָקוראַטאָר פֿעליקס האָט גלײַך אַרױסגעשיקט צו הילף די גריכן רױמישע זעלנער. ס'האָט זיך אָנגעהױבן אַן עמעסער ייִדישער פּאָגראָם. די זעלנער פֿלעגן אױסהאַרגענען אַלע ייִדן, װעלכע זײ פֿלעגן טרעפֿן, זײ פֿלעגן פּײַניקן די, װעלכע זײ האָבן גענומען אין געפֿענקעניש, און דער שטאָטישער האַמױן איז אָנגעפֿאַלן אױף די הײַזער פֿון די רײַכערע ייִדן און האָט זײ צעראַבירט און כאָרעװ געמאַכט. אַז די ידיעה װעגן דעם פּאָגראָם אין קיסריה איז דערגאַנגען צו די איבעריקע שטעט מיט אַ געמישטער באַפֿעלקערונג, האָבן זיך דאָרט אױך אָנגעהױבן בלוטיקע געשלעגן. די ייִדן אין גלות האָבן נאָך די דאָזיקע געשעענישן פֿאַרבראַכט ניט װײניק אומרויִקע נעכט.

נאָך פֿעליקסן איז געװאָרן פּראָקוראַטאָר אַלבין, װעלכער האָט שױן גאָר ניט געװוּסט, װאָס ער האָט צו טאָן. ער האָט זיך געפֿילט פּונקט אַזױ װי ער װאָלט זיצן אױף אַ קאַסטן מיט פּולװער, װעלכער איז גרײט יעדע רגע זיך אױפֿצורײַסן. זעלנער האָט ער געהאַט װײניק, און ער האָט ניט געװוּסט װאָס צו טאָן. דער כּהן גדול, דער ערד־קיניג פֿון יהודה, אַגריפּס דער צװײטער, און נאָך צװײ פּרינצן פֿון הורדוסעס מישפּאָכע האָבן באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ זעלבשוץ אין ירושלים. זײ האָבן אָרגאַניזירט אײגענע באַװאָפֿנטע מיליטער־אָפּטײלונגען, װעלכע פֿלעגן אַרײַנכאַפּן אַלעמען, אױף װעמען זײ האָבן נאָר געהאַט אַ חשד, אַז ער פֿילט מיט די זעלאָטן. דער כּהן גדול און דער סאַנהעדרין האָבן געהאַלטן די לאַגע פֿאַר אַזױ געפֿערלעכע, אַז אַלעמען, װעמען נאָר זײ האָבן אַרײַנגעכאַפּט, פֿלעגן זײ פֿאַרמישפּטן צום טױט און גלײַך אױספֿירן דעם טױט־שטראָף, ניט װאַרטן אַפֿילו ביז דער פּראָקוראַטאָר װעט באַשטעטיקן דעם פּסק־דין, װי ס'האָט געפֿאָדערט דער געזעץ. קײן מענטש איז ניט זיכער געװען מיט זײַן לעבן און פֿאַרמעגן: קײנער האָט ניט געקענט אָרעװ זײַן, װאָס װעט זײַן מאָרגן; די פּעלדער האָט מען ניט פֿאַרזײט, דער יאָקרעס איז געװאַקסן.

פֿאַר די זעלאָטן איז קלאָר געװען, אַז סע קומט אָן דער יום־הדין, אַז באַלד װעט קומען משיח, װאָס ערגער ס'איז, אַלץ גיכער װעט קומען די ישועה, — פֿלעגן זײ זאָגן, און זײערע נבֿיאים פֿלעגן דערװײַזן, אַז פֿאַר משיחס קומען װעט די נױט דערגײן ביז איר העכסטער מדרגה. פֿון די בײמער װעט טריפֿן בלוט, שטײנער װעלן אָנהײבן צו רײדן, זיס װאַסער װעט האָבן דעם טאַם פֿון זאַלץ־װאַסער, די זון װעט שײַנען בײַ דער נאַכט און די לבֿנה — בײַ טאָג. און פֿיל ספֿרים, װעלכע האָבן גוט אױסגעשטודירט די תּורה און די נבֿיאים, פֿלעגן זאָגן, אַז דאָס איז טאַקע עמעס. אַלץ, װאָס קומט איצט פֿאָר, דאָס זײַנען אַלץ סימנים, אַז באַלד װעט קומען משיח. „פֿאַר משיחס קומען װעט די חוצפּה גרעסער װערן און דער יאָקרעס װעט זיך פֿילן, דער װײַנגאָרטן װעט געבן זײַנע פּירעס, און װײַן װעט טײַערער װערן, די הײַזער פֿאַר פֿאַרזאַמלונגען װעלן װערן צו הײַזער פֿון זנות, די חכמה פֿון די סופֿרים װעט פֿאַרדאַרבן װערן, גאָטספֿאָרכטיקע מענטשן װעלן פֿאַראַכטעט װערן. דער עמעס װעט פֿאַרניכטעט װערן. זקנים װעלן בלײך װערן פֿאַר באָכערים און װעלן מוזן אױפֿשטײן פֿאַר זײ, גליל װעט כאָרעװ װערן, זײַנע אײַנװױנער װעלן גײן פֿון שטאָט צו שטאָט, און קײנער װעט אױף זײ קײן רחמנות ניט האָבן. אױף װעמען זאָלן מיר זיך דאַן שטיצן? אױף אונדזער פֿאָטער, װאָס געפֿינט זיך אין הימל".

ס'האָט זיך דערנענטערט דאָס אומגליקלעכע 66־טע יאָר נאָך ישועס געבורט. אין ירושלים האָט מען געפֿײַערט דעם חג־הסוכּות; און פּלוצלינג האָט זיך צװישן די פֿאַרזאַמלטע אין הױף פֿון בית־המקדש באַװיזן אַ פּויער, יהושע, דער זון פֿון חנניה, און האָט אָנגעהױבן אױסצורופֿן, אַזױ װי אַמאָל, װעלכער האָט אַמאָליקע יאָרן אױך אױף אַזאַ אופֿן געשטערט די שׂימחה פֿון דעם זעלבן יאָמטעװ אין בית־אל: „אַ קאָל פֿון מיזרעך, אַ קאָל פֿון מײַרעװ, אַ קאָל פֿון אַלע פֿיר עקן פֿון דער װעלט, דאָס קאָל איז אױף ירושלים, אױפֿן בית־המקדש, אױף די חתנים און כּלעס און אױף דעם גאַנצן פֿאָלק!" אַ דערשראָקענער, האָט זיך דער עולם אַ װאָרף געטאָן פֿון אים; די כּהנים האָבן אים גלײַך געכאַפּט און אָװעקגעפֿירט צום פּראָקוראַטאָר אַלבין. נאָר דער האָט אים אָנגענומען פֿאַר אַ משוגענעם און האָט אים באַפֿרײַט. און די גאַנצע פֿיר יאָר פֿון זײַן אַרױסטרעטונג ביז דעם אָנהײב פֿון דער באַלאַגערונג, פֿלעגט ער אַרומגײן איבער ירושאַ־

לאַיִם און פֿלעגט וויינען, און אין די יאָמטויווים פֿלעגט ער ווידער זאָגן די זעלבע נעוויִעס. ער האָט אַזויווי געפֿילט, אַז פֿון דעם פּראַכטפֿולן בייס־האַמיקדעש, אין וועלכן ער פֿלעגט אַרויסטרעטן מיט זײַנע ווילדע אויסגעשרייען, וועט טאַקע אינגיכן מער ניט בלײַבן ווי „די וואַנט פֿון געוויין", אַ קלאָגעדיקע רעשט פֿון ־ער מײַרעוו־וואַנט, וווּהין ס'וועלן צום יאָרצײַט פֿון כורבן קומען קלאָגן די טעכטער און זין פֿון יְהודע. ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן אין דער צײַט פֿונעם אופֿשטאַנד די באַלאַגערונג פֿון יערושאַלאַיִם, איז יעהושײַע דערהאַרגעט געוואָרן און איז געשטאָרבן מיט די זעלבע ווערטער: „ווי איז צו דער שטאָט, צום פֿאָלק און צום בייס־האַמיקדעש!"

און אָט איז אָנגעקומען דאָס 66־טע יאָר. פֿאַרשיידענע מײַסעס, איינע וווּנדערלעכער פֿאַר דער צווייטער, האָבן זיך געטראָגן אין פֿאָלק. מע האָט געזען אַן אומגעוויינלעכן שטערן מיט אַן עק, אין בייס־האַמיקדעש האָבן זיך געלאָזט הערן עפּעס מעשונעדיקע קולעס, פֿון שטיינער פֿלעגט זיך באַווײַזן בלוט, מע האָט אָנגעהויבן אויסצופֿאָרשן די הייליקע ספֿאָרים און מע האָט געפֿונען, אַז טאַקע אין דעם יאָר דאַרף קומען אַ קיניג, וועלכער וועט אונטערטעניק מאַכן צו יִסראָעל די גאַנצע וועלט. און דאָ האָט דער רוימישער פּראָקוראַטאָר, געסיוס פֿלאָרוס, אָפּגעטאָן אַזאַ זאַך, וואָס האָט גלײַך געשטעלט אַף די פֿיס גאַנץ גאַליל און יעהודע. נאָכדעם ווי ער האָט שוין באַרויבט די קעסעריער יִידן, האָט ער געפֿאָדערט אין נאָמען פֿון קייסער, אַז מע זאָל אים אַרויסגעבן פֿון די אוצרעס פֿון בייס־האַמיקדעש 17 טאַלאַנט גאָלד. דער קויען גאָדל האָט גלײַך באַפֿרידיקט זײַן פֿאָדערונג; נאָר די אופֿגערעגטע יערושאַלאַיִמער זעלאָטן האָבן אָנגעהויבן כויזעק מאַכן פֿון פֿלאָרוסן און האָבן אָנגעהויבן קלײַבן נעדאָווועס פֿאַר דעם „אָרעמען פֿלאָרוסן". פֿלאָרוס איז שטאַרק אין קאַס געוואָרן און איז אָנגעקומען מיט זײַן אַרמיי קיין יערושאַלאַיִם; די קויהאַנים און די עלטסטע האָבן אים געוואָלט באַוויליקן מיט אַ פֿײַערלעכן קאַבאָלעס־פּאָנעם, נאָר פֿלאָרוס האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון אַלערליי קאָוועדן און האָט געפֿאָדערט, אַז מע זאָל אים אַרויסגעבן די מענטשן, וועלכע האָבן פֿון אים כויזעק געמאַכט. נאָר וויפֿל דער סאַנהעדרין האָט זיך ניט באַמיט צו געפֿינען די שולדיקע, האָט ער זיי ניט געקענט געפֿינען. און פֿלאָרוס האָט געמאַכט אַן עמעסן פּאָגראָם אין שטאָט. ס'זײַנען דערהאַרגעט געוואָרן ביז 3.600 מאַן. ווען אַף מאָרגן זײַנען אָנגעקומען נאָך צוויי רוימישע מיליטער־אָפּטיילונגען און האָבן זיך אויך גענומען פֿאַר דער בלוטיקער אַרבעט, האָט גאַנץ יערושאַלאַיִם געמאַכט אַן אופֿשטאַנד. און יערושאַלאַיִמס בײַשפּיל האָט נאָכגעטאָן די פּראָווינץ. פֿלאָרוס האָט געמוזט אָפּפֿאָרן, קעדיי צו זאַמלען מיליטער, ווײַל די קרעפֿטן, וועלכע ער האָט געהאַט, איז געווען צו ווינציק אַף צו דערשטיקן דעם אופֿשטאַנד אין גאַנץ יעהודע און גאַליל.

קאָלזמאַן די רוימער האָבן געזאַמלט זייערע קויכעס, האָט זיך אין יערושאַלאַיִם אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן דער פּאַרטיי פֿון רוידעף־שאָלעמניקעס, וועלכע איז באַשטאַנען פֿון פּרושים און צאַדיקים, און דער פּאַרטיי, וואָס האָט געשטרעבט צו אַן אופֿשטאַנד, די קנאַאַנים. די קנאַאַנים האָבן געהאַט געפֿויעלט, אַז מע זאָל אופֿהערן מאַקריוו זײַן דעם קאָרבן פֿאַרן קייסער און אופֿהערן צאָלן צינשן. נאָר די שאָלעם־פּאַרטיי האָט ניט געוואָלט אײַנגיין דערויף. די קויהאַנים און די עלטסטע האָבן זיך געהאַלטן אויסשליסלעך אַדאַנק דעם בייס־האַמיקדעש, און זיי האָבן געפֿילט, אַז דעם בייס־האַמיקדעש וועט מען כאָרעוו מאַכן און ס'וועט קומען אַ סאָף צו זייער מעמשאָלע, אויב מע זאָל זיך גלײַך אונטערגעבן די רוימער. און אַגריפּאַס האָט צונויפֿגעקליבן אַ פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג, אַף וועלכער ער האָט געהאַלטן אַ לאַנגע רעדע. ער האָט אופֿגעוויזן, אַז ס'איז אוממעגלעך גיווער צו זײַן די רוימער, ווײַל מיט זיי איז גאָט; וואָלטן דען די רוימער געקאָנט אָן גאָטס הילף שאַפֿן אַזאַ גרויסע מעלוכע? און די קויהאַנים האָבן זיך מיט טרערן אין די אויגן געבעטן ניט צו מאַכן קיין כורווע פֿונעם בייס־האַמיקדעש און פֿון דער הייליקער אָרדענונג, וועלכע איז געשאַפֿן געוואָרן דורך אַזויפֿיל בלוט, קויכעס און טרערן. נאָר די פֿירער פֿונעם אופֿשטאַנד האָבן געענטפֿערט, אַז מיט יִסראָעל איז זײַן גאָט און דער קומענדיקער מאָשיִעך, און האָבן זיך אָפּגעזאָגט פֿון צו מאַכן שאָלעם. און דאָ איז גראָדע אָנגעקומען די ידיִע וועגן אַ נײַער שכיטע אין קעסאַריא, ווו די גריכן האָבן אויסגעקוילעט די גאַנצע יִדישע באַפֿעלקערונג. אַגריפּאַס האָט גאָרנישט ניט אופֿגעטאָן און האָט געמוזט אָפּפֿאָרן פֿון יערושאַלאַיִם. און די קויהאַנים און די עלטסטע האָבן צונויפֿגעקליבן זייערע מיליטער־אָפּטיילונגען און האָבן זיך צוזאַמען מיט די רוימער באַפֿעסטיקט אין האָרדאָסעס שלאָס, וואָס איז אַפֿן צאָפֿן־מײַרעוו פֿון יערושאַלאַיִם; דער בייס־האַמיקדעש איז געבליבן בא עלאָזאַרן, דעם פֿירער פֿון די זעלאָטן, און דער עלאָזאַר האָט זיך אָנגעהויבן אופֿצופֿירן אין יערושאַלאַיִם, ווי אַן עמעסער דיקטאַטאָר. די זעלאָטן האָבן אויסגערופֿן איבערן לאַנד, און פֿון אַלע זײַטן האָבן צו זיי אָנגעהויבן צושטיין אַלץ נײַע אָפּטיילונגען. מיט פֿאַרייניקטע קויכעס זײַנען זיי אָנגעפֿאַלן אַף האָרדאָסעס שלאָס; מע האָט געמאַכט אַ מינע ־ינטער דעם הויפּט־טורעם און אים אומגעוואָרפֿן. באַם אײַנעמען האָרדאָסעס שלאָס האָט מען אויסגעקוילעט און אויסגעהאַרגעט די אָנהענגער פֿון קויהען גאָדל. יערושאַלאַיִם איז געבליבן אין רעשוס פֿון ־י זעלאָטן, דאָס פֿאָלק האָט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם יאָך פֿון קנעכטשאַפֿט און פֿון די רוימער. מ־ע האָט נאָר געוואַרט אַף מאָשיִעכן, קעדיי

צו פאַרפעסטיקן דעם אָפּגעהאַלטענעם ניצאָכן און גרינדן אַן אַלוועלטלעכע יִדישע מעלוכע. און אין דער האָפענונג האָט דאָס פאָלק געהאָרכזאַם געפאָלגט זײַנע פירער: עלאַזאַר אין יערושאָלאַיִם, שימען בען געורא אין יעהודע און דעם באַרימטן יאָכאַנאַן פון גוש־כאָלאָוו אין גאַליל. דער דאָזיקער יאָכאַנאַן איז געווען ענערגישער און טאַלאַנטפולער פון אַלע איבעריקע פירער פונעם פאָלק; ער האָט געטרוימט ווערן אַ קיניג אין יעהודע, אויב דער אופשטאַנד וועט געלונגען.

נאָר דער רוימישער אָדלער האָט נאָר אָפּ אַ ווײַלע אַראָפּגעלאָזן זײַנע פליגלען. ניט אומזיסט האָבן אי... די סאָפרים פאַרגליכן מיט אַ מוירעדיקער כײַע, וועלכע נעמט אין זיך אַרײַן אַלע כײַעס, וואָס האָט געזען דאַניעל: געגליכן איז ער צו אַ לעמפּערט, פיס ווי בײַ אַ בער, אַ מויל ווי בײַ אַ לייב, און דער פײַערדיקער דראַקאָן האָט אים אָפּגעגעבן זײַן קראַפט, זײַן מעלוכע און אַ גרויסע מאַכט, מוירעדיקע זײַנען געווען די פריִערדיקע מעלוכעס, וועלכע האָבן אונטערדריקט יִיסראָעל, נאָר רוים איז געווען מוירעדיקער פאַר זיי אַלע צוזאַמען. און ניט לאַנג האָבן די זיגער טריִומפירט אין יערושאָלאַיִם. אין גאַליל איז אָנגעקומען אַספּאַסיִאַנוס, פון דער מישפּאָכע פלאַוויִוס. דער בעסטער רוימישער קריגס־אָנפירער, דער צוקינפטיקער קייסער. מיט גרויס מי, אָבער בעהאַדראָגע פלעגט ער נעמען איין פעסטונג פון די מוירדים נאָך דער אַנדערער; דורך הונגער האָט ער אײַנגענומען יעכאַוואַס און אויסגעהאַרגעט מער ווי 11 טויזנט מאַן, האָט פאַרנומען טווערע, וווּ ער האָט אויסגעהאַרגעט 12 טויזנט אַלטע לײַט, 6 טויזנט אָפּגעקליבענע מענער האָט ער אַוועקגעשיקט קיין גריכנלאַנד גראָבן אַ קאַנאַל דורכן איסטמוס, און די איבעריקע 30 טויזנט מאַן האָט ער פאַרקויפט פאַר קנעכט. צום סאָף האָט ער אײַנגענומען גוש־כאָלאָוו. איינער פון די אָנפירער פונעם אופשטאַנד אין גאַליל, יויסעף, דער, וואָס האָט שפּעטער אָנגעשריבן די געשיכטע פון דעם דאָזיקן קריג, איז איבערגעגאַנגען אויפן צאַד פון דעם זיגער און האָט אַפילע פאָרויסגעזאָגט אַספּעסיִאַנוסן, אַז ער וועט ווערן קייסער. יויכאַנאַן איז מיט אַ הײַפל פון זײַנע כאַווײרים אַנטלאָפן קיין יערושאָלאַיִם, וווּ מע האָט אים אויסגעקליבן פאַר דעם הויפּט־אָנפירער.

אַ פאַרצווייפלונג האָט אָנגענומען די זעלאָטן פון יערושאָלאַיִם, זיי האָבן געפילט, אַז נאָר אַ נעס קאָן זיי מאַצל זײַן. פון פאַרצווייפלונג האָבן זיי באַשלאָסן אָנצונעמען די עקסטרעמסטע מיטלען. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרניכטן די לעצטע רעשטלעך פון די יערושאָלאַיִמער גדוילים; מע האָט זיי אויסגעהאַרגעט, זייערע הײַזער פאַרברענט און זייער פאַרמעגן צעראַבירט. פאַר אַ קויהען גאָדל האָט מען אויסגעקליבן דורך גוירל אַ פּאָשעטן פויער פּינכאַס, וועלכער האָט לאַכלוטן ניט געוווּסט די מינהאָגים און האָט קוים אָפּגעריכט די אַווידע. אַלע פאַרבליבענע גדוילים און רײַכע זײַנען, ווער ס'האָט נאָר געקענט, אַנטלאָפן צו די רוימער. יויכאַנאַן האָט זיך דערקלערט פאַר מאַשיִכן, נאָר שימען און עלאַזאַר האָבן אים ניט געוואָלט אָנערקענען און זיך געריסן מיט אים און אויך צווישן זיך. און אין דער צײַט, ווען אַספּאַסיִאַנוס האָט זיך ביסלעכווײַז דערנעענטערט צו יערושאָלאַיִם, פאַרנעמענדיק איינע נאָך דער אַנדערער די שטעט פון יעהודע, איז אין יערושאָלאַיִם פאָרגעקומען אַ בלוטיקער קאַמף צווישן די דרײַ פּאַרטייען. אַ שרעקלעכע צײַט איז עס געווען. אָנשטאָט צו גרייטן זיך צום לעצטן קאַמף, האָבן זיך יויכאַנאַן, שימען און עלאַזאַר געקריגט איינער מיטן אַנדערן און טויזנטער מענטשלעכע לעבנס זײַנען אומגעקומען אין דעם דאָזיקן קאַמף, און די באַפעסטיקונגען פון דער שטאָט פלעגן פאַלן איינע נאָך דער אַנדערער.

און אָט, דעם 14־טן ניסן (אַפּרעל) 70־טן יאָר האָט זיך דער רוימישער אָדלער באַוויזן בײַ די ווענט פון יערושאָלאַיִם; ס'זײַנען אָנגעקומען די לעצטע טעג פון ציִען. „גיט זיך אונטער", האָט טיטוס געשיקט זאָגן די באַלאַגערטע. זיי האָבן געענטפערט: „אַ ניצאָכן אָדער דער טויט!" און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אַלע שרעקן פון אַ באַלאַגערונג. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס אַ טייל פון די פעסטונגען זײַנען צעשטערט געוואָרן בײַם דעם ברידער־קריג, איז נאָך די שטאָט, אַדאַנק די נאַטירלעכע באַדינגונגען פון דער געגנט, געווען אַזוי באַפעסטיקט, אַז דער שטורעם האָט זיך ניט אײַנגעגעבן. דאַן האָט טיטוס אָנגעהויבן אַ רעגלמעסיקע באַלאַגערונג. די הייליקע שטאָט איז אַרומגערינגלט געוואָרן מיט באַלאַגערונג־וואַלן, קיינער האָט ניט געקאָנט אַרײַנגיין און אַרויסגיין פון דער שטאָט, און די סאָנים פלעגן נאָך פון צײַט צו צײַט אײַנאָרדענען מיליטער־פּאַראַדן אַפּצולאָכעס די באַלאַגערטע. אין יערושאָלאַיִם האָט זיך אָנגעהויבן אַ הונגער און פאַרשיידענע קראַנקהײַטן; ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז מוטערס פלעגן עסן זייערע אייגענע קינדער. נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעמאַטערט יערושאָלאַיִם דורך הונגער, האָט טיטוס אין יול אָנגעהויבן שטורעמען דעם בייס־האַמיקדעש. ס'איז שוין מער קיין האָפענונג ניט געווען, און פון פאַרצווייפלונג האָט יויכאַנאַן אונטערגעצונדן דעם בייס־האַמיקדעש, כּדי די רוימער זאָלן אים ניט פאַרשוועכן; נאָר ס'האָבן אָפּגעברענט מער ניט ווי די טויערן און די גאַלערייעס, דער בייס־האַמיקדעש גופע איז דעם פינפטן אויגוסט אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון די רוימער. דאָרט האָבן זיך באַפעסטיקט די לעצטע פאַרטיידיקער פון בייס־האַמיקדעש, און ווען די זעלנער האָבן זיך אַרײַנגעריסן אַהין, האָט איינער פון זיי אַרײַנגעוואָרפן אַ ברענענדיקע האָלץ־שײַט. טיטוס האָט גלײַך געהייסן ראַטעווען די גאָלדענע קיילים פון בייס־האַ־



**נ. מ. ניקאָלסקי (אין צענטער) צווישן די אַרויסלאָזניקעס פון דער ייִדישער סעקציע פון דער ליטעראַריש־לינגוויסטישער אָפּטיילונג באַם פּעדאַגאָגישן פֿאַקולטעט פונעם ווײַסרוסישן אוניווערסיטעט. מינסק, 1926 (די פֿאָטאָ האָט דער רעדאַקציע איבערגעגעבן נ. מ. ניקאָלסקיס אַלמאָנע ראַכיל אַבראַמאָוונע)**

מיקדעש, וועלכע מע האָט שפּעטער געטראָגן נאָך זײַן רײַטוואָגן בײַ זײַן טריִומפֿאַלן אַרײַנפֿאָר אין רוים, און האָט געלאָזט ברענען דעם בייס־האַמיקדעש. רויך און פֿײַער האָבן זיך געהויבן צום הימל און מיט זיי אויך די ווילדע אויסגעשרייען פֿון די פֿאַרצווייפֿלטע ייִדן. אַלע האָפֿענונגען האָבן זיך אויסגעלאָזן מיט נישט. די ווילדע כײַע טריִומפֿירט, און מאָשיִעך איז ניט געקומען. אומזיסט האָט מען געהאָרעוועט, אומזיסט זיך געגרייט — אַלץ פֿאַרן פֿײַער. נאָר די איבערגעבליבענע פֿאַר־טיידיקער האָבן זיך נאָך אַלץ ניט אונטערגעגעבן: זיי זײַנען איבערגעגאַנגען אין האָרדאָסעס שלאָס און מיט העלדנמוט זיך ווײַטער געשלאָגן. ערשט אין אַ כוידעש אַרום האָט טיטוס אײַנגענומען דעם איבעריקן טייל שטאָט, פֿאַרגיסנדיק יעדן שטיקל ערד מיט טײַכן בלוט. איצט איז שוין אַ סאָף צו אַלץ. יויכאַנאַן און שימען האָבן זיך איבערגעגעבן אין די זיגערס הענט. אַפֿן אָרט פֿון ירושאָלאַיִם זײַנען פֿאַרבליבן כורוועס, איבער זײַנע גאַסן זײַנען מיט געשרייען געפֿלויגן רויב־פֿייגל, געוויינט האָבן די בניי־יעהודע, הערנדיק די טרויעריקע בסורע. ניטאָ שוין צוליב וואָס צו לעבן אױף דער ערד...

די בניי־יעהודע זײַנען פֿאַרטריבן געוואָרן אין גאָלעס — אין אַ שווערן גאָלעס, אין פֿאַרגלײַך מיט וועלכן דער גאָלעס־באָוול איז געווען אַ צײַט פֿון סימכע און די צאָרעס אין מיצראַיִם — קינדער־שפּיל, צעשפּרייט איבער די פֿיר עקן פֿון דער וועלט. אָפּגעריסן פֿון זייער געבוירן־לאַנד, האָבן זיי אין פֿינצטערניש פֿונעם מיטלאַלטער, אין צאָרעס און שטורעמווינטן פֿון דער נײַער צײַט געטראָגן זייער יאָך, געהיט די געבאָטן פֿון דער טוירע און פֿון די נעוויִים און אַראָפּגענומען אַ מוסער פֿון זייערע הייליקע שריפֿטן. די רעשט, וואָס איז גאַנץ געבליבן נאָך דעם כורבן פֿון 70־טן יאָר, איז געוואָרן אַן אויסדערוויילטע רעשט. די קויהאַנים זײַנען אומגעקומען, פֿון די זעלאָטן האָט מען פֿיל געטייט און די איבעריקע געמאַכט פֿאַר קנעכט. די פּרושים האָבן ניט געהאַט מער, פֿאַר וועמען זיך גרויס צו האַלטן און שטאָלצירן מיט זייער פֿרומקײַט, פֿאַרבליבן זײַנען די סאָפֿרים, מענטשן, וואָס האָבן געלערנט טוירע, און די ייִדן, וועלכע האָבן געוווינט אין דער פֿרעמד, די סאָכרים. סײַ די, סײַ יענע האָבן גאַנץ אופֿריכטיק געגלייבט, אַז יִסראָעל האָט נאָך ניט איבערגעלעבט זײַן ענדגילטיקן גוירל פֿאַר די שרעקלעכע זינד פֿון די רעשאָיִם, וועלכע האָבן כאָרעוו געמאַכט דאָווידס מעלוכע און דעם בייס־האַמיקדעש. איז יעהודע שרעקלעך באַשטראָפֿט געוואָרן, נאָר די צעשפּרייטונג גופֿע פֿון די בניי־יעהודע באַווײַזט, אַז זיי זײַנען דאָך אַן אויסדערוויילט פֿאָלק, וואָס וועט סאָפֿקאָלסאָף באַ־קומען זײַן ירושע, ווײַל אויך אין גאָלעס זײַנען זיי שטאַרק, אויך אין גאָלעס זײַנען זיי פֿרום און לעבן, מערן זיך און זײַנען מאַצליִעך, ניט קוקנדיק אױף אַלע רעדיפֿעס.

# מאטעריאלן פאר א לעקסיקאָן
## פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור

### שפּילבערג, אײַזיק
### (1988—1907)

— זשורנאליסט, געבוירן אין פּאָלאָנע, כמעלניצקער געגנט. אין 1923 פאַרענדיקט די אָרטיקע זיבניאָריקע שול און צו זעכצן געוואָרן א שטעפּער. אין די 20־ער — 30־ער יאָרן געדרוקט ארטיקלען, פעליעטאָנען אין די צײַטונגען „יונגע גווארדיע”, „דער שטערן”, „דער עמעס”, „ביראָבידזשאנער שטערן”. אָנטיילנעמער פון דער ערשטער אלוקראַיִנישער באראַטונג פון ייִדישע ארבדאָרפקאָרן אין כארקאָוו אין 1927. פונעם 1928 ביזן 1931 זיך געלערנט אין ארבפאַק אף דער ייִדישער אָפּטיילונג פונעם לענינגראדער אוניווערסיטעט, דערנאָך געווען א פּיִאָנער־וואָזשאטע. אין 1934 פארענדיקט די אָוונט־אָפּטיילונג פונעם זשורנאליסטישן אינסטיטוט און אין 1937 — דעם לענינגראַדער יורידישן אינסטיטוט. אין די יאָרן 1937 — 1940 יוריסט אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פּאָטערלענדישער מילכאָמע. זיך דעמאָביליזירט אין 1948, געארבעט ביזן 1967 אין סמאָלענסק אלס יוריסט, געדרוקט פארצייכענונגען און ארטיקלען אין פארשיידענע צײַטונגען. אין 1972 פּארעפנטלעכט די ערשטע פארצייכענונג אינעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד”. געשטאָרבן אין סמאָלענסק.

ווערק (אין „סאָוועטיש היימלאנד”): וואליא. 1972, נום. 11; וועגן דעם דיכטער־פראָנטאָוויק הענעך שוועדיק. 1973, נום. 11; וועגן דעם העלד פונעם סאָוועטנפארבאנד גורעוויטש. 1974, נום. 2: וועגן דעם פּסקאָווער אײַזנבאנער־פּארטיזאן שנייערסאָן־וואָלענדיק. 1974, נום. 11; העלדן שטארבן ניט, פּארצייכענונג. 1976, נום. 1; ארויס פון גענעם. 1976, נום. 6; וועגן דעם רעוואָליוציאָנער יאָפּע. 1982, נום. 11.

### שקאראָווסקי, שײַע
### (1945—1891)



— פּראָזאִיקער, זשורנאליסט. געבוירן אין בעלאָצערקאָוו, קיִעווער גובערניע אין א מישפּאָכע פון א לערער. די ערשטע דערציילונג (אין רוסיש) פּארעפנטלעכט אין 1910 אין א קיִעווער צײַטונג. פון דעמלט הייבט זיך אן זײַן זשורנאליסטישע טעטיקײַט, ער דרוקט רעפּאָרטאזשן, ארטיקלען, פארצייכענונגען אין דער פּעריאָדישער פּרעסע אונטער פארשיידענע פּסעוודאָנימען: אישין, הירש, שיראָקי און אנד. נאָך דער רעוואָליוציע פּארעפנטלעכט ער א סאך דערציילונגען און נאָוועלעס, ליטעראטור־קריטישע ארטיקלען וועגן דער ייִדישער ליטעראטור אין די צײַטונגען „קאָמוניסטישע פאָן”, „דער שטערן”, „דער עמעס”, אין די זשורנאלן „די רויטע וועלט”, „פּראָליט”, „פּארמעסט”, „סאָוועטישע ליטעראטור” און אין אנדערע אויסגאבעס. צום סאָף פון די 20־ער יאָרן דערשײַנט זײַן ערשטער ראָמאן „קאיאָר”, אין וועלכן ער שילדערט דעם שטייגער און די פּסיכאָלאָגיע פון דער ייִדישער קלעריקאל־בורזשואזער פּלוטאָקראטיע אין סאָף 19־טן — אָנהייב 20־טן יאָרהונדערט. אין די דרײַסיקער יאָרן שאפט ער נאָך א ריי ראָמאנען, צווישן זיי די טרילאָגיע „אָדעס”. געשטאָרבן אין קיִעוו אין מײַ 1945.

ווערק: דער ערשטער מײַ, זײַן געשיכטע און באַדײַטונג. אָדעס, ייִדסעקציע באם אָדעסער גובפּארלאג. 1921; רעגעס, דערציילונגען. קיִעוו, פארלאג „ווידערוווּקס”, 1922; קאיאָר, ראָמאן אין פיר טיילן. מאָסקווע, צענטרפארלאג, 1928; קאָלווירט, וועג־סקיצן. כארקאָוו—קיִעוו, צענטרפארלאג, 1931; אין שניט פון צײַט, פארצייכענונגען. דאָרט, אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג, 1932; קריטיק, זאמלונג. קיִעוו, אוקמעלוכענאצמינדפארלאג, 1938; נאָכעס פון קינדער, נאָוועלע. דאָרט, 1938; דאָס אופגעריכטע ייִדישע פאָלק. דאָרט, 1939; מעראָן, ראָמאן אין 2 טיילן כארקאָוו—קיִעוו, אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג, 1932; אָדעס, ראָמאן, ערשטער בוך. דאָרט, 1938; אָדעס, צווייטער בוך. דאָרט, 1940; אָדעס, דריטער בוך. דאָרט, 1941.

ביבליאָגראפיע: א. האָלדעס, ש. שקאראָווסקיס „קאיאָר”. זשורנאל „פּראָליט”, קיִעוו, 1928, נום. 4 — 5; ט. דובילעט, שקאראָווסקיס „מעראָן”. זשורנאל „פּארמעסט”, קיִעוו, 1935, נום. 2—3; א. קאהאן, וועגן ש. שקאראָווסקיס „אָדעס”, זשורנאל „סאָוועטישע ליטעראטור”, קיִעוו, 1939, נום. 9; שײַע שקאראָווסקי, נעקראָלאָג. צײַטונג „אייניקײַט”, 2 יול 1945; א. קאהאן, דער וועג פון א שרײַבער. זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד”, 1966, נום.

11; י. ברעגמאַן, אַף די שפּורן פֿון די העלדן פֿון שײַע שקאַראַוווסקיס ראָמאַן „אָדעס“. דאָרט; שײַע שקאַראָוווסקי. דאָרט, 1971, נומ. 9.

# שרײַבמאַן, יעכיִעל (1913)



— פּראָזאַיִקער. געבוירן אינעם בעסאַראַבער שטעטל וואַד־ראַשקעוו. געלערנט אין כּיידער, אין אַ רומענישער פֿאָלקסשול, בײַ אַ פּריוואַטע לערער, שפּעטער — אין טשערנאָוויצער העברעיִשן לערער־סעמינאַר. קלײנערהייט גע־וועזן אַ מעשוירערל בײַ אַ כאַזן, אַ זייגערמאַכער, אַ לערער אין אַ דאָרף. אין די 30־ער יאָרן געוווינט אין בוקאַרעשט, געווען אַ סופּליאָר אין ייִדישן טעאַטער. אין טשערנאָוויץ און אין בוקאַרעשט זיך באַטייליקט אין דער אונטערערדישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. דעביוטירט אין דער ליטעראַטור אין 1936 מיט נאָוועלעס וועגן דעם ייִדישן אַרבעטער־לעבן אין ניו־יאָרקער פּראָלעטפּענישן ליטעראַרישן זשורנאַל „דער סיגנאַל“. זיך געדרוקט אין בוקאַרעשטער, וואַרשעווער און ניו־יאָרקער זשורנאַלן און צײַטונגען. אַרויסגעגעבן אין בוקאַרעשט צוויי זאַמלונגען דערציילונגען און עסייען. אין 1940, ווען בעסאַראַביע האָט זיך צוריק פֿאַרייניקט מיטן סאָוועטנפֿאַרבאַנד, זיך אומגעקערט פֿון בוקאַרעשט קיין קעשענעוו, אָנגענומען געוואָרן אַלס מיטגליד פֿונעם סאָוועטישן שרײַבער־פֿאַרבאַנד. בייס דער מילכאָמע געאַרבעט אין אוזבעקיסטאַן אין אַ קאָלווירט. אין 1946 איז אינעם מאָסקווער פֿאַרלאַג „דער עמעס“ דערשינען זײַן ביכל פּראָזע „דרײַ זומערס“. זינט עס האָט אָנגעהויבן צו דערשײַנען „סאָוועטיש היימלאַנד“, געוואָרן אַן אַקטיווער אווטאָר פֿונעם זשורנאַל. מיטגליד פֿון דער רעדקאָלעגיע פֿון דעם זשורנאַל. באַלויגט מיט ערן־גראַמאָטעס פֿונעם אויבערסאָוועט פֿון דער מאָלדאַווישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק, מיט דער מעדאַל „אַרבעטס־וועטעראַן“. זײַנע ווערק דרוקן זיך סיסטעמאַטיש אין דער איבערזעצונג אַף רוסיש, מאָלדאַוויש און אַנדערע שפּראַכן.

שרײַבמאַן איז אַן אָנערקענטער מײַסטער פֿון דער קורצער נאָוועלע און ליטעראַרישער מיניאַטיור, ווי אויך אין געביט פֿון גרעסערע דערציילונגען און קלײנע ראָמאַנען. לויט דער זאַפטיקײַט פֿונעם אייגנאַרטיקן בעסאַראַבער לאָשן, לאַקאָנישקײַט און געמאָסטנקײַט, קינסטלערישער פּאַרפֿולקומטקײַט און בילדערישקײַט פֿון דער שפּראַך איז ער איינער פֿון די בעסטע סטיליסטן אין דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראַטור. וווינט אין קעשענעוו.

ווערק: מײַנע העפֿטן. בוקאַרעשט, 1939; דרײַ זומערס, דערציילונגען. מאָסקווע, „דער עמעס“, 1946; יאָרן און רעגעס, ראָמאַן, נאָוועלעס, מיניאַטיורן. מאָסקווע, פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“, 1973; ווײַטער, ראָמאַן, דערציילונגען, מיניאַטיורן. דאָרט, 1984; אין דער איבערזעצונג אַף רוסיש: זין, דערציילונגען. קעשענעוו, 1960; דערציילונגען. מאָסקווע, „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“, 1962; אַלע טעג פֿון דער וואָך, נאָוועלעס און דערציילונגען. קעשענעוו, 1963; ראַשקעווער געשיכטעס, דערציילונגען. דאָרט, 1972; זיבעצניאָריקע, ראָמאַן, נאָוועלעס, דאָרט, 1977; יאָרן און רעגעס, ראָמאַן, נאָוועלעס. מיניאַטיורן. מאָסקווע, „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“, 1981; אין דער איבערזעצונג אַף מאָלדאַוויש: אונדזער גאַס, קינדער־דערציילונגען. קעשענעוו, 1955; נאָוועלעס. דאָרט, 1957; אין אַ זומער־טאָג, נאָוועלעס. דאָרט 1962; גאַניידן־עפּל, נאָוועלעס און מיניאַטיורן. דאָרט, 1965; יאָרן און רעגעס, נאָוועלעס און מיניאַטיורן: דאָרט, 1970.

ביבליאָגראַפֿיע: י. דאָברושין, שרײַבמאַנס „דרײַ זומערס“. צײַטונג „אייניקײַט“, 3 דעקאַבער 1946; י. ק. טשאָבאַנו, אַ שרײַבער, וואָס איז פֿאַרליבט אין לעבן. אין בוך עסי ;ן „אַרויסרופֿן“, קעשענעוו, 964 ; ה. רעמעניק, מײַסטערשאַפֿט (וועגן י. שרײַבמאַנס בוך „יאָרן און רעגעס“), זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“, נומ. 9, 1973; דער זעלבער (רוסיש) אין בוך „עטיודן און פּאָרטרעטן“, מאָסקווע, 1975; ג. פֿרידמאַן, פּאָעטישע פּראָזע, צײַטונג „ביראָבידזשאַנער שטערן“, 27 יאַנוואַר 1963; י. סערעבריאַני, די זאַפטיקע שטים פֿון מאָלדאַוויע (וועגן יעכיִעל שרײַבמאַנס סאָוועטישן שאַפֿן), וואָכנצײַטונג „פֿאָלקסשטימע“, וואַרשע, סענטיאַבער 1973; קאָלמאַן, וועגן דעם בוך „יאָרן און רעגעס“, צײַטונג „נײַע פּרעסע“, פּאַריזש, 1973; ס. שליאַכו, מיט שרײַבמאַנען. אין בוך „פֿונעם שרײַבערס נאָטיצביכער“, קעשענעוו, 1977; מ. כאַזין, אַ מײַסטער, אין בוך „וואָרטמײַסטערס“, קעשענעוו, 1968; ש. שטערן, שעפֿעריש לעבן פֿון אַ שרײַבער (וועגן דעם סאָוועטישן ייִדישן דערציילער יעכיִעל שרײַבמאַן); דער זעלבער, אַ קונסט־פּינקעס, צײַטונג „וואָכנבלאַט“, טאָראָנטאָ, מײַ—יול, 1947, י. שוואַרץ, יעכיִעל שרײַבמאַן אין די דרײַסיקער יאָרן אין בוקאַרעשט. אין בוך „פּאָרטרעטן און עסייען“, בוקאַרעשט, 1979; י. גאַיסיניוק, רייכעס פֿון אַ פּרימאָרגנרויז... זשורנאַל „קאָדרי“, יאַנוואַר 1980; ט. גען, אַ קאַפּיטל שרײַבמאַן. זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“, 1980, נומ. 10; ה. רעמעניק, י. שרײַבמאַן „קורצע ליטעראַרישע ענציקלאָפּעדיע“, באַנד 8, ז. 786, מאָסקווע, 1975; י. שרײַבמאַן. „מאָלדאַווישע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע“, באַנד 7, ז. 399, קעשענעוו, 1977; ה. רעמעניק, מײַסטערשאַפֿט. אין בוך „שטאַפּלען, פּאָרטרעטן פֿון ייִדישע שרײַבער“. מאָסקווע, פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“. 1982; אי. באָראָוויטש, דער אַראָמאַט פֿון דער יוירנדיקער זיבעצניאָריקײַט. זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“, 1974, נומ. 1; מ. גלייזער, וועגן אי. באָראָוויטשעס קריטישע נאָטיצן. דאָרט; ב. מילער. טראָפּן נאָך טראָפּן, וועגן י. שרײַבמאַנס בוך „ווײַטער“. דאָרט, 1985, נומ. 8.

# ПРОГРАММА

## ПО ЕВРЕЙСКОМУ (ИДИШ) ЯЗЫКУ ДЛЯ НАЧАЛЬНОГО ОБУЧЕНИЯ В РУССКОЯЗЫЧНЫХ ШКОЛАХ, КУРСАХ, ГРУППАХ, КРУЖКАХ

### ЛЕКСИКА

Понятие о лексике — совокупности слов, входящих в состав какого-либо языка. Словарный состав языка, который изменяется путем пополнения существующего словаря новыми словами, возникшими в связи с изменениями социального строя, с развитием производства, культуры, науки и других условий.

Первоначальные сведения о происхождении, возникновении и развитии еврейского (идиш) языка в XII—XIII вв. Образование языка идиш на базе различных диалектов и говоров немецкого языка — одного из германских языков, к которым относятся голландский (нидерландский), английский, датский, шведский, норвежский, исландский и некоторые другие языки, в том числе идиш.

Состав языка идиш по происхождению.

Слова германского происхождения (германизмы). Например:

בארג, באן, בויך, בוים, בוך, בונד
גאָלד, גאנג, גאס, גוט, גלאָק, גלײַך
דאַנק, דיק, דעמב, דעק, דראנג, דרוק

Слова древнееврейского или гебрайского происхождения (гебраизмы). Например:

בעמעס, בעאָריכעס, בעגעד, בעהאדראָגע
גײַװע, גװורע, גוירל, גזײרע, גאנעװ
דויכעק, דימיען, דאלעס, דערעך, דראָשע

Слова славянского происхождения (славянизмы). Например:

באָדײַ, באָסיאַק, באָראָנע, בודקע, בוהײַ
גרוביאן, גראבליע, טערפּקע, כאָטש, כמארנע

Слова различного происхождения, но интернационального употребления (интернационализмы). Например:

Из греческого:

אקאדעמיע, ביבליאָטעק, דעמאָקראטיע, טעאטער
קריזיס, טעאָריע, כאראקטער, דיאלאָג, טעראפּעװט

Из латинского:

אינסטיטוט, טעמפּעראטור, גענעראל, קורס, פּראָפעסאָר
אקט, פיגור, קאנאל, קאָנקורס; דאָצענט, ליטעראטור
אקטיװ, פאָרמע, ציסטערנע, אָפּעראציע, קאלענדאר

